


# סאָוועטיש

7

1989

# היימלאַנד

# סאָוועטיש היימלאַנד

ליטעראַריש-קינסטלערישער
כוידעש-זשורנאַל

אָרגאַן פון שרײַבער־פאַרבאַנד פון ססר

דערשײַנט פון 1961

פאַרלאַג „סאָוועטסקי פּיסאַטעל”
מאָסקווע

7

יולי

1989

# אינהאַלט



לויט דער אײַנגעשטעל־טער טראַדיציע, ווערן אי־נעם הײַנטיקן יוגנט־נומער אײַנגעשלאָסן ווערק פון אונדזער ליטעראַרישן העמ־שער־דאָר.


**הויפּט־רעדאַקטאָר**

א. ווערגעליס

**רעדקאָלעגיע:**

כ. ביידער (שטעלפאַרטרעטער פון הויפּט־רעדאַקטאָר),
ש. גאָרדאָן, ט. גען,
א. טווערסקאָי, ב. מאָגילנער,
כ. מעלאַמוד, ב. סאַנדלער,
ג. עסטרײַך (פאַראַנטוואָרטלעכער סעקרעטאַר),
ה. פּאָליאַנקער, י. שוסטער,
י. שרײַבמאַן

פעליקס כאַ:מאָוויטש

# דער פרילינג איז שוין דאָ

## שאַפונג

עס שפּאַרט אַרויס פון מויעך אַ קאַוואַנע,
ווי דורך די וואָלקנס זעט זיך די לעוואָנע.
געדיכט עס איז דער כווישעך פון דער נאַכט,
אָבער די לאָדנס זײַנען ניט פאַרמאַכט.

אַלץ ריינער ווערט דער הימל פון מײַן זינען.
אין פינצטערניש דעם ליכט־קוואַל כ׳דאַרף געפינען.
איך שטרענג זיך אָן, און אָט שוין טוט אַ ריר
די שווערע פּען — דאָס זויבערע פּאַפּיר.

נאָר ווײ און ווינד! ווי אָפט, אַ לייענער ליבער,
אינגאַנצן נוצלאָז זײַנען מײַנע לידער!
און עפּעס־וואָס איז ווערט מײַן מי בלויז דאַן,
ווען ס׳צינדט דײַן האַרץ זיך אָן פון מײַן געדאַנק.

## פאַשעט־פראָסט

ס׳איז פאַשעט־פראָסט: צעגייט דער טונק׳לער שניי,
און ס׳קלינגען־זינגען שפּילעוודיקע ריטשקעס,
אויף רעלסן טומלען גרינע עלעקטריטשקעס,
שעליכים פונעם פרילינג זײַנען זיי.

ס׳איז פאַשעט־פראָסט: דער פרילינג איז שוין דאָ,
ער וועקט און רופט די שלעפעריקע טאָלן.
אַזאַ פּייזאַזש איז אומעגלעך צו מאָלן, —
אַזעלכע פאַרבן זײַנען דאָך ניטאָ.

זיי זאָלן שײַנען דורכזיכטיק און ריין,
זיי זאָלן שמעקן מיטן שניי דעם נאַסן,
זיי זאָלן מאַכן דײַן געזיכט דאָס בלאַסע
סײַ רויזן־רויט, סײַ פול מיט פרילינג־כיין.

## פרילינג

עס טריפט, עס קאַפּעט פון די דעכער,
דער הימל איז געוואָרן העכער,
עס איז געוואָרן צאַרט דער ווינט.
אַ יונגער שטראַל צינדט אָן די שויבן,
איך האָב אַ שנייקויל אויפגעהויבן —
און ער צעגייט, און ער פאַרשווינדט.

ביסט אויך אַן אַנדערע געוואָרן —
פאַרשוווּנדן איז דײַן קאַס, דײַן צאָרן,
געוואָרן ווייך זײַנען די טריט,
ווײַל נאָך די בייזע פרעסט די לאַנגע
איז דײַן נעשאָמע אָפּגעגאַנגען,
פּונקט ווי אַ שנייגלעקל זי בליט.

## מוזיק

די דײַגעס אײַערע פאַרגעסט איר.
די פּראָסטע זאָרג ווערט נימעס שטאַרק.
עס שפּילט אַ קליינינקער אָרקעסטער
אין אונדזער אַלטן גרינעם פּאַרק.

דעם גלײַכן ריטם האַלט אײַן דאָס פּײַקל,
עס הילכט דער גאָלדענער טרומייט.
צו יעדן בלימעלע און צווײַגל
די דאָזיקע מוזיק דערגייט.

און אַלע נישטיקע פאַרדראָסן,
און אַלע טײַנעס צו דער וועלט
האָט די מוזיק מיט זיך פאַרגאָסן,
מיט איר דערקוויקנדיקער וועל.

„כ׳בין גאָר ניט שוואַך״, — דער שוואַכער מיינט שוין,
דער זאָקן פּילט זיך יונג און שטאַרק.
ס׳וועקט אויף דעם מענטשן אין די מענטשן
דער בלאָז־אָרקעסטער אינעם פּאַרק.

## קוק זיך אַרום

ווען ס׳דאַכט זיך דיר, דו גייסט איבער אַ מידבער
און אָפּגעשטעלט האָט פּלוצעם זיך די צײַט,
דאַן נעם אַ קאָסע אין די הענט און שנײַד,
אַ גאַנצע לאַנקע קאָסע אָפּ — און מיד ווער,
אַ מידער, פאַל אַן קויכעס אפן היי
און צו דעם הויכן הימל ווענד דײַן פּאָנעם,
און קוק באַרויִקט אויף די יונגע פּאָנען,
וואָס פראַנק־און־פרײַ דאָרט איבן שוועבן זיי.

און הער אַ פויגלס קלינגענדיקן ניגן,
און הער, ווי ס׳זשוזשעט אַ פאַרזאָרגטע בין,
און זע, ווי ס׳וועבט איר נעץ אַ קליינע שפּין —
און לאָז ניט, אַז דאָס אַלץ זאָל דיך פאַרוויגן.
און אויפגעוואַכט דערמאָן זיך, ווו און ווען
אויף אָט דער שיינער וועלט געקומען ביסטו.
קוק זיך אַרום און זוך דעם מידבער וויסטן —
ער איז ניטאָ און קיינמאָל ניט געווען.

## גענאַדי עסטרײַך

# בײַ־עפּעקט

### 1

די וואקל־פריקווענץ איז געווען דער וויכטיקסטער פּאַראַמעטער אין ווערעס אַנאַליטישער מאָ־דעל, דער יעסאַד פון איר קאַנדידאַטן־דיסערטאַציע. בעסאַד האָט זי אַפילע געטרוימט, אַז איר נײַע פאַרענדערלעכע גרייס וועט לעסאָף אַרײַנגיין אין דער געשיכטע פון וויסנשאַפט: פּלאַנקס קאָנסטאַנ־טע, פוריעס ריי, ווערע נאַדעזשדאָוואַס פריקווענץ...

די פאַרייביקונג פון איר נאָמען, פּינקטלעכער דער עצעם מאָמענט פון דער פאַרייביקונג, פלעג זיך ווערען אַפילע צײַטנווײַז כאָלעמען: ס'קומט אַלץ פאַר אין עפּעס א גרויסאַרטיקן לאָקאַל — אפּאַ־נעם ערגעץ אין א געוועזענעם קייזערלעכן פּאַלאַץ, איינעם פון די, וועלכע ווערע האָט געזען הינטער לענינגראַד. בא א שול־טאָוול, וואָס איז אינגאַנצן פאַרשריבן מיט פאָרמולעס פון דער אַנאַליטישער מאָדעל, שטייט ניקאָלײַ מאַטווייעוויטש מאַרקאָוו און טײַטלט מיט זײַן ווײַבערשער האַנט אָף איר, ווערעס, רעזולטאַט־אויסדרוק: „כאַשעווע קאָלעגן, די דאָזיקע עלעגאַנטע פאָרמולע באַשרײַבט ווערע נאַדעזשדאָוואַס פריקווענץ. איך שטאָלציר דערמיט, וואָס ווערע אַראַנאָוונע איז מײַן טאַלמיד...”

ווערע פלעג זיך אויפכאַפּן, אי פאַרשטייענדיק, אי ניט ווילנדיק פאַרשטיין, אַז ס'איז בלויז א וויזיע. שטיל, קעדיי ניט וועקן אַלפרעדן, פלעג זי זיך אַרויסגאַנווענען אין דער קיך, צו דער קיל־שאַפע, ווו ס'איז אָף דער אונטערשטער פּאָליצע טאָמיד געשטאַנען א באַנקע מיט באַשקירישן האָניק. א לעפל האָניק מיט א טרונק געזאָדעוועטער וואַסער האָט צומאָל געקאָנט באַרויִקן, אומקערן איר דעם שלאָף, מעג זײַן אָף א שאָצווייע. אָבער געוויינלעך האָט זי שוין סײַווי ניט געקאָנט צומאַכן די אויגן, אָפּשטעלן די לאַווינע פאָרמולעס, פּראַזעס און פענעמער, דעריקער פענעמער.

מיט וואָס פאַר א פאַרגעניגן וואָלט זי צעמאַזיקט אָט די שטענדיק שמוכנדיקע מאַסקעס. מע האַלט זי פאַר א טיפּעש, און זי זעט דאָך זיי אַלעמען אָף דורך און דורך. זי האָט שוין פון לאַנג פאַרשטאַנען, אַז מענטשן, באַזונדערס מענטשן פון וויסנשאַפט, זײַנען קימאַט ביז איינעם באַלע־מע־קאַנע, גאָלע סאַליערים. יעדער איינער פאַרגינט איר ניט, דאָס איז בעלי־סאָפעק די הויפּט־סיבע, וועלכע לאָזט ניט אָנערקענען איר פּריאָריטעט.

צורעס — צענדליקער, הונדערטער צורעס... אָבער אָט ווערן זיי אַלע פאַרנעפּלט, און ס'בלײַבט בלויז איין פּאָנעם. ראַנאָוויטש. אָט דער שנעק, דער לאַנגער דראָנג, דער... און זײַן גאַנצע פּרעכע כאָפּטע. זיי לאַכן פּאָשעט אויס איר מאָדעל פון דער וואקל־סיסטעם, ביכלאַל איר גאַנצע אַרבעט.

### 2

ניט לאַנג פאַרן פאַרטיידיקן די דיסערטאַציע האָט ווערע זיך דערפירט ביז א נערוון־אויסגע־צערטקײַט, קימאַט אינגאַנצן אויפגעהערט שלאָפן, עסן, ניט געקאָנט אָנקוקן אירע מיטאַרבעטער. אַפילע די טאָכטער פלעג אַרויסרופן בא איר נאָר א דענערווירונג.

אַלפרעד האָט דרינגענדיק מאָביליזירט אַלע זײַנע פאַרבינדונגען, געפונען נײַטיקע דאָקטוירים און מיט געוואַלט אַוועקגעלייגט ווערען אין שפּיטאָל, ווו איינע פון די טכילעס פירגעשריבענע רעפּועס האָט אַרויסגערופן אין איר פאַל א פּאַראַדאָקסאַלע רעאַקציע — זי געבראַכט אין א צושטאַנד פון, ווי ווערע האָט עס אָנגערופן, „דאַסטאָיעווסקישטשינע”. עפּעס א קראַפט האָט ניט געלאָזט אײַנזיצן אָף איין אָרט, ס'האָט זי טאָמיד ערגעץ־וווּהין געטראָגן, און בלויז א שרעקלעכער ווילן־אָנשטרענג פלעג זי אײַנהאַלטן, קעדיי ניט אַרויסשפּרינגען פון א פענצטער. אירע ליידן האָבן זיך נאָך מער פאַר־

שטאַרקט, ווײַל זי נאָר האָט אין עטלעכע טעג אַרום פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז בײַ איר ניט קיין „נאַטירלעכער" מעשוגאַס.

לעסאָף האָט זיך די גאַנצע מײַסע פֿאַרענדיקט בעשאָלעם, און כאָטש די הײלונג האָט זיך פֿאַרצויגן, איז ווערע אויף דער פֿאַרטײדיקונג געקומען קימאַט אַ רויִקע. איר האָט זיך אַפֿילע אויסגעוויזן, אַז עמעצער פֿון ראַנאָוויטשעס גוטע־פֿרײַנט האָט הילכיק אַ שעפּטשע געטאָן:

— גיט נאָר אַ קוק אויף דער מאַדאַם, זי איז גאָר אַ מונטערע, ווי שפּריצטראָפּנס פֿון שאַמפּאַניער.

# 3

פֿאַר דער צײַט, ווען מע האָט ווערען געשטאָכן מיט וויטאַמינען און טראַנקווילִיזאַטאָרן, האָט אַלפֿרעד זיך באַגעגנט מיט מאַקסים ראַנאָוויטשן. מאַקסים איז אַמאָל געווען זײַן סטודענט, האָט אַרויסגעוויזן גרויסע האָפֿענונגען. מע האָט געהאַלטן, אַז ראַנאָוויטש וועט זיכער מאַכן אַ ראַשיקע קאַריערע. ערשטנס — זײַנע באַשײַמפּערלעכע קישרוינעס. אָבער דעריקער האָבן דאָך געדאַרפֿט זיך לאָזן פֿילן די ברייטע פֿאַרבינדונגען, וועלכע זײַן פֿאָטער האָט געהאַט אין די העכסטע קרײַזן פֿון דער מעלוכע־אָנפֿירונג. מע האָט אַפֿילע געשמועסט, אַז מאַקסימס עלטערער ברודער אָדער שוועסטערקינד האָט כאַסענע געהאַט מיט עפּעס אַ קרויווע פֿון ברעזשנעוון.

אויפֿן פֿינפֿטן קורס איז מאַקסים פּלוצעם אַוועק פֿון די עלטערן (וועגן די סיבעס האָט ער קיינעם ניט דערציילט). דערנאָך איז ער שיר ניט אַרויסגעפֿלויגן פֿונעם אינסטיטוט — נאָך זײַן אָנטייל אין אַ פּראָטעסט קעגן אַרײַנפֿירן אונדזער מיליטער אין טשעכאָסלאָוואַקיע. סאָפֿקאָלסאָף האָט מען אים נאָר ניט איבערגעלאָזט אויף דער קאַטעדרע. ס'זײַנען ביכלאַל געווען שוועריקײַטן מיט אײַנאָרדענען אים אויף דער אַרבעט, און אַלפֿרעד גופֿע האָט אײַנגערעדט אַבראַם באַריסאָוויטשן, ווערעס נאַטשאַלניק, נעמען ראַנאָוויטשן צו זיך אין אָפּטייל.

— אַלפֿרעד איוואַנאָוויטש, אויב איר האָט מיך אַרויסגערופֿן, קעדיי אָנרײַבן מיר די מאָרדע, איז ווייסט, אַז ס'איז ניט ערלעך, ווײַל כ'וועל ניט קאָנען געבן אײַך אויף צוריק. איר זײַט דאָך פֿאָרט מײַן לערער.

טאָמיד אַ לעפֿישער מיט זײַנע ניט־פּראָפּאָרציאָנעל לאַנגע הענט און שמאָלע פּלײצעס, האָט מאַקסים איצט, אין אַן אַלטן קראָליק־היטל און אַ שינעלאַרטיקן מאַנטל, זיך שאַרף אויסגעטײלט צווישן דעם היפּשן, ווי געווײנלעך, אוילעם, וואָס האָט זיך געעוּדיעט אין מעטראָ, וואַרטנדיק אויף עמעצן „באַם ערשטן וואַגאָן צום צענטער".

— זאָג מיר, צוליב וואָס האָסטו זיך צוגעטשעפּעט צו ווערען?

— איר רעדט, ווי עפּעס אַ קאַרעניִז, — האָט גיפּטיק אַ שמייכל געטאָן מאַקסים.

— לאָמיר זיך באַגיין אָן גרוביאַנסטווע, — די באַקבײנער זײַנען בײַ נאַדעזשדאָון גלײַך ווי ברייטער געוואָרן. — וואָס קאָסט דיר טײַער, אויב ווערע וועט זיך פֿאַרטײדיקן? אָדער דו האַלטסט, אַז איר דיסערטאַציע איז כאַלטורע?

— ס'איז ערגער פֿון אַ כאַלטורע. — דאָס גיפּטיקע שמייכל איז ווי פֿאַרגליווערט געוואָרן אויף מאַקסימס פּאָנעם.

— וואָס זשע איז דאָס?

— דאָס איז אַנטיוויסנשאַפֿטלעכע פֿאַנטאַסטיק. אַזעלכע אָט אוטאָפּיעס קאָסטן דערנאָך מיליאָנען. כ'וואָלט עס אַפֿילע קוואַליפֿיצירט אַלס אַנטימעלוכישע פֿאַנטאַסטיק.

— נו, איז וואָס ווילסטו? וועסט שרײַבן מעסירעס, ווי אין זיבן־און־דרײַסיקסטן?

— איר ווייסט דאָך, אַז כ'וועל אין ערגעץ ניט שרײַבן. איך שרײַב ביכלאַל ניט, איך שרײַב אונטער, — מאַקסים האָט זיך צעלאַכט, האָבנדיק פֿאַרגעניגן פֿון דער ווערטערשפּיל. — און די דיסערטאַציע — זאָל זי בלײַבן אויף אײַער געוויסן. אַזוי אַז, מײַן לערער, לעבט ניט איבער, — און ער איז אַרײַנגעשפּרונגען אין וואַגאָן.

אַלפֿרעד האָט געגלייבט, אַז מיקויעך ראַנאָוויטשן קאָן מען זײַן זיכער. אַזעלכע ניהיליסטן האַלטן זיך פֿאַר וואָרטס־לײַט. כאָטש דעם, זײַנען מענטשן פֿון אַזאַ שניט, אַלס קלאַל, גענוג פֿויל, קעדיי ס'זאָל בײַ זיי קלעקן צײַט אויף צו שרײַבן אַוועלכע־ניט־איז אָנקלאָגן. אַלזאָ — דער הויפּט־קעגנער איז נײַטראַליזירט געוואָרן. אָבער אַלפֿרעד האָט זיך ניט דערלויבט אײַנגאַנצן באַרויִקן — עס קאָנען נאָך בלײַבן פֿאַרבאָרגענע „גוטווינטשער", ווערעס אָדער זײַנע. וועגן דעם האָט מען אויך געדאַרפֿט ניט פֿאַרגעסן.

דאָ איז קעדײַ צו באַמערקן, אַז נאַדעזשדאַ איז גוט באַוווּסט אין דער וועלט פֿון אוטאָמאַטיזאַציע. פֿון דעם וויסנשאַפֿטלעכן ראַט, וועלכן עס קאָנטראָלירט זײַן קאַטעדרע, זײַנען אָפּהענגיק צענדליקער אַספּיראַנטן, פּרעטענדענטן, דאָקטאָראַנטן, אַזוי אַז נאַדעזשדאַ האָט געהאַט אַ מעגלעכקײַט צו אַנטפּלעקן אַ גאַנצע נעץ, וואָס זיך באַפֿרײַען פֿון איר איז קיינעם פֿון די נייטיקע מענטשן ניט באַשערט געווען. אַלפֿרעד פֿלעג אָנרופֿן אַזאַ פּאַרויסיקע צוגרייטונג אַלס „פּרעסינג איבער דעם גאַנצן פֿעלד". אַנערקענענדיק אָן שום באַוואָרעניש די אומפֿאַרמײַדלעכקײַט פֿון אַזאַ „פּרעסינג", פֿלעג ער גופֿא איבער עפּעס אַ מין עקל־געפֿיל אויסמײַדן נעמען דירעקט אויף זיך אַזאַ פֿליכט, בפֿרט נאָך, אַז קיין מאַנגל אין באַלאָנים האָט זיך געוויינלעך ניט געפֿילט, באַזונדערס צווישן די אַספּיראַנטן מיט אַ דערפֿאַרונג פֿון געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקײַט.

צוליב ווערעס פֿאַרטיידיקונג האָט ער אָבער באַשלאָסן האַנדלען אויף געוויס, ניט אָנפֿאַרטרויען קיינעם אַפֿילו די מינדסטע דעטאַלן. בלויז מאַרקאָוון, דעם וויסנשאַפֿטלעכן אָנפֿירער פֿון ווערעס דיסערטאַציע, האָט ער איבערגעלאָזט די רעשטלעך פֿון דער אַלטער גוואַרדיע, וועלכע האָט נאָך געדענקט ניקאָלײַ מאַטווייעוויטשן, ווען יענער — אַלס ספּעציאַליסט אין אופֿרײַס־שטאָפּן — איז געווען ענג פֿאַרבונדן מיט ברייטע שיכטן פֿון דער וויסנשאַפֿטלעך־אַדמיניסטראַטיווער סוויווע, ווו מע האָט פֿעסט געוווּסט, אַז אַ וואָרט איז אָפּטמאָל וויכטיקער פֿון אַן איניען, באַזונדערס אין די פֿראַגן פֿון אַרײַנלאָזן אַ נעוויק אינעם קאָדשע־קאָדאָשים פֿון וויסנשאַפֿט.

— דעריקער, — פֿלעג האַלב אין אַ שפּאַס, האַלב ערנסט דערקלערן מאַרקאָוו, — דער מענטש גופֿא זאָל זײַן אַ גוטער. און פֿאַר אײַך, די יונגע, דאַרף דער מענטש זײַן צום אַלעם ערשטן אַ נייטיקער. ס'איז אוודאי נאַטירלעך, ווען אַפֿילו אַן אַקאַדעמיקער קאָן ניט אָן נייטיקע מענטשן קריגן פֿאַר זיך אַ רולאָן טואַלעט־פּאַפּיר.

## 4

די פֿאַרטיידיקונג איז דורכגעגאַן „אָן נאַרישקײַטן", ווי עס האָט אָפּגעשאַצט ניקאָלײַ מאַטווייעוויטש.

ראַנאָוויטש איז ביכלאַל ניט געקומען. פּראַקטיש דער איינציקער, ווער עס האָט דענערווירט ווערען, איז געווען דער אַכציקיאָריקער פּראָפֿעסאָר קאַראַסיק: זײַן געלבלעך־גראָווער קאָפּ האָט זיך אומופֿהערלעך, שוין אין מעשך פֿון אַ יאָר צען, געשאָקלט „אויף ניין", מיט דער צײַט איז נאָר געוואַקסן די פֿריקוועניץ פֿון זײַנע אומבאַוווּסטזיניקע פּאַרקינסאָנישע פּראָטעסטן.

אַ פֿאַרדראָס האָט אַרויסגערופֿן אויך דער נודאַטע־אויסדרוק אויף מאַרקאָווס געזיכט. דער פּראָפֿעסאָר איז נאָך מיט אַ יאָר פֿריִער צוריק געוואָרן גלײַכגילטיק צו אַלע טעכנישע פּראָבלעמען, אַכוץ עפּשער דעם פּערמאַנענטן רעמאָנט פֿון זײַן „מאָסקוויטש", און פֿלעג אַפֿילו אויף די לעקציעס צומאָל מער רעדן ניט וועגן דער אויטאָמאַטיזאַציע פֿון כעמישע פּראָצעסן, נאָר וועגן די געהיימניסן, מיט וועלכע ס'איז אײַנגעהילט די אַנטשטייונג פֿון אַ מענטשן אַלס האָמאָ סאַפּיענס (אין דאַרווינס טעאָריע האָט ער — פֿאַרשטייט זיך, בעסאָד — געגלייבט נאָך ווייניקער, ווי אין דער ביבלישער ווערסיע).

אָפּן באַנקעט האָט ניקאָלײַ מאַטווייעוויטש לאַנג דערציילט, ווי זײַן פֿאָטער, אַ דאָרף־גאַלעך, האָט עקספּערימענטירט מיט פֿאַרשיידענע נאַליווקעס, אָבער דער בעסטער רעצעפּט איז סײַווי געבליבן פֿון ווײַנשל און פֿלוימען. די דערמאָנונגען האָבן געשאַפֿן באַם פּראָפֿעסאָר אַ פֿריילעכע שטימונג, און ווען ווערע האָט אים עפּעס געזאָגט וועגן אירע פּלענער צו שרײַבן אַ דאָקטאָר־דיסערטאַציע, האָט ער זי אַ קוש געטאָן אין שטערן און מיט אַ שמייכל געזאָגט:

— הייצט זיך ניט, מײַן טײַערע ווערע אַראַנאָוונע. מיט אַזאַ וויסנשאַפֿט, וואָס מיר פֿאַרנעמען זיך מיט אײַך, איז קעדײַ האָבן צו טאָן נאָר קאַלטבלוטיק. אַרופֿגיין אויפֿן שפּײַטער צוליב אוטאָמאַטיזירן אָן אויסאַרבעטונג פֿון, לאָמיר זאָגן, קאָפּראָלאַקטאַן איז, גלייבט מיר, אַפֿילו לעכערלעך.

דער אַלטער האָט ווערען דעמאָלט געפּאַטערט דעם גאַנצן אָוונט, כאָטש די שטימונג איז בא איר אַזוי אויך געווען ניט זייער קיין פֿרײַערלעכע. עס האָט זי שוין געטאָטשעט דאָס געפֿיל פֿון פּוסטקײַט, וועגן וועלכער ס'האָט געוואָרנט נאָום מיראָנאָוויטש, זייער שאָכן:

— וועראָטשקע, צום פֿאַרטיידיקן די דיסערטאַציע דאַרף מען זיך גרייטן פּונקט אַזוי, ווי צום אַוועקגיין אויף פּענסיע. טוט שוין איצט אַ טראַכט, מיט וואָס פֿאַרפֿילן די פּוסטקײַט. מיר גופֿא האָט געראַטעוועט דאָס זאַמלען ביכער. גרייט זיך.

## 5

נאָך דער פּאַרטיידיקונג האָט זיך ווערע אין מעשך פֿון צוועלף טעג אָפּגעמאַטערט הינטער מאָסקווע, אין אַ פּאַנסיאָנאַט. דער אָפּרו איז אָנגעקומען צופֿעליק, ווען מאַרע, נאָום מיראָנאָוויטשעס פֿרוי, האָט פֿלוצעם באַשלאָסן, אַז איר מאַן האָט ספּעציעל געקראָגן אַט די פּוטיאָווקע, קעדיי באַקומען אַ ציַיטווייַליקע פֿרייַהייַט. דעריבער האָט זי זיך אין דער לעצטער מינוט געמאַכט שלאָף און פֿאַרגעלייגט ווערען „ניט דורכלאָזן אַזאַ זעלטענע מעגלעכקייַט, וועגן וועלכער מע קאָן נאָר טרוימען".

אינעם פּאַנסיאָנאַט איז געווען פּרעכטיק, זאַרגלאָז און שרעקלעך אומעטיק. ווערע האָט מיט שטוינונג געקוקט אויף די גליקלעכע פּענעמער פֿון אַנדערע אָפּרוענדיקע. זיי זייַנען געווען טאָמיד פֿאַרנומען: אינדערפֿרי — ליזשעס, דערנאָך — ביכער (אַלע זייַנען דעמלט גלייַך ווי משוגע געוואָרן אויף פּיקולן), אָפּדערנאַכט — פֿלירטן.

אויף ליזשעס איז זי ניט געשטאַנען אַ יאָר צוואַנציק, האָט אַפֿילע ניט מיטגענומען קיין ספּאָרטיוון קאָסטיום. לייענען בעלעטריסטיק — פֿון דעם איז זי אויך שוין, לאָזט זיך אויס, אָפּגעוווינט געוואָרן. אין די ביכער האָט איר אַלץ אויסגעזען צו זייַן נאַריש, אויסגעטראַכט, אויסגעדריקט לעפּיש, אומפֿינקטלעך.

צוליב פּאַטערן די צייַט פֿלעג זי לאַנג זיצן אינעם האָל, קוקנדיק דעם טעלעוויזאָר אינייַנעם מיט עטלעכע שווייַגעוודיקע בויער פֿון טינדע, וועלכע האָבן גאַנצענע טעג געהאַלט אין איין וואַרטן, ווען ס'וועט זיך נאָך דער וועטשערע אויף צוויי-דרייַ שאָ עפֿענען דער באַר — אַ דורכגערייכערט געמיטלעך צימערל לעבן דער גאַרקיך, ווו אַ שוואַרץ-אויגיקער ריז מיט טאַטוירטע הענט האָט געהאַנדלט מיטן קאָקטייל „שאַמפּאַן-קאָבלער".

די ערשטע טעג האָט ווערען שטאַרק פֿאַרדראָסן, וואָס קיינער פֿון די מאַנצבלען קוקט אַפֿילע ניט אין איר זייַט. אָבער נאָך עטלעכע סעאַנסן פֿון אַ פּאַרקער מיטן שפּיגל, וועלכער האָט פֿאַרנומען קימאַט די גאַנצע וואַנט אינעם וואַנע-צימער, איז זי געקומען צום אויספֿיר, אַז מאַנצבלען זייַנען אָביעקטיוו גערעכט: צוליב וואָס זיך קוואַפּען אויף אירע הויט-און-ביין, ווען מע קאָן אויסקלייַבן אַ סוביעקט מיט מער געדיכטע האָר, מיט ניט אַזאַ צעקנייטשט פּאָנעם און מיט מער לעבעדיקע אויגן.

יאָ, אַלפֿרעד איז בײַ איר אַ גאָלד, אַן אַנדערער וואָלט זי שוין פֿון לאַנג געוואָרפֿן. בלויז איין מאָל האָט ער ניט אויסגעהאַלטן:

— וועגן דעם, אַז דו ביסט טאַקע אַ פֿרוי, דערמאָנסטו זיך, אַפּאָנעם, נאָר דאַן, ווען מע דאַרף אין טואַלעט אויסקלייַבן די נייטיקע טיר.

עפּשער האָט ער אינדערעמעסן אַ קאָכאַנקע, און מיט איר, ווערען, לעבט ער נאָר צוליב ראַכמאָנעס? אָדער צוליב נאַדיושקען? די טאָכטער האָט ער, פֿאַרשטייט זיך, שטאַרק ליב, זיך געייסעקט מיט איר מער, ווי ווערע. עפּעס אַ קלייניקייַט! די לעצטע יאָרן איז זי דאָך ביכלאַל אָפּטער געווען אויף די זאַוואָדן, איידער אין מאָסקווע.

## 6

פּונעם פּאַנסיאָנאַט איז ווערע געקומען קימאַט אַ גליקלעכע, גרייט צו אַ ווייַטערדיקן קאַמף. פֿון ראַנאָוויטשעס באַנדע קאָן מען זיך ריכטן אויף אַלץ. אַבראַם באָריסאָוויטש, דער נאַטשאַלניק פֿון זייער אָפּטייל, וועט אוואַדע מיט האַנאָע אָנקוקן אַט דאָס „אַלץ". אַן אידיאָט! „ווערע אַראָנאָוונע, כ'וועל לאָזן פֿאַר אייַך פֿרייַע הענט, שרייַבט אייַער דיסערטאַציע. אָבער פֿאַרגעסט ניט, וועגן וואָס מיר האָבן זיך צונויפֿגערעדט מיט אַלפֿרעדן". באַלד! ער מיינט, אַז טאָמער אַלפֿרעד, מיט וועמען זיי האָבן אַמאָל געלעבט אין איין הויף הינטער „יעליסייעוו" קלייט, האָט אים עפּעס צוגעזאָגט, וועט טאַקע אַזוי זייַן. דער „אויסגלייַך" איז באַשטאַנען אין דעם, אַז אַלס בייַט פֿאַר איר פֿרייַהייַט וועט ווערע גרייטן מאַטעריאַלן גלייַך פֿאַר צוויי דיסערטאַציעס, פֿאַר זיך און פֿאַר אַבראַם באָריסאָוויטשן. יאָ, טכילעס האָט זי אײַנגאַנצן אָפּריכטיק פּלאַנירט: אירס וועט זייַן די וואַקל-מאָדעל גופֿע, און אַבראַם באָריסאָוויטשן וועט זי שענקען דעם גאַנצן פֿריקווענץ-אַנאַליז. די פֿריקווענץ האָט זי דאָך דאַן געהאַלטן פֿאַר אַ בייַ-עפֿעקט פֿון איר אַרבעט...

גאַנץ אומדערוואַרט האָט מען זי אינעם אָפּטייל באַגעגנט מיט מאַטאָנעס: אונטערגעטראָגן אַ שיינעם בוקעט רויזן און אַ טייַערע פּילפּעדער. אַבראַם באָריסאָוויטש, אַן אימפּאָזאַנטער, טאָמיד האָפּערדיקער סיבאַריט, אין וועמען עס האָט שוין אין מעשך פֿון מער ווי דרייַסיק יאָר געברויזט

דאָס היספּיַלעס פון אַ לעבן געבליבענעם פּעכאָטינער, האָט געהאַלטן אַ גאַנצע דראָשע, גענוג אַ נודנע, אָבער — ווי ווערע האָט געמוזט אָפּשאַצן — אַ וואַרעמע. מאַשע באַראַנאָווא האָט אַפילע געלאָזט אַ טרער, אָנגעהויבן זי קושן, אָנשעפּטשענדיק דערביַי:

— ביסט, ווערקע, אַ שטיקל דרעק, האַלטסט אַלעמען פאַר דיַינע בלוט־סאָנים.

ווערע איז גליַיך אַרויסגעלאָפן אין אוניווערסאַם, געבראַכט וויַין, געקאָכט קאַלבאַס, וויַיכן קעז, פּיראָזשנעס. ס'איז געוואָרן פריילעך. אַלע האָבן געקוקט איינער אויפן אַנדערן מיט אַזאַ האַרציקייַט, גליַיך ווי דער אָפּטייל איז ניט געווען צעטיילט אויף עטלעכע פראַקציעס, וואָס יעדע פון זיי האָט געהאַט פילצאָליקע כעזשבוינעס, סיַי אַלטע, סיַי ניַיע, איינע צו דער אַנדערער. ווערען האָט אויך נאָך אַ גלעזל „אַרבאַטסקאָיע" אַרומגעכאַפּט אַ וואַרעמע אויפרעגונג. מאַשע באַראַנאָווא רופט אָן אַזאַ צושטאַנד: „גליַיך־ווי־קריסטוס־איז־זיך־אין־לאַפּטיעס־דורכגעגאַן־איבערן־האַרצן".

ראַנאָוויטש האָט זיך די גאַנצע ציַיט געהאַלטן אין אַ זיַיט. שוין צום סאָף, ווען אויפן פאַרשפּרייטן מיט אַ מילימעטער־פּאַפּיר טיש זיַינען געבליבן בלויז עטלעכע בוטערבראָדן, איז ער צוגעגאַנגען צו ווערען און געפרעגט:

— ווערע אַראָנאָוונע, זיַיט זיך מוידע, צי אַלפרעד איוואַנאָוויטש גלייבט טאַקע, אַז די מאָדעל, וואָס איַיער מישפּאָכעלע האָט צוגעטראַכט, איז בעמעס אַן אַדעקוואַטע? וואָס איז שיַיעך איַיער מאַן, האָב איך אים טאָמיד געהאַלטן פאַר אַן ערנסטן געלערנטן, — און ער האָט אַ שמייכל געטאָן מיט זיַין קלוימערשט אומשולדיקן שמייכל.

# 7

אין אַ וואָך אַרום איז זי שוין געווען אויפן וויַיסרוסישן קאָמבינאַט. קיין באַזונדערע איניאָנים האָט זי דאָרט ניט געהאַט, דאָס איז געווען אַ פּלייטע פון מאָסקווע, ווו איר איז ווידער אַלץ פריקרע געוואָרן.

דורך אַ צופאַל איז אין איין וואַגאָן מיט איר געפאָרן מאַרגאָלין, דער הויפּט־ענערגעטיקער פונעם קאָמבינאַט. אַ פּוכקע, קליינוווּקסיק מענטשעלע, ערגעץ אַריבער פערציק, אָבער שוין מיט אַ היפּשער ליסינע, האָט לעוו צאַדיקאָוויטש געשעמט פאַר אַ פאַוואָריט באַם גרויזאַמען גענעראַל־די־רעקטאָר פּריטולקין. דער דירעקטאָר איז געווען באַוווּסט דערמיט, וואָס ער האָט ניט אָנערקענט קיין אַרויסגאַנג־טעג; מע פלעג אים ברענגען אויפן קאָמבינאַט צו האַלב אַכט, און אַהיים פלעג ער קלאָל אוועקפאָרן נאָך האַלבנאַכט. מע האָט אויך גערעדט וועגן דעם, אַז ער מיַידט אויס צו נעמען אויף דער אַרבעט ייִדן, כאָטש ס'איז געווען ניט אַזוי גרינג אין אַ געוועזענעם ייִדישן שטעטל און באַ דעם שרעקלעכן קאַדרען־הונגער, וועלכער האָט שוין פאַרוויסטעט אַלע אַרומיקע דערפער און אַריַינגעצויגן אין דער אַרבעט אַ דערביַייִקע קאָלאָניע פון האַרבן רעזשים.

אויף וויפל מאַרגאָלין איז געווען אַ היגער — זיַין פאָטער האָט פאַר דער מילכאָמע קאָמאַנדעוועט מיט דער שטאָטישער וואַסערלייטונג־ווירטשאַפט, — האָבן די ייִדן געפּרוּווט זיך ווענדן צו אים, ער זאָל העלפן זיי אָדער זייערע קרוֹיווים זיך איַינאָרדענען אויפן קאָמבינאַט. אין דער שטאָט האָט זיך נאָך געהאַלטן די לעצטע ייִדישע גאַס (זשדאַנאָוו־גאַס), וועלכע האָט זיך געבויגן פונעם מאַרק ביזן סאַמע וואָקזאַל. אויף דער גאַס, לעבן דער אַלטער אַפּטייק, איז געשטאַנען דאָס הילצערנע שטיבל פון מאַרגאָלינס מוטער, און די ייִדן פלעגן איבערכאַפּן לעוו צאַדיקאָוויטשן קימאַט יעדן שאַבעס, ווען ער איז געגאַנגען איבער דער גאַס מיט זיַין קיבעד־אָוו־מיסיע, טראָגנדיק דאָס שטענדיקע גרינע קוישל מיט פאַרשיידענע מעציִעס, וואָס די נאַטשאַלסטווע פונעם קאָמבינאַט האָט געקאָנט קויפן אין זייער בופעט.

— אַ ייִד דאַרף וויסן זיַין אָרט, — האָט ער דערקלערט די שכיינים, — וואָסי? כויך דעם קאָמבינאַט איז שוין ניטאָ וווּ צו אַרבעטן? מע דאַרף דאָך פאַרשטיין, אַז מענטשן האָבן מוירע. הייַנט וועט ער נעמען אַ ייִדן, און מאָרגן וועט יענער אוועקפאָרן.

סאָפּקאָלסאָף האָט מען אים אויפגעהערט אָפּשטעלן: די טוישווים פון דער זשדאַנאָוו־גאַס האָבן שוין געוווּסט, אַז צאַדיקס לייבקע „קויפט זיך איַין אין נעפּעש"...

מאַרגאָלין מיט ווערען זיַינען געווען באַקאַנט פונדערוויַיטנס. בלויז איין מאָל איז זי געזעסן באַ אים אין קאַבינעט, ווען ער האָט דרינגענדיק צונויפגעקליבן אַלע פאַראַנענע קויכעס, קעדיי פּאָטער ווערן פון איינעם אַ מעשוגענעם דערפינדער. יענער האָט צוגעטראַכט עפּעס אַ פּערפּעטוום מאָבילע, האָט אומעטום געשריבן, אַז די נאַטשאַלסטווע וואַרפט אויף זיַין וויכטיקע פאַר דער מעלוכע אַנטדעקונג. ווערע האָט זיי טאַקע דעמלט אונטערגעזאָגט אַן אויסוועג — איבערצושיקן אַלע מאַטע־

ריאלן קיין מאָסקווע, אין אינסטיטוט פון פּאַטענטן־עקספּערטיזע, זאָלן זיי זיך ברעכן דעם מויעך. מאַרגאָלין איז געווען זייער דאַנקבאַר אַט דער פרוי מיט, ווי ס׳האָט זיך אים צוערשט אויסגעוויזן, איר מעשוגענע אויגן. ער האָט נאָך דערנאָך א טראַכט געטאָן, אז ס׳איז בא איר אפּאָנעם ניט קיין געוויינלעכער מעשוגאַס, נאָר דער עכט וויסנשאַפטלעכער, די אזויגערופענע באַזעסנקייט, ווי בא דאַניִיל גראַנינס געלערנטע.

באַם באַגעגענען זיך מיט ווערען אין וואַגאָן האָט ער זיך אופריכטיק דערפרייט. אים האָט זיך געוואָלט וואָס גיכער דערציילן עמעצן וועגן זײַן געלונגענער יאַזדע קיין מאָסקווע, אין זייער מי־ניסטעריום.

מאַרגאָלין האָט שוין פון לאַנג, פאַרשטייט זיך, געוווּסט די ווערט פון א מיניסטעריום, פון די דאָרטיקע טוער. פּריטולקין זאָגט דאָך, אז א מיניסטערישער טשינאָווניק, ווען ער איז אפילע א כאָכעם, דאַרף זיך מאַכן טאַמעוואַטע, אנדערש וועט ער דאָרט ניט אויסהאַלטן. ניט ווייניק האָט מאַרגאָלין געשלעפּט מיט זיך: סײַ דעם באַוווּסטן זעפּיר זייערן, וועלכער גייט קימאַט אינגאַנצן אַף עקספּאָרט און אין די הויכגעשטעלטע בופעטן, סײַ קאָניאַק, סײַ מער מאַמאָשעסדיקע מאַטאָנעס פאַר אַמערסטן נייטיקע און נוצלעכע מענטשן. דער רעזולטאַט פון דער קאָמאַנדירונג איז געווען א זיכערער. ניט אומזיסט דאָך, ווען מאַרגאָלין איז ערעוו זײַן רײַזע געקומען צו פּריטולקינען מיטן ראַ־פּאָרט וועגן דער דיספּאָזיציע, האָט יענער געזאָגט:

— כ׳בין, מאַרגאָ, רויִק. האָסט זיך גוט צוגעגרייט. אַלץ איז אויסגעטאַרעוועט — ווי אין אן אפּטייק.

קימאַט פינף יאָר זײַנען שוין פאַריבער, זינט מאַרגאָלין האָט זיך דורכגעשלאָגן אין נאַטשאַל־סטווע. אָבער סײַוויסײַ כאַפּט אים אַלעמאָל אַרום נאָך א האַצלאָכעדיקער קאָמאַנדירונג, נאָך יעדער לויב מיצאַד א העכערן שעף, אַן אנציקונג, גלײַך ווי ער איז נאָך אַלץ געווען א נעוויק צווישן די מעכטיקע מענטשן פון זײַן קאָמבינאַט און, הייסט עס, פון דער שטאָט.

דעמלט, שטייענדיק אין קאָרידאָר פונעם וואַגאָן, האָט מאַרגאָלין דערציילט, פאַרכלינענדיק זיך פון באַגײַסטערונג, וויאַזוי ער האָט צונויפגעקליבן וויזעס אין פאַרשיידענע אָפּטיילן און הויפּט־פאַר־וואַלטונגען, וויאַזוי ער האָט זיך לעסאָף דורכגעריסן צום שטעלפאַרטרעטער פונעם מיניסטער, און יענער, דורכגעקוקט דעם אַרגאַמענט פון די וויזעס, האָט בא אים נאָר געפרעגט:

— וויפל דאַרפסטו?



— זיבן הונדערט טויזנט רובל.
— ניין, בלויז פיר הונדערט, מער האָב איך ניט.
אָבער מער דאַרפֿן זיי אויך ניט! ס'איז דאָך אַזאַ שפּיל: דאַרפֿסט איין מיליאָן — בעט צוויי, עפּשער וועסטו באַקומען אַ האַלבן.
— און וואָס הערט זיך בײַ אײַך, אויף דעם, אַזוי צו זאָגן, װיסנשאַפֿטלעכן פראָנט? — האָט מאַר־גאָלין געפֿרעגט בײַ װערען.
— אײַ, מײַן טעמע איז שוין פֿאַרמאַכט, כאָטש מע קאָן דאָרט מאַכן זייער אינטערעסאַנטע זאַכן, — און זי האָט אים דערציילט וועגן דער פּריקווענץ, וואָס לויט איר גרייס קאָן מען גלײַך, אין אָנהייב פֿונעם פּראָצעס, אויסקלײַבן אַ נייטיקן רעגלאַמענט, און ס'איז אַוואַדע וויכטיק, ווײַל ס'באַווײַזט זיך אויף אַזאַ אופֿן אַ מעגלעכקײַט גיך און פּינקטלעך אויסרעגולירן דעם פּראָצעס פֿאַר אַ באַליביקן רוישטאָף...
— און אין אויסלאַנד? וואָס מאַכן די פֿאַרפֿוילטע ווערנדיקע? — האָט ווערען איבערגעשלאָגן מאַרגאָלין.
— זיי דאַרפֿן דאָס ניט. דער רוישטאָף האָט דאָך בײַ זיי סטאַבילע אייגנשאַפֿטן.
— זייער אינטערעסאַנט! באַקומט זיך, אַז דאָס וועט זײַן גאָר אַ נײַע זאַך, — האָט ער זיך מאַמעש דערפֿרייט. — לאָמיר אַט וואָס טאָן. איבערמאָרגן וועט זיך בײַ אונדז צונויפֿקלײַבן דער טעכ־נישער ראַט, און איך וועל נאָך פֿאַרפֿרי׳ער רעדן מיטן דירעקטאָר. דאָס געלט האָב איך אויסגעקלאַפּט דעריקער פֿאַר פּראָיעקטירן קאָמפּיוטעריזירטע אָנפֿיר־סיסטעמען. און פֿון אײַער אידיי קאָן זיך טאַקע אויסטאַנצן די סאַמע אינטערעסאַנטע סיסטעם.
סײַ מאַרגאָלין, סײַ באַדעזשדאַווע זײַנען נאָך לאַנג ניט געשלאָפֿן, זיך געקערט פֿון איין זײַט אויף דער אַנדערער, ליגנדיק אויף די פּאָליצעס פֿונעם וואַגאָן, וועלכער האָט זיי געטראָגן, ווי ס'האָט זיך זיי בײַדן געדוכט, צו דער וויכטיקסטער געשעעניש אין זייער לעבן. קיינער פֿון זיי האָט ניט געוווּסט וועגן די קאָמפּיוטער־סיסטעמען מער, ווי עס האָט געשריבן וועגן זיי דער זשורנאַל „וויסנ־שאַפֿט און לעבן", אָבער בײַדע האָבן גלײַך באַשלאָסן, אַז גראָד אַזאַ סיסטעם קאָן דערנעענטערן די שטערן־שאַ, צוליב וועלכער ס'איז קעדײַ צו לעבן.
ווערע האָט זיך קוידעמקאָל דערמאָנט אין ראַנאָוויטשן. אינטערעסאַנט, וואָס וועט ער זאָגן, ווען איר פּריקווענץ וועט באַלעבט ווערן אַדאַנק אַ קלוגן קאָמפּיוטער, וואָס שפּילט, פֿאַרטיפֿט אין מאַכשאָוועס, מיט אַלערליי פֿאַרבן פֿון זײַנע אומצאָליקע באַלכעוואַטע לעמפּ. זי האָט זיך פֿאָרגע־שטעלט, ווי ראַנאָוויטש, אַ צעמישטער, גייט אַרײַן אין קאָמפּיוטער־זאַל. אויף אים איז אַרופֿגעוואָרפֿן אַ ווײַסער כאַלאַט, ווי בײַ די באַזוכער פֿון דער נערוון־קליניק. און זי, ווערע, איז אָנגעטאָן אין איר איטאַליעניש גרין קלייד, דאָס בעסטע, וואָס זי האָט. זי הייבט אויף אויף ראַנאָוויטשן אירע פֿאַרמאַ־טערטע אויגן און זאָגט: „מאַקסים..." עטלעכע מאָל האָט זי איבערגעכאַזערט די דאָזיקע מיזאַנסצענע, אָבער פֿאָרזעצן ווײַטער די פֿראַזע האָט זיך בעשום־אופֿן ניט באַקומען. דאָס אייניציקע, וואָס זי האָט באַשלאָסן, אַז צו דעם גרינעם קלייד וואָלט געוווען ניט שלעכט אָנטאָן אירע אַגאַט־קרעלן...
מאַרגאָלין האָט געטראַכט וועגן דעם, ווי ער וועט מאָרגן דערציילן פּריטולקינען ניט בלויז וועגן דער יאַזדע, נאָר אויך וועגן דעם פֿאָרשלאָג צוצי׳ען נאַדעזשדאַווע צו דעם נײַעם פּראָיעקט. ער אַליין וועט פֿירן די דאָזיקע אַרבעט אויפֿן קאָמבינאַט, און זי וועט קאָמאַנדעווען מיט די געלערנטע און פּראָיעקטאַנטן. מיט אַזאַ קאָמפּיוטער־סיסטעם קאָן מען געוויס באַקומען אַ מעלוכע־פּרעמיע, אויב ניט מער...

8

פֿאַר דעם אינדוסטרי׳עלן אָפּצווײַג, צו וועלכן עס האָט אָנגעהערט דער ווײַסרוסישער קאָמבי־נאַט, איז ענגלאַנד שוין פֿון לאַנג געוואָרן אַן אייגנאַרטיקע מעקאַ. די פּילגרים־נעסי׳עס האָבן זיך אָנגעהויבן נאָך מיט אַ יאָר דרײַסיק צוריק, ווען מע האָט אין ענגלאַנד געקויפֿט „אונטער דעם שליסל" אַ גאַנצן זאַוואָד — דעם „לײַכט־טורעם פֿונעם אָפּצווײַג", „פֿלאַגמאַן פֿונעם פּינפּיאָר", אַ קוואַל פֿון עטלעכע צענדליקער דיסערטאַציעס, אַ מוסטער פֿאַר אַלע נײַע זאַוואָדן פֿונעם זעלבן פּראָפֿיל. עמעס, פּונקט אויף אַזאַ זאַוואָד אין בירמינגעם האָבן געאַרבעט ניט פֿינף טויזנט מענטשן, ווי אויפֿן „לײַכט־טורעם" און „פֿלאַגמאַן", נאָר צוויי טויזנט. די דיסטאַנץ אין דער קוואַליטעט האָט זיך אויך געהאַלטן אין דער זעלבער פּראָפּאָרץ, כאָטש לויט דער צאָל פֿון אײַנגעגלידערטע דערפֿינדונגען און ראַ־צי׳אָנאַליזאַטאָרישע פֿאָרשלאָגן האָט זיך דער אויסלענדישער צווילינג נאָכגעשלעפּט ערגעץ אין עק.

װערע איז געקומען אַרבעטן אין אינסטיטוט, װען מע האָט שױן פּראָיעקטירט דעם דריטן אָדער דעם פערטן „דורכױס אָפּגעשינדעטן" (לױט ראַנאָװיטשעס דעפיניציע) זאַװאָד, אָבער ניט װײניק שײַלעס מיקױעך דעם טאָך פון אײניקע טעכנאָלאָגישע אַפּאַראַציעס זײַנען נאָך געבליבן אָן קלאָרע טשװעס. קאָנסטאַנטין איװאַנאָװיטש, אַן אַלטער באָכער און קעמפערישער ניכטערניק, װעלכער האָט אין מעשעך פון צװײ יאָר איבערגענומען די דערפאַרונג בא די בירמינגעמער קאָלעגן, פלעג איבערצײַגעװדיק דערקלערן, אַז צװישן די ענגלישע פּראָיעקטאַנטן זײַנען געװען סײַ מיטגלידער פון טרעד־יוניאָנען, סײַ פאַרביסענע סאָנים פונעם סאָציאַליזם. אַזױ אַז מע דאַרף זײַן טאָמיד גרײט צו א באַליביקן טעכנישן סאַבאָטאַזש.

סאָפּקאָלסאָף האָט דער הױפּט־אינסטיטוט פונעם אָפּצװײַג פאַנאַנדערגעאַרבעט א פּראָיעקט מיט א פוטוריסטישן נאָמען „דער זאַװאָד פון צוקונפט", פון װעלכן ס'איז אין צען יאָר אַרום מעקױעם געװאָרן װײניקער, אײדער פון זשול װערנס ליטעראַרישע פאַנטאַזיעס. קימאַט דאָס אײנציקע, װאָס מע האָט פולקום פאַרניצט פונעם פּראָיעקט, איז געװען די סמעטע פאַר אױסלענדישע קאָמאַנדירונגען. פּריטולקין איז אױך צװײ מאָל געװען אין ענגלאַנד, װוּ ער האָט אונטערגעכאַפּט דעם װירוס פון קאָמפּיוטעריזאַציע.

צוערשט האָט פּריטולקין געװאָלט, אַז זײַנע אײגענע אינזשעניערן זאָלן אַלײן אױטאָמאַטיזירן דעם קאָמבינאַט, אָבער די אַרטיקע עדיסאָנען האָבן זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט, דערקלערנדיק, אַז ניט בלױז אָפּן קאָמבינאַט, נאָר אַפילע אין דער גאַנצער שטאָט פאַרשטײט דערװײַל קײנער גאָר ניט אין די דאָזיקע זאַכן. עמעס, עפּעס א זאַלצמאַן פון דער טריקאָטאַזש־פאַבריק האָט צוגעשטעלט זײַן פּלאַן פון אױטאָמאַטיזאַציע, אָבער די הױצאָעס־סמעטע, װעלכע יענער האָט פאָרגעלײגט, האָט זיך פּריטולקינען אױסגעװיזן א לעכערלעך װאָלװעלע, און דעם סאַמאָזװאַנעץ האָט מען אַרױסגעטריבן.

זאַלצמאַן איז נאָך דער מײַסע נעלעם געװאָרן. מע האָט דערצײלט, אַז ער איז אַװעקגעפאָרן קײן סיביר און אַרבעט דאָרט אַלס בולדאָזעריסט. אײניקע מענטשן האָבן געגלײבט אין אַנדערע פּליאָטקעס — אַז ער האַלט קלױמערשט א פירמע אין מאַיאַמי־ביטש. מאַרגאָלין האָט אָבער געװוּסט דעם גאַנצן עמעס, װײַל אָט דער זאַלצמאַן קערט זיך אָן דעם װײַב זײַנעם א װײַטער קאָרעװ: בײס א קאָמאַנדירונג האָט דער דערפינדער זיך אָנגעטראָפן אַף א פּיפּיקער באַרג־ייִדישקע, װעלכע לעבט אין אוגליטש, און ער איז אַריבערגעפאָרן צו איר, אין אָט דער אַלטער רוסישער שטאָט.

## 9

װען מאַרגאָלין האָט זיך אומגעקערט פון מאָסקװע אי מיט געלט, אי מיט װערען, האָט פּריטולקין אים שיר ניט צעקושט, װאָס ס'האָט זיך אױסערלעך אױסגעדריקט אין א שטראָם צערטלעכע יופּעס, װעלכע האָבן זיך פאַרענדיקט מיט א באַפעל װעגן אַרױפלײגן אַף מאַרגאָלינען די פליכטן פונעם הױפּט־קאָנסטרוקטאָר פון דער קאָמפּיוטער־סיסטעם.

דער שלוס־עטאַפּ איז געװען װערעס צוריקער קײן מאָסקװע מיט אַן אָפיציעלן פאָרשלאָג װעגן פּראָיעקטירן פאַרן קאָמבינאַט די נײַע אָנפיר־סיסטעם.

איצט, אין צען יאָר אַרום, דערמאָנט זיך װערע, װי שמוקלער, דער דעמאָלטיקער הױפּט־אינזשעניער, האָט שיר ניט געשריגן:

— פאַרװאָס עפּעס נאָר א קאָמפּיוטער? און א ראַקעטע בעטן זײ בא אונדז ניט?

— װאָס זשע געפעלט אײַך ניט, סאָלאָמאָן מאַרקאָװיטש? צי עפּשער זײַט איר קעגן דעם טעכנישן פּראָגרעס? — האָט אים בײז איבערגעשלאָגן קאַמאָװ, דער דירעקטאָר.

— מיר זײַנען דאָך אַמעראַצים אין די דאָזיקע איניאָנים! מע דאַרף פריער געפינען ספּעציאַליסטן, און שױן דערנאָך זיך נעמען פאַר אַזאַ טעכנישן פּראָגרעס. ס'װאָלט אױך געװען ניט שלעכט זיך פאַנאַנדערקלײַבן, צי נײטיקט זיך דער קאָמבינאַט גופע אין אַזאַ סיסטעם. מע דאַרף ניט פאַרגעסן, אַז מיר זײַנען אַרומגערינגלט ניט בלױז מיט א ריזיקירטער ערדאַרבעט, נאָר ביכלאַל מיט א ריזיקירטן באַלעבאַטעװען. האַקיצער, איך װאַש אָפּ די הענט פון אָט דער פּאָטיאָמקינשטשינע, — און ער איז, אופגעבראַכט סאָפענדיק, אַװעק אין זײַן אַלקערל צװישן דעם דירעקטאָרס קאַבינעט און דעם קאַדרען־אָפּטײל.

די נײַע אַרבעט האָט דער אינסטיטוט פונדעסטװעגן גענומען. װערען האָט מען אױסגעטײלט א לאַבאָראַטאָריע — זי און צען װאַקאַנסיעס; אין א כוידעש אַרום זײַנען שױן געװען — זי, מישע יאָפּע און נײַן װאַקאַנסיעס.

## 10

מישען האָט רעקאָמענדירט נאום מיראָנאָוויטש, דער שאָכן. בא זײַן מאַרען איז געווען א פּלימעניצע, אָדער אפילע ניט קיין פלימעניצע, נאָר א טאָכטער פון א פלימעניצע. קיין שיינהײַט איז די דאָזיקע קרוויווע ניט געווען, עמעס, ניט מיעסער פון פיל אנדערע. עפשער א ביסל צו פעטליײַביק און צו קליינוווקסיק. אָבער די מוטער איז בא איר געווען מיט א פונקטיק — מאַרינע וועט בלײַבן אן אלטע מויד. די מוירע האָט געשטאַמט פון די נאָכמילכאָמעדיקע יאָרן, ווען מאַרינעס מוטער האָט געמוזט לעסאָף כאסענע האָבן פאר אן אלמען פון טשערקיזאָווא, וועלכן מע האָט איינגיכן ארײַנגעזעצט אף צוועלף יאָר פאר די דעמלט פּאָפּולערע געשעפטן מיט טריקאָטאזש.

באלד ווי מאַרינע איז געוואָרן נײַנצן יאָר אלט, האָבן זיך גלײַך אָנגעהויבן פיבערהאפטע זוכענישן פון כאסאנים. ערגעץ אין א יאָר ארום האָט די מוטער באשלאָסן, אז אין מאָסקווע וועט זי, זעט אויס, ניט געפינען קיין פּאסיקן איידעם. די הויפּט־שטאָטישע יאטן זײַנען איינס אין איינס אויסגעלאסענע; מאַרינע פלעג שיר ניט וויינען נאָך זייערע פּרעכע פאַרשלאָגן „א פּרווו טאָן". סאָפּקאָל־סאָף, דורך צופעליקע פליאזש־באקאנטע, האָט מען אין זשיטאָמיר געפונען מישען.

## 11

מישע איז פאר ווערן געווען א מענטש פון אן אנדער וועלט, אן אָנגעקומענער פון דער סוויווע, וועגן וועלכער זי האָט עטלעכע מאָל געלייענט בא שאָלעם־אלייכעמען. ביכלאַל האָט זי געהאלטן, אז ייִדישקײַט איז עפּעס אזוינס, וואָס מע דאַרף כאָטש א ביסל אויסבאהאלטן, ווי די באַשטענדיקע יאַרמעלקע בא נאום מיראָנאָוויטשעס אייניקל: יאָ, זי איז טאָמיד צוגעטשפּעט מיט צוויי האָרנאָדעלעך צו זײַן בלאָנדער שעוועליור, אָבער, אלס קלאל, איז זי פארבאהאלטן אונטער עפּעס א „וועלטלעכן" קאָפּ־צודעק — א בערעט אָדער א פילצן גרוזיניש היטעלע.

אלס מוסטער פון א נאטירלעכער, ניט קיין אויסבאהאלטענער ייִדישקײַט איז בא ווערען אין זיקאָרן נאָך פון דער מילכאָמע־צײַט פארבליבן זייער קראסנאָיאַרסקער שכיינע — די באָבע העניע פון בעלאָצערקאָוו. דער באָבע העניעס זון און שנור, ביידע — מעדיקער, זײַנען געווען אפן פראָנט, און זי האָט זיך עוואקוירט מיטן אייניקל זאָריק, א פּעט ייִנגל, אין איין עלטער מיט ווערען. זאָריקס פּאָנעם איז געווײַנלעך געווען באדעקט מיט סיניאקעס — ער האָט געהאט א צונעמעניש „דיקער נעמטשורע", וואָס האָט אים אוועקגעשטעלט אויסערן הויף־געזעץ. נאָך יעדער פאָרציע נײַע סיניאקעס פלעגן דעם הויף פארהילכן דער באָבע העניעס קלאָלים:

— אויסגעקאָרעניעט זאָלט איר ווערן! א קאָלקע, א סאשקע!..

פון דעמלט אָן האָט זיך ווערע געהאלטן בא דער מיינונג, אז די ייִדישע שפּראַך איז א לעכערלעכער מישמאַש פון פארקריפּלטע רוסישע און דײַטשישע ווערטער, צעווירצטע מיט פילצאָליקע אינטעריעקציעס און אומעטומיקע „א", וועלכע „פארייִדישן" א באליביק וואָרט (פונקט ווי די שילדן, וואָס זי האָט געזען אין סוכומי: „א אוניווערסאם", „א אפּטעקא", „א לאַריאָק"). נאום מיראָנאָוויטש, ווען זי האָט אים אמאָל דערציילט וועגן די דאָזיקע ייִדישע און אבכאזישע „א", האָט לאנג געלאכט און דערנאָך געזאָגט:

— איך האלט אויך, אז דעם פּרימיטיוון זשאַרגאָן פון אונדזערע זיידעס דאַרף איצט קיינער ניט. דעריבער טאקע לערנט מײַן אייניקל איווריט.

זיך אליין האָט ווערע באטראכט ווי א רוסישע. איר ייִדישע „העלפט" האָט זי דענערווירט, ווי א מין אײַנגעבוירענער פארדריסלעכער כיסאָרן. דער סייכל האָט, פארשטייט זיך, אונטערגעזאָגט, אז מע דאַרף דעם פאקט אופנעמען אזוי ווי ער שטייט און גייט, אָבער אזא באשערטקײַט האָט אָפטמאָל ארויסגערופן א פארביטערונג, וועלכע פלעג אָפּטרעטן דאָס אָרט עפּעס א טעמפּן ווייטיק.

איר פאָטער — ארן סימיס — איז אוועק פון זיי, ווען ווערע איז געווען צוויי יאָר אלט. זען פלעגן זיי זיך ביז גאָר זעלטן; א יערלעכע אָבליגאטאָרישע באגעגעניש פלעג פּאָרקומען יעדן צענטן מאַרט, ערעוו ווערעס געבורטסטאָג. דער פאָטער האָט געהאט א נײַע מישפּאָכע, זײַנע צוויי זין האָבן ווערען גערופן „סעסטריצא". עטלעכע מאָל האָט זי געפּרוווט לייענען די ארטיקלען אף פילאָסאָפישע און אטעיִסטישע טעמעס, וועלכע דער פאָטער — „אן אָנגעזעענער סאָוועטישער פילאָסאָף, היסטאָריקער, אווטאָר פון א ריי מאָנאָגראפיעס און לערנביכער" — פלעג דרוקן אין פארשיידענע צײַטונגען און זשורנאלן, אָבער צו לייענען דאָס איז געווען אן עכטער געניטם, עפּעס א דורכרײַס דורך אומגע־

לומפּערטע וואָרט־קאָנסטרוקציעס, און כאָטש ס׳איז באַשײַמפּערלעך געווען אַ רוסישע שפּראַך, עמעס, מיט אַ היפּשן איבערפֿלוס פֿונעם סופֿיקס „יזם“, דאָך פֿאַרשטײן דעם טאָך פֿון אָט די אַרטיקלען האָט ווערע קײנמאָל ניט געקאָנט.

דאָס לעצטע מאָל האָט זי זיך מיטן פּאָטער נאָרמאַל געזען און גערעדט אין אײן־און־פֿופֿציקסטן אָדער אין צוויי־און־פֿופֿציקסטן. שפּעטער האָט דער פּאָטער ניט אײן מאָל געקלונגען, געפּרוּווט זיך באַגעגענען מיט ווערען, און זי פֿלעג אים אָדער ביכלאַל ניט ענטפֿערן, אָדער רעדן ניבלפּע. סאָף־קאָלסאָף איז ער אַנשוויגן געוואָרן, אַרויסווײַזנדיק סימאָנים פֿון לעבן בלויז מיט טעלעגראַמעס צו איר געבורטסטאָג און צו אײניקע „רויטע“ טעג פֿונעם קאַלענדאַר.

און דעמלט, אין אײן־ אָדער צוויי־און־פֿופֿציקסטן, איז ווערע מיט נאָך צוויי כאַווערטעס גאַנצפֿרי געקומען צו לויפֿן אויפֿן וואָקזאַל. אויף זײערע ערשטע וואָלן האָבן זײ זיך צונויפֿגערעדט קומען די סאַמע ערשטע, אָבער ווערע האָט פֿאַרשלאָפֿן, און דעריבער טאַקע זײַנען זײ געלאָפֿן איבער די יאָמטעוודיק ציכטיקע גאַסן, באַפּוצט מיט פֿאָנען און פּאָרטרעטן. בײַ די טירן פֿונעם וואָקזאַל האָט זײ פּלוצעם אָפּגעשטעלט אַ פֿרײלעכער באָכער:

— סטאָפּ, ציגעלעך! אָט אַ־ך טאַקע דאַרף איך.

ער רופֿט צו זײַן שוטעף. יענער איז מיט אַ פֿאָטאָ־אַפּאַראַט. זײ זײַנען פֿון אַ צײַטונג, זײער נאַטשאַלסטווע האָט באַשטעלט אַ פֿאָטאָ — „ס׳ווײלט אויס די יוגנט פֿון אונדזער לאַנד“.

דער פֿרײלעכער צעשטעלט זײ בײַם פּאָרטרעט:

— אָט אַזוי. נײן, אַ ביסל אויף לינקס, קעדײ פֿאַרכאַפּן אין קאַדער דעם פּאָרטרעט. אויסגעצײכנט! נו, ליאָשאַ, פּאַרויס! סטאָפּ. וואָס איז בײַ דיר, ליאָשקאַ? אַ האָפּסאָקע, ליבינקע, די פֿילמע האָט זיך געענדיקט. לאָמיר, מײדעלעך, דערווײַל פֿאַרשרײַבן אײַערע נעמען פֿאַרן אונטערשריפֿט. דאָס פֿאָלק דאַרף וויסן אונדזערע העלדן. אַלזאָ, נאַטאַשאַ... גוט, סטאַלינאַ... ווונדערלעך, און דו, יעפֿאַסטויאַר? ווערע סימים... — דער בלײַער שטעלט זיך אָפּ. דער קאָרעספּאָנדענט קוקט עטלעכע ווײַלעס אויף ווערען. — ווײסט וואָס, כ׳האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז דרײַ שײנהײַטן — דאָס איז צופֿיל. דיך, ווערע, וועלן מיר האַלטן גרײט פֿאַר אַ קומענדיקן יאָמטעוו.

אַ פּאַרווײנטע, איז ווערע געקומען צו לויפֿן צום פּאָטער. ער האָט געלעבט אין יענע יאָרן אויפֿן ראָזשדעסטווענסקי־בולוואַר, אין אײן קאָמונאַלער דירע מיט אַן אַלטער פּאָליטקאָטאָרזשאַנקע, מיט אַ באַלעַרינע פֿונעם אָפּערעטע־טעאַטער און מיט אַ הויף־אויפֿזעער, וועלכער פֿלעג בעשאַס זײַנע אָפּטע זשליאָקערײַען אָנוואַרפֿן אַ פּאַכעד אויף אַלע שכײנים.

ווערע האָט אָפּגעגעסן אויסגעזען, ווי אַ קראַנקע. אַלבינע פּעטראָוונאַ, דעם פּאָטערס ווײַב, וואָס פֿלעג געווײנלעך גאַנץ אומפֿרײַנטלעך באַגעגענען ווערען, האָט איצטער נאָר אַ פֿליעסקע געטאָן מיט די הענט און אַפֿילע געהאָלפֿן ווערען אויסטאָן דעם מאַנטל.

דער פּאָטער איז געווען אין אַ טונקל־גרויען קאָסטיום מיט אַן אָרדען־פּלאַנקע — זײ האָבן זיך אויך ערשט אומגעקערט פֿון זײער וואָקזאַל. ווערע האָט זיך מיט טרערן געוואָרפֿן צום פּאָטער, צו דעם רײעך פֿון טאַבעק און נאַפֿטאַלין. מע האָט זי לאַנג באַרויִקט, ביז זי האָט שוין געקאָנט דערצײלן די געשיכטע מיט דער פֿאָטאָ.

— נעם דאָס ניט צום האַרצן. מע טאָר ניט ווערן באַרויגעז אויף עמעצנס וואַכזאַמקײַט. ער האָט דאָך ניט געוווסט, פֿון וואָס פֿאַר אַ מישפּאָכע שטאַמסטו, אַז דײַן פּאָטער איז אַ קאָמוניסט פֿונעם לעניִן־פּריזיוו. און דעם פֿאַמיליע־נאָמען... וואָס קאָן מען טאָן? די זין האָבן מיר פֿאַרשריבן אויף אַלבינע פּעטראָוונעס פֿאַמיליע, און דעם פּאָטערנאָמען... אַגעוו, אויב דו ווילסט, בין איך דאָך איצט פֿאַר־שריבן אַלס אַלעקסאַנדער. מײַן כאַווער פֿון דער העכערער פּאַרטײ־שול האָט געהאָלפֿן אויספּאַרטיקן אַלע דאָקומענטן. אַזוי אַז די קאָנסט אויך זײַן ווערע אַלעקסאַנדראָוונאַ. הערסט? ס׳קלינגט אַזוי פֿײַן: ווערע אַלעקסאַנדראָוונאַ. מיר זײַנען דאָך, אין טאָך גערעדט, רוסישע מענטשן! צוליב וואָס זשע דאַרף מען האָבן די פּרעמדקלינגעוודיקע נעמען?

— ביסט, מאַשמאָעס, אוועק אין אונטערערד? — ווערען האָט פּלוצעם אַרומגעכאַפּט אַ ווילדער האַס. — בעסער וואָלסטו אינגאַנצן געשטאָרבן! — מיט די ווערטער איז זי אַרויסגעלאָפֿן אין קאָרידאָר, שיִר ניט אומגעוואַלגערט פֿונעם וועג די פּאָליטקאָטאָרזשאַנקע...

אירע בײדע מומעס האָבן אויך געהאַט ייִדישע מענער. אָבער אײנער, אַ באַוווסטער רעזשיסער, איז געווען גאָר ווײַט פֿון שאָלעם־אַלײכעמס ייִדן, כאָטש אײנמאָל, ווען זײ האָבן אַלע געלעבט אויף אַ דאַטשע אין קראַטאָוואָ, האָט ווערע געהערט, ווי איר אַריסטאָקראַטישער פֿעטער רעדט אויף ייִדיש מיט אַן אומבאַקאַנטער עטנאָגראַפֿישער ייִדענע. און דער פֿעטער באָריס — ווער ווײסט, וועלכער איז ער געווען. געקומען אין פֿיר־און־פֿופֿציקסטן מיט אָפּגעקלאַפּטע לונגען, האָט ער אָפּגעלעבט בײַ זיך אינדערהײם בלויז פֿיר כאָדאָשים.

האַקיצער, עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זי, בלויז צוויי מאָל ווײניקער פֿון מישען אַ ייִדישער מענטש, פֿלעג רעדן מיט אים וועגן ייִדישע איניאָנים, ווי אַ מענטש פֿון אַ פֿרעמדער פּלאַנעטע.

1*

אגעוו, איז ער אָפּאָנעם געווען דער ערשטער, מיט וועמען זי האָט בײַכלאַל גערעדט וועגן אַזעלכע זאַכן.

— דו ביסט עפּשער דער איינציקער, וועד עס געדענקט נאָך דאָס מאַמע־לאָשן. אין אַ צײַט אַרום וועט מען צו דיר שיקן פאָלקלאָרישע עקספּעדיציעס, ווי צו די שוואַטים פון אַמאַזאָנקע, קעדיי פאַרשרײַבן און דערנאָך דערלערנען אָט די טויטע שפּראַך, — האָט זי אים אַ שטאָך געטאָן, ווען זיי זײַנען געפלויגן קיין כאַבאַראָווסק. זיצנדיק אין אַעראָפּלאַן, פלעג זי ווערן באַריידעוודיק; ס׳איז געווען בײַ איר אַ מין שוץ־רעאַקציע קעגן דער מוירע און ניט־געזונטקײַט, וועלכע פלעגן זי בעשום־אויפן ניט אָפּלאָזן בעשאָס יעדן איבערפלי.

— איך גלייב, אַז ביז דעם וועט עס ניט דערגיין, — האָט מישע געענטפערט גאָר ערנסט, וואָס עס פלעג טרעפן זעלטן. געוויינלעך האָט ער גערעדט מיט אַלעמען, ווי מיט קינדער, און פאַר יענע פאַלן, ווען עמעצער פלעג זיך באַליידיקן, האָט ער געהאַט אַ רויִקע דערקלערונג, אַז אויסלאַכן איינער דעם אַנדערן איז דאָס איינציקע, וואָס עס בלײַבט, ווען מע טאָר ניט אויסלאַכן עפּעס מער מאַמאַשעסדיקס. — איר וועט זען, אַז אין אַ צײַט אַרום וועט מען זיך כאַפּן און אָנהייבן דערלערנען יידיש, עפּשער שוין אַפילע ניט אַלס מאַמע־לאָשן, נאָר אַלס באָבע־ אָדער אורבאָבע־לאָשן.

— צוליב וואָס? — ווערע האָט אינדערעמעסן ניט געקאָנט פאַרשטיין, פאַרוואָס דאַרף מען פאַרהיטן אַזויפיל שפּראַכן. נו, מיילע, רוסיש, ענגליש, דײַטש, נאָך עטלעכע. און גענוג. ווער דאַרף אַזאַ ווירוואַר?

— איר זײַט אַן עמעסער פּראָדוקט פונעם סאָציאַליסטישן רעאַליזם. מאַרק שאַגאַל האָט אַמאָל געשריבן, אַז איינע קינסטלער מאָלן אַזוי, גלײַך ווי די פאַרבן זײַנען בײַ זיי צעטיילט אויף אַ טיר־ביקל פאַר אַ פּאָנעם, אַ טויביקל פאַר קנעפּלעך און אַזוי ווײַטער. די מענטשן, וועלכע קאָנען זיך באַגיין מיט אַזעלכע פאַרבן, פאַרשטייען ניט, צוליב וואָס מוז מען האָבן אַ סאַך מענטשלעכע שפּראַכן. אַפילע איין לאָשן איז פאַר זיי שוין שווער אויפן קאָפּ — זיי רעדן אויף עפּעס אַ פּאַרטראַנעןלעכער[1] קאַנצעלאַרישער שפּראַך.

דער אַעראָבוס האָט אָנגעהויבן האַלטן בײַם לאַנדן, און ווערע האָט צונויפגעקליבן אַלע קויכעס, קעדיי אויסהאַלטן די לעצטע, אַמערסטן פײַנלעכע מינוטן פונעם זײַן אינדערלופטן. מישע האָט נאָך עפּעס געטײַנעט וועגן דער אוניקאַלקײַט פון יעדער נאַציאָנאַלער קולטור, אָבער ווערע האָט אים קימאַט ניט געהערט, באַמיִענדיק זיך אָן שום דערפאָלג אַראָפּשלינגען די קנוילן, וועלכע האָבן איר פאַרקלאַפּט ביז ווייטיק די אויערן, פאַרדומפּנדיק אי מישעס שטים, אי אַפילע דאָס דערעסנדיקע געוואָי פון די מאָטאָרן.

## 12

ווערע האָט געפילט, ווי עס וואַקסט אין איר די דענערווירונג צו מישען. ערגעץ אין אַ האַלב יאָר אַרום נאָך דעם, ווי ער איז געקומען אַרבעטן אין דער לאַבאָראַטאָריע, האָט זי פלוצעם באַמערקט, אַז איר יונגער קאָלעגע האָט אַ מיִעסע טעווע צו שמאָרגען קעסיידער מיט דער נאָז. ווערען האָט אויך געבייצט זײַן שטענדיקע זשעסטיקולירונג מיט ביידע הענט. און בײַכלאַל האָט זײַן גאַנצע סוטו־לעוואַטע דאַרע פיגור און זײַן באָרד, וואָס די פאָרם אירע האָט באַשטימט — אָן קיין שום גאָלמע־סערס — בלויז די געבוירענע פרוכטבאַרקײַט פון זײַן הויט, — אַלץ האָט אָנגעהויבן אַרויסברענגען ווערען פון די קיילים.

— אַלפרעד, איך ווער, דאַכט זיך, אַן אַנטיסעמיטקע, — האָט זי איינמאָל אָפּדערנאַכט גאָר ערנסט געזאָגט דעם מאַן.

— וועמען זשע האָסטו ליב? — האָט ער זיך צעלאַכט.

— ביסט גערעכט. ס׳איז אַ נאַרישקײַט. אָבער וואָס קאָן מען וואַרטן פון מיר, כ׳בין דאָך אַ הויף־הונט, אַ פאַרמיש פון אַ בולדאָג מיט אַ נאַזהאָרן. יאָפּע זאָגט, אַז אַזעלכע מעטיסן, ווי איך, זײַנען אָנגעשטופּט מיט קאָמפּלעקסן.

— די קאָמפּלעקסן שטאַמען ניט פונעם בלוט־באַשטאַנד. זיי באַקומען זיך, ווען ס׳הייבט זיך אָן אַ מײַסע מיט אויסקלײַבן. אַ מענטש ווערט זעכצן יאָר אַלט, און מע פרעגט בײַ אים שטרענג: „נו, בירגער דאָברינינאַ כאַימאָוויטש, ווער איז דיר מער צום האַרצן, דײַן פאָטער כאַים ראַבינאָוויטש אָדער דײַן מוטער פּראַסקאָוויאַ איוואַנאָוונאַ?”. און ענטפערן אויף אַזעלכע קאַשעס דאַרף אָט דער דאָבריניאַ

[1] פּאַרטראַן — איינע פון די פּראָגראַמירונגס־שפּראַכן.

אין מעשׂער פון זײַן גאַנצן לעבן. עמעס, שוין א ביסל אַנדערש — „וועמען האָט איר דעמלט, ווען איר זײַט אַלט געוואָרן זעכצן יאָר, מער ליב געהאַט?", וואָרעם קיין וועג צוריק איז ניטאָ, דעם פינפטן פּונקט וועט דיר שוין קיין שום גערעכט ניט בײַטן, כאָטש שמאַד זיך, כאָטש בעט, מע זאָל דיך מאַלע זײַן. מײַלע, לעב ניט איבער. מיליאָנען מענטשן לעבן מיט אַזאַ צעצווייטקײַט פון זייער פּערזענלעכקײַט, און נישקאָשע — מע גייט אַרום און מע שמייכלט.

„מע גייט אַרום און מע שמייכלט". וועראַ האָט פײַנט אָט די דאָזיקע שמייכלען. זי גייסט איבער די אינסטיטוטישע קאָרידאָרן, פאַרבײַ די טירן מיט דרײַציפֿערדיקע נומערן (די ערשטע ציפֿער — דער נומער פונעם שטאָק, אַנדערע צוויי — דער נומער פונעם צימער), און בײַ יעדער טיר שטייען מענטשן און שמייכלען. אָבער ווערען דוכט זיך, אַז אינדערעמעסן סטאַרען זיי זיך, פּאַשעט ניט דורכלאָזן אַ מעגלעכקײַט, קעדיי קעציש אַ שמוך טאָן איר אין די אויגן: הייסט עס, זעט איר, אָט גייט זי, פּונקט ווי אַלעקסיי טאָלסטאָיס זאַטאָוואַ-„ווײַפּערשלאַנג". ווזהין זי זאָל ניט אַ קוק טאָן, אומעטום גלאָצן אויף איר די מאַנדלפאָרמיקע כוּיזעקאויגן. מע האָט געפונען דאָ אַ מאַקעם־מיקלעט, און מע קלאָגט זיך נאָך, אַז עמעצער באַדריקט זיי. דער זעלבער אַבראַם באָריסאָוויטש! ער איז איבערצײַגט, אַז זײַנע זין מוזן זיך לערנען נאָר אינעם אוניווערסיטעט. גובקינס אינסטיטוט, ווזהין מע האָט זיי דאָך סאָפּקאָלסאָף גענומען, שטייט אים ניט אָן, זיי ווילן האָבן אַלץ. און אַליין האָט ער זיך גוט איבערגעשראָקן, ווען קאַמאָוו האָט אים אָנומלט געבעטן צושטעלן די רעשימע פון זייער אָפּטייל. עמעצער, דאַכט זיך, ראַנאָוויטש, האָט אַפילו פאָרגעלייגט געבן דעם דירעקטאָר אַ צעטל מיט די טאַבעל־נומערן, אָן שום פּיאָ.[1]

כאַכאָמים. זיי זײַנען אַלע יאַדאַכעס. און אויף איר קוקן זיי אויך איינמוטיק, ווי אויף אַ פרעמדער. מאַשע באַראַנאָוואַ איז עפּעס אַ צײַט געווען פאַרכאַפּט מיט די מײַסעס וועגן די האָמענאַיִדן, וואָס פלײַען אַרום אויף זייערע „טעלער". קוקן זיי אַלע טאַקע אויף איר, ווי אויף אַ האָמענאַיִד. זי איז פאַר זיי אַ זאַכלעכער מין, אַן אומגעשלעכטלעכע נעפאַשע.

פונוואַנען קאָנען זיי וויסן איר געשיכטע, די דערנידעריקונגען, וועלכע זי האָט געהאַט אויסצושטיין צוליב איר ערשטן מאַנצבל. און דערנאָך — „וועראָנטשיק, פיניטאַ לאַ קאָמעדיאַ. מײַנע עלטערן וועלן קיינמאָל ניט דערלאָזן, איך זאָל נעמען ניט קיין אוזבעטשקע. זיי האָבן שוין פון לאַנג אונטערגעקליבן פאַר מיר אַ גוטן שידעך, און נישט פאָלגן זיי קאָן איך ניט". און אַלפרעד האָט זיך אַרום איר געדרייט נאָך פונעם ערשטן קורס. ווי אַ ראָב, וואָס האָט דערשפּירט אַ נעווײַלע, איז ער דעמלט געוואָרן באַזונדערס צודרינגלעך, האָט זי ניט געלאָזט רוען. און איר האָט אין יענע כאַדאָשים אַרומגעכאַפּט אַזאַ אַפּאַטיע, אַז דער עקל צו אַלפרעדן איז אויף אַ צײַט אָפּגערוקט געוואָרן אין הינטערגרונט, זי האָט אַפילו דערפילט אַ צערטלעכקײַט צו אָט דעם קליינוואוקסיקן קוואַלן ענציקלאָפּעדיסט און פּעדאַנט. די צערטלעכקײַט האָט איר געקלעקט ניט אויף לאַנג, שוין אין עטלעכע טעג אַרום נאָך זייער כאַסענע האָט זיך אומגעקערט דאָס פריערדיקע ווידערגעפיל, וואָס האָט זי שוין קיינמאָל אינגאַנצן ניט אָפּגעלאָזט.

קיין באַזונדערס זיבערע איז וועראַ פון קינדווײַז אָן ניט געווען. אָבער אַלפרעדן אויף צעזעצעניש איז זי געוואָרן נאָך מער אָפּגעלאָזטער, גלײַך ווי זי וואָלט געוואָלט, אַז דער מאַן זאָל אויך דערפילן אַן עקל און סאָפּקאָלסאָף אופהערן קריכן צו איר מיט זײַן אומאָנזעטלעכער טײַווע.

## 13

די איינציקע צײַט, ווען זי האָט ווידער דערפילט, אַז זי איז אַ פרוי, איז געווען דער כוידעש אין טורין. קאַמאָוו — ער איז דעמלט געווען דער פאַרטרעטער פונעם דירעקטאָר און איז געשטאַנען אין דער שפּיץ פון זייער „איטאַליענישער גרופּע" — האָט ווערען באַגעגנט אין אַעראָפּאָרט, קריטיש זי באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס און געזאָגט:

— צום אַלעם ערשטן וועלן מיר אַרײַנפאָרן אין אַ קראָם. מע דאַרף אײַך אָנטאָן.

וועראַ האָט זיך דערפילט באַליידיקט סײַ פאַר איר געלער שיפאָן־בלוזקע, סײַ פאַרן שטײַף אַרומכאַפּנדיקן קליידל, וואָס מאַשע באַראַנאָוואַ האָט געקראָגן בײַ עפּעס אַ גרימירערן פון „מאָספילם".

— נעמט דאָס ניט פאַר אומגוט, — קאַמאָוו האָט באַמערקט ווערעס יעסורים, — אָבער איך וויל ניט, מע זאָל אויף אײַך טײַטלען מיטן פינגער.

ווען זיי זײַנען אַרויס פון דער קראָם, האָט ער מאַנירלעך אונטערגערוקט ווערען זײַן עלנבויגן:

---

[1] פּיאָ: פאַמיליִיאַ, אימיאַ, אָטשעסטוואָ (רדזס.) — פאַמיליע־נאָמען, פאָטערנאָמען.

— ווערע אראַנאָוונא, איר זײַט פאַר מײַנע אויגן מאַמעש מעגולגל געוואָרן אין א ביז גאָר כײַנעוודיקער דאַמע. בלײַבט אזא שטענדיק, און כ׳וועל זײַן א ריטער פון אײַער האַרץ.

א מאָדנע זאַך, אָבער קאַמאַוס צווייפלהאַפטער קאָמפּלימענט האָט ווערען געטומען באַם האַרצן. אזוי האָט זיך אָט דאָס געפיל פון צערטלעכער גערירטקײַט געהאַלטן אין מעשעך פונעם גאַנצן כוידעש. אפילע דאָס אָפּזיצן גאַנצענע טעג אינעם צימער, וועלכן עס האָט פאַר זיי אויסגעטײַלט די איטאַליענישע פירמע, האָט זיך ווערען ניט געדוכט צו פאַרדריסלעך, כאָטש די עצעם אַרבעט איז געווען א נודנע, קאַנצעליאַרישע. אפילע דאָס, וואָס זיי האָבן פּראַקטיש ניט געהאַט קיין פרײַע טעג, האָט בא איר ניט אַרויסגערופן אזא פאַרדראָס, ווי בא אַנדערע אירע קאָלעגן. דער איקער איז פאַר איר געווען, אז דער טאָג זאָל זיך פאַרענדיקן וואָס גיכער, און זי וועט ווידעראַמאָל מיט האַרץ־פּלאַ־טערניש וואַרטן, ביז קאַמאַוו וועט סאָפּקאָלסאָף כאַפּן דעם גינסטיקן מאָמענט, ווען אין קאָרידאָר שטעלט זיך אײַן א שטילשטאַנד, קעדיי זיך דורכשלײַכן צו איר.

זייער ראָמאַן, אָדער „נאָוועלע“ (קאַמאַוו האָט שפּאַסיק באַהויפּטעט, אז זייערע באַציִונגען דער־לאַנגען ניט ביז א ראָמאַן — ניט לויט דער סיפּער־האַמײַסע, ניט לויטן צײַט־מעשעך) האָט אינדער־עמעסן ניט באַטײַט פאַר זיי קיין געפאַר. די אַרטיקע סאָוועטישע נאַטשאַלסטווע האָט רויִק געקוקט אַף אַזעלכע דערשײַנונגען, אַבי זיי זאָלן דורכגיין אַף דער „סאָוועטישער טעריטאָריע“ — אינעם צוויי־גאָרנדיקן הויז, וואָס איז געשטאַנען אַף איין וויאַ[1] מיטן אָפּיס פון דער פירמע. און דאָך האָבן אַלע פאַרלעך זיך סײַווי געשפּילט אין באַהאַלטשינקעס, אַפּאָנעם צוליב פאַשעטער מאַכן דאָס אומפאַר־מײַדלעכע צעשיידן זיך מיט די צײַטווײַליקע פּאַסיִעס...

דאָס קלייד, וואָס זיי האָבן מיט קאַמאַוון געקויפט אין טורין, בלײַבט נאָך איצט א שײַנדלינג פון איר גאַרדעראָב. האַגאַם אפילע אין אירע בעסטע טואַלעטן — זי האָט נאָך, אַשטייגער, א נײַעם פינישן קאָסטיום, וועלכן איר האָט אָפּגעטראָטן מאַרע, — פילט זי זיך סײַווי ווי א גאַסט פון די צײַטן פונעם מיליטערישן קאָמוניזם. אפילע די פאָרמלאָזע דאָלאָרעס מאַרקאָוונא, זייער נאַרמע־קאָנט־ראָליאָר, וועלכע גרויסט זיך קעסיידער מיט איר מאַנס אײַפערזוכט, זעט אויך אויס אַפּאָנעם ווײַבלע־כער, איידער זי.

מענטשן זײַנען בייז. ווי האָבן זיי אַלע אונטערגעכאַפּט דעם צונעמעניש „מאַדאַם“, וואָס ראַנאָ־וויטש האָט צוגעטשעפּעט צו איר. און יאָפּע מיט ראַנאָוויטשן זײַנען געוואָרן די בעסטע פרײַנט. איניי־נעם רייכערן זיי, אינײַנעם עסן זיי. און די הויפּט־טעמע פון זייערע שמועסן איז אוואַדע זי, די „מאַ־דאַם“. ראַנאָוויטש דאַרף פאַרגעטערן יאָפּען — ווער נאָך, כוץ אים, קאָן צונויפזאַמלען אזא „קאָמפּראָ־מאַט“ וועגן ווערען.

**14**

אָפּט פלעג ווערען אַרומכאַפּן א ייִעש. זי האָט געפילט, אז אָט די אַלע נײַע פאַר איר באַגריפן — „קאָמפּיוטער“, „אַלגאָריטם“, „אָן־לײַן“ אאַ. — באַנעמט זי בלויז אינעם סכום פון אַן אַרטיקל אין א האַנטבוך. בעשום־אויפן האָט זי ניט געקאָנט באַהערשן לעכאָלהאַפּאָכעס די נײַע טערמינאָלאָגיע, כאָטש דאָס לייענען ביכער אַף דער טעמאַטיק איז געוואָרן אַן אָבליגאַטאָרישער ריטואַל, וועלכער פלעג טאָגטעגלעך דויערן א שאָ־אַנדערהאַלבן ערעוו אַנשלאָפן ווערן. זי האָט אפילע אָנגעהויבן פירן א קאָנספּעקט, אָבער דאָס האָט אויך ניט געהאָלפן זיך דורכרײַסן צום טאָך פון די דאָזיקע אַלע סאָפט־וועאַר און כאַרד־וועאַר.[2]

און די יונגע כאַפּן עס אויף איינס און צוויי. אפילע נאַסטיע, דאָס פאַרזעעניש, דאָס שפּעטנע ענטל, וועלכע איז געקומען צו זיי נאָך צען קלאַסן, פּראָגראַמירט שוין עפּעס און פילט זיך גאַנץ זיכער. א פּאָר מאָל האָט ווערע אויך געפּרוּווט „אַרויסגיין אַף דער מאַשין“, אָבער באַם קאָמפּיוטער פלעג זי אײַנגאַנצן צעמישט ווערן: איר האָט זיך שטענדיק געדוכט, אז דאָס יונגוואַרג קוקט אַף אירע אומדערפאָלגלעכע באַמיִונגען שיר ניט מיט געלעכטער. און נאָך דעם, ווי זי האָט זיך אינעם רעכנצענטער צונויפגעטראָפן מיט ראַנאָוויטשן, האָט זי פולשטענדיק אָנגעוווירן די האָפענונג צו טאַהעפטן זיך צו דער קאָמפּיוטער־ציוויליזאַציע.

באַזונדערס פאַרדריסלעך פאַר ווערען איז געווען איר באַשײַמפּערלעכע אָפּהענגיקײַט פון יאָפּען. אין מעשעך פון עטלעכע טעג האָט זי געפירט א כעזשבן פון טעלעפאָן־קלונגען. אין רעזולטאַט האָט

---

[1] גאַס (איטאַל.).

[2] פּראָגראַמירונגס־ און אַפּאַראַטן־קאָמפּאָנענטן פון קאָמפּיוטער־סיסטעמען.



זיך אַרויסגעוויזן, אַז מישען קלינגט מען צוויי־דריי מאָל מער, ווי איר. אַ סאַך פּלעגן אַפּט איווער זײַן אויף דער סובאָרדינאַציע און זיך ווענדן דירעקט צו אים. ער האָט אַפילו אָנגעהויבן לייזן די פּלאַנירונג־ און קאַדרען־פראַגן.

דאָס האָט יאָפע געבראַכט ליאָווע מילשטיינען, קעדיי יענער זאָל אָנפירן מיט דער גרופּע פון פּראָגראַמיסטן. יעריאָמין, דער סעקרעטאַר פון דער אינסטיטוטישער פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע, האָט ווע־רען קימאַט גלײַך געזאָגט, אַז מיט אָט דעם יאָט וועלן זיי האָבן נאָך גענוג צאָרעס. צו אַזאַ אויספיר איז דער פּאַרטאָרג געקומען נאָך דעם „איינהײַטלעכן פּאָליט־טאָג", ווען ליאָווע האָט פאַר אַלעמען בײַן אויסגעלאַכט דעם לעקטאָר פון דער געזעלשאַפט „זנאַניע". דער פּאָלקאָווניק אין דעמיסיע האָט, פאַרשטייט זיך, גערעדט אומגעלומפּערטע זאַכן, אָבער פאַרוואַנדלען אַ פּאָליטישע אונטערנעמונג אין עפּעס אַן אָוונט פון הומאָר — אַזוינס האָט בא זיי אין אינסטיטוט נאָך קיינער זיך ניט דערלויבט. און די טעווע צו ברענגען אויף דער אַרבעט מאַצע אָדער עפּעס פּאַרדעכטיקע ביכער! ווערע האָט זיך גע־פּילט, ווי אויף אַ ווולקאַן. עטלעכע מאָל האָט זי געפּרווּט רעדן מיט מישען, אָבער יענער פלעג מאַכן גרויסע אויגן:

— איך פאַרשטיי ניט, וואָס באַאומרויִקט אײַך אַזוי. לויט דער קאָנסטיטוציע קאָן יעדער מענטש בא אונדז האָבן קימאַט באַליביקע אָנשוויונגען, אַבי ער זאָל אַרבעטן און ניט אַראָפּלאָזן די צוגן פון די רעלסן. און וווּ וועט איר געפינען אַ בעסערן פּראָגראַמיסט? אַזאַ באָקי, ווי ליאָווען, אָבער ניט קיין יידן, וואָלט מען שוין פון לאַנג איבערגענאַרט אין אַ „פּאָטשטקעסטל", ווו ער וואָלט גאַנץ פּראָסט געהאַט דרײַ־פיר מייעס אַ כוידעש.

# 15

דאָס איבער־יאָר האָט זיך אָנגעהויבן דערפון, וואָס ליאָווע מילשטיין האָט אָנגעגעבן דאָקו־מענטן אויף אַרויספאָרן קיין ייִסראָעל. דעם קלאָפּ האָט ווערע איבערגעלעבט זייער שווער. איר האָט זיך געדוכט, אַז ס'איז געקומען דער סאָף פון אַלע אירע האָפענונגען.

און דאָ האָט זיך נאָך אַלץ אַ שאָקל געטאָן אויפן קאָמבינאַט. פּריטולקין, וועלכער האָט זיך אין

מעשעך פון פיל יאָרן געפילט ווי א באלעבאָס פון דער שטאָט, האָט זיך צעקריגט מיטן נײַעם ערשטן סעקרעטאר פונעם שטאָט־קאָמיטעט — ער האָט אפאָנעם ניט גענומען אין באטראכט יענעמס פעסט הינטערלאנד אין מינסק. פריטולקינען האָט מען שיר ניט געשטעלט צום געריכט פאר די מיסברויכונגען, וועלכע עס האָבן לויט די בריוו פון ארבעטנדיקע אנטדעקט עטלעכע אומבעראכמאָנעסדיקע קאָמיסיעס; אָבער דער מיניסטער האָט פונדעסטוועגן געראטעוועט זײַן ליבלינג פון א ווילדער נעקאָמע און אפילע אונטערגעזוכט פאר אים א מער־וויניקער לײַטיש אָרט ערגעץ הינטער לענינגראד, קעדיי יענער זאָל זיך דאָרט לייגן „אפן גרונט”, ביזוואנען ס׳וועט זיך אָפּזעצן דער גאנצער קאלאמוט.

דער נײַער גענעראל־דירעקטאָר פונעם קאָמבינאט, וועלכן מע האָט צוגעשיקט פון טאטאריע, האָט געבראכט מיט זיך זײַן „קאָמאנדע” פון א מענטשן דרײַסיק. אָבער די ערשטע פארטיע איבערוואנדערער האָט גיך אָפּגעשאצט דאָס נײַע אָרט, ווו מע קאָן קימאט פרײַ קויפן קאָלבאס און מילכיקס; און אהער, קיין ערעץ זאָוואס כאלאָוו אודוואָש, האָבן זיך געלאָזט נאָך עטלעכע צענדליקער אויסגעהונגערטע ספעציאַליסטן.

די אלטע נאטשאלסטווע פונעם קאָמבינאט האָט זיך געפילט ניט רויִק. באזונדערס נאָך דעם, ווי דער נײַער האָט שוין אין מעשעך פונעם ערשטן כוידעש פארביטן אונטער פארשיידענע טערוצים עטלעכע שעפן פון די וויכטיקסטע צעכן און דינסט.

לעוו מארגאָלין האָט באשלאָסן ניט ווארטן, ווען דער דירעקטאָר וועט אים אָפּן זאָגן אָדער געבן אָנצוהערן, אז מע דארף אוועקגיין. אין דער זעלבער צײַט איז ער שוין געווען כוישעד, אז די גאנצע געשיכטע מיט דער קאָמפּיוטער־סיסטעם, וואָס נאדעזשדאָווא פּראָיעקטירט נאָך זײַן האסכאָלע, קאָן זיך פארענדיקן זייער טרויעריק. ביסלעכווײַז האָט ער פארשטאנען, אז די דאָזיקע מאָסקווער געלערנטע פרוי איז גאָר א קליינער באָקי אינעם איניען. עמעס, אים זײַנען געפעלן געוואָרן די יונגע מיטארבעטער פון נאדעזשדאָוועס לאבאָראטאָריע, די עטלעכע זעלבסטזיכערע אָפּלאכערישע יאטן, וועלכע האָבן געהאט א כרעסטאָמאטישן אויסזען פון שעפער. די האָפענונג, אז אלץ וועט זיך פארענדיקן שטיל, האָט געטליִעט, ביזוואנען יאָפע האָט אים ניט דערציילט וועגן דער עמעסער לאגע.

— דער גאנצער אונדזער פּראָזשעקט שמעקט מיט א יאָר צען טפיסע, — אזוי האָט מישע געענטפערט אויף מארגאָלינס: „מיט וואָס שמעקט דאָס?”.

— און אויב רעדן ערנסט? — האָט מארגאָלין ניט אופגענומען מישעס טשוווע.

— ערנסט קאָן מען רעדן וועגן ערנסטע זאכן, און בא אונדז איז א וואָדעוויל. אט זאָגט מיר, רעב לייב, איר גופע זײַט דאָך, אויף וויפל איך פארשטיי, א מענטש מיט א גראָדן סייכל. ווי זשע האָט איר געקאָנט דערלאָזן אזא אומזין? אָנהייבן אן ארבעט, וועלכע קאָסט עטלעכע מיליאָן, און ניט אונטערעכענען כאָטש אויף א שטיקל לעשפאפיר אלע „פאר” און „קעגן”! איר פארשטייט דאָך, אז אזא קאָסטבארער אומזין פון פסיכיש נאָרמאלע מענטשן איז שוין ניט קיין אומזין, נאָר א פארברעכן.

— דו ביסט זיכער, אז דער פּראָיעקט איז אן אומזיניקער? ווען וועט עס שאטן, טאָמער וועט מען דעם פּראָצעס פירן ניט פון דער האנט, נאָר אווטאָמאטיש? — מארגאָלין האָט געזוכט עפּעס א פארענטפערונג.

— איר ווייסט דאָך ליאָווע מילשטיינען? ער איז זייער א שפירעוודיקער באָכער. איך האָב אים דאָ מיט א פּאָר טעג צוריק בייסמײַסע געזאָגט, אז אונדזער סיסטעם קאָסט אן ערעך אזויפיל, ווי אָט די גרויסארטיקע שול, וועלכע מע האָט בא אײַך סאָפקאָלסאָף אויסגעבויט אינעם נײַעם מיקראָראיאָן. איז ליאָווע דערנאָך קימאט א גאנצע נאכט ניט געשלאָפן. — און ער האָט צוגעגעבן שוין גאָר באליידיקנדיקע ווערטער, — פּראָסטקײַט איז בעפיירעש ערגער פון גנייווע.

— זאָג נאָך, אז דײַן אידעלער כאווער לויפט אוועק פונעם לאנד, ווײַל מע האָט דאָ ניט אויסגעבויט א שול. ווערע אראָנאָוונע האָט מיר שוין אין טעלעפאָן דערציילט וועגן זײַנע קונצן, — מארגאָלין האָט א שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ אפן גרויסן טעלעפאָן־סעלעקטאָר, וועלכער איז געשטאנען לעבן זײַן טיש; זײַ וויסן, הייסט עס, אז דער אפּאראט איז אין קורס פון אלצדינג.

— און איר האלט, אז אלע, וואָס פאָרן ארויס, זײַנען פּאָשעט קאָרבאָנעס פון דער ציִעניסטיש־אימפעריִאליסטישער פּראָפּאגאנדע?

— אָבער דו פאָרסט דאָך ניט? צי עפּשער איז דײַן געוויסן ניט אזוי פילבאר? — האָט מישען דערלאנגט א שטאָך מארגאָלין.

— איך גלייב, אז די נארישקײַט קאָן ניט הערשן אייביק.

— דער סאָציִאליזם איז פאר דיר א נארישקײַט? — מארגאָלין האָט באשלאָסן ניט אָפּלאָזן מישען. אים האָט זיך פארוואָלט כאָטש מיט עפּעס אָנלערנען אָט דעם זעלבסטזיכערן כוצפּעניק.

— הייבט זיך אָן... סטאלין — דאָס איז אויך סאָציִאליזם? און פאַל פּאָט איז וואָס? קאָמוניזם? איך בין פאר אזא סאָציִאליזם, ווען יעדער וועט קאָנען ביכלאל פרײַ אוועקפאָרן און פרײַ קומען צוריק, אָבער די סאלדאָ וועט טאָמיד בלײַבן לעטויוועס די, וואָס עס קומט צו פאָרן. און די גרייס

פֿון אַט דער סאָלדאַ וועט, אַגעוו, אויך זאָגן אײדעס וועגן דער שוין דערגרייכטער מאָס פֿונעם סאָציִאַליזם. אַזוי צו זאָגן, אַ קוואַנטיטאַטיווער ציַיגער. ניט קיין אַבסאָליוטער, פֿאַרשטייט זיך, און דאָך...

אין עטלעכע טעג אַרום נאָך דעם שמועס איז מאַרגאָלין אַרײַן צום גענעראַל־דירעקטאָר, קעדיי מעלדן, אַז ער וויל אַוועקגיין פֿונעם קאָמבינאַט. די דעמיסיע איז באַגעגנט געוואָרן מיט דאַנקבאַרקײַט. דער דירעקטאָר האָט אים פֿאַר פֿרייד אַפֿילו פֿאַרגעלייגט העלפֿן אונטערצוזוכן אַ נײַע אַרבעט ערגעץ אַף די קליינע אונטערנעמונגען. אָבער מאַרגאָלין האָט זיך אָפּגעזאָגט. ער האָט שוין באַשלאָסן אָפּנעמען דעם פֿאָרשלאָג, וועלכן עס האָט אים איבערגעגעבן פּריטולקין. יענעם האָט מען געשיקט אָנפֿירן מיט אַ בויונג פֿון אַ נײַער אַטאָמישער עלעקטראָסטאַנציע, און דאָרט איז נאָך געוועזן פֿרײַ דאָס אָרט פֿונעם הויפּט־ענערגעטיקער.

## 16

ווערען האָט ניט אָפּגעלאָזט דאָס געפֿיל פֿון פֿאַרצווייפֿלונג. איר איז געקומען אָפֿן געדאַנק, אַז אין אַזאַ צושטאַנד געפֿינט זיך אָפּאָנעם אַ באַלכײַ, וועלכן מע האָט שוין פֿאַריאָגט אין אַ פּאַסטקע, אָבער די יעגער האָבן נאָך ניט באַשלאָסן, וואָס צו טאָן ווײַטער מיטן פֿאַנג: צי פֿאַרוואַנדלען אים אין אַ טושע, צי אָפּשיקן לעבעדיקערהייט אין אַ זאָאָלאָגישן גאָרטן.

דאָס ערשטע, וואָס זי האָט באַשלאָסן, ווען ליאָווע האָט דערציילט וועגן זײַן באַשלוס אָנצוגעבן דאָקומענטן אין אָוויר[1], איז געווען, אַז איר לאַבאָראַטאָריע דאַרף טייקעף פּאָטער ווערן פֿון אַזאַ כאַרפּע. זאָל ליאָווע פֿריִער אַוועקגיין פֿון דער אַרבעט, און שוין דערנאָך טאָן, וואָס ער וויל. אָבער ליאָווע האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט:

— ווען איך וואָלט געוווּסט, אַז מע וועט מיך טאַקע אַרויסלאָזן אין פֿאַרלויף פֿון עטלעכע כאַדאָשים, וואָלט איך, פֿאַרשטייט זיך, אַוועק. מע רעדט וועגן דעם, אַז צו דער מאָסקווער אָלימפּיִאַדע וועט זײַן אַ גרויסער אַרויסלאָז, און ס'איז לאָגיש, וואָלט זיך געקאָנט דוכטן, זיך פֿאַרלאָזן אַף דער האַשפּאָע פֿונעם גרויסן ספּאָרט. אָבער מאַלע וואָס עס קאָן זיך טרעפֿן, — ליאָווע האָט נערוועז עטלעכע מאָל אַ קראַץ געטאָן זײַן באָרד. — קיין קלאָרע געזעצן וועגן אַרויספֿאָרן עקזיסטירן בײַ אונדז ניט. הייסט עס, אַז מײַן גורל איז אָפּהענגיק פֿון עמעצנס ווילקירלעכער אויסטײַטשונג. און דערווײַל דאַרף מען לעבן, כ'בין גאָר ניט קיין ראָקפֿעלער.

— אָבער דו קאָנסט דאָך איבערגיין אַף אַן אַנדער אַרבעט און אָנגעבן די דאָקומענטן שוין פֿון דאָרטן.

ליאָווע האָט עטלעכע ווײַלעס געשוויגן — האָט באַטראַכט נאַדעזשדאָוועס פֿאָרשלאָג, אָדער עפּשער האָט ער פּאָשעט ניט גלײַך אונטערגעקליבן אַ פּאַסיקן ענטפֿער.

— ניין, כ'וועל ניט אַוועקגיין, — האָט ער סאָפּקאָלסאָף געזאָגט, ניט קוקנדיק אַף ווערען. — איר דאַרפֿט דאָך פֿאַרשטיין, אַז די גאַנצע געשיכטע איז אַן און פֿאַר זיך ניט קיין פּראָסטער איניען, און ערגעץ צווישן גאָר פֿרעמדע מענטשן איז דאָס אינגאַנצן אוממעגלעך, לעכאָלהאַפּאָכעס פֿאַר מיר. כ'בין דאָך ניט קיין סאָכאַראָוו.

— אָבער... — האָט אָנגעהויבן ווערע, נאָר ליאָווע האָט זי איבערגעשלאָגן:

— און ס'איז אַוואַדע ניט לײַטיש — קומען צו מענטשן, האַלטנדיק פֿאַר זיי פֿאַרפֿריִער אַ שטיין אין בוזעם. אַהער בין איך דאָך געגאַנגען אָן אַזעלכע פּלענער...

— אָבער דו שטעלסט דאָך דעם גאַנצן קאָלעקטיוו אין זייער אַ שווערער לאַגע! דאָס דאַרפֿסטו אַוואַדע פֿאַרשטיין, — ווערע האָט קוים אײַנגעהאַלטן איר גרימצאָרן, קעדיי ניט איבערגיין אַף געשריי. פֿון דער אָנשטרענגונג איז זי אַפֿילו הייזעריק געוואָרן.

— ניין, כ'פֿאַרשטיי דאָס ניט. פֿאַרקערט, איך וויל ניט אונטערפֿירן די לאַבאָראַטאָריע. נאָך עטלעכע כאַדאָשים, און כ'וועל פֿאַרענדיקן מײַן טייל פֿונעם פּראָיעקט.

ווערע וואָלט אָפּאָנעם ניט אויסגעהאַלטן און אַרײַנגעזאָגט ליאָווען, אַז זי וועט גרינגער איבערטראָגן אַ דורכפֿאַל פֿונעם פּראָיעקט, איידער פֿאַרלײַדן בײַ זיך אין קאָלעקטיוו אַ פֿאַררעטער, און אָנשטעקונג, וועלכע קאָן זיך פֿאַרשפּרייטן, און דעמאָלט וועט מען איר גלײַך דערמאָנען אי דעם פּאָטערנאָמען, אי די אומפּאַרטייִשקײַט, אי, פֿאַרשטייט זיך, דעם דורכגעפֿאַלענעם פּראָיעקט. אָבער אין דער מינוט איז אַרײַנגעלאָפֿן זייער פּראָפֿאָרג יוליע טשוקינאַ.

— וויפֿל קאָן מען אַף אײַך וואַרטן? — איז זי אַרופֿגעפֿאַלן אַף זיי. פֿון אויפֿרעגונג איז דאָס

---

1 אָוויר: אָטדעל וויז אי רעגיסטראַצי‏‏‏ (רוס.) — אָפּטייל פֿאַר וויזעס און רעגיסטרירונג.

פֿאַנעם באַ יוליען ערטערווײַז געוואָרן קימאַט אַזוי פֿאַנסעווע, ווי די שמינקע אויף אירע באַקן. „אַ באָבע אויפֿן טשײַניק“, — האָבן אײַנצײַטיק אַ טראַכט געטאָן סײַ ווערע, סײַ ליאָווע.

— ווער וואַרט אויף אונדז? — האָט געפֿרעגט ווערע.

— איר האָט שוין, פֿאַרשטייט זיך, פֿאַרגעסן וועגן אַלצדינגג! — אויפֿגעבראַכט, האָט דער פּראָפֿאָרג זיך אַ קלאַפּ געטאָן איבער די באַהויזנגטע לענדן. — מיר דאַרפֿן דאָך הײַנט פֿאַנאַנדערשפּילן דרײַ טאַלאָנען אויף טעפּיכער. קומט, איצט וועלן אונדזערע באַבאַנקעס זיך אײַנגאַנצן איבערוואַרעמען.

— מע דאַרף טאַקע גיין, — איז מאַסקים געווען ליאָווע. — עפּעס אַ קלייניקײַט! עפּשער וועל איך אויך עפּעס אויסשפּילן.

17

קימאַט אַלע ייִדן פֿון זייער אינסטיטוט האָבן געהאַלטן, אַז קאַמאַוון איז פֿרעמד דער אַנטיסעמיטיזם, כאָטש זײַן ייִדישע שוויגער, ווי מע האָט דערציילט, געהערט צו דעם באַוווּסטן שניט אונדזערע פֿרויען, וועלכע זײַנען אימשטאַנד אַרויסרופֿן אַזאַ קעגנקאָנסטיטוציאָנעל געפֿיל אַפֿילע באַ אַ צדיק.

דעם דירעקטאָרס „יודאָפֿילישער“ שעם האָט געשטאַמט דעריקער פֿון דער געשיכטע מיט גאַלדינען. אַלע האָבן נאָך געדענקט, וויפֿל קויכעס האָט קאַמאַוו צוגעלייגט, מע זאָל גאַלדינען באַשטימען אויף דער שטעלע פֿונעם הויפּט־אינזשעניער, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס גראָד יענער, נאָך זײַענדיק אַ פּאַרטרעטער באַם אַלטן שמוקלער, איז געווען דער שטענדיקער קעגנער פֿון די עקאָנאָמישע און טעכנישע אוטאָפּיעס, אויף וועלכע ס'איז פּרוכפּעריק געווען זייער טרוימערישער דירעקטאָר.

אַ האַסקאָמע פֿון זייער מיניסטעריום איז דעמלט באַקומען געוואָרן גאַנץ גיך, ווײַל גאַלדין האָט שוין פֿון לאַנג געהאַט אַ רעפּוטאַציע פֿון אַ גלענצנדיקן ספּעציאַליסט און אָרגאַניזאַטאָר. אָבער גויווער זײַן דעם ווידערשטאַנד פֿונעם ראַיקאָם האָט זיך ניט אײַנגעגעבן. דער סאַך פֿון דער געשיכטע איז געווען אַזאַ: דער אינסטיטוט איז קימאַט אויף אַ יאָר געבליבן ביכלאַל אָן קיין שום הויפּט־אינזשעניער, ביז מע האָט צו זיי צוגעשיקט אַ געוועזענעם באַדײַטנדיקן טוער פֿון אויסערן־האַנדל. וואָס איז שײַך גאַלדינען, איז ער אינגיכן אַרויסגעפֿאָרן קיין אַמעריקע, ווו מע האָט אים גלײַך געגומען אַרבעטן אין „דזשענעראַל עלעקטריק“; אַזוי לעכאַלאַהאַפֿאַכעס רעדן די הויפּט־ספּעציאַליסטן פֿונעם טעכנישן אָפּטייל — די אַמערסטן פֿרײַדענקענדיקע און סוטולעוואַטע־טרעלבוויכיקע ייִדן, אָדער קעמוי ייִדן, אָדער קלוימערשט ניט־ייִדן.

נאָך גאַלדינען איז ליאָווע מילשטיין געווען פּראַקטיש דער ערשטער אין זייער אינסטיטוט, וועמען ס'האָט אָנגעגעבן דאָקומענטן אויף אַרויסצופֿאָרן. עמעס, פֿונעם מעטאַלורגישן אָפּטייל איז אויך אַרויסגעפֿאָרן איינער, עפּעס אַ קליינוווּקסיקער קאָנסטרוקטאָר (ווערע האָט אַפֿילע ניט געוווּסט זײַן פֿאַמיליע־נאָמען), אָבער יענער האָט זיך פֿאַרפֿרײַט באַפֿריִער פֿון דער אַרבעט, דעריבער איז זײַן אָפּפֿאָר דורכגעגאַן שטיל. שוין אָפּגערעדט וועגן דעם, אַז דאָסראָוו האָט געהאַלטן דעם קאָנסטרוקטאָר פֿאַר אַ האַלבן מענטשן: אָן אַלטער באָכער, אַ וועגעטאַריאַנער, מיט אַ כראָנישן הײַמאָריט.

באַ אָט דעם מענטשעלע איז געווען אַ מאַנקאַליע — רײַזעס. ער האָט געטראַכט נאָר וועגן ווײַטע עקזאָטישע לענדער, האָט עטלעכע מאָל געפּרוווט פֿאָרן כאָטש קיין בולגאַריע אָדער מיזרעך־דײַטשלאַנד, אָבער ס'האָט אים עפּעס ניט געפֿידלט. בלויז איין מאָל האָט מען אים אײַנגעשלאָסן אין דער רעשימע. ער האָט שוין אַפֿילע באַצאָלט געלט און איז דורכגעגאַן אַן אינסטרוקטאַזש, אָבער פּלוצעם אונטערגעכאַפּט דיזענטעריע, און אָנשטאָט זלאַטי פּיאַסקי אַרײַנגעפֿאַלן אין אַן אינפֿעקציע־אָפּטייל מיט פֿענצטער צו דער בײַשטאָטישער סטאַנציע מאַטווייעווסקאַיע. ווען ער איז אַרויסגעפֿאָרן, האָבן אים ביזן אַעראָפּאָרט שערעמעטיעוואָ באַגלייט צוויי באַיאָרטע פֿרויען: זײַן מומע, וועלכע איז געקומען אויף צוויי טעג פֿון קאַלוגע, און גאַלינע טאַראַסענקאָ, די אָנפֿירערן פֿון זײַן קאָנסטרוקטאָרן־גרופּע. ערגעץ אין אַ האַלב יאָר אַרום האָט טאַראַסענקאָ באַקומען פֿון אים אַ פּאָסטקאַרטל; ער האָט געשריבן פֿון נײַ־זעלאַנד, אַז דאָרט איז וואַרעם און דאָס האָט אַ גוטגינסטיקע ווירקונג אויף זײַן הײַמאָריט, וועלכער האָט זיך באַ אים שטאַרק צעשפּילט אין איטאַליע...

די בסורע וועגן מילשטיינען האָט קאַמאַוו אויפֿגענומען אויף כידושים רויִק.

— איצט, ווערע אַראָנאָווגע, איז שוין שפּעט צו רײַסן אויף זיך די האָר. — נאָכן אומקערן זיך פֿון איטאַליע האָט קאַמאַוו זיך געהאַלטן מיט ווערען אַקצענטירט העפֿלעך, נאָר אויף „איר“ און נאָר „ווערע אַראָנאָווגע“. — איר האָט געדאַרפֿט וועגן דעם פֿריִער טראַכטן. אַנומלט האָב איך אַ קוק געטאָן אויף אײַער טאַבעל — ס'איז באַ אײַך ניט קיין לאַבאָראַטאָריע, נאָר עפּעס אַ סינאַגאָגע. איר

ווייסט, אַז איך בין ניט קיין יודאָפאָב, אָבער מע טאָר דאָך ניט דערלאָזן אַזעלכע אופרײַסגעפערלעכע קאָנצענטראַציעס.

— און פאַרוואָס האָט איר ניט מוירע פאַר אופרײַסגעפערלעכע קאָנצענטראַציעס פון רוסן? — ווערן האָט זיך שטאַרק פאַרוואָלט צו באַליידיקן אָט דעם מאַנצבל מיט אַן אומפאָלגעווודיקער שטעכ־לער־פריזור.

— ווײַל מיר, רוסן, זײַנען צוגעוווינט געוואָרן, און פאַר ייִדן איז דאָס אַ נײַע זאַך, און צומאָל, אין גרויסע דאָזעס, אפילע אַ געפערלעכע.

— ס'איז, פאַרשטייט זיך, אַ גלענצנדיקע טעאָריע, — אויג אַף אויג איז זי מיט אים געווען טאָמיד גיפטיק, — אָבער וואָס קאָן מען טאָן, אויב די ייִדן האָבן קימאַט מאָנאָפּאָליזירט די פּראָג־ראַמירונג, באַזונדערס אין אָפענע אַנשטאַלטן.

— מיילע, — האָט קאַמאָוו, ווי געוויינלעך, בעקיצער געמאַכט דעם שמועס מיט איר, — אָבער איך מוז אײַך וואָרענען, אַז אָט דער פּילגרים אײַערער דאַרף זײַן דער לעצטער, איך קלײַב זיך ניט האַלטן בײַ זיך אין אינסטיטוט אַ נעסט פון דיסידענטן.

נאָך אָט דעם שמועס פלעג ווערע יעדן אינדערפרי, קומענדיק אַף דער אַרבעט, מיט האַרץ־פּלאַטערניש וואַרטן, אַז עמעצער וועט נאָכפאָלגן ליאָוועס בײַשפּיל. בוימל אַפן פײַער האָט נאָך קעסיידער געגאָסן מאַרע. זי האָט זיך זאַנאַדיעט פאַרנאַכט־צו, ווען בײַ אַלפרעדן זײַנען געווען אָוונ־טיקע לעקציעס, אַרײַנגיין צו ווערען, קעדיי זיך טיילן מיט די איבערלעבענישן, וועלכע ס'האָט זיי פאַרשאַפט דאָס אייניקל.

— וואָראָטשקע, טײַערע, איר זײַט אַ גליקלעכער מענטש. איר ווייסט ניט, וואָס איז דאָס אַזוינס, ווען מע זיצט און מע וואַרט, אַז דאָס לעבן וועט זיך אָט־אָט איבערקערן. סלאַוויקן שטייט שוין ניט אָן זײַן נאָמען ווסעוואָלאָד, ער איז געוואָרן גאָר שלאָמאָ, לערנט און אונטערריכטעט איווריט, אַף שאַבעס פאָרט ער קיין מאַלאַכאָווקע, ווו ס'קלײַבט זיך צונויף אַ גאַנצע כאָפטע אַזעלכע צעדרייטע. און ער האַלט אונדז אין איין שרעקן — מע דאַרף פאָרן. מײַן ניאָמע סטאַרעט זיך אים אײַנריידן, אַז אויב שוין יאָ פאָרן, איז בעסער קיין אַמעריקע. בײַ ניאָמען איז דאָרט אַ גאַנצער דעטראָיט מומעס און פעטערס פון דער אַלטער עמיגראַציע, און ביכלאַל, צוליב וואָס קריכן אין ייִסראָעל, ס'איז דאָך אַ פאַס מיט פּולווער. ניין, אונדזער שלאָמאָ טײַנעט וועגן דעם היסטאָרישן היימלאַנד, וועגן נאַציאָ־נאַלן פאַטריאָטיזם. שטעלט זיך פאָר, אויב אין אַזאַ עלטער האָט ער זיך אַנטשלאָסן אַף מאַלע זײַן...

ווערע האָט ניט געוווּסט, וואָס ענטפערן אָט דער שיינער, ניט שטאַרק קלוגער פרוי, גאַנץ ברייט באַוווּסטער אַלס ליטעראַטור־קריטיקער פון די דיקע זשורנאַלן. אירע צאָרעס האָבן ניט אַרויס־גערופן בײַ ווערען קיין שום געפילן, אַכוץ דענערווירונג. אָט איז ער, דער הוילער קאָסמאָפּאָליטיזם: דאָ געפעלט זיי ניט, דאָרט האָבן זיי מומעס. מע קלײַבט איבער, ווי אַפן מאַרק. אַזאַ כוצפע — קומען צו איר מיט די דאָזיקע מײַסעס. און זי, ווערע, האָט ניט אפילע, מיט וועמען זיך טיילן. אַלפרעד האַלט זיך, ווי עפעס אַ הייליקער.

— איך פאַרשטיי ניט, וואָס דענערווירט דיך אַזוי? — האָט אַלפרעד גלײַך ווי זיך געמאַכט טאַ־מעוואַטע, ווען ווערע האָט זיך פאַר אים באַקלאָגט אַף מאַרעס אײַנגעגעסנקײַט. — איטלעכער קאָן לעבן, ווו ער וויל. אין רוסלאַנד איז פון דאָר־דוירעס פאַרפירט געווען, אַז די הייסע קעפּ פלעגן אָפּגעקילט ווערן ערגעץ אין אייראָפּע, אָדער, פאַרשטייט זיך, אין טפיסעס. כ'וואָלט אויך אַף אַ יאָר־צוויי אַוועקגעפאָרן ערגעץ קיין האָלאַנד אָדער ליוקסעמבורג. מיר דאַכט זיך, אַז אַזעלכע קליינע לענדער פילן איבער אַ מענטשן מיט רויִקײַט, מיט קלוגשאַפט. — ער האָט פּלוצעם אַ פּאַטש געטאָן דאָס ווײַב איבערן הינטן און, לאַכנדיק, צוגעגעבן, — הא, ווערקע? לאָמיר זיך טאַקע עפשער לאָזן קיין אַמסטערדאַם?

פון פאַרדראָס האָט זיך ווערע צעוויינט, שטייענדיק בײַם אָפּגאָס־בעקן, פול מיט אומריין געפעס. זי האָט זיך דערפילט אַזוי הילפלאָז, אַז זי האָט אפילע דערלויבט אַלפרעדן זי באַרויִקן.

## 18

מילשטיינס אָפפאָר האָט אַרויסגערופן אַ ריי געשעענישן. די ערשטע פון זיי איז געווען די פאַרזאַמלונג, אַף וועלכער מע האָט פון ליאָווען אַראָפּגענומען דעם נאָמען פון אַ „שלאָגלער פון קאָמוניסטישער מי". די אידיי פון דורכפירן אַזאַ בירגערלעכע אַאוטאָדאַפע האָט אונטערגעזאָגט יוליע טשוקינאַ. ביסלעכווײַז איז דער פאָרשלאָג געפעלן געוואָרן אויך ווערען: ערשטנס, קיינער וועט שוין ניט זאָגן, אַז איר „סינאַגאָגע" שטיצט די עמיגראַנטן; צווייטנס, דאַרפן אַלע אַנדערע אירע ייִדן וויסן, דורך וועלכע ניסיוינעס וועט דורכגיין יעדער איינער, ווער עס טראַכט וועגן אַרויספאָרן.

פאר דער פאַרזאַמלונג איז אויסגעקליבן געוואָרן א געלונגענער מאָמענט — ווען יאָפּע איז געווען אין א קאָמאַנדירונג, ווײַל סײַ ווערע, סײַ טשוקינא האָבן געפילט, אז מישע קאָן מאַכן א טײל פונעם גאַנצן פאַרטראַכט. ווירקלעך, אָן אים זײַנען אַלע געזעסן שטיל, מיט ניט־דאָיִקע, „פּאָליט־אינפאָרמאַטאָרישע" פּנעמער, האָבן אויסערלעך רויִק אויסגעהערט טשוקינעס רעדע אָף דער טעמע, אז א פּאַרטעטער קאָן ניט בלײַבן אין די רייען פון „שלאָגלער".

פון ליאָוועס פּאָנעם איז ניט אראָפּ זײַן געוויינלעך שמייכעלע, האָגאַם ווערע האָט דערזען, ווי ס'ציטערן אים די הענט. ליאָווע האָט טכילעס אַפילע ניט באַמערקט אָט די פאַרעטערישקײַט מיצאַד זײַנע קלאַל געהאָרכזאַמע פינגער פון א באַגאַבטן גיטאַריסט, וועמענס שפּילן פלעג אַרויסרופן היס־פּײַלעס סײַ בא זײַנע כאַווײרים פון „קאַ־עס־פּע"[1], סײַ — אין די לעצטע יאָרן — בא די צושויער, וואָס פלעגן זיך אַרײַנפּרעסן אין עפּעס א דירע, ווו זײַן טרופּע פורים־שפּילער האָט אויסגעפּילט אָף א נײַעם אויפן די אייביקע סיפּער־האַמײַסע. באַמערקט נאַדעזשדאָוועס בליק, האָט ליאָווע מיט פאַר־דראָס א קוק געטאָן אָף זײַנע הענט, געכאַפּט פונעם טיש א בלײַער און גענומען אים פיבערהאַפטיק דרייען.

ער האָט פּלוצעם א טראַכט געטאָן, אז רעגינע וועט קלײַבן נאָכעס פון אָט דער פאַרזאַמלונג — באַקום, הייסט עס, דאָס דײַניקע. זי האַלט אים פאַר א לעמעכעוואַטן מאַן, אין קעגנזאַץ צו די זיכערע מענער פון אירע כאַווערטעס. בא לײַט שטייט ניט אַפילע די פראַגע, ווהין צו פאָרן. פאַרשטייט זיך, אז אַלע נאָרמאַלע מענטשן פאָרן קיין אַמעריקע, אין ערגסטן פאַל — קיין אויסטראַליע, נײַ־זעלאַנד, אייניקע בלײַבן אין אייראָפּע. ניין, איר מאַן רעדט וועגן עפּעס נאַציאָנאַלע געפילן. דעריבער דאַרף מען אָדער זיך שלעפּן קיין ערעץ, אָדער בלײַבן אינדערהיים. און רעגינע ווערט אַזש פאַרטרייסלט, ווען זי זעט אָט די זײַנע דאָסים — מיט זייערע יאַרמעלקעס, ציצעס. אַלעמאָל זאָגט זי ליאָווען אַרײַן: „נו־נו, פיר זיך מיט די דאָזיקע מעשוגאָים! עפּשער וועסטו אויך זיך אָפּשנײַדן א שטיקל? און דו ווילסט נאָך, אז איך זאָל פאָרן צו אָט די קאַפּאָטעס קיין ייִסראָעל!". ליאָווע פלעג אָנהייבן דערקלערן, אז עס זײַנען דאָרט גאָר ניט אַלע אַזוי רעליגיִעז, ווי אייניקע זײַנע היגע באַקאַנטע. כאָטש לויט זײַן מיינונג, איז בעסער שוין זיך האַלטן בא דער עמונע, איידער זײַן אַזוי פּראַגמאַטיש, ווי איר פּעטער בומע, וועלכער ווייסט בלויז וועגן געלט, שמאַטעס, געשעפטן. ער באַנעמט אַפילע ניט, אז עמעצער קאָן ניט האָבן צענדליקער טויזנט רובל! „ליאָווע, איך האָב שוין געזאָגט רעגינען, אז איר מוזט מיטנעמען מיט זיך א גאַרניטור — א „שאַראַטאָן" אָדער עפּעס פון אָט דעם שניט". „פּעטער בומע, ס'איז דאָך שרעקלעך טײַער!" „וואָס הייסט טײַער? דער גאַרניטור קאָסט, אַשטייגער, פינף טויזנט. נאָך אַזויפיל דאַרף מען געבן, קעדיי אים קריגן, און נאָך פינף טויזנט וועט קאָסטן דאָס אַריבערפירן. פופצן טויזנט, אָבער מע קאָן שוין זײַן רויִק — ביסט באַזאָרגט מיט מעבל..."

— מיר זאָגן דאָך ניט, אז אַלע רוסן זײַנען געווען פּאַרעטער, ווײַל אָף דעם דײַטשס זײַט האָט זיך געשלאָגן וולאַסאָווס אַרמיי, שוין אָפּגערעדט וועגן די פּאָליצײַען.

דאָס האָט געזאָגט אַפאַנאַסי פּעטראָוויטש, דער אַמערסטן שווײַגנדיקער מיטאַרבעטער פון זייער לאַבאָראַטאָריע. די שטים פון אָט דעם אַלטן און, ווי דאָסראָוו האָט געהאַלטן, פּריטשמעליעטן מאַנצבל, האָט אומגעקערט ליאָווען צו די געשעענישן אינעם צימער אָפּן צענטן שטאָק פון דער מאָדערניסטיש־אומגעמיטלעכער געבײַדע, אין וועלכער זייער אינסטיטוט האָט זיך איבערגעקליבן מיט צוויי יאָר צוריק.

ליאָווע האָט אַפילע ניט פאַרשטאַנען, וועמען האָט עס אַרײַנגעזאָגט אַפאַנאַסי פּעטראָוויטש — ווערע אַראָנאָווגנע, וואָס דאָס געזיכט אירס איז באַדעקט געוואָרן מיט רויטע פלעקן, אָדער יוליען, וואָס האָט פאַרניכטנדיק געקוקט אָפּן אַלטן.

— איך האַלט, אז די פאַרזאַמלונג דאַרף מען פאַרענדיקן, — איז אויפגעשפּרונגען אַנדריי וויק־טאָראָוו, א פירנדיקער אינזשעניער אין ליאָוועס גרופּע. — צוליב וואָס שטויסן וואַסער אין שטייסל? איך פאַרשטיי אַזוי, אז א מענטשן דאַרף מען אָדער גלײַך אַרויספירן אין הויף און אים דאָרט צעשיסן, אָדער זיך פאַנאַנדערגיין, קעדיי ניט איבערפירן אומזיסט די אַרבעט־צײַט.

## 19

קיינער האָט ניט פאַרשטאַנען, וואָס וויקטאָראָוו וואָלט בעסער געוואָלט — אַרויספירן ליאָווען „אין הויף" אָדער פאָרזעצן די אַרבעט.

א מענטש איז אַנדריי געווען בא זיי פאַרהעלטניסמעסיק א נײַער, אָבער ער האָט שוין געהאַט א שעם פון אָן אַנטשיידענעם קעמפער מיט אומגערעכטיקײַט. זײַן ערשטע באַוווסטע אַקציע האָט ער

[1] קלוב סאַמאָדעיאַטעלנאָי פּעסני (רוס.) — קלוב פון זעלבסטטעטיקער ליד.

דורכגעפירט קעגן דעם אופנאם־פונקט פון כעמישער רייניקונג, וועלכער האָט זיך געפונען בישכיינעס מיטן אינסטיטוט און וווהין טשוקינא האָט אָפּגעגעבן א יאַפּאַנישע בלוזקע — איר קאָכאַניקס מאַטאָנע, געקויפט אין „בעריאָזקע״ פאַר פיר און צוואַנציק סערטיפיקאַטן. אין די טיפענישן פון כעמישער רייניקונג איז די בלוזקע גלײַך אַנטרונען, קעדיי מעגולגל ווערן אין א געלט־קאָמפּענסאַציע פון נײַנצן מעלוכישע קאַזנאַטשייסטווע־בילעטן. אין עטלעכע וואָכן אַרום, ווען טשוקינא האָט שוין אָנגענומען ביסלעכווײַז אַרויסגיין פונעם צושטאַנד פון טיפן טרויער, איז אין לאַבאָראַטאָריע אַרײַן די פאַרוואַלטערן פונעם אופנאם־פונקט, האָט אין אַנווענזנהײַט פונעם „דרײַעק״ — ווערע אָראַנאָוונע, דעם קאַמסאָרג און יוליען גופּע — אָפּגעציילט פיר און צוואַנציק סערטיפיקאַטן און פאַרביטערט געזאָגט, אַנווײַזנדיק אַפן שטראַלנדיק שמייכלענדיקן וויקטאָראָוון:

— איר קאָנט זיך ווארגן מיט אײַער בלוזקע, אָבער אָט דער טיפּ זאָל אונדז מער ניט טשעפּען.

פון יענער צײַט אָן איז וויקטאָראָוו געוואָרן א לעבעדיקע לעגענדע, מע פלעג זיך ווענדן צו אים מיט פאַרשיידענע אוולעס, פאַרלייגנדיק אים אַפילע האָנאָראַרן, אַבי ער זאָל נעמען נעקאָמע פון א קלייט, אָדער א פּאָליקליניק, אָדער אַפילע פון אַן אויספירקאָם. קיין געלט פלעג אַנדריי אָבער ניט נעמען, באַנוגענענדיק זיך מיט זײַן סטאַנדאַרטער טאַקסע — צוויי פלעשער ביר, בעסער — „זאָלאָטאָי קאָלאָס״, כאָטש ער פלעג זיך ניט באַליידיקן, ווען עמעצער האָט ניט געקאָנט קריגן אָט דעם פײַנסטן סאָרט און ברענגען דעם מער צוגענגלעכן — „זשיגוליאָווסקאָיע״.

בעהאַדראָגע האָט וויקטאָראָוו אָנגעהויבן שפּילן א באַדײַטנדיקע ראָליע אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פונעם אינסטיטוט. ער האָט זיך באַפרײַנדעט מיט קניאַזעוון, דעם נאַטשאַלניק פונעם פּאַטענטן־אָפּטייל. א קאַפּיטאַן אין דעמיסיע און אן אומגעצוימטער כאַמער־אייזל, פלעג יענער ניט דורכלאָזן קיין מעגלעכקײַט, קעדיי זיך ניט ארופוואַרפן אַף דער נאַטשאַלסטווע. וויקטאָראָווס אויטאָריטעט האָט זיך ניט קיין שאָקל געטאָן אַפילע נאָך דעם, ווי קניאַזעוון האָט מען גלײַך פון דער אַרבעט אָפּגעפירט אין א מעשוגאָים־הויז (ער האָט אוועקגעשטעלט אַף זײַן טיש נאָך איין טעלעפאָן־אַפּאַראַט, גלײַך ווי דאָס איז געווען א „ווערטושקע״ מיט ברעזשנעוון גופע, געטאָגט און גענעכטיקט אַף דער אַרבעט, לײַדנדיק יעסורים, וואָס וועט ער זאָגן דעם גענעראַל־סעקרעטאַר, טאָמער יענער וועט בעטן בא אים אַן אייצע מיקויעך דער סטראַטעגיע פון אַנטוויקלען די עקאָנאָמיק פונעם לאַנד). כאָטש מע דאַרף זאָגן, אַז דאָסראָוו האָט אופגענומען קניאַזעוון ניט ווי א מעשוגענעם, נאָר ווי א טאָם, א כושעם. ניט צופעליק האָט מען וויקטאָראָוון אויסגעקליבן אין פּראָפקאָם, און טאַקע ווי א נאָכפאָלגער פון קניאַזעוון, ניט געקוקט אַף דעם, צי אַפילע אַדאַנק דעם, וואָס די אַדמיניסטראַציע איז געווען קעגן זײַן קאַנדידאַטור.

די באַריכט־ און וואַל־קאָנפערענץ איז פאָרגעקומען אין עטלעכע טעג אַרום נאָך דער פאַרזאַמלונג, אַף וועלכער מע האָט ליאָווען אויסגעשלאָסן פון די „שלאָגלער״, און ער, אַלס פּאַרטיי־בענער, איז שוין ניט אַרײַן אינעם צעטל פון דעלעגאַטן. גראָד אָנשטאָט אים איז אַרײַן וויקטאָראָוו, קעדיי איבערלעבן דאָרט א טריומף פון א פאָלקס־קאַנדידאַט. באַגײַסטערט מיטן אומגעריכטן דערפאָלג, האָט ער פון דער טריבונע געגעבן א וואָרט צו פאַרענדיקן פאַרן טערמין, צום קאָנסטיטוציע־טאָג, די פאַנאַנדעראַרבעטונג פון זייער קאָמפּיוטער־סיסטעם.

— דו האָסט זיך נעכטן פון דער קייט אַראָפּגעריסן, צי וואָס? — האָט אַף מאָרגן בא אים געפרעגט ליאָווע. — צי ווייסטו ניט, אין וואָס פאַר א לאַגע געפינט זיך די גאַנצע אַוואַנטיור פון אונדזער מאַדאַם?

— נאָך דײַן „פּאַטשין״ בלײַבט נאָר גיין צו קאַמאָוון מיט א פולער קאַפּיטולירונג, — האָט צוגעגעבן יאַפּע. ער איז ערשט אינדערפרי געקומען פונעם קאָמבינאַט און האָט געבראַכט די יעדיע וועגן מאַרגאָלינס פּלייטע.

— שטשורעס לויפן אוועק די ערשטע, — האָט פּאַרירט וויקטאָראָוו. — אָדער איר מיינט, אַז עמעצער וועט גלייבן אײַך? זאָגט א דאַנק, וואָס איר לעבט ניט אין די דרײַסיקער יאָרן. דעמלט וואָלט מען אײַך גיך דערקלערט, ווער עס איז שולדיק אינעם דורכפאַל פון דעם פּראָיעקט.

— דו ביסט, אַנדריי, א געפערלעכער מענטש, — האָט זיך פּלוצעם אַרײַנגעמישט טשוקינא. יאָפּע איז געווען איר פאַרבאָרגענער אידעאַל, און זי איז גרייט געווען אויסדראַפּען די אויגן א באַליביקן באַוולער זײַנעם. אַנומלט האָט זיך איר אַפילע געכאָלעמט, ווי זי פאָרט אַרויס איינעם מיט מישען קיין יִסראָעל און איר מוטער שטייט לעבן דעם אַעראָפּלאַן און ציילעמט זיי ביידע, ווען זיי גייען אַרוף אַף די טרעפּ פונעם טראַפּ.

יאָפּע איז טאַקע אַוועק צו קאַמאָוו, אים דערציילט וועגן דעם, וואָס פֿאַר אַ קאַטאַסטראָפֿע עס שטייט פֿאַר דעם אינסטיטוט, ווען אין אַ יאָר אַרום וועט זיך אָנהייבן די אײַנגלידערונג פֿון זייער קאָמפּיוטער־סיסטעם.

קאַמאָוו איז געזעסן מיט אַ פֿאַרשטיינערט פּנים, קוקנדיק, ווי געוויינלעך, ניט אויפֿן מיטשמועסער, נאָר ערגעץ אין אַ זײַט. דערנאָך איז ער אויפֿגעשטאַנען און גענומען אומשפּאַנען איבערן קאַבינעט. די טעווע פֿון אָט אַזאַ טיפּזיניק אומשפּאַנען האָט קאַמאָוו קולטיווירט אין זיך שוין אין מעשעך פֿון פֿיל יאָרן, זינט ער האָט דערהערט פֿונעם מיניסטער דאָס לאַנג דערוואַרטע: „ס׳איז פֿאַראַן אַ מיינונג, אַז דו וועסט זיך ספּראַווען”. יאָרן אין דירעקטאָרס שטאַנד האָבן ניט צוגעגעבן דער דאָזיקער קאַבינעט־פֿיזקולטור קיין באַזונדערע אויסערלעכע נאַטירלעכקײַט, כאָטש ס׳איז סאָפֿקאָלסאָף טאַקע געוואָרן זײַן געוווינשאַפֿט, און אַפֿילע אינדערהיים פֿלעג ער צומאָל אָנהייבן זיך טאָפּטשען אין דער „זאַלע”, צווישן דעם טעלעוויזאָר און דעם בעט־פּאָטעל, וועלכער איז פֿאַרפֿירט געוואָרן צוליב זײַן ווײַבס פּילצאַליקע כאַרקאָווער און טשערנאָוויצער קרוויווים — עמעצער פֿון זיי האָט זיך, אַלס קלאַל, געדרייט אין די מאָסקווער מיניסטעריומס און קלייטן...

— נו, איז וואָס זשע לייגסטו פֿאָר? — קאַמאָוו האָט זיך אָפּגעשטעלט אַנטקעגן יאָפּען, זיך וויגנדיק אויף די אָפּצאַסן.

— קוידעמקאָל לייג איך פֿאָר קוקן דעם עמעס אין די אויגן.

— איז וואָס זשע איז דאָרט אָנגעשריבן, אין אָט די וואָרהאַפּטיקע אויגן?

יאָפּע האָט אַ ווײַלע געשוויגן, דערנאָך געענטפֿערט:

— מע דאַרף שאַפֿן אַן אַוואַריע־קאָמאַנדע. קאַדרען לייזן אַלץ. נאַדעזשדאָוועו דאַרף מען, פֿאַרשטייט זיך, באַזײַטיקן, לעכאָלהאַפּאָכעס פֿון דער דאָזיקער אַרבעט. איצט, קאָלזמאַן דער קאָמבינאַט האָט זיך נאָך ניט געכאַפּט, דאַרף מען צוציִען ניט אַזוי די ספּעציאַליסטן, ווי עפּעס אַ געשעפֿטספֿירער. דעם קאָמבינאַט מוז מען פֿאַרנאַרן אין אַ פּאַפּיר־שפּיל: „אויף אײַער בריוו נומער אַזאַ און אַזאַ...”. און אויב אָנהייבן די שפּיל שוין הײַנט, וועלן זיי זי בעשום־סאָפֿעק פֿאַרשפּילן. אין אַ יאָר אַרום וועט זיך אַרויסווײַזן, אַז ס׳איז שולדיק דער קאָמבינאַט, ווײַל ער האָט אונטערגעריסן אַלע טערמינען און היסכײַוועסן.

— און טאָמער וועט ער ניט אונטערײַסן?

מישע האָט זיך צעלאַכט:

— איר גלייבט, אַז אַזוינס איז מעגלעך? איך גופֿע גלייב ניט.

— פֿאַרוואָס עפּעס גלייבסטו ניט? — קאַמאָוו האָט לעסאָף באַשלאָסן פֿאַרנעמען זײַן פּאָטעל הינטער דעם ריזיקן טיש, פֿון וועלכן עס האָט, ווי אַ בײַטײַך, זיך געשפּרייט נאָך איין טיש אויף אַ צוואַנציק ערטער.

— איך גלייב ניט, ווײַל אַנדערש וואָלט שוין דאָסראָוו אינזשעניערן געזעסן אין טפֿיסעס אַלס סאַבאָטאַזשניקעס און שעדיקער. ס׳איז דאָך בײַ אונדז ווי אַ געזעץ: אַ באַשטעלער פֿאַרנעמט זיך מיטן פּראָיעקט נאָר דאַן, ווען עס ווערט אונטערגעשריבן דער אָפּמאַך, און דערנאָך — ווען עס קומט שוין די צײַט צו זאַמלען די שטיינער. און צווישן אָט די צוויי היסטאָרישע מאָמענטן קאָן מען טאָן, וואָס מע וויל, דערין צוגרייטן פּאַסטקעס פֿאַרן באַשטעלער.

— איך האָב אַפֿילע ניט געוווּסט, אַז דו ביסט אַזאַ ציניקער, — האָט צי מיט שטוינונג, צי מיט פֿאַרורטיילונג געזאָגט קאַמאָוו.

— אַ טעמפּערע, אַ מאָרעס, — האָט באַליידיקט פֿאַרירט יאָפּע.

— אויב שוין טאַקע רעדן וועגן מאָרעס, איז לאָמיר מאַכן אַזוי, — קאַמאָוו האָט אָנגעצייכנט אויף פּאַפּיר אַ גרויסן קרײַז (ער האָט דעמאָנסטראַטיוו געשריבן נאָר אויף דער פֿאַרקערטער זײַט פֿון אַלטע פּראָיעקטן, האַלטנדיק, אַז אַזאַ שפּאָרזאַמקײַט איז אַ גוטער מוסטער פֿאַר זײַנע אונטערגעאָרדנטע, — דיך שטעל איך אַוועק בעראָש פֿון אָט דער אַוואַריע־קאָמאַנדע. און וועגן טעמפּערע — ביז איבערמאָרגן גרייט צו פֿאָרשלאָגן וועגן דעם, וועמען ווילסטו זען צווישן דײַנע גרינע בערעטן.

— בעסער — בלויע קאַסקעס.

— די פּאָנע אינטערעסירט מיך ניט, — האָט קאַמאָוו אָבער ניט אויפֿגענומען מישעס וויץ. — איצט דאַרף מען זאָרגן וועגן דעם גוירל פֿונעם גאַנצן אינסטיטוט. פֿאַר אָט די צוויי טעג וועל איך דורכטראַכטן דעם גאַנצן איניען. מע דאַרף באַשליסן, וואָס צו טאָן מיט דײַן באַלעבאָסטע. מיר מוזן זי האַלטן ווי אַ מעגלעכן אָפּער. מאָרגן וועל איך אָפּנעם בעטן צונויפֿקלײַבן דעם פּאַרטקאָם... נו, גוט, — האָט ער איבערגעריסן זײַנע בקירעס, — לאָמיר זיך גרייטן.

## 21

מישע און ליאָווע זײַנען געזעסן אויפן אַנלען פון אַ צעבראָכענער באַנק, די פּיסלעך פון וועלכער זײַנען שוין לאַנג אַרײַנגעוואַקסן אין אַן אַמאָליקער בלומען־בייט, לעבן אַ געדיכט בעז־געשטרויך — דער בערלינער וואַנט צווישן זייער אינסטיטוט און עפּעס אַ קלייניקער מעבל־פאַבריק. בעשאַס די מיטיק־האַפּסאַקעס איז דער הויף געווען זייער פּאָפּולער, באַזונדערס נאָך דעם, ווי קאַמאַוו האָט געוואָרפן רייכערן און באַלד טאַקע, מיט דער פולער האַרבקייט פון אַ נעאָפיט, פאַרבאָטן אַלעמען רייכערן סײַ אויף די טרעפּ, סײַ אין די טואַלעטן.

— און וועמען ווילסטו נעמען אין דײַן קאָמאַנדע? — האָט געפרעגט ליאָווע, ווען מישע האָט אים דערציילט וועגן זײַן שמועס מיטן דירעקטאָר.

— קוידעמקאָל דיך.

— און מיר.

— וואָסי?

— ערשטנס, פאַר איך אַוועק...

— פריִער זאָלן זיי דיך אַרויסלאָזן, — האָט אים איבערגעשלאָגן מישע.

— צווייטנס, — האָט פאַרגעזעצט ליאָווע, — צוליב וואָס דאַרפסטו האָבן אַ רעפּיוזניק אין דײַן קאָמאַנדע? — ליאָווע האָט אָנגעכאַפּט מישען פאַר דער האַנט, זעענדיק, אַז יענער קלײַבט זיך אים ווידעראַמאָל איבערשלאָגן. — אָבער ס'איז פאַראַן נאָך איין סיבה: דער עיקר, אַז איך וויל זיך ניט באַטייליקן אין אָט דער וואָזגעניש.

— אָן דיר וועט אונדז זײַן שווער זיך פאַנאַנדערקלײַבן אין די דאָזיקע שאַלעמויזן. אויך מיר אַ קאָשערער מענטש! מע קאָן מיינען, אַז איך לייג דיר פאָר באַראַבעווען אַ באַנק, — מישע איז אַראָפּגעשפּרונגען פונעם אָנלען און האָט עטלעכע מאָל אַ טרייסל געטאָן מיט די פאַרשלאָפן געוואָרענע פיס. — פון זיצן אויף אָט דער נאַסידעלע קאָן מען ווערן אַ קאַליקע.

— האָב ניט קיין פאַריבל, אָבער איך זאָג זיך אָפּ. אין מײַן איצטיקער לאַגע איז בעסער צו זײַן אויף אַ מײַל פון אַן אומגליק. — ליאָווע איז אויך אַראָפּגעשפּרונגען פון דער „נאַסידעלע”. — לייג דאָס פאָר ראַנאָוויטשן. ער וועט מיט פאַרגעניגן פאַרשטעקן אונדזער מאַדאַם אין גאַרטל. און ביכלאַל, פּיש זיך אויס אויף דעם. לאָמיר בעסער פאָרן אײַנייִנעם.

— איך וויל ניט פאָרן. צוליב וואָס? איך בין אַ ייִד מיט אַרטיקע וואָרצלען.

— ווו זעסטו די דאָזיקע וואָרצלען?

— איך פיל דאָס אין זיך, און כ'גלייב, אַז ס'איז נאָך ניט אַלץ פאַרפאַלן. אַזוי אַז דריי ניט קיין קאָפּ און גיי אַרײַן אין דער קאָמאַנדע, — האָט זיך מישע אומגעקערט צו דער טעמע.

— ניין, נעם ניט פאַר אומגוט, נאָר — ניין.

— אַ שאָד, — מישע האָט אַ וואָרף געטאָן זײַן ציגאַר־רעשטל אין די שטרויכן און איז אַוועק צו דער אַרײַנגאַנג־טיר, וועלכע האָט אויסגעמאַטערט געהאַלטן אין איין טראַכקען.

ליאָווע האָט זיך פונדאַסנײַ אַוועקגעזעצט אויפן אָנלען. גיין צו זיך אין לאַבאָראַטאָריע האָט זיך ניט געוואָלט. די אַרבעט איז אים שוין בעפּיירעש ניט געלעגן אין זינען, אַכוץ דעם — די אויגן פון זײַנע קאָלעגן; פריִער פלעג ער זען אַרום זיך קימאַט אויסשליסלעך גלײַכגילטיקע אָדער מידע פאַר לאַנגווײַל אויגן, און איצט פילט ער פון אַלע זײַטן אָדער אומפרײַנטלעכקייט, אָדער קינע.

רעגינע דרײַט אים אַ ספּאָדעק מיט פּראַקטישע זאַכן. אַלע זאָגן, אַז מע דאַרף פאַרגרייטן טשעמאָדאַנען פון פּיברע (זיי זײַנען גרינגע און וואָלוועלע), מאַטריאָשקעס און אַנדערע הילצערנע „גע־ווערבן”, בעטוועש און אַזוי ווײַטער און אַזוי ווײַטער. ווען קיינער ווייסט ניט, וועמען קאָן מען גלייבן. ליאָוועס גלידשוועסטערקינד פון באָסטאָן טײַנעט, אַז מע דאַרף וואַרפן אַלצדינג און פאָרן קימאַט מיט נעצקוישלעך. און די מומע דאָרע, וועלכע האָט זיך באַזעצט אין ניו־יאָרק, שרײַבט, אַז אויף דער ערשטער צײַט מוז מען האָבן אַלע נייטיקע זאַכן, און אין איטאַליע קאָן מען אויך עפּעס־וואָס פאַר־קויפן, באַזונדערס פאָטאָ־אַפּאַראַטור. ביכלאַל, פאַרשטיין עפּעס פון די בריוו איז ביז גאָר שווער. זייער שאָכן מאַריק האָט צוגעזאָגט באַשרײַבן אַלע פּראָטים סײַ וועגן ווין, סײַ וועגן איטאַליע. סאָפּ־קאָלסאָף באַקומען זיי אַ בריוו, ווו ער דערציילט וועגן די געשמאַקע פּרוכט־יאָגורטן, וועלכע מע פאַרקויפט אין די ווינער קלייטן, און באַם איבערגעבן זײַנע אײַנדרוקן וועגן רוים איז ער דעריקער געווען אַנציקט פונעם וואַטיקאַן.

און ווהין אַהינטאָן די ביבליאָטעק, וועלכע עס האָט נאָך צונויפגעקליבן זײַן פאָטער? דאַסראַוו ביכער לאָזט מען ניט אַרויס. ס'הייבט זיך ניט אויף די האַנט צו פאַרקויפן אָט די אַלע בענדער, אין אַרומרינגלונג פון וועלכע ער איז אויסגעוואַקסן. די שוויגער האָט געפונען אַן איבערקויפער, אַ פרעכן

באַכער פון דער אַרומדיפּלאָמאַטישער סוויוע, אַבער ליאָווע האָט שוין עטלעכע מאָל אָפּגעלייגט דעם פאַרקויף.

ער האָט זיך דערמאָנט, אַז נאָך דער אַרבעט דאַרף ער אַרײַנפאָרן אויפן מאַרק. אַליק רויטמאַן, מיט וועמען זיי האָבן אײנײנעם געגרייט די לעצטע פּורים־פּראָגראַם, האָט אים געייצעט קויפן האָניק, קעדײ טרינקען פאַרן שלאָף. אַליק זאָגט, אַז דאָס העלפט בעסער פון שלאָף־מיטלען.

## 22

ווערע האָט ניט געדענקט, ווי זי האָט אָנגעטראָפן אויפן גאָגאָל־בולוואַר. עפּעס אַ פאַרטונקלונג האָט אָפּגעטײלט די באַנק אַנטקעגן סיווּצעוו וורַאזשעק פון קאַמאָוס קאַבינעט, ווו ס׳איז דורכגעגאַן די זיצונג פונעם פאַרטקאָם.

— לײַטישע יונגפרויען זיצן אַזוי.

דאָס האָט געזאָגט אַן אָפּגעריבענע זקנה אין אַ שוואַרץ גאַז־טיכל, וועלכע איז ווער ווייסט פונוואַנען אויסגעוואַקסן לעבן דער באַנק. ווערע האָט אינסטינקטיוו צורעכט געמאַכט איר קלײדל, כאָטש די באַמערקונג איז געווען אַדרעסירט צו די צוויי מײדלעך, וואָס האָבן זיך צעלייגט אין דער לענג און אין דער ברייט אויף אַן אַנדערן עק פון דער באַנק.

— אַנו, אַנטשווינד פונדאַנען, — האָט רויִק געענטפערט איינע פון די מײדלעך מיט אַ קורץ־אונטערגעשוירן קלײן קעפּל, אַרײַנגעשטעקט אין ברייטע מאַנצבלשע פּלײצעס.

— טפו, נעכריסטן! גאָט זעט אַלץ, — די אַלטע האָט זיך גיך איבערגעצײלעמט און מיט דריב־נעטשקע טריט זיך געלאָזט גײן צום מעטראָ.

— שפּאַר צו דײַן גאָט, ביז איך האָב דיר ניט אויסגעדרייט די פּיס, — האָט דאָס זעלבע מײדל אָנגעזאָגט דער זקנה אין וועג אַרײַן, און בײדע, — אי דאָס קורץ־אונטערגעשוירענע, אי דאָס צווייטע, אין אַ געלער מײַקע, דורך וועלכער ס׳זײַנען אָנזיכטיק געווען די שפּיצן בריסטן, — האָבן אויסגעשאָסן מיט אַ הייזעריקן געלעכטער.

ווערע איז אופגעשטאַנען. גײן אַהײם האָט זיך ניט געוואָלט, און זי איז אַרײַן אין לאַבירינט פון די אַרבאַט־געסלעך — דעם רעזערוואַט פאַר ריזיקע קאָמונאַלע דירעס, ניט־צוטריטלעכע אַמבאַ־סאַדעס און נײַע ציכטיקע אָאַזיסן פון הויכגעשטעלטע הײַזער. אַמאָל פלעג זי ליב האָבן אומבלאָנ־קען איבער די געסלעך פון דער אַלטער מאָסקווע און טרוימען. זי האָט אַ פּרווו געטאָן אַרויסרופן כאָטשבי עפּעס אַ טרוים, קעדײ זיך אָפּווענדן פון די געדאַנקען וועגן דעם פאַרטקאָם, וועגן יאָפּען, מאַרגאָלינען, ראַנאָוויטשן... נײן, ס׳באַקומט זיך ניט. ניט אומזיסט האָט וויקטאָראָוו נעכטן געזאָגט, אַז ס׳איז געקומען די צײַט, ווען מע דאַרף זיך סאָפּקאָלסאָף באַפרײַען פון אַלע איליוזיעס, זיך אומ־קערן צו די געזונטע, עמעסע וואָרצלען.

— מע האָט אונדז, ווערע אַראָנאָוונע, אָפּגענאַרט. פון אונדז, רוסישע מענטשן, האָט מען אויסגע־צויגן דעם זאַפט, מיר זײַנען געוואָרן די דאָנאָרס פאַר אַלע פעלקער, און פאַר זיך איז שוין גאָרנישט ניט געבליבן. מע דאַרף ראַטעווען אונדזער רוס־מאַטושקע, אומקערן דעם פאָלק זײַן נאַציאָנאַלע רײנקײַט.

— פון וועמען דאַרף מען ראַטעווען די רוסן? — האָט דעמלט גלײַך ניט פאַרשטאַנען ווערע.

— פון די מאַסאָנען, וואָס דרייען מיט אונדז, ווי מיט מאַריאָנעטקעס. גיט אַ קוק אַרום זיך, — וויקטאָראָוו האָט אַ דריי געטאָן מיטן קאָפּ, — מיר זײַנען דאָך אַרומגערינגלט מיט צופּעליקע פאַר רוסלאַנד מענטשן. אונדזער קולטור, אונדזער גורל האָט פאַר זיי קײן שום ווערט ניט. אָבער מיר זײַנ־גען זייערע לידער, לייענען זייערע ביכער, זיי האָבן ספּעציעל דערפירט דאָס לאַנד צו אַזאַ צושטאַנד, ווען מיר קאָנען שוין ניט אַפילע עסן אונדזער ברויט און פּוטער. אַלץ מוזן מיר קויפן. — ער האָט אַ ווײַלע דורכדרינגענדיק געקוקט אויף ווערען, גלײַך ווי באַשליסנדיק, צי מע קאָן איר פאַרטרויען עפּעס אַ טיפסטן סאָד. — ווערע אַראָנאָוונע, פאַראַן מענטשן, וואָס פאַרשטייען דאָס אַלץ בעסער פון מיר. מאָרגן איז בײַ אונדז אַ פאַרזאַמלונג, כ׳וועל אײַך אָנשרײַבן דעם אַדרעס. קומט, איר וועט זיך באַקאַנען מיט עמעסע מענטשן.

ווערע האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן אַ מאַגאַזין־וויטרינע — דאָ איז געווען ליכטיקער, געפונען אין פאַרטפעל דאָס צעטעלע, וואָס ס׳האָט איר נעכטן איבערגעלאָזט וויקטאָראָוו. די קאַטשאַלאָוו־גאַס... דאָס איז גאָר ניט ווײַט פונדאַנען. אַלפרעד און נאַדיושקע וועלן סײַווי קומען שפּעט, און אײדער אויסהערן מאַרעס רײדערײַען, איז בעסער שוין טאַקע גײן צו וויקטאָראָווס נעוויים. עפּשער איז טאַקע בעעמעס געקומען זייער צײַט...

צײכענונגען — אַ ל אַ מ י ר ק י נ אַ

מיכאַעל פּעלזענבאַום

# דער טאָג פון די קינדער

„...א שוואַרצער ייִדישער גאַניידן...״
י. קאָרטשאַק, „טאָגבוך״, יול, 1942

„נעכטן האָט די בלוטיקע כוואַליע דערגרייכט
אונדזערע יעסוימים און פאַרשוואונקט זיי באַנאַנד
מיט אונדזער אומפאַרגעסלעכן דאָקטער״.
טאָגבוך פון דעם פּוילישן שלאָסער־אַרבעטער
מיכאַל וורובלעווסקי
23 אויגוסט 1942

## 1

אין יעדן ווינקל פון מײַנע צימערן
פּאַרפּײַניקטע געזיכטער גליווערן.

פון דער ווײַטער טרעבלינקע — א טרויעריקע לאַסט —
זײַנען געקומען קדושים צוגאַסט.

דער אַלטער דאָקטער — יאַנוש קאָרטשאַק
קוקט מיט די גוטע אויגן
פון דער אומשטערבלעכקייט.
מיט זײַנע ריזיקע הענט
פאַרדעקט ער
דעם אַרײַנגאַנג
אין א שרעקלעכער שטאָט,
וואָס הייסט — וואַרשעווער געטאָ,
אָדער — שוואַרצער ייִדישער גאַניידן.

מיט עטלעכע וואָכן
פאַר דעם „טאָג פון די קינדער״
האָט מען
אינעם יעסוימים־הויז
געשפּילט ראַבינדראַנאַט טאַגאָרס פּיעסע „פּאָסט״.
נאָך דעם ספּעקטאַקל
האָט מען געפרעגט
בא יאַנוש קאָרטשאַקן:
— פאַרוואָס האָט ער געשטעלט
אָט די דאָזיקע פּיעסע?
און דער אַלטער דאָקטער
האָט שטיל געענטפערט:

— מע דארף זיך אויסלערנען
רויִק באַגעגענען
דעם מאַלעכהאַמאָוועס...

## 2

דער „אומשלאַג־פּלאַץ" איז פול מיט אוילעם,
די בייזע הינט דורשטיקן נאָך בלוט,
פאַן קאַרטשאַק מיט די ווײַלע אויגן
דעקט איַין די קינדערלעך מיט מוט.

דער פּראַכטצוג, ווי אַ בלינדער, מאַכט
אַלפי געוווינשאַפט זײַן שוואַרצע רײַזע.
דער אַלטער דאָקטער שפּאַסט און לאַכט,
דערציילנדיק אַ נײַע מײַסע.

דער צוג איז אָנגעקומען, ניט פאַרשפּעטיקט...
דער ציכטיקער וואַקזאַל איז ווי אַ גרויסער סאָד...
און אין דער קאַסע גיט מען יעדן אַ בילעטיק
צו דער גאַז־קאַמער מיט דער אופשריפט „באָד".

די זיסע ליפּן. די ליבע אויגן —
מיט ווײַסן אַש זײַנען פאַרצויגן.

די קליינע קינדערלעך דערטרונקען ווערן
אין אַ יאַם פון בלוטיקע טרערן.

די ריינע נעשאָמקעלעך וועלן זיך אויף
פאַרוואַנדלען אין שוואַרצן רויך.

אין יעדן ווינקל פון מײַנע צימערן
פאַרפּײַניקטע נעשאָמעס גליוּוערן.

עס שעפּטשעט פאַן קאַרטשאַק פון דער בלאַסער סוויווע:
„אָן מעכילע איז ניטאָ קיין ליבע..."
„ס'איז מעכילע אַ שווערע מי..."
אַזוי אַ גאַנצע נאַכט ביז אינדערפרי.

„איך וויל באַ דיר פרעגן, אָ, מענטש אָן אַ שאָטן..."
ער הערט ניט. צו הערן איז אים פאַרבאָטן.

פון „שוואַרצן יידישן גאַניידן"
אין גרויסן אומליק פון אַלע ראַסעס
טרעבלינקע ליגט — דאָס קליינע שטעטל,
מיט איין גאַס — „הימלפאַרטשטראַסע"[1].

די ווײַסע קאַמטשעס — די וויסטע שעליכים —
האָבן פאַרוויקלט מײַן האַרץ אין טאַכרירים.

---

[1] „הימלפאַרטשטראַסע" — דער וועג צום הימל.

## א זאמדזייגער

כ׳קוק אפן קליינעם בערגעלע
פון זעמדעלעך, וואָס זיי
זײַנען אָף דײַנע ליפּעלעך
געלעגן ווען־ניט־ווען.
איך שטרעק אויס מײַנע בלינדע הענט,
כ׳קוק זיך ארום, — איך בין א קנעכט
פון דײַנע ריינע־שיינע רייד.
די ליבע לעבט, די ליבע ברענט
אין מײַן פארקישעפטער נעשאָמע, —
איך האָב פארגעסן אין מײַן נאָמען.
איך בין א קנעכט פונעם זיקאָרן,
איך בין אן אָסיר פונעם זאמד.
אָ, אייביקײַט, נו כאָטש ביז מאָרגן
שטעל אָפּ דעם סיידער פון דער צײַט.
דאָס זאמד פון דער דערינערונג
רופט מיך צו דער פארגאנגענהײַט,
איך קוק מיט א באדויערונג
אָף דעם האלדזבאנד פון דער אייביקײַט.
דאָס לעצטע זעמדעלע פון ליבע
האָט זיך פארוואנדלט אין א שטערן,
שטיל גליווערט אינעם הויכן הימל
און וועט צוריק זיך שוין ניט קערן.

## נעקטאר

איך וויל מעגולגל ווערן אין א בינעלע
און וויל צונויפנעמען נעקטאר
פון דײַנע בליִענדיקע בלימעלעך
אָף דײַנע ליפּן
ליגט א שמעקנדיקער טאם.
און יעדן אינדערפרי,
ווי נאָר ס׳רירט אָן
דער זון־אופגאנג
דעם וואָלקנס אויגן,
קום איך צו יאָגן צום געגארטן רויז־בוטאָן.
דו נעמסט ארום מײַן וועלט מיט טיפסטן איסבייג פון דײַן רעגנבויגן
און פון דײַן צוריר
ווערט מיר גרינג,
און כ׳וויים ניט וואָס צו טאָן.

## באנאכטיקע ווערטער

„מײַן ליבער, מײַן טײַערער,
דו ביסט אן אומזיניקער שרעקלעך...״
איך כאַפּ בא דער פלאַמיקער נאכט
דײַנע הייסט ווערטער.
„דו ביסט אן אומזיניקער,
יאָ, אן אומזיניקער שרעקלעך...״

דײַנע מעשוגענע ווערטער
קלינגען פאַר מיר
ווי גלעקלעך.
די בלאַסע לעוואָנע
ציטערט
אין דײַנע דלאָניעס, —
די באַצויבערטע נאַכט
איז געקומען
פון דײַנע כאַלוימעס.
אונטער דעם פענצטער
אָטעמט דער בוים,
שושקענדיק זיך
מיט די שטערן.
דו שלאָפסט, ווי אַ קינד, —
אַ פאַרקישעפטער טרוים
האָט פאַרדעקט דײַנע טרערן.

## יורמאַלע

יורמאַלע, יורמאַלע — ברעג פונעם יאַם,
רייניק אָפּ
מײַן נעשאָמע,
און מײַן האַרץ
נעם אײַן,
מיט די צווײַגן
פון סאָסנעס
דעק מיך צו און באַהאַלט,
ווײַל פון שטאַרק לאַנגן ווינטער
איז מיר טרויעריק און קאַלט.
יורמאַלע, יורמאַלע — ברעג פונעם יאַם,
אין דער וועלט
איז נאָך אַזאַ מאָקעם
מער ניט פאַראַן.
יורמאַלע, יורמאַלע — דו ביסט מײַן ברעג, —
דו ביסט
מײַן שטילקײַט,
דו האָסט ניט קיין עק.

## מיניאַטיורן

### דער עפּל

דו האָסט געעפנט דײַנע הענט,
ווי טויערן פונעם גאַניידן.
אין עפּל אויף דער דלאָניע ברענט...
איך בעט דיר, שווײַג, מע דאַרף ניט ריידן.

## דער מאלעך

דער מאלעך געשטאנען באנאכט בא מײַן בעט,
איך האָב מיט די ליפּן דערפילט זײַן אָטעם.
מיט פליגל ער האָט מײַנע אויגן געגלעט —
אַף וויִעס ז׳געבליבן א גאָלדענער שאָטן.

## אויגן

אַף דער געזעגענונג האָב איך דערהערט:
„זײַ אָפּגעהיט...” עס ציטערן די הענט...
און אויגן קוועטשן זיך גלײַך אין דער שויב ארײַן —
צוויי קאָרנבלומען שרײַען מיט דער הימל־שײַן.

## מאנסארדע

א טיפסטע מאנסארדע
אונטער
דעם דאך...

איך ווארף
א קליין שטיינדל
אין פענצטערל
גלײַך,

דורך
אלטע טרעפלעך
פלי איך
צו דיר,
און פיל
דײַן שטילן אָטעם
לעבן
דער טיר.

## זון־אופגאנג

עס האָט זיך צערונען די בלאסע לעוואָנע.
די סאָסנעס שטיל צאנקען, ווי ליכטעלעך גרינע.
די בסולע־בערעזע, די שיינע מאדאָנע,
ציט אויס צו דעם הימל די צווײַגעלעך דינע.
פון הינטער דעם יאַם מיטן ראָזעווען נעפּל
האָט זיך באוויזן א גאָלדענער עפּל.

●

## באָריס סאַנדלער

# לייב־אישאַק און זײַנע דרײַ זין

באַלד נאָך דער מילכאָמע איז קיין בעלץ געקומען צו פאָרן א צירק־שאַפּיטאָ. דעם עמעס געזאָגט, איז באם אוילעם ווינציק־וואָס געלעגן דער קאָפּ צו קאַלערליי צײַט־פאַרטרײַבעכצן, אָבער פון דער אַנדערער זײַט, דאַרף דאָך דער מענטש א ביסל פאַרגעסן זיך אויך. דערצו האָבן נאָך די שיינע פילפאַרביקע אַפישעס שימערירט שיר ניט אויף יעדן טעלעגראַף־סלופּ, אויף די ווענט, פּלויטן — געגאַרט און גערייצט יעדן אײַנוווינער פון דער שטאָט, סײַ א קינד, סײַ אַן אַלטן. אויף איינעם א בילד הייבט, אַשטייגער, א גיבער אויף א העלפאַנד איבערן קאָפּ. אויף אַן אַנדער בילדל פּליִען אײַנ־דערלופטן צוויי גימנאַסטקעס, ווי צוויי שוועלבעלעך. און אָט שפּרינגט דורך א ראָד, אַן אַרומגע־כאַפּטע מיט פײַער, א שוואַרצע פּאַנטערע מיט א פּאָר שמאַראַגדענע אויגאַנעס... האַקיצער, דער אוילעם האָט זיך א לאָז געטאָן אין צירק אַרײַן.

דער באַלעגאָלע לייב־אישאַק איז ניט ערגער פון אַנדערע בעלצער. אין א זונטיק האָט ער גענומען זײַן ווײַב מיט די קינדער און איז אַוועק אין צירק א קוק טאָן אויף די שיינע אַרטיסטן: מענטשן און בהמות. אין צירק איז ער נאָך אין זײַן לעבן קיינמאָל ניט געווען, און דאָס אַלץ, וואָס מ'האָט דאָרט געוויזן, האָט אויסגעזען פאַר אים ווי א שיינער חלום. דער אָרקעסטער האָט געשפּילט איין מאַרש נאָכן אַנדערן, ווי אויף א פריילעכער יידישער חתונה בייס די געסט קומען זיך צונויף. די פּרעכטיקע מאַלבושים באַ די אַרטיסטן האָבן ממש אַרויסגענומען די אויגן. די אַקראָבאַטן זײַנען געשפּרונגען אַרויף און אַראָפּ, ווי פּילקעלעך, די זשאָנגליאָרן האָבן אַזוי גיך און געשיקט אַריבערגעוואָרפן איינער דעם אַנדערן די פאַרשיידנקאָלירקע רעדלעך, אַז דער קאָפּ האָט זיך אַזש פאַרדרייט. דער קונצנמאַכער האָט פון א ליידיקן קאַסטן (לייב וואָלט געקאָנט שווערן, אַז דער קאַסטן האָט אַפילע קיין דנאָ ניט געהאַט) אַרויסגעשלעפּט א פּאָר לעבעדיקע הינער, דערנאָך א קאַטשקע, א גאַנדז, אַן אינדיק... אָט־אָט, האָט זיך לייבן געדאַכט, וועט דער קונצנמאַכער אַ־נעם שוואַרצן פראַק און מיט א הויכן צילינדער אויפן קאָפּ אַרויסשלעפּן פון דעם קישעפדיקן קאַסטן זײַן, לייבס, אייזל פאַר די אויערן. און יעדעס מאָל איז אויף דער קײַלעכדיקער בינע, אויפן מאַנעזש, אַרויסגעלאָפן דער קלאָון און נאַר פון זײַן הוילעך האָט מען געקאָנט פּלאַצן פאַר געלעכטער. יאָ, יענעם פאַרנאַכט האָט לייב פאַרגעדענקט אויפן גאַנצן לעבן. זײַן ווײַב, העניע, אָנגעטאָן אינעם יאָמטעוודיקן ציצענעם קליידל, א גרינס מיט ווײַסע שפּרענקלעך, איז געזעסן מיטן קליינעם איציקלען אויף די קני פון איין זײַט, און וועוועקע מיט ניאָנצען, די צוויי עלטערע זין זײַנע, — פון דער אַנדערער זײַט. זיי האָבן געלאַכט, געקוועלט, געפּליעסקעט „בראַוואָ”, און לייבן אַליין איז געווען אַזוי גוט און פריילעך אויפן האַרצן, אַז פּאַשעט ניט איבערצוגעבן. מיט ליבע האָט ער יעדעס מאָל געקוקט אויף זײַן העניען, אויף די קינדער און געטראַכט: ווי גליקלעך ער איז, נאָך אַזא פײַער געבליבן לעבן, זיך אומגעקערט אהיים — צי דען איז דאָס ניט קיין גליק?!

עוואַקויִרט האָבן זיי זיך שווער. זיך איבערגעפּראַוועט אויפן אַנדערן ברעג דניעסטער שוין מיטן לעצטן פּאַראָם. בעשאַסן אויפזעצן זיך האָט לייב שיר ניט פאַרלוירן העניען מיט די קינדער. ער איז געשטאַנען צוגעדריקט צו אַן אַלטן ייִדן, און יענער האָט, אָנכאַפּנדיק לייבן פאַרן אַרבל, אים אײַנ־גערוימט אין אויער:

— אין שול בין איך געווען, ווען ס'האָט א זעץ געטאָן א דונער. די שויבן זײַנען אַזש אַרויס פון די פענצטער. אַלע האָבן זיך א וואַרף געטאָן צו דער טיר. אינמיטן דאַווענען אַרויס אין דרויסן! די גאַנצע גאַס האָט געברענט, אַפילע די מענטשן... זיי זײַנען אַלע געלאָפן. בין איך שוין אויך געלאָפן. די פיס האָבן מיך געטראָגן. זיי האָבן מיך טאַקע אַליין געבראַכט צו פירן צו מײַן שטוב, ווי א קלוג פערדל ברענגט אַמאָל צו פירן אהיים דעם שיקערלעכן באַלעגאָלע...

דער זאָקן, אַן אײַנגעהילטער אינעם צעקנייטשטן, קויטיקן טאַלעס, ווי אין א שול, האָט זיך, נעבעך, אויסגערעדט די נעשאָמע. לייב האָט אים אונטערגעשאָקלט מיטן קאָפּ און געזוכט בעשאַס־

מײַסע דאָס ווײַב מיט די קינדער. סאָפּקאָלסאָף האָט ער זײ אָפּגעזוכט מיט די אויגן און זיך אַ ביסל באַריקט.

— איר האָט אַמאָל געזען אַ באָמבע? — האָט געשעפּטשעט דער זאַקן. — די שכיינים האָבן מיר געזאָגט, אַז אין מײַן שטוב האָט געטראָפֿן אַ באָמבע און אַלע מײַנע קינדער און אייניקלעך — אַ גאַנצע שטוב מיט אייניקלעך!.. עס קאָן דען אַזוי זײַן, אַז איין באָמבע...

לייב האָט אים ביזן סאָף ניט אויסגעהערט. ער האָט זיך שוין געוואָלט זען וואָס גיכער לעבן העניען. זי איז געזעסן אויף אַ בינט. ניאָניע מיט וועוקען האָבן זיך געטוליעט צו אירע פֿיס. ווען דער מאַן איז צוגעגאַנגען, האָט העניע זיך אַ ביסל אָפּגערוקט, געמאַכט אים אַ שטיקל אָרט לעבן זיך. לייב איז אָבער געבליבן שטיין אויף די פֿיס.

— העניע, — האָט ער זיך אָנגערופֿן, — זעסט יענעם אַלטיטשקן? ער האָט פֿאַרלוירן די גאַנצע מישפּאָכע...

— אַז ווײ איז אים! — האָט העניע אַ זיפֿץ געטאָן, ניט אויפֿהייבנדיק דעם קאָפּ.

— ס'איז נאָך באַ אונדז עפּעס פֿאַרבליבן?

העניע האָט אַ קוק געטאָן אויף אים מיט צווײ אויסגעמוטשעטע אײַנגעפֿאַלענע אויגן:

— אוי, לייב, לייב... דו ווייסט דען אַליין ניט? גיב אַ קוק אין מײַן פּאַטשײלקע.

— כ'ווייס, אוואַדע... דו ביסט אָבער די באַלעבאָסטע אין שטוב...

ער האָט טאַקע אָן דעם פֿרעגן געוווּסט, אַז דאָס האַלבע לעבל ברויט, די פֿיר אָפּגעבראָטענע קאַרטאָפֿליעס און די צווײ ציבעלעס זײַנען אײַנגעוויקלט אין העניעס פּאַטשײלקע. נאָר איידער צעבינדן דעם קנופּ און עפּעס נעמען, האָט ער געדאַרפֿט, בײַ, געמוזט פֿריִער פֿרעגן באַ העניען. נישט פֿרעגן זי האָט ער ניט געקאָנט.

דאָס שטיקל ברויט מיט דער קאַרטאָפֿליע האָט לייב דערלאַנגט וועוקען. דער קליינער האָט זיך דערפֿרייט און באַלד צוגעטראָגן דאָס שטיקל ברויט צום מויל.

— דאָס איז ניט דיר, — האָט אים אָפּגעשטעלט דער פֿאָטער. — גײ טראָג עס אָפּ אָט יענעם אַלטיטשקן.

וועוקע האָט ווי אַ קליין רירעוודיק כײַעלע זיך דורכגעשמוגלט צווישן די מענטשן. לייב האָט אים נאָכגעקוקט מיט די אויגן. דער זון איז שוין געהאַט געשטאַנען לעבן דעם זאַקן, ווען אין הימל האָט זיך באַוויזן אַן עראָפּלאַן. דער פֿאַשיסט האָט פּיקירט גלײַך אויפֿן פּעראָם.

— לויפֿט! — האָט זיך דערהערט אַ געשרײ.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּאַניק. די איבערגעשראָקענע מענטשן האָבן ניט געוווּסט, נעבעך, וואָס צו טאָן, וווּהין זיך וואַרפֿן. מ'האָט זיך געשטופּט, געקוויטשעט, געפֿאַלן איינער אויפֿן אַנדערן. לייב איז געשטאַנען, ווי אַ פֿאַרגליווערטער. דער געהויל פֿונעם עראָפּלאַן, די געשרייען, די קוילנוואַרפֿער־שטעפּערײַען — אַלץ האָט זיך מיטאַמאָל צונויפֿגעמישט אין זײַן מוח. פֿאַר די אויגן איז געבליבן שטיין העניעס בלאַס פּנים. זי איז ווי פֿונעם זינען אַראָפּ.

— וווּ איז דאָס קינד? וווּ איז וועוקע?

לייב האָט זיך אַ ריס געטאָן פֿאָרויס, געפּרוּווט זיך דורכשטופּן צו יענעם אָרט, וווּ ס'איז ערשט געשטאַנען דער זאַקן. עטלעכע מאָל איז ער געפֿאַלן, זיך צעשנעקט די נאָז, אָבער סאָפּקאָלסאָף האָט ער זיך זײַנס דערשלאָגן. דעם אַלטיטשקן האָט ער דערזען ליגן מיטן פּנים אַראָפּ. מיטן קאָפּ האָט ער זיך אָנגעשפּאַרט אין אַ שוואַרצן טשעמאָדאַן, די פּלייצע האָט זיך אים אויסגעבויגן, עלעהיי אַ גרויסער הויקער. די צוגעפּלעטשטע באָרד האָט זיך פֿאַריסן אין אַ זײַט, ווי זי וואָלט געווען ניט קיין עמעסע באָרד, נאָר אַ צוגעקלעפּטע. „פֿאַרוואָס ליגט ער אַזוי? — האָט אַ טראַכט געטאָן לייב. — און וואָס איז דאָס פֿאַר אַ רויטער פֿלעק באַ אים אויף דער פּלייצע?" אין דער צײַט האָט זיך עפּעס אַ לעבעדיק קנײַלעכל אָנגעהויבן וואָגן אונטער די קנייטשן פֿונעם טאַלעס. דער קליינער וועוקע האָט זיך אַרויסגעקראַטשקעוועט פֿון אונטערן טויטן זאַקן, זיך צוגעזעצט לעבן אים און זשעדנע גענומען קײַען דאָס שטיקל ברויט...

דער געוועזענער באָקסיאָר, אַנטאָן באַיקאָ, נאָך ניט לאַנג צוריק דער ליבלינג באַ די היגע ספּאָרטלײַט, און איצט דזשאָן — דער ערשטער מענטש אין די מאַרק־פּיוונשקעס, — האָט ניט געהאַט קיין אַריסטאָקראַטישע טעווע קלאַפּן אין טיר. ער האָט די טיר אַ שטופּ געטאָן מיטן פֿוס און איז גלײַך אַרײַנגעגאַנגען אין שטוב.

וועוקע איז געלעגן אויפֿן דיוואַן, און ניאָנצע איז געזעסן לעבן אים מיט אַ גיטאַרע אין די הענט און עפּעס געזונגען.

— כ'בין גליקלעך צו זען אײַך געזונט און שטאַרק! — האָט געזאָגט דזשאָן און זיך צוגעזעצט צום טיש. — כ'גלייב, אַז וועגן דעם כוויו האָט איר ניט פֿאַרגעסן?!

די ברידער האָבן זיך איבערגעקוקט. נאָך זיי האָט זיך טאַקע גערעכנט אַ שטיקל כּיוו — אײנעכטן האָט וועווקע פֿאַרשפּילט דזשאַנען אין קאָרטן אַ האַלבע מײַע.

— וואָס זשע, סע ברענט באַ דיר? — האָט אַ פֿרעג געטאָן ניאַניע.

— יאָ...

— אויב סע ברענט, דאַרף מען לעשן. וואָס וואָלסטו, אַשטייגער, געזאָגט, דזשאָן, וועגן אַ גוט ביסעלע ווײַן?

פֿון ווײַן האָט דזשאָן זיך קיינמאָל ניט אָפּגעזאָגט.

— דעם כּיוו וועלן מיר דיר, פֿאַרשטייט זיך, אומקערן, — האָט זיך אָנגערופֿן וועווקע, — אָבער דו, דזשאָן, דאַרפֿסט אונדז העלפֿן.

וועווקע האָט זיך ערשט ניט לאַנג אומגעקערט פֿון דער טורמע, און דזשאָן האָט אויפֿגעשפּיצט די אויערן:

— אין אײַערע געשעפֿטלעך בין איך ניט קיין קריכער!

— פֿע, דזשאָן! — האָט ניאַנצע אַ קנייטש געטאָן די נאָז, — פֿאַרוואָס טראַכסטו אַזוי שלעכט וועגן ערלעכע מענטשן? דו וועסט זיך פּאַשעט צולייגן אַ ביסל אויפֿן דיוואַן, גלײַך ווי דו וואָלסט געלעגן אין נאָקאַוט.

— ניאַניע, — האָט אַ בעט געטאָן וועווקע, — גיס מיר אָן נאָך אַ קאַפּעלע.

ער האָט גענומען באַם ברודער די גלאָז. אויף די פֿינגער פֿון דער רעכטער האַנט האָט זיך באַ אים אָנגעזען אַ טאַטויִרונג — 1935 — דאָס יאָר פֿון זײַן געבוירן ווערן. אין שול איז וועווקע צו דער צײַט ניט געגאַנגען — די מילכאָמע האָט געשטערט. איז ער שפּעטער געווען אין זײַן קלאַס עלטער מיט אַ פּאָר יאָר פֿון די איבעריקע שילער. קוים דערשלעפּט ביזן פֿינפֿטן קלאַס, האָט ער די שול פֿאַרלאָזט. אַרבעטן האָט אים עפּעס אויך ניט מעסוקן געצויגן, אָבער די יונגע קויכעס דאַרף מען דאָך ערגעץ אַהינטאָן. און מיט קויעך, דאַרף מען זאָגן, האָט אים גאָט ניט באַליידיקט: אויף אַ געוועט האָט וועווקע געקאָנט אַרונטערקריכן אונטער זײַן טאַטנס אייזל און אים אויפֿהייבן, ווי יענע גיבוירים אין צירק. דאָס יאָ. אויף דעם האָט אים געסטײַעט אי סייכל, אי כּיישעק. פֿאַרשטייט זיך, אַז מיט אַזעלכע טאַלאַנטן איז וועווקע גיך געוואָרן דער ערשטער גיבער אין דער מאַהאַלאַ ציגײַניִע, וווּ ער האָט געוווינט. אין די פֿאַרנאַכטן, בעשאַסן שפּאַצירן אויפֿן היגן „בראָדוויי" (אַזוי האָט געהייסן באַ די כעוורע דאָס אַספֿאַלטירטע שטיקל פֿלאַץ אין צענטער פֿון דער שטאָט, ווּהין עס איז זיך צונויפֿגעגאַנגען קימאַט די גאַנצע שפּאַנאַ פֿון די געסלעך), האָבן אים שטענדיק באַגלייט פֿון ביידע זײַטן אַ פּאָר כעווּרע פֿון זײַן קאָמפּאַניע. ציגײַניִע איז געוואָרן זײַן נאַכלע, אַזוי צו זאָגן. דאָרט איז ער געווען אַ גאַנצער באַלעבאָס.

אויב עמעצער פֿון דער שכײַנישער מאַהאַלאַ „טיִאָסע" האָט זיך דערלויבט אָנרירן אַ פּאַצאַן פֿון ציגײַניִע, האָט וועווקע געוווּסט, וואָס מע דאַרף טאָן ווײַטער. געוויינלעך האָט ער געטאָן אָט וואָס: פֿאַרנאַכט גייט וועווקע אַרויס אויפֿן „בראָדוויי", אַרומגערינגלט מיט זײַן שיינער סוויטע, און באַגעגנט דאָרט מישקען מיטן צונאָמען פּאַשאַ — דעם ערשטן שלעגער איבער דער מאַהאַלאַ „טיִאָסע". מע באַגריסט זיך. מע וואַרפֿט זיך איבער מיט אַ פּאָר ווערטעלעך און אַזוי, דערעכאַגעוו, גיט וועווקע אַ זאָג:

— פֿע, פּאַשאַ... — און בלײַבט שווײַגן.

— וואָס זשע הייסט דײַן „פֿע"? — פֿרעגט שוין באַ אים מישקע.

— דאָס הייסט, פּאַשאַ, אַז צווישן דײַנע שלעגער האָט זיך פֿאַרפּירט אַ פּוליוגאַן.

— אַ פּוליוגאַן?

— יאָ, יאָ, פּאַשאַ! אָן עמעסער פּוליוגאַן. גיב אַליין אַ קוק אויף דער כּסימע, וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אויפֿן פּאָרטרעט פֿון מײַן יונגן פֿרײַנט.

און וועווקע גיט אַ ווונק מיטן קאָפּ אויפֿן באָכער פֿון אַ יאָר פֿופֿצן־זעכצן. אונטערן לינקן אויג שײַנט באַ יענעם אַ טונקל־בלאָווער פֿלעק.

— ווער זשע איז ער, דער פּוליוגאַן? — פֿרעגט פּאַשאַ.

— אָט דער־אָ, וואָס קוקט מיט איין אויג אויף קאַווקאַז, און מיטן אַנדערן — אויף אַרזאַמאַס.

מישקע פּאַשאַ דרייט אויס דעם קאָפּ צום קאָסאָקע באָכער פֿון זײַן סוויטע, באַטראַכט אים אַ ווײַלע פֿון קאָפּ ביז די פֿיס.

— ליאָנטשיק קאָסאָי? — כּידעשט ער זיך, — איך קאָן זיך גאָר ניט פֿאָרשטעלן אַזוינס! ער איז דאָך שטיל, ווי אַ שעפּעלע.

— זאָל איך דײַן שעפּעלע אָפּשערן די קוטשערעס, צי דו וועסט עס אַליין טאָן?

און וועווקע איז שוין גרייט צוגיין צו דעם קאָסאָקע באָכער. מישקע שטעלט אים אָבער באַלד אָפּ:

— איבער מײַנע שפּעפּלעך בין איך דער פּאַסטעך, — און װײַטער שױן מיט אַ פֿרײדלעכן טאָן: — עפּשער װאָלטן מיר דעם שמועס פֿאַרענדיקט בײַ גרישע גרוזינען? בײַ אַ גלאָז װײַן װעלן מרי גיכער פֿאַרשטײן אײנער דעם אַנדערן. װי מײנסטו, האַ?..

ניט טאָמיד פֿלעגט זיך אָבער אַזאַ באַגעגעניש אָפּן בראָדװײ" פֿאַרענדיקן מיט גוטן. אײנמאָל, בעשאַס אַ בלוטיקן געשלעג, האָט עמעצער פֿון װעװקעס פֿרײַנטלעך אַרײַנגעלײגט אים אין דער האַנט אַ בלײַענעם קאַסטעט. לאַנג ניט געטראַכט, האָט װעװקע דערלאַנגט אײנעם אַ כװורעמאַן מיטן קאַסטעט איבערן קאָפּ. אַזױ האָט ער, װעװקע, אָנגעטראָפֿן דאָס ערשטע מאָל אין טורמע.

אין אַ יאָר אַרום האָט מען אים באַפֿרײַט. אײַנגיכן אָבער האָט מען אים געכאַפּט אױף אַ גנײװע: אַ פֿרעמדער טשעמאָדאַן האָט זיך צוגעקלעפּט צו זײַנע הענט. איצט האָט מען אים שױן פֿאַרמישפּט אױף דרײַ יאָר. אין דער צײַט איז פֿאַר כאַרפּע און װײטיק געשטאָרבן זײַן מוטער. אומגעקערט האָט ער זיך אַהײם מיט אַ „בלאַטנאָי דיפּלאָם" — אַזױ האָט װעװקע זיך געכאָכמעט. יאָ, נאָך װאָס דער טאַפּ װערט צוגעברענט, מיט דעם שמעקט ער.

צװישן אַלע באַלעגאָלעס אין שטאָט איז לײב געװען דער אײנציקער באַלעגאָלע, װער ס'האָט פֿאַרמאָגט אַן אײזל. מע קאָן אַפֿילע זאָגן, אַז לײבס אײזל איז געװען דער אײנציקער אײזל אין בעלץ. דעריבער זאָלט איר, כאַלילע, ניט מײנען, אַז לײב מיט זײַן אײזל האָבן געהאָרעװעט װײניקער פֿון יענע באַלעגאָלעס, װאָס האָבן געהאַט פֿערד, אָדער אַז לײבס שװײס איז געװען ניט אַזױ געזאָלצן, װי בײַ זײ. אָבער באַרישע כאָכמעלעך האָט ער געמוזט אױסהערן אַ פֿולן זאַק. פֿונעם ערשטן טאָג אָן, בײס לײב האָט זיך באַװיזן אין שטאָט מיט זײַן אײזל, אָן אײַנגעשפּאַנטן אינעם װעגעלע, האָט זיך צו אים צוגעטשעפּעט דער צונאָמען „לײב־אײשאַק".

דעם אײזל האָט ער אױסגעדונגען בײַ אײנעם אַ מאָלדאַװאַנער אױפֿן אונטערשטן מאַרק, װוּהין עס פֿלעגן אין די זונטיקן זיך צונױפֿפֿאָרן פּיהענדלער פֿון די אַרומיקע דערפֿער. אױפֿן אונטערשטן מאַרק, האָט מען געטריבן קאַטאָװעס, קאָן מען קױפֿן װאָס פֿאַר אַ בעהײמע מע װיל, אַפֿילע די, װאָס גײט אױף צװײ פֿיס.

פֿאַרשטײט זיך, אַז קעדײ עפּעס קױפֿן, דאַרף מען האָבן אױף װאָס צו קױפֿן. אַנדערש געזאָגט, װער עס האַלט די בײַטש אין דער האַנט, דער טרײַבט דאָס פֿערדל. פֿאַר דער מילכאָמע האָט לײב געהאַט אי אַ בײַטש, אי אַ פֿערד מיט אַ װאָגן. אָבער װעגן דעם איז הײַנט ניטאָ װאָס צו רײדן. דאַנקען גאָט, מ'איז אַלײן געבליבן גאַנץ. עפּעס מוז מען דאָך עסן. דערצו איז צו יענער צײַט גע־בױרן געװאָרן איציק. נאָך אַ מױל, װי מע זאָגט. זאָל אַפֿילע זײַן ניט קײן מױל — אַ מײַלעכל, אָבער שױן מיט אַ פּאָר צײנדלעך, װאָס װילן אױך קײַען.

די ערשטע צײַט נאָכן אומקערן זיך פֿון דער עװאַקואַציע האָט לײב זיך אומגעדרײט אין מאַרק מיט אַ װעגעלע אױף צװײ רעדער. דאָס װעגעלע האָט ער אַלײן צונױפֿגעקלאַפּט און זיך אַלײן אין דעם אײַנגעשפּאַנט. אײנעם געבראַכט צו פֿירן אַ זעקל קאַרטאָפֿליעס פֿונעם מאַרק, דעם צװײטן — אַ שאַפֿע, אַ טיש מיט בענקלעך. אַלײן פֿאַרגרוזעװערט, אַלײן געשלעפּט און אַלײן אַרײַנגעטראָגן אין שטוב. עס רעדט זיך נאָר אַזױ, אַז לעבן אַ שװערן װאָגן איז גרינג צו גײן צופֿוס. פֿון גײן צופֿוס רײַבט מען זיך אָן בלוטיקע בלאָטערס. יאָ, אָן אַ פֿערד איז לײב געלעגן גוט אין דער ערד.

קױם אָפּגעשפּאָרט אַ ביסל געלט (פֿון זיך אָפּגעריסן, פֿון דער קראַנקער העניען, פֿון די קינ־דער), איז ער אין אַ זונטיק אַראָפּגעגאַנגען צום אונטערשטן מאַרק. לאַנג קװאַטשען די בלאָטע האָט ער ניט געדאַרפֿט — באַלד פֿאַרשטאַנען, אַז פֿאַר זײַנע אָפּשפּאָרעכצן װעט ער קײן גרױסע מעציע ניט קריגן. מײלע, עפּשער װעט אים אָפּגליקן אין אַן אַנדער זונטיק. כאָטש װען װעט ער נאָך זײַן, דער אַנדערער זונטיק? עס שמעקט שױן מיטן װינטער. מע דאַרף עפּעס צוגרײטן, אָנטאָן די קינדער, װעגן זיך און העניען איז שױן ניט שײַעך צו רעדן. האַקיצער, דאָס געלט װעט זיך צעגײן אײנס־צװײ.

מיט אָט די שװערע געדאַנקען האָט לײב זיך אָפּגעשטעלט לעבן אַ מאָגערן מאָלדאַװאַנער אין אַ שעפּסענער קוטשמע אױפֿן קאָפּ. אײגנטלעך, האָט אים ניט דער מענטש צו זיך צוגעצױגן, נאָר דער קלײנער אײזל, װאָס איז שטיל געשטאַנען לעבן דעם באַלעבאָס און זיך געריבן מיט דער מאָרדע אין זײַנע פֿיס. אינעם קישלאַק, װוּ לײב האָט זיך געראַטעװעט מיט זײַן מישפּאָכע, איז אַן אײזל קײן כאַריפֿעס ניט געװען, אָבער דאָ, אױפֿן צאָפֿן מאָלדאַװיע...

— מײ, מאָשולע, — האָט לײב אַ פֿרעג געטאָן אױף מאָלדאַװיש, — װוּ האָסטו אים גענומען?

— לאַנג צו דערצײלן! — האָט אַ בורטשע געטאָן דער באַלעבאָס פֿונעם אײזל. לײב איז, אפֿאַ־נעם, געװען ניט דער ערשטער אין מאַרק, װער ס'איז צו אים צוגעשטאַנען מיט אַזאַ פֿראַגע.

— װאָס זשע האָסטו פֿון אים?

— ברינזע מיט סמעטענע!

לײב האָט זיך צעלאַכט און גלאַט אַזױ, צוליב אינטערעס, געפֿרעגט:

— װיפֿל זשע װילסטו פֿאַר דער כײַע?

דער מאָלדאַוואַנער האָט אָנגערופן זײַן פּרײַז. אַ טרייסל געטאָן מיט דער קוטשמע, האָט ער צוגעגעבן:

— קויף, מענטש, וועסט צום אייזל ניט דערלייגן. ווו געפינסטו נאָך אַזאַ אייזל?

— יאָ, דאָס ביסטו גערעכט, מאָשולע. נאָך אַזאַ מעציע איז שווער בײַ אונדז צו געפינען...

און ווידעראַמאָל, צוליב אינטערעס, האָט לייב אָנגערופן זײַן פּרײַז. און אַזוי, בעשאַסן דינגען זיך, האָט לייב געטראַכט צו זיך אַליין: „צוריקגערעדט, פֿאַרוואָס זאָל איך דעם אייזל ניט קויפן? פֿאַרשטייט זיך, אַן אייזל איז ניט קיין פֿערד, אָבער פֿאַרט בעסער, איידער אַליין זיך אײַנשפּאַנען אינעם וועגעלע, טאַקע יאָ ווי אַן אייזל. ער איז גערעכט, דער מאָלדאַוואַנער, כ׳וועל צום אייזל ניט דער־לייגן...״

אַהין־אַהער, לייב האָט זיך אײַנגערעדט און אײַנגערעדט דעם באַלעבאָס פֿונעם אייזל. אַזוי איז דער אייזל געוואָרן לייבס אייזל, און לייב איז געוואָרן אין שטאָט לייב־אישאַק.

איציק דער שוסטער איז געזעסן אין זײַן שוסטער־בײַדל, וואָס שטייט אין מאַרק, ניט ווײַט פֿונעם טויער, און האָט געאַרבעט. אָנגעטאָן אין אַ טונקל־בלאָען פֿאַרטעך אויף דער בעזקאָלירקער שוין אָפּ־געבליאַקעוועטער מײַקע, האָט ער געהאַלטן צווישן די פֿיס אַן אײַזערנע קאָפּיטע און אויף דער קאָפּיטע איז געווען אַרופֿגעצויגן אַ קירזאָווער שטיוול. די אויפֿגעטרענטע נאָז פֿונעם שטיוול האָט ער אָנגע־שפּאַרט אין זײַן בויך. מיט דרײַ פֿאַרגרעבטע פֿינגער האָט ער יעדעס מאָל אַרויסגעשלעפּט פֿונעם בלעכענעם קײַלעכדיקן שאַכטל (אַמאָל האָבן זיך דאָרט געבאָמבלט צוקערקעס) אַ פּאָר קליינע צוועקלעך, צוגעטראָגן צום מויל, פֿאַרקוועטשט זיי צווישן די ליפּן, און דערנאָך שוין גיך און גע־שיקט אַרויסגעכאַפּט אַ צוועקל נאָך אַ צוועקל. דאָס העמערל האָט געקלאַפּט, און אויף דער שוואַרצער גומענער פּאָדעשווע האָבן זיך אויסגעשטעלט זילבערנע קעפּלעך פֿון צוועקלעך, ווי רעגן־טראָפּנס. די אַרבעט האָט אין איציקס הענט געברענט.

וועוועקע, וואָס איז מיט אַ פּאָר מינוט צוריק אַרײַנגעגאַנגען אין בײַדל, האָט מאַמעש ניט גע־קאָנט אָפּרײַסן דאָס אויג פֿונעם ברודערס הענט.

— האַ, — האָט ער ענדלעך אַרויסגעבראַכט אויף דער צונג, — מיט אַזוינע הענטלעך איז פּאָשעט אַ מעכײַע צו גאַנווענען!

ניט אויפֿהייבנדיק דעם קאָפּ, האָט איציק בייזלעך אַ בורטשע געטאָן:

— ביסט שוין ווידער געקומען נאָך געלט? קיין קאָפּיקע וועל איך דיר ניט געבן!

וועוועקע האָט זיך מיט אַ זיפֿץ צוגעזעצט לעבן דעם ברודער אויף אַ קליין בענקעלע. דאָס פּאָנעם זײַנס האָט זיך אים מיטאַמאָל אויסגעצויגן:

— אײַ, איציע, איציע. ווען עמעצער הערט אונדז, וואָלט ער געמיינט, אַז ניט איין מאַמע האָט אונדז געהאַט.

— די מאַמע טשעפּע ניט! — האָט אָפּגעהאַקט איציק. — דו מיט ניאַנצען האָבן איר געגוג בלוט פֿאַרצאַפּט.

— אַוואַדע, — האָט וועוועקע זיך ביטער צעשמייכלט, — דו ביסט בײַ איר שטענדיק געווען דער סאַמע געראָטענער און דער סאַמע טײַערסטער. דאָס מיזיניקל אירס. כ׳בין אָבער ניט צוליב דעם צו דיר געקומען...

און וועוועקע האָט ווידער אַרויסגעלאָזט אַ שווערן זיפֿץ.

— עפּשער האָסטו באַשטימט סאַפּקאָלסאָף ווערן אַ מענטש? — איציק האָט אויף אַ רעגע אויפֿ־געהויבן דעם קאָפּ. מיטן בליק האָט ער ווי דורכגעשטאָכן דעם ברודער אויף דורך און דורך, אָקוראַט אַן אָל אַ שטיק לעדער. — און עפּשער האָבן דיר זיך אויסגעריבן דײַנע קאַזיאָנע באַקאַנטשעס?

וועוועקע האָט אַ קוק געטאָן אויף די פֿיס און מיט אַ קרום שמייכעלע געענטפֿערט:

— ניין, ברודערל, מײַנע שיכעלעך האָבן אַ גרויסע מײַלע — זיי רײַבן זיך בײַ מיר קיינמאָל ניט אויס.

— וואָדען!.. דו זיצט מער, איידער דו גייסט!..

וועוועקע האָט שווײַגנדיק צוגעשאָקלט איציקן מיטן קאָפּ. אין אַנדערס מאָל וואָלט ער אים שוין לאַנג אוועקגעשיקט וואָס ווײַטער, איצט אָבער האָט ער אויסגעהערט דעם קלענערן ברודער מיט געדולד.

ווען יענער האָט פֿאַרענדיקט, האָט וועוועקע שטיל, מיט אַ פּלוצעמדיקער טרער אין קאָל געזאָגט:

— הער זשע, איציק. ס׳איז אַצינד ניט די צײַט צו פֿירן מאַכלויקעס. מע דאַרף זיך שטאַרקן...

דאָס העמערל אין איציקס האַנט איז געבליבן הענגען אינדערלופֿטן.

— דער טאַטע... — האָט וועוועקע זיך שוין געשטיקט מיטן וואָרט, — אונדזער באַטיע...

— וואָס בעבעסטו אַזוינס?.. כ׳האָב אים דאָך הײַנט אינדערפֿרי געזען. גערעדט מיט אים...

וועוועקע האָט נאָר צעפּירט מיט די הענט.

— אַ־דאָס איז עס, ברודער...

אפן נידעריקן טישל האָבן זיך ענג געדריקט איינס צום אנדערן שאכטלעך טעקס, פלעקלעך, א סלאָי פאַפּ, א פּאָר קליינע אָפּצוועגעס, דער שוסטער־מעסער מיטן לעדערנעם פארשמאָלצעוועטן שיידל. דאָ און דאָרט האָבן זיך געוואַלגערט שטיקלעך וואקס מיט אײַנגעשניטענע און איבערגעקרייצטע דינע פּאסן־שפּורן פון דראטווע. בא דער זײַט אף א שמאָלער פּאָליצע האָבן זיך אויסגעשטעלט אין א ריי שוין פאַריכטע שיך, שטיוול, שטיוועלעך...

איציק האָט אף א רעגע פארהאלטן דעם בליק אפן ברודער און פלוצעם, ווײַבעריש פארברעכנדיק די הענט, זיך א לאָז געטאָן צו דער אָפענער טיר. איבערשפּאַנענדיק איבערן טישל, האָט ער סע פארטשעפּעט מיט א פוס, און אלץ, וואָס ס׳איז אף דעם געווען, האָט זיך א שיט געטאָן אפן דילעכל.

ווערוקע האָט, ניט אײַלנדיק, פארשלאָסן דאָס שוסטער־בײַדל.

א פארלוירענער, מיט אויגן, אײַנגעטונקען אין צאַר, איז איציק ארײַנגעלאָפן אהיים צום טאטן. די שווארצע האָר אפן קאָפּ האָבן זיך אים צעקודלט, זיך צעשויבערט און זיך געקלעפּט צום פארשוויצטן שטערן.

פונעם צווייטן צימערל איז אים ארויסגעגאנגען אנטקעגן ניאָניע. מיט אויסגעשטרעקטע פאריאָסעמטע אָרעמס, האָט ער זיך א וואַרף געטאָן צו איציקן.

— אוי, ברודער מײַנער! אז וויי איז אונדז!... — האָט געכליפּעט ניאָניע. — א שיין שפּיצל האָט אונדז אָפּגעטאָן דער טאטע — געמאכט דרײַ קינדער פאר קײַלעכיקע יעסוימים!

איציק איז געשטאנען א דערהארגעטער.

— כ׳קאָן ניט... כ׳קאָן ניט ארײַנגיין אהינצו... די פיס פאָלגן מיך ניט. גאָטעניו, ערשט איינדערפרי געזען אים!.. וויאַזוי איז עס געשען?



ניאַניע האָט אַ קוק געטאָן אַריבער איציקס אַקסל צום עלטערן ברודער, וואָס האָט זיך שטילינ־קערהייט אַרײַנגעשטעלט אין צימער.

— וויאַזוי? — האָט איבערגעפרעגט ניאַניע. די אייגעלעך האָבן אים אָנגעהויבן צו לויפן. — וועוקע... וועוקע איז דעמלט געווען אינדערהיים. ער וועט דיר שוין אַליין אַלץ דערציילן.

איציק האָט זיך אויסגעדרייט צום עלטערן ברודער. יענער — די הענט אין די קעשענעס — איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אינעם אושאַק פון דער טיר.

— פאַרשטייסט, איציק, — האָט וועוקע אָנגעהויבן פונדערווײַטנס, — אַלץ איז פאָרגעקומען אַזוי גיך, אַז כ'האָב אַפילו ניט באַלד פאַרשטאַנען, וואָס עס קומט פאָר. ער איז געקומען אַהיים, אויסגעשפּאַנט דעם אייזל אין הויף, אַרײַנגעפירט אים אין שטאַל, און דערנאָך זאָגט ער מיר: „עפּעס טוט מיט זייער ווי דער קאָפּ".

וועוקע איז אַנשוויגן געוואָרן. געמאַכט אַ פּאָר שפּאַן איבערן צימער.

— וואָס זשע שווײַגסטו? ניט צי באַ מיר דעם מאַרך פון די ביינער.

— נו אָט... האָב איך אים געזאָגט: „עפּשער, טאַטע, וועל איך דיר דערוואַרעמען די יויך?" און וועוקע איז ווידער אַנשוויגן געוואָרן.

— ווײַטער! — האָט איציק זיך קוים אײַנגעהאַלטן. די טרערן זײַנען אים שוין געשטאַנען אין די אויגן.

— וואָס זשע דען טו איך?.. האַקיצער, איך בין געגאַנגען דערוואַרעמען די יויך, און פּלוצעם הער איך אַ כריפּעניש. כ'לויף אַרײַן אין צימער — עס ווערט מיר פינצטער אין די אויגן. דער טאַטע ליגט אויף זײַן דיוואַנדל, די הענט צונויפגעלייגט אַפן בויך, די נאָז פאַרשפּיצט, דאָס מויל...

— טאַטע! ליבער טאַטע! — האָט איציק איבערגעשלאָגן דעם ברודער און מיט אַ יאָמערלעכן געשריי זיך אַ וואָרף געטאָן אין צווייטן צימערל.

בייס די צווי ברידער זײַנען אויך אַהין אַרײַנגעגאַנגען, האָבן זיי געטראָפן איציקן זיצן אויף אַ בענקל לעבן דעם שמאָלן דיוואַנדל. אָן אײַנגעהויקערטער, האָט ער אַרײַנגעצויגן דעם קאָפּ אין די אַקסלען און זיך געשאָקלט הין און הער, ווי אַ פרוי.

מיט דער קויטיקער פּאָלע פונעם פאַרטעך האָט ער צעשמירט די טרערן איבערן פּאָנעם און געזאָגט מיט אַ פאָרוווּרף:

— קיין בעסערער לײַלעך האָט זיך שוין אין שטוב ניט אָפּגעזוכט? געפונען מיט וואָס איבער־צודעקן דעם טאַטן!

וועוקע און ניאַנצע האָבן געשוויגן. דערנאָך האָט ניאַנצע זיך אָנגערופן:

— איציק, מע דאַרף עפּעס טאָן. און געלט, ווי דו ווייסט...

— הער מיך אויס, איציע, — האָט שוין וועוקע גערעדט ווײַטער, — האַלט זיך אין די הענט. מע דאַרף באַהאַלטן אונדזער באַטיען, ווי עס פירט זיך באַ לײַט.

— אוי, טאַטע! — האָט זיך געקלאָגט איציק, — אויף וועמען האָסטו מיך איבערגעלאָזט? צוליב וועמען האָסטו דאָס גאַנצע לעבן דײַנס געהאָרעוועט, די ליכטיקע שײַן ניט געזען, ניט דערשלאָפן און ניט דערעסן? צוליב די קאָרטנשפּילער און שווינדלערס! נאַט, טרינקט פון מיר אויך דאָס בלוט! וויפל דאַרף מען געלט?..

— כ'מיין, אַז זיבעציק רובל וועט זײַן גענוג.

איציק האָט זיך אופגעהויבן פונעם בענקל, אַרויסגעשלעפּט פון דער הינטערשטער קעשענע דעם צעבאַרשטן בײַטל און אָנגעהויבן אָפּציילן די צעקנייטשטע קאַרבאָוואַנצעס.

אין דער צײַט האָט זיך פון דרויסן דערהערט אַ געסקריפּ פון אַ פורל און דער באַלעגאָלע האָט אויסגעשריגן:

— טר־ר־ר! בלײַב שוין שטיין, אַ רוען אין דײַן טאַטן אַרײַן!

איציק איז געבליבן שטיין, גלײַך ווי די ווערטער וואָלטן געקערט צו אים.

— ווער איז דאָרט? — האָט ער אַ פרעג געטאָן. דאָס קאָל זײַנס האָט געציטערט.

ניאַנצע האָט זיך צוגעשאַרט נעענטער צו וועוקען, ווי געוואָלט זיך פאַרבאַהאַלטן הינטער זײַן ברייטער פּלייצע.

— ד'הערסט דער ניט אַליין? ווער נאָך קאָן אַזוי שעלטן זײַן אייזל, כוץ אונדזער טאַטן — לעבן זאָל ער ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר!

ווי נאָר ניאַניע האָט דאָס אַרויסגעבראַכט אויף דער צונג, האָט זיך אַפן דיוואַנדל אַ ריר געטאָן דעם מעס. פון אונטערן צעקנייטשטן לײַלעך האָט זיך אַרויסגעשטופּט אַ פאַרוואַקסן פּאָנעם מיט אַן איבערגעקלאַפּטער נאָז. דזשאָן האָט אויסגעזען אַ צעמישטער.

— איציק, זאָלסט ניט מיינען... דאָס האָבן זיי צוגעטראַכט.

— פּאַדלאָנקעס! — האָט אַ זאָג געטאָן איציק און איז אַרויסגעגאַנגען פונעם צימערל. שוין באַ דער טיר האָט אים אַ וואַקל געטאָן.

דער אַלטער לייב, האַלטנדיק די בײַטש אונטער דער פּאַכווע, האָט אויסגעשפּאַנט דער אײזל.

— עפּעס ביסטו הײַנט צו פרי געקומען אַהיים, — האָט געזאָגט לייב צום זון. — ס'איז עפּעס, כאָלילע, געשען?

— יאָ, טאַטע. איך בין געקומען אויף דײַן לעווײַע.

— אויף מײַן לעווײַע? כ'בין נאָך, דאַנקען גאָט, אויף די פיס.

— דײַנע גוטע זונדעלעך האָבן דיך שוין אָבער איבערגעפּעקלט אויף יענער־וועלט. פאַר זיבעציק רובל...

לייב האָט גאָרנישט ניט פאַרשטאַנען.

— מײַן פוס וועט דאָ מער ניט זײַן! — האָט שוין געשריגן איציק.

— וואָס איז דאָ געשען, איציק?..

— פרעג בא זיי.

עד האָט א מאַך געטאָן מיט דער האַנט און איז אַרויסגעגאַנגען פונעם הויף.

אין צען מינוט אַרום האָט לייב אַרײַנגעקוקט אינעם שטאַלכל. אַפּגעשאָטן פונעם זאַק א שיסל האָבער, האָט ער זי אונטערגעשטעלט אונטער דעם אײזלס מאָרדע.

— ווי געפעלט עס דיר, האַ? — האָט לייב זיך אָנגערופן צום אײזל. — ווילע צוויי קינדער, איאַ? א גוטע טרייסט אויף דער עלטער?.. א לעבעדיקן טאַטן באַגראָבן...

דער אײזל האָט א פּיר געטאָן מיט די אויערן. ווען ער וואָלט געקאָנט רעדן, וואָלט ער, מיסטאָקע, געזאָגט: „דײַנע קינדער, דײַנע זאָרגן!"

— ווערט איר אַלע צעזעצט! — האָט מיט כּעס פאַרענדיקט לייב.

ער האָט זיך שווער אַראָפּגעלאָזט אויפן קלאָץ, וואָס איז געשטאַנען פאַרוקט אין א ווינקל. דער קאָפּ האָט אים טאַקע אָפּגענומען ווי געטאָן. דערצו האָט נאָך געקוועטשט באַם האַרץ.

— אײַ, וועווקע, אײַ, ניאָניע, מײַנע צוויי שטיינער אויפן האַרצן!..

אין דער צײַט זײַנען וועווקע, ניאָניע און דזשאָן געזעסן אַלע דרײַ באַם טיש און פאַרטרונקען מיט ווײַן דעם דורכפאַל פון זייער אָפּעראַציע.

ניאָנצע האָט מיט א קוויטשיק קעלכל עפּעס געזונגען, אונטערשפּילנדיק זיך אויף דער גיטאַרע.

— ווער פאַרשטומט! — האָט אים בייז איבערגעשלאָגן וועווקע.

ער איז געזעסן אָן אָנגעכמורעטער. אָנגעשפּאַרט זיך אינעם טיש מיט די עלנבויגנס, האָט ער אַרומגעכאַפּט דעם קאָפּ מיט זײַנע צוויי גרויסע ברייטע דלאָניעס.

פאַרשפּילט! — האָט ער א זאָג געטאָן ווי צו זיך אַליין. — פאַרשפּילט, און אַ־דאָס איז עס! ער האָט זיך א צי געטאָן מיט דער האַנט צום פלעשל, ניאָנצע האָט עס אָבער בא אים באַלד איבערגעכאַפּט, אַליין אָנגעגאָסן דעם ברודער, דערנאָך דזשאָנען און זיך.

צווישן די ברידער איז ניאָנצע דער מיטלסטער ניט בלויז לויטן סיידער, אַזוי צו זאָגן, נאָר אַפילע לויטן וווקס, כאַראַקטער, סייכל. מיט איין וואָרט, א מיטלמעסיק מענטשעלע אַרום און אַרום. בייס וועווקע פעלט אינדערהיים אויס, ציט ער זיך מער צו איציקן. ער אַרבעט מיט אים בעשותפעס אינעם שוסטער־בײַדל. ס'איז אָבער גענוג, אַז וועווקע זאָל זיך אומקערן פון זײַן אָרדנט לעכער „עקספּעדיציע", טרעט שוין ניאָנצע פון אים ניט אָפּ אויף קיין שפּאַן, פירט א העפקערדיק לעבן באַגלײַך מיט אים. וואָס יאָ, א כיטראַק איז ער, א דורכגעטריבענער. פון אַלע וועווקעס שייגע געשעפטלעך שווימט ער שטענדיק אַרויס א טרוקענער. טאַקע ער, ניאָנצע, האָט פאַרקאָכט הײַנט די גאַנצע קאַשע מיטן „טאַטנס טויט", געטאָן האָט ער עס אָבער מיט וועווקעס הענט.

— ערגער זיך ניט, ברודער, — האָט ניאָנצע זיך כאַניפעסדיק צעשמייכלט, — נעכטן פאַרשפּילט, וועסטו הײַנט געווינען! איך דאַרף דיך לערנען, וויאַזוי מע דאַרף שפּילן אין קאָרטן?..

— דאָס גאַנצע לעבן פאַרשפּילט! — האָט א געשריי געטאָן וועווקע. ער האָט אַזוי א קלאַפּ געגעבן איבערן טיש מיט דער פויסט, אַז די גלעזער זײַנען אַזש אונטערגעשפּרונגען. — כאָטש וואָס פאַרשטייסטו אין לעבן, טכוירל!

— וואָס שפּײַסטו מיט אָקרעפּ? אויב דו מיינסט, אַז דעם טאַטן וועט, כאָלילע, עפּעס שאַטן דערפון, האָסטו א טאָעס. פאַרקערט, ווען מע מיינט אויף עמעצן, אַז ער איז געשטאָרבן און עס לאָזט זיך אויס, אַז ס'איז ניט עמעס, איז עס בעפּיירעש זייער א גוטער סימען...

— א סימען פון פישן! — האָט אָפּגעהאַקט וועווקע.

— הער אויף, ברודערל... לאָמיר אויסטרינקען פאַר אונדזער באַטיען! לעכאַים!

דזשאָן, וואָס האָט ביז איצט קיין וואָרט ניט אַרויסגעבראַכט אויף די ליפּן, האָט אויסגעטרונקען דאָס ביסל ווײַן, און די צונג האָט זיך אים צעבונדן.

— דעם עמעס געזאָגט, כעווירע, וואָלט איך קיינמאָל ניט געגלייבט, אַז בא אײַך, יידן, קאָן

אזוינס געשען. צוטראכטן אזא מיַיסע... זאָל איך פּייגערן אפן אָרט, צי עס וואָלט מיר אזוינס געקו־מען אין קאָפּ אריַין.

ניאַניע האָט אים לײַכט א פּאטש געטאָן איבערן ברייטן קארק.

— קעדיי עפּעס זאָל קומען אין קאָפּ אריַין, דושאָן, דארף מען צום אלעם ערשטן פארמאָגן א קאָפּ.

דושאָן האָט זיך געמאכט ניט הערנדיק. די צונג זײַנע האָט געפּלאפּלט וויַיטער:

— איך, אשטייגער, וואָלט זיך לאנג מיט דײַן איציקן ניט געצאצקעט: איין שמײַס מיט מײַן לינקער — און פארטיק! ער וואָלט מיר שוין אליין ארויסגעלייגט די פּאָר רובל, דערצו נאָך מיט גרויס פארגעניגן. אָבער אן אייגענעם פאָטער!.. גרויסע כיטראקעס זענט איר אלע!..

— ניאַניע! — האָט וועווקע איבערגעשלאָגן דושאָנען, — זאָג נאָר דײַן פריַינטל, ער זאָל פאר־מאכן דעם פּיסק!

— גרינגע לעבערלעך זוכט איר! — האָט בעשאסמײַסע געטײַנעט דושאָן. — עמעצן אָפּכיטרע־ווען, פירן בא דער נאָז, ארויסשטעלן אף כויזעק... צו קלוג זענט איר, טאקע דערפאר האָט מען אײַך אזוי ליב אומעטום.

— כ׳בין ניט קיין בארישניע, דושאָן, דו זאָלסט מיך ליב האָבן, — האָט ניאַניע געפּרוווט אויסלאָזן דושאָנס ווערטער אין א שפּאס. — און ביכלאל, לאָמיר בעסער אויסטרינקען פאר פריַינט־שאפט! כ׳זע, עס פארטראָגט דיך שוין אין אן אנדער זײַט.

— זײַ רויִק פאר מיר! איך בין טאָמיד אף דער זײַט, אף וועלכער מע דארף. איך בין א פּאַט־ריִאָט! און איר... אָט, זאָג מיר, אשטייגער, ווו זענט איר אלע געווען בעשאס דער מילכאָמע?

— ניאַניע! — האָט ווידער זיך אָנגערופן וועווקע, נאָר שוין העכער. — פארמאך אים דו דעם פּיסק, אניט...

— וואָס — אניט? — דושאָן האָט זיך אונטערגעהויבן פונעם אָרט. — אין טאשקענט זענט איר אלע געווען גרויסע קנאקערס. יאָ, יאָ, אין טאשקענט!

וועווקע האָט א קריץ געטאָן מיט די ציין. די אויגן האָבן אים זיך אָנגעגאָסן מיט בלוט. ער האָט אָנגעכאפּט דושאָנען פארן העמד. ניאַניע, א דערשראָקענער, האָט זיך א וואָרף געטאָן זיי צענעמען.

— און מיט אזא פּאסקודע ביסטו דער בעסטער פריַינט?! — האָט אויסער זיך געשריגן וועוו־קע. — ביימער וועל איך קאָרטשעווען אין טײַגע, נאָר די זאראזע...

ער האָט פלינק א שלעפּ געטאָן אף זיך דושאָנען, א זעץ אים געטאָן מיטן קאָפּ איבערן פּאָנעם. יענער האָט זיך פארגאָסן מיט בלוט און אָנגעהויבן פאָכען מיט די הענט:

— באלד וועסטו פארזוכן מײַן לינקע!..

ניאַניע האָט זיך דערוויַיל א לאָז געטאָן צו דער טיר מיט א געשריי:

— טאטע, ווו ביסטו? זיי וועלן באלד הארגענען איינער דעם אנדערן!

אין קליינעם פירעקיק פענצטערל פון דער שטאל האָבן דורך די שפּארונעס זיך דורכגעשלאָגן בינטלעך שטראלן. פיצינקע שטיקלעך שטרוי, שטויבעלעך האָבן געשוועבט, פריילעך זיך געבאָדן אין די העלע פּאסן שײַן. לייב איז געזעסן אפן קלאָץ און געשעפּטשעט:

— איַי, וועווקע, איַי, ניאַניע, מײַנע צוויי שטיינער אפן הארצן.

ער האָט דערפילט עפּעס א שווערקייט אפן הארצן, גלײַך ווי טאקע אפּאנעמעסן וואָלט זײַן אלט הארץ צונויפגעדריקט געווען פון ביידע זײַטן מיט צוויי שווערע שטיינער.

אינגיכן נאָך איציקס געבוירן ווערן האָט זײַן העניע געכאפּט עפּעס א פארקילעכץ, אָבער ווי האָט זי דען געהאט ווען זיך אומקוקן אף זיך, אז פונקט אין דער צײַט איז ניאַניע אריַין אין שפּיטאָל מיט א מעסוקענער לונגען־אָנצינדונג. מ׳האָט אים קוים אָפּגעראטעוועט. לייב ווי לייב, נאָר זי, העניע: „ס׳וועט מיר, מירצעשעם, גאָרנישט ניט זײַן, אבי די קינדער זאָלן ניט קרענקען!" און אזוי, צוהוסטנ־דיק, האָט זי געשלעפּט איר וואָגן. שפּעטער אָבער איז דאָס הוסטעלע איבערגעוואקסן אין אן אסטמע, עס האָט איר ניט געסטײַעט קיין לופט. דערצו נאָך די איבערלעבונגען מיט וועווקען... יאָ, ווען עס פאלן די רעדער, פאלט דער וואָגן.

פון דער שטוב האָבן זיך געטראָגן שיקערע רייד, זידלערײַען. גאָטעניו, — האָט געיאָטערט דאָס הארץ, — וואָס זשע זיצט ער אזוי? פארוואָס כאפּט ער ניט די בײַטש און לויפט אהין ניט אריַין? מע דארף דאָך אמאָל צו דעם אלעמען מאכן א סאָף!.."

— איַי, העניע, העניע, — האָט לייב געזאָגט אף א קאָל, — האָב אף מיר קיין פאריבל ניט, כ׳בין דיר זייער מעקאנע. ווי גוט עס איז, וואָס דו האָסט ניט דערלעבט צו אזא ביזאָיען. די לעצטע צײַט — עפּשער קלינגט עס מאָדנע — דערמאָן איך זיך אָפּט אין יענעם זונטיק, בייס מיר זײַנען אלע איינעם געגאנגען אין צירק. עס שטייט מיר מאמעש אלץ פאר די אויגן. יאָ, כ׳האָב געגלייבט

דעמלט, אַז די קינדער װעלן, מירצעשעם, אױסװאַקסן, זיך שטעלן אױף די פֿיס, כאַסענע האָבן און, װער װײסט, עפּשער מיט יאָרן אַרום װעל איך, דער אַלטער לײב־אײַזיק, מיט מײַן אַלטיטשקער זיצן אַזױ־אָ אינעם צירק, אַרומגערינגלט פֿון אַלע זײַטן מיט אונדזערע אײניקלעך. און פֿאַרװאָס טאַקע ניט? אַז מע לעבט, דערלעבט מען, באַרעכהאַשעם... אײַ, נאַכעס פֿון קינדער!

לײב האָט זיך שװער אױפֿגעהױבן. אַ גלעט געטאָן דעם אײַזל איבער דער גריװע.

— קום, מײַן געטרײַער פֿרײַנט... קום אַרבעטן...

פֿונדערװײַטנס, אַלץ העכער און העכער, האָט זיך געהערט, װי עס שפּילט דער צירק־אָרקעסטער. די זון־שטראַלן, װאָס האָבן זיך דורכגעשלאָגן דורך די שפּאַרונעס, האָבן זיך איבערגעפֿלאָכטן אין אַ שמאָל גאָלדן לײטערל. דאָס לײטערל פֿון שײַן האָט געפֿירט אַרױף צום בלױען קופּאָל, װוּהין עס האָט זיך איצט אױפֿגעהױבן אַ שטאַפּל נאָך אַ שטאַפּל, לײב דער באַלעגאָלע. פֿון דרױסן האָט זיך געטראָגן ניאַניעס קװיטשיק קעלכל. לײב האָט שױן אָבער אױף דער קװיטשערײַ ניט געלײגט קײן אַכט. די גרױע פֿלײצע פֿונעם אײַזל איז געבליבן העט אונטן, זיך פֿאַרװאַנדלט אין אַ קלײן פּינטעלע, און ער, לײב, איז שױן ניט װײַט געװען פֿון דעם אָרט, װוּ עס האָבן אױף אים געװאַרט העניע מיט דרײַ קלײנע ייִנגעלעך — װעװקע, ניאַניע און איציק.

## דעם טאַטנס טאָג

װירע איז געזעסן באַם קײַלעכיקן טיש און זיך געקװיקט מיט מאָראָזשענע. עס איז איר געװען איצט גוט און פֿרײלעך, און ניט נאָר דערפֿאַר, װײַל זי עסט מאָראָזשענע און אין דרױסן איז הײַנט אַ שײנער זומערדיקער זונטיק און מע דאַרף ניט גײן אין קינדער־גאָרטן. און אױך ניט דערפֿאַר, װײַל פֿאַרן קומען אין קאַפֿע איז זי געװען אין קינאָ און געקוקט איר באַליבטן מולטיק „יאָזשיק אינעם נעפּל". נאָר װײַל סײַ אין קינאָ און סײַ אין קאַפֿע איז װירע געגאַנגען אײנײנעם מיט איר טאַטן. יאָ, יאָ, אײנײנעם מיטן טאַטן! זי האָט זײער ליב דעם טאַטן — אױף קײן קאַפּינקעלע ניט װײניקער אײדער די מאַמע.

דער װײַסער באַנט מיט בלױע שפּרענקעלעך האָט דערמאָנט אַ גרױס באַבעלע, װאָס האָט זיך ערשט אַראָפּגעלאָזט פֿונעם הימל אױף אַ זונרױז און ברײט צעשפּרײט די דורכזיכטיקע פֿליגעלעך. יאָ, גראַדע אױף אַ זונרױז, און ניט אױף קײן אַנדער בלום, װײַל װירעס האָר און אַ זונרױז האָבן אײן פֿאַרב — די פֿאַרב פֿון דער זון. אַזױ האַלט װירעס טאַטע. און נאָך אַ זאַך: דאָס פּאָנעם װירעס איז אײַנגאַנצן באַשאָטן מיט זומער־שפּרענקעלעך: אױ די באַקן, אױ דער שטערן און אַפֿילע דאָס קורנאָסע נעזל אירס.

װירע האָט זיך געקװיקט מיט דער מאָראָזשענע און פֿון האַנאָע געהײדעט אונטערן טיש מיט די פֿיס. דער טאַטע איז געזעסן אַנטקעגן. זײַן פּאָרציע האָט ער שױן פֿון לאַנג אױפֿגעגעסן, און אַרום דעם לײדיקן זילבערדיקן טעצעלע האָט אַרומגעזשומעט אַ נײַגעריקע בין. װירע האָט שױן געװוּסט, אַז פֿון די טראָפּנדלעך זאַפֿט, װאָס די בינען זוכן אױס אין די קװײטן, מאַכן זײ דערנאָך האָניק. די באָבע האָט ניט לאַנג צוריק געבראַכט פֿונעם מאַרק אַ גלעזערן באַנקעלע מיט האָניק און געזאָגט, אַז דער האָניק איז אַ רײנער ליפּע־האָניק. װירע האָט זיך נאָך געװוּנדערט: װאָס הײסט אַ רײנער ליפּע־האָניק? האָט די באָבע איר דערקלערט, אַז די בינען האָבן אים צונױפֿגענומען פֿונעם ליפּע־צװײט. טאַקע דערפֿאַר האָט װירע אַצינד, קוקנדיק װי די בין האָט זיך ענדלעך אַראָפּגעלאָזט אױפֿן ראַנד פֿונעם זילבערדיקן טעצעלע און גענאַשט דאָס, װאָס עס איז איבערגעבליבן פֿון דער מאָראָזשענע, אַ טראַכט געטאָן: „אינטערעסאַנט. װאָס זשע פֿאַר אַ האָניק קאָן זיך באַקומען, אױב די בינען װעלן עסן מאָראָזשענע?.."

פֿון דעם אומדערװאַרטן געדאַנק האָט װירע אַזש פֿאַרגעסן אין איר אײגענער מאָראָזשענע. זי איז געבליבן זיצן, האַלטנדיק דאָס לעפֿעלע אין מױל.

— װאָס איז געשען, װירע? — האָט אַ פֿרעג געטאָן דער טאַטע. — דאָס לעפֿעלע האָט זיך צוגעקלעפּט צו דײַן צינגל?

װירע האָט זיך צעלאַכט, און אױף די טונקעלע גלעזלעך פֿונעם טאַטנס גרױסע זונברילן האָט זי דערזען צװײ לאַכנדיקע מײדעלעך. יאָ, צװײ אַלצײנע לאַכנדיקע מײדעלעך, װאָס טראָגן אײן נאָמען — װירע.

אײנמאָל האָט װירע אָנגעטשעפּעט אױף איר נעזל דעם טאַטנס זונברילן, און אין דער זעלבער רגע האָט זיך דער טאָג פֿאַרװאַנדלט אין אַ פֿאַרנאַכט. דער בלױער הימל האָט אױפֿגעהערט צו זײַן

בלוי, די בלעטער אױף די ביימער און דאָס גראָז — גרין, די רויטע רויזן אױף די קלומבעס — רויט... פּאַשעט אַן עמעסער פּאַרנאַכט, כדטש נעם און לייג זיך שלאָפן. ווירע האָט אָבער באַלד אַראָפּגעכאַפּט די ברילן, און ס'איז ווידער געוואָרן אַ זוניקער טאָג. ווירע קאָן ניט נעמען אין טאָלק: צוליב וואָס טראָגן זיי, די גרויסע, די דערוואַקסענע, זונברילן, ווען אָן די זונברילן איז אַלץ אַרום אַזוי פּאַרביק־שיין?!

דערנאָך זײַנען זיי געגאַנגען אין לונאַפּאַרק. צו זיי אין שטאָט איז געקומען אַ טשעכישער לונאַ־פּאַרק. דער טאַטע האָט געשפּאַנט מיט זײַנע לאַנגע פֿיס, ווירע האָט אים געהאַלטן פֿאַר דער האַנט און איז אונטערגעשפּרונגען לעבן אים אָט אױפֿן רעכטן פֿיסל, אָט אױפֿן לינקן פֿיסל, און דער באַנט, אָדער דאָס געשפּרענקלטע באַבעלע, איז אונטערגעשפּרונגען אױפֿן שפּיץ קאָפּ אינײנעם מיטן מיידעלע.

ווירע האָט איצט געטראַכט וועגן דעם יאָזשיק פֿונעם מולטיק. ער איז געגאַנגען צום בער אױף אימענינעס, און אױפֿן וועג האָט אים פֿאַרכאַפּט אַ נעפּל — אַזאַ ווײַסער און אַזאַ געדיכטער, אַז דער יאָזשיק האָט זיך אַזש אַ ביסעלע פֿאַרלוירן און עפּשער זיך אַפֿילע איבערגעשראָקן. ווען זי, ווירע, וואָלט געווען אױף יאָזשיקס אָרט, וואָלט זי זיך מיסטאַמע אויך איבערגעשראָקן. און וואָס פֿאַר אַ מיידעלע וואָלט זיך ניט איבערגעשראָקן? ווירע האָט מיטאַמאָל אױפֿגעהערט צו שפּרינגען און זיך צוגעדריקט מיט דער באַק צום טאַטנס האַנט. ניין, האָט זי אַ טראַכט געטאָן, ווען לעבן איר איז דער טאַטע, האָט זי פֿאַר קיינעם ניט מוירע. איר טאַטע איז אַ דרייסטער און אַ שטאַרקער! זי האָט אים ליב ניט ווייניקער אױף קיין קאַפּינקעלע, איידער זי האָט ליב די מאַמע.

ווירע האָט פֿאַריסן דעם קאָפּ צום טאַטן, און דאָ האָט אין איר אַ קלינג געטאָן, ווי אַ גלעקעלע, יענץ מאָדנע וואָרט, וואָס זי האָט נעכטן פֿאַרנאַכט דערהערט פֿון דער מאַמען. ווירע איז שוין גע־לעגן אין בעטעלע אינײנעם מיט איר ליאַלקע נאַטאַשקע, און אין אָט דער צײַט האָבן אין קיך די מאַמע מיט דער באָבען וועגן עפּעס גערעדט צווישן זיך. ריכטיקער, גערעדט האָט די באָבע, און די מאַמע האָט מער געשוויגן איידער גערעדט. נאָר איין מאָל האָט זי איבערגעשלאָגן די באָבע און שיר ניט אויסגעשריִען: „וויפֿל קאָן מען לעבן מיט אילוזיעס?!" און זי איז ווידער אַנשוויגן געוואָרן. ווירען איז זייער געפֿעלן געוואָרן דאָס נײַע אומבאַקאַנטע וואָרט. זי האָט עס באַלד אונטערגעכאַפּט און שטילערהייט איבערגעכאַזערט פֿאַר זיך און פֿאַר נאַטאַשקען: „אילוזיעס... אילוזיעס..." מיט דעם דאָזיקן וואָרט אױף די ליפּן איז זי טאַקע אַנשלאָפֿן געוואָרן. אינדערפֿרי האָט ווירע געוואָלט פֿרעגן וועגן דעם בײַ דער מאַמען, אָבער דאָס קלינגעוודיקע וואָרט איז, אַפּאַנעם, באַנאַכט אַרויסגעפֿלויגן בײַ איר פֿונעם קאָפּ.

און אָט איצט האָט זיך עס אומדערוואַרט ווידער אומגעקערט צו ווירען. מע דאַרף באַלד פֿרעגן דעם טאַטן: „וואָס זשע הייסט עס „אילוזיעס"? — האָט אַ טראַכט געטאָן ווירע. — אַניט — וועט עס נאָכאַמאָל ערגעץ זיך אַהינטאָן".

ווירע האָט שוין געהאַט אױפֿגעמאַכט דאָס מויל, אָבער אַנשטאָט „אילוזיעס" האָט זי געמוזט זאָגן „זדראַסטיע", ווײַל גראָד אין דער סעקונדע האָט זיך צו זיי צוגעקאַטשעט, ווי אַ קײַקעלע, איינער אַ מענטש. ער איז טאַקע זייער געווען ענלעך אױף אַ קאָלאָבאָק, נאָר מיט אַ שוואַרצער גע־קרײַזלטער באָרד.

— ווי־אַזוי זשע הייסט דאָס סימפּאַטיש מיידעלע? — האָט דאָס קײַקעלע געפֿרעגט בײַם טאַטן, און אַזוי־ווי געקוקט האָט ער אין דער צײַט אױף ווירען, האָט זי אים שוין אַליין געמוזט ענטפֿערן.

— ווירע.

— וויפֿל זשע איז די סימפּאַטישע ווירע אַלט? — האָט ער ווידער געפֿרעגט בײַם טאַטן.

— איך בין שוין אין דער עלטערער גרופּע! — האָט ווירע געענטפֿערט מיט ווירדע.

זי וואָלט אוודאי געקאַנט דערציילן דעם פֿעטער טאָליען — אַזוי האָט געהייסן דער קאָלאָ־באָק, — אַז זי קאָן שוין לייענען, עמעס, נאָך ניט אַזוי גוט, נאָר פֿונדעסטוועגן ניט אַזוי שלעכט אויך. דערפֿאַר אָבער קאָן זי ציילן ביז הונדערט — גוט און גיך. און נאָך קען זי אױף ענגליש דרײַ ווערטער: גוט מאָנינג, ע דאָל און לאַוו. דער פֿעטער טאָליע האָט זי אָבער מער וועגן גאָרנישט ניט געפֿרעגט. נאָך מער: ער האָט זי שוין אינגאַנצן ניט באַמערקט. געטײַט מיט זײַן קורצן טײַטפֿינגער אינעם קנעפּל פֿונעם טאַטנס העמד, ווי אין אַן עלעקטרישן גלאָק, און דערבײַ יעדעס מאָל איבערגעכאַזערט: „ער איז אַ דעמאַגאָג און אַ קאָניונקטורשטשיק, זאָג איך דיר נאָכאַמאָל!"

„נו אָט, ווידער אומבאַקאַנטע ווערטער, — האָט אַ טראַכט געטאָן ווירע, — עפּשער רעדן זיי, די גרויסע, די דערוואַקסענע, אױף אַן אַנדער שפּראַך?" ווירע האָט אַפֿילע איינמאָל געהערט, ווי די מאַמע האָט געזאָגט דער באָבען: „מיר רעדן מיט אים אױף פֿאַרשיידענע שפּראַכן! מיר פֿאַרשטייען ניט איינער דעם אַנדערן!.." און די באָבע האָט געזאָגט: „און פֿריִער האָט איר יאָ פֿאַרשטאַנען איינער דעם אַנדערן?!" האָט די מאַמע אָפּגעהאַקט: „וואָס עס איז געווען פֿריִער, איז שוין מער ניטאָ — פֿאַרשוווּנדן געוואָרן!.. און ביכלאַל בעט איך דיך, מאַמע, מיש זיך ניט אין מײַן לעבן!.."

און דער פֿעטער טאָליע האָט געהאַלטן אין איין קוועטשן דאָס קנעפּל אױפֿן טאַטנס העמד, און די באָרד האָט זיך בײַ אים אַלץ געטרייסלט... ניין, האָט געטראַכט ווירע, הײַנט וועט



זי שוין אין לונאַפּאַרק ניט טרעפֿן און אױף די גרױסע װײַסע שװאַנען זיך ניט קאַטשען. אַ גאַנצע װאָך געטרױמט אומזיסט און אומנישט. יאָ, די מאַמע איז, דאַכט זיך, גערעכט, װען זי זאָגט דער באָבען, אַז „ביז ער װעט פֿאַרטײדיקן זײַן דיסערטאַציע, װעלן אױסגײן מײַנע בעסטע יאָרן!״ און װירע האָט אַ שלעפּ געטאָן דעם טאַטן פֿאַר דער האַנט.

— באַלד, — האָט זיך אָנגערופֿן דער טאַטע, — באַלד גײען מיר.

און ער האָט זיך סאָפּקאָלסאָף געזעגנט מיטן פֿעטער טאָליען, װאָס האָט אױך דאָס לעצטע מאָל אַ טרײסל געטאָן צו װירען מיט זײַן געקרײַזלטער באָרד:

— זײַ געזונט, סימפּאַטיש מײדעלע װירע!..

דער לונאַפּאַרק האָט געגעבן װעגן זיך צו װיסן שױן פֿונדערװײַטנס. װירע האָט נאָך דערװײַל גאָרנישט ניט געזען, אָבער די ריטמישע מוזיק האָט זי באַלד דערהערט. עס האָט זיך געװאָלט לױפֿן, פֿלי̇ען אַהין, צו די רופֿנדיקע, רײצנדיקע קלאַנגען. דער טאַטע האָט זי קױם אײַנגעהאַלטן.

— אָן מיר זאָלסטו קײן שפּאַן ניט מאַכן! — האָט ער איר שטרענג באַמערקט.

— װאָסי? דו האָסט מורע צו פֿאַרלירן זיך?

די אַטראַקצי̇אָנען — קאָלערלײ קאַרוסעלן, הױדלקעס, בערגלעך, שפּיל־אױטאָמאַטן, לאָטערײען, שיס־גאַלערײען און אַנדערע װוּנדערלעכע זאַכן, װאָס לאָזן קײנעם ניט רוען, סײַ די קלײנע, סײַ די גרױסע — האָבן זיך געדרײט, זיך געהױדעט, זיך געטראָגן אינדערלופֿטן און געיאָגט זיך אױף דער ערד, געזשומעט און געקנאַקט, געפּײַפֿט, געשװינדלט פֿאַר די אױגן, געפֿינקלט אױף דער זון מיט פֿאַרשײדנקאָליריקע פֿאַרבן, און די מעכאַנישע קלאַנגען פֿון די אַטראַקצי̇אָנען האָבן זיך צונױפֿגעמישט מיט די לעבעדיקע היספּײַלעסדיקע קולעס פֿון קינדער, מיט זײער געלעכטער, קװיטשערײַ, פֿאַרכלינענדיקער פֿרײד.

װירע איז געשטאַנען אַן איבעראַשטע. זי האָט ניט געװוּסט, װוּהין פֿרי̇ער צו קוקן, עס האָט זיך איר געװאָלט איצט אַרומכאַפּן די אַלע גרױסע שפּילכלעך און זײ צודריקן צו זיך. אַזױנס פֿילט זי נאָר אױף די אײגענע אימענינעס, װען נאָכן טאָרט מיט דער זיסער גאַזיראָװקע זעצן זיך אַלע קינדער אױס אױפֿן דיל און די מאַמע טראָגט אַרײַן די שײנע מאַטאָנעס, װאָס מ'האָט געשענקט דער אימעניניצע. װירע איז ניט קײן זשאַדינע, און דאָך הײבן בײַ איר אָן אין אַזעלכע רעגעס ברענען די אײגעלעך: דאָס אַלץ איז אַצינד אירס!

דער טאַטע האָט געקױפֿט אין קאַסע אַ גאַנצע סטענגע בלױע בילעטן. ער האָט מיט זײ אַ רײַץ געטאָן װירען, װי מע רײצט אַמאָל אַ קעצעלע.

— פון וואָס זשע הייבן מיר אָן? עפּשער פון אָט דעם לאַקאָמאָטיוו מיט בלויע וואַגאָנדלעך? און עפּשער פונעם אָוטאָדראָם — איך וועל זײַן דער שאָפער, און דו — מײַן פּאַסאַזשיר, האָ?

— ניין! קום אַהין, צו די שוואַנען! — האָט ווירע איבערגעשלאָגן דעם טאַטן, און שוין ניט בעקוויעך זיך מער אײַנהאַלטן, זיך אַ לאָז געטאָן אַליין צו די גרויסע ווײַסע פֿייגל. די שוואַנען האָבן זיך געהוידעט אין אַ ראָד, ענלעכע אײנער אַפֿן אַנדערן, ווי פֿינף שוועסטער פֿון איין מײַסעלע...

ווי נאָך אַ מאָך מיטן קישעף־שטעקעלע, האָט די קאַרוסעל זיך גערירט פֿונעם אָרט און פּאַמעלעך, אַלץ גיכער און גיכער, זיך אָנגעהויבן דרייען. און פּלוצעם האָט ווירע דערפֿילט ווי דער שוואַן, אויף וועלכן זי איז געזעסן, האָט זיך אַ ריס געטאָן אין הימל — אַריבער טויזנטער קעפּ, וואָס האָבן זיך פֿאַריסן אַרויף און ווי פֿאַרגליווערט געוואָרן אויף אַ רגע, און נאָר דער טאַטע האָט צו איר געמאַכט מיט דער האַנט, וואָס האָט געדאַרפֿט הייסן: „קער זיך גיך אום צוריק, מײַן טײַער טעכטערל!..” און ווירע האָט אים אויך אַ מאָך געטאָן מיט דער האַנט: „אַוודאי וועל איך זיך אומקערן! צו דיר, צו דער מאַמען, צו דער באָבען...”

דאָס וואַרעמע ווינטל האָט איר געגלעט דאָס פּאָנעם, געשויבערט די האָר, און דער באַנט, דאָס דורכזיכטיקע באַבעלע, האָט געפּאַכעט מיט די פֿליגעלעך, געפּאַכעט און איז מיטאַמאָל אַוועקגעפֿליגן. ווירע האָט אַרומגעכאַפּט דעם שוואַן פֿאַר זײַן לאַנגן דינעם האַלדז, פֿאַרזשמורעט די אויגן און געשעפּטשעט צו אים: „אָט וועלן מיר זיך אומקערן צוריק אַהיים, וועל איך דיך באַקאַנען מיט מײַן באָבען, מיט דער מאַמען און מיטן טאַטן. דערנאָך וועלן מיר זיך זעצן צום טיש טרינקען טיי מיט ליפּע־האָניק. און אַלע וועלן מיר רעדן אויף מײַן שפּראַך, און אַלע וועלן מיר פֿאַרשטיין אײנער דעם אַנדערן, ווי פֿריִער, ווען דער טאַטע מײַנער האָט געוווינט אינײנעם מיט אונדז. און יעדער טאָג וועט זײַן אַ לאַנגער זוניקער זונטיק. און עס וועט אונדז אַלעמען זײַן גוט און פֿריילעך. אָדער ווי די גרויסע זאָגן: מיר וועלן אַלע זײַן גליקלעך...”

## וווײַטיק

מיט אַ ווייגעשריי ווערט געבוירן יעדער מענטש אויף אונדזער פּלאַנעט, יעדער דאָר.

מײַן דאָר איז געבוירן געוואָרן אין יענעם יאָר, ווען דער 20־טער יאָרהונדערט האָט איבערגעטראָטן די שוועל פֿון זײַן צווייטער העלפֿט. די גיפֿטיקע שוואַרצע כמאַרעס פֿון דער פֿאַרגאַנגענער מילכאָמע האָבן זיך פּאַמעלעך צעווייעט. נאָר מיר, די ייִנגעלעך פֿון די „גאָלדענע פּופּציקער”, באַוואָפֿנט מיט הילצערנע אויטאָמאַטן, ביקסן, פּיסטאָלעטן, וואָס האָבן אַרויסגעשטעקט בא דער זײַט פֿון די קורצע הייזלעך, האָבן נאָך געפֿירט אונדזער מילכאָמע — די סאַמע בלוטלאָזע מילכאָמע אויף דער וועלט.

די בעסטע קינאָפֿילמען, די שענסטע דערציילונגען, ביכלעך זײַנען געווען נאָר יענע, וווּ ס'איז געגאַנגען אַ רייד וועגן דער מילכאָמע. ס'האָט מיך מאַמעש געכידעשט, ווען די מאַמע אָדער די באָבע, דערמאָנענדיק זיך אין יענע ביטערע טעג און נעכט, פֿלעגן מיטאַמאָל אָנשווייגן ווערן, און יעדעס ווינקעלע פֿון דער שטילקייט האָט זיך אָנגעפֿילט מיט זייערע שווערע זיפֿצן. פֿאַרוואָס זיפֿצן זיי? ס'איז דאָך אַלץ אַזוי פֿאַרכאַפּנדיק אינטערעסאַנט!..

יוליאַן טוווים זאָגט ערגעץ, אַז ווען דער מענטש וואָלט ניט געקאָנט זיפֿצן, וואָלט די וועלט דערשטיקט געוואָרן.

פֿון מײַן קינדהײַט האָב איך אויך אַרויסגעטראָגן אַ מאָדנע בענקעניש נאָכן בעסאַראַבער ייִדישן שטעטל מיטן נאָמען מאַרקולעשט. אַלע מײַסעס, וואָס זײַנען געווען פֿאַרבונדן מיט דעם דאָזיקן שטעטל, האָבן געקלונגען, ווי קישעף־מײַסעלעך. מײַן באָבע, אַלעאַהאַשאָלעם, האָט זיי מיר דערציילט קימאַט יעדן אָפּדערנאָכט פֿאַרן שלאָף.

יאָ, ס'האָט מיר אָפּגעגליקט, כ'האָב געהאַט אַ לעבעדיקן זיידע מיט אַ לעבעדיקער באָבע. ווייניק־וואָס פֿון מײַנע כאַווירים האָט זיך געקאָנט דערמיט באַרימען. זיי האָבן ניט געזען זייערע באָבעס און זיידעס אַפֿילע אויף אַ פֿאָטאָגראַפֿיע. אויף אייביק זײַנען זיי פֿאַרבליבן ליגן אין די פֿאַרברענטע ייִדישע שטעטלעך, אויסגעגאַנגען פֿאַר הונגער און פֿאַר קעלט אין די געטאָס און לאַגערן, דערשאָסן געוואָרן אויף די וועגן, פֿאַרפּלאָגטע און פֿאַרמאַטערטע, ניט בעקוויעך שוין מער גיין ווײַטער. ניט באַוויינט און ניט באַקלאָגט. צענדליקער טויזנטער נעפֿאָשעס — זקיינים און זקיינעס, קינדער און ווײַבער, — באַגראָבן אַלע אין איין גרוב, אין איין ריוו אָן אַ מאַציייווע און אָן אַ שטיין באַם קאָפּ.

אָנהייב האַרבסט 1941 האָט מען אינעם מאָלדאַווישן שטעטל דובאָסאַר אומגעבראַכט אַן ערעך אַכט טויזנט ייִדן, ווי אויך יענע, וועלכע האָבן געוואַגט אויסבאַהאַלטן אייניקע באַ זיך אין שטוב: מאָלדאַוואַנער, אוקראַיִנער, רוסן. פֿיל מענטשן האָט מען באַגראָבן לעבעדיקערהייט. אָט וואָס עס שרײַבט וועגן דער באַרבאַרישער אַקציע דער מיליטערמאַן אין דעמיסיע באָריס כאַסיק: „איך קאָן ניט זאָגן, אַז דאָס אָרט איז אינגאַנצן פֿאַרלאָזט. יעדעס יאָר קומען אַהער סאָוועטישע מענטשן פֿון די אַרומיקע דערפֿער, פֿון אַנדערע רעגיִאָנען פֿון אונדזער לאַנד. אַדאַנק די באַמיִונגען זייערע האַלט זיך דאָ אונטער אַ מינימאַלע אָרדענונג. עס וווּנדערט אָבער יעדן אָט וואָס: פֿאַר עטלעכע און פֿערציק יאָר האָט זיך אויף דעם אָרט ניט באַוויזן אַפֿילע אַ מעמאָריִאַל־שילדל, וואָס וואָלט דערציילט די קומענדיקע דורות וועגן דער דובאָסאַרער טראַגעדיע“ („סאָוועטסקאַיאַ מאָלדאַוויִאַ, 15 מאַרט 1988).

פֿאַרוואַקסענע, פֿאַרלאָזטע ברידער־קוואָרים פֿון אונדזערע באָבעס און זיידעס, פֿון איבערגעריסענע לעבנס און ליבעס. אַ שטומער פֿאָרוווּרף אונדז, די לעבעדיקע אייניקלעך זייערע. מע זאָגט דאָך, אַז דענקמעלער שטעלט מען ניט צוליב טויטע, נאָר צוליב לעבעדיקע.

ניט לאַנג צוריק האָב איך געהאַלטן אין די הענט אַ דין ביכעלע מיט שוין אָפּגעריבענע געלע זײַטלעך. מ׳האָט עס געפֿונען אין אַ טויט־לאַגער און שפּעטער איבערגעגעבן עס דעם באַוווּסטן ייִדישן דיכטער שמועל האַלקינען. דאָס ביכעלע הייסט „שיר־השירים“. יאָ, ס׳איז עמעס, ווי שטילע בעהיימעס האָט מען אונדז געטריבן צו דער בוינע, אין האַרצן אָבער האָט אין אונדז געקלונגען, עלעהיי אַ טפֿילע, דאָס אומשטערבלעכע געזאַנג פֿון ליבע און פֿון לעבן.

„געדענקען“ און „דענקען“ האָבן איין וואָרצל. די צוויי באַגריפֿן זײַנען צווישן זיך פֿאַרקניפּט און פֿאַרבונדן. אָן זיי הערט דער מענטש אויף צו זײַן אַ מענטש. אין דער ביבל, ווי אַזאַ רעפֿרען, כאַזערט זיך עטלעכע מאָל איבער: „אָט איז דער ייִכעס פֿונעם מענטשן“, קעדיי צו ווײַזן — די גאַנצע וועלט איז איין מישפּאָכע. אַלע שטאַמען פֿון אַדאָמען און כאַוועֶן.

מיט אַ יאָר פֿינף צוריק איז מײַן זיבניאָריק זונדעלע געקומען פֿון דרויסן מיט אַ פֿראַגע אויף דער צונג:

— טאַטע, — האָט ער געפֿרעגט, — איאָ ס׳איז עמעס, אַז ביידע מײַנע זיידעס האָבן זיך געשלאָגן אויף דער מילכאָמע מיט די פֿאַשיסטן?

איך האָב אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ:

— אוואַדע! זיי האָבן דאָך דיר אַליין וועגן דעם דערציילט. געוויזן דיר זייערע אָרדענס און מעדאַלן.

— און סעריאָזשקע האָט איצט געזאָגט, אַז בעשאַס דער מילכאָמע האָבן אַלע ייִדן זיך אויסגעבאַהאַלטן ערגעץ אין טאַשקענט...

פֿאַרשטייט זיך, אַז ניט אין שול האָט סעריאָזשקע געהערט אַזעלכע ווילדע רייד. צוריקגערעדט, בין איך איבערצײַגט, אַז אַפֿילע זײַן פֿאָטער, מיט וועלכן כ׳האָב זיך געלערנט אין איין קלאַס, ווייסט ניט, אַז אַ האַלבער מיליאָן סאָוועטישע ייִדן (אָדער ווי מע רופֿט אונדז איצינד, „ליצאַ יעווריסקאָי נאַציִאָנאַלנאָסטי“) האָבן זיך באַטייליקט אין דער פֿאָטערלענדישער מילכאָמע באַגלײַך מיט זייערע ברידער — רוסן, אוקראַיִנער, מאָלדאַוואַנער, גרוזינער, קאַזאַכן...; אַז קימאַט יעדער צווייטער פֿון אָט דעם האַלבן מיליאָן האָט זיך שוין אַהיים ניט אומגעקערט; אַז הונדערט דרײַסיק ייִדן זײַנען געוואָרן העלדן פֿון סאָוועטנפֿאַרבאַנד, און עלף סאָלדאַטן האָבן באַקומען דעם אָרדען פֿון רום פֿון אַלע דרײַ מאַדרייגעס; אַז דער בירעבידזשאַנער באָכער יויסעף בומאַגין האָט איבערגעכאַזערט אַלעקסאַנדער מאַטראָסאָווס העלדנטאַט; אַז דער קאָמאַנדאַרם פֿון 2־טן ראַנג יאַקאָוו סמושקעוויטש איז שוין אין נײַן־און־דרײַסיקסטן יאָר געוואָרן צוויי מאָל העלד...

און דאָך איז מיר שווער צו באַשולדיקן נאָר מײַן געוועזענעם שול־כאַווער: ניט אים און ניט מיר איז קיינמאָל ניט אויסגעקומען הערן וועגן דעם אויף די לימודים פֿון היסטאָריע.

איצט האָבן מיר זיך דערוווּסט, דאַנקען גאָט, אַז אין דער היסטאָריע פֿון אונדזער לאַנד זײַנען פֿאַראַן „ווײַסע פֿלעקן“. ווי מיט קאַלך פֿאַרשמירט גאַנצע פּרעסקעס פֿונעם געזעלשאַפֿטלעכן און גײַסטיקן לעבן, ליטעראַטור, קונסט, וויסנשאַפֿט. עס וואָלטן אָבער ניט געווען קיין „ווײַסע פֿלעקן“, ווען אין דער זעלבער צײַט וואָלטן ניט געווען קיין „שוואַרצע שאָטנס“, וועלכע האָבן געהאַלטן אין זייערע הענט די אָנראַכמאָנעסדיקע באַרשט מיט קאַלך.

צום גליק, איז ענדלעך געקומען די צײַט אויפֿצושטעלן די פֿאַרקאַלכטע פּרעסקעס, ווי ס׳איז אויך געקומען די צײַט אַרויסצוטרײַבן פֿון אונדזער היסטאָריע אַלע „שוואַרצע שאָטנס“. אַלע נעמען מוזן זײַן אָנגערופֿן: סײַ די ליכטיקע — מע זאָל זיי אייביק געדענקען, סײַ די פֿינצטערע — מע זאָל זיי אויף אייביק פֿאַרגעסן. דעמלט וועלן עפּשער אונדזערע קינדער ניט איבערכאַזערן קיין פֿרעמדע ווילדע רייד און ניט שטעלן אַזוינע פֿראַגעס.

אוואַדע פֿאַרשאַפֿן אונדז גענוג ווייטיק די זאַכן, וועלכע ווערן הײַנט אַנטדעקט און וועגן וועלכע עס רעדט זיך און עס שרײַבט זיך אָפֿן. לאָזט זיך אויס, ס׳איז ניט אַזוי גרינג פֿאָטער ווערן פֿון

פֿיל זאַכן, וואָס האָבן, ווי פּאַראַזיטן־אַנוווּקסן, זיך איינגעזויגן אין אונדזער נעשאָמע, פֿאַרסאַמט אונדזער בלוט. באַזונדערס, דער סאַמע סאַמהאַמאָוועסדיקער אַנוווּקס — די מוירע.

דאָס יאָר 1952 איז אַריין אין דער געשיכטע פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור און קולטור, ווי אַ שוואַרץ יאָר. בערגעלסאָן, פֿעפֿער, מאַרקיש, האָפֿשטיין, קוויטקאָ, נוסינאָוו... מע זאָגט, אַז מ'האָט זיי אַלע צעשאָסן אין איין טאָג — דעם 12־טן אויגוסט. ווער ווייסט פּינקטלעך ווען און וווּ? זיי ליגן אייך באַגראָבן אָן אַ מאַצייווע, אָן אַ שטיין באַם קאָפּ.

ווען מע שלאָגט איבער די פּיאַטעס מיט אַ גומענעם שלאַנג, טוט ווי נאָר יענעם, ווען מע פּייניקט. ווען מע שלאָגט אָבער איבערן אָנדענק מיט אַ שלאַנג פֿון פֿאַרשווייגן, רופֿט זיך עס אָפּ אין די קומענדיקע דוירעס.

ווי אַזאַ מין פֿאַרקריפּלטער מוטאַנט איז אַריין אין אונדזער לעבן פֿון יענער גוטער צייט די נאַציאָנאַלע פֿאַרקאָמפּלעקסירטקייט, אַזוי צו זאָגן. אין סאָף פֿון די זעכציקער יאָרן האָבן זיך אַ סאַך קינדער פֿון ייִדישע מישפּאָכעס אַ לאָז געטאָן נאָכן פֿאַרענדיקן די מיטלשול קיין נאָוואָסיבירסק, טאָמסק, אָמסק, קעמעראָוואָ און אין אַנדערע שטעט פֿון יענע ווייטע קאַנטן נאָך דער הויכער בילדונג. געפֿאָרן מיטן זעלבן וועג, אויף מיזרעך, וואָס זייערע מאַמעס און באָבעס בעשאַס דער עוואַקואַציע. „דאָרט איז גרינגער אָנצוקומען, — האָבן זיך איבערגעשעפּטשעט די עלטערן. — דאָרט קוקט מען ווייניק, ווער דו ביסט“. און אין זייערע אויגן האָט געצאַפּלט די מוירע נאָך פֿון יענע גוטע צייטן.

אויך אין די סאָף זעכציקער — אָנהייב זיבעציקער יאָרן האָבן זיך אַלץ אָפֿטער און אָפֿטער אָנגעהויבן הערן אַנדערע רייד: „נו, דו האָסט נאָך ניט באַקומען אַ וויזאָווע, אַן אַרויסרוף? דו פֿאָרסט נאָך ניט?“ די אַריינגעבראַכטע שוין פֿונעם נאָענטן מיזרעך איליוזיע־זוימען וואָלטן ניט געגעבן אַזאַ גערעטעניש, ווען זיי פֿאַלן ניט אויפֿן באָדן, וואָס האָט אַזוי גוט באַמיסטיקט סטאַלינס טקופֿע און די צייט פֿון סטאַגנאַציע. ס'האָט זיך אָנגעהויבן די אַזויגערופֿענע „פֿאַרייניקונג פֿון פֿאַמיליעס“. פֿאַרייניקנדיק זיך, האָבן זיך ערשט דעמלט אַ סאַך פֿאַמיליעס אָפּגענומען צעשיידט, זיך צעטיילט, זיך צעפֿאַלן. דאָס איז אונדזער ווייגעשריי, אונדזער ווייטיק.

ס'איז ביטער צו הערן פֿון אייניקע, אַז אָט, ווען זיי האָבן און אַנדערע „פֿינפֿטע גראַפֿאַ“ אין פּאַספּאָרט, וואָלטן זיי זיך גרינגער איינגעאָרדנט אויף דער אַרבעט, וואָס איז זיי מער צום האַרצן. גיי זאָג זיי, אַז ס'איז אַן אויסדאַכטעניש, אַז דאָס רעדט אין זיי דער שלימאַזלדיקער קאָמפּלעקס, אַז וויכטיקער איז, וואָס פֿאַר אַ ספּעציאַליסט דו ביסט... צום גרויסן באַדויערן אָבער, טרעפֿן זיך נאָך היינט ניט ווייניק טשינאָווניקעס, וועלכע זיינען צו דער באַרימטער „פֿינפֿטער גראַפֿאַ“ ניט אינגאַנצן גלייכגילטיק. מע טאָר אויף דעם ניט פֿאַרמאַכן די אויגן. אַזעלכע מענטשעלעך פֿון נעכטן שיטן אויך אונטער זייער פֿאַרציע באַמיסטיקונג אויפֿן באָדן פֿון צווישנאַציאָנאַלער רוגזע.

און טוען טוט זיך עס זייער פּאָשעט. אַ פֿיליסטער, וועלכן ס'איז מיט עפּעס ניט געפֿעלן געוואָרן איינער אַ ייִד, וועט אַ זאָג טאָן: „אַלע זיינען זיי אַזעלכע!“ אין שייכעס דערמיט איז קעדיי דאָ ברענגען עטלעכע אויסצוגן פֿון אַ בריוו, וואָס עס האָט אָנגעשריבן דער קאָמפּאָזיטאָר אַרנאָלד שענבערג צו זיין פֿריינט דעם קינסטלער וואַסילי קאַנדינסקי: „פֿאַרוואָס זאָגט מען, אַז אַלע ייִדן זיינען אַזעלכע, ווי זייערע ספּעקוליאַנטן זיינען? מע זאָגט דען, אַז אַלע אַריער זיינען אַזעלכע, ווי עס זיינען זייערע ערגסטע עלעמענטן? [...]

יעדער ייִד ווייזט אַרויס מיט זיין האַרבאַטער נאָז ניט נאָר זיין אייגענע שולד, נאָר אויך די שולד פֿון אַלע האַרבאַטע נעז, וואָס פֿעלן אויס. ווען עס נעמען זיך אָבער צונויף איינעם הונדערט אַרישע פֿאַרברעכערס, קאָן מען זיך דערוויסן פֿון זייערע נעז נאָר וועגן דער ליבע זייערער צו אַלקאָהאָל; אין אַלעם איבעריקן וועט מען זיי האַלטן פֿאַר גענוג באַלעבאַטישע לייט. [...] פֿאַרוואָס זשע דערזעט מען באַלד אין אַ שלעכטן ייִדן ניט קיין פֿאַרדריסלעכע צופֿעליקייט, נאָר עפּעס אַ טיפּישע דערשיינונג?

וואָס האָב איך געמיינזאַמס מיט קאָמוניזם? איך בין ניט קיין קאָמוניסט, און כ'בין קיינמאָל קיין קאָמוניסט ניט געווען. און וואָס האָב איך געמיינזאַמס מיט די זין פֿון ציאָן, וואָס עס קלינגט פֿאַר מיר בלויז ווי אַ נאָמען פֿון אַ מייסעלע פֿון „1001 נאַכט“? וואָס זשע, איך האָב געדאַרפֿט, אויב אַזוי, וועגן זיי אינגאַנצן גאָרנישט ניט וויסן? צי עפּשער מיינט איר, אַז מיין וויסן און מייסטערשאַפֿט האָב איך באַקומען אַדאַנק אַ ייִדישער פּראָטעקציע? אָדער איינשטיין האָט געמאַכט זיין איבערקערעניש לויטן באַשטעל פֿון „זיקניי־ציאָן“?

צו וואָס קאָן ברענגען דער אַנטיסעמיטיזם, אויב ניט צו גוואַלדטאַטן? שוין זשע איז דאָס אַזוי שווער צו פֿאַרשטעלן זיך...“

דער בריוו איז דאַטירט מיטן מיי כוידעש 1923.

מיט צוואַנציק יאָר פֿאַר דעם, אין אַפּרעל 1903, הייבט זיך אָן מיט דער קעשענעווער שכיטע די בלוטיקע געשיכטע פֿון ייִדישע פּאָגראָמען אין רוסלאַנד פֿון אונדזער יאָרהונדערט.

דער געוועזענער אקציזנער סעקרעטאר קרושעוואן — דער גייסטיקער פאטער פון די פאגראמשטשיקעס — רייצט אן מיט זיינע שווארצע שמוציקע ארטיקלען די קריסטלעכע באפעלקערונג פון דער שטאט אף די היגע יידן. דער פאדריאדטשיק פראנין, וואס זעט אין יעדן יידן א קאנקורענט, שטיצט אונטער דאס מיעסע געשעפטל מיט זיין ברייטער קעשענע. און דער נאטשאלניק פון דער קעשענעווער אכראנקע פאן לעווענדאל האלט אין זיינע הענט די ווישקעס פון דער פאגראם־ברישקע, וועלכע עס האט ארייננעשיקט פון פעטערבורג דער מיניסטער פון אינערלעכע איניאנים פלעווע.

די לענינישע „איסקרא" האט געשריבן באלד נאכן פאגראם: „די גראמילעס האבן זיך אריינגעריסן אין די הייזער, גערויבט! געהארגעט די מוטערס, וואס האבן פארשטעלט מיט זיך די קינדער, און די קינדער אליין ארויסגעווארפן דורך די פענצטער פונעם דריטן שטאק... פון די ברישקעס אראפגעשלעפט מענטשן מיט יידישע פנעמער און גלייך אפן ארט געהארגעט זיי און געשלאגן. די יידן פון די הינטערגעסלעך האבן זיך א לאז געטאן אין שטאט, מ'האט זיי אבער געכאפט אף די גאסן און געהארגעט; אייניקע האט זיך איינגעגעבן אנטלויפן אפן וואקזאל און אוועקפארן קיין אדעס. אין אדעס זיינען אנגעקומען גאנצע צוגן מיט האלבנאקעטע יידן, וואס האבן שוין צו צוויי־דריי טעג ניט געהאט קיין ביסן אין מויל... פיל מענטשן האבן נאך ביז היינט ניט אפגעזוכט זייערע קינדער, וועלכע האבן זיך פאר מוירע אויסגעבאהאלטן אין די קעלערס, אין פעסלעך און, ווער ווייסט, מעגלעך, אז זיי זיינען שוין אויסגעגאנגען דארט פאר הונגער. די אייגענע דערקענען ניט די מייסים — אזוי זיינען זיי צעשעדיקט..." („איסקרא", 39, פארן 1 מיי 1903).

ווי אן אורטייל דעם צאריזם, קלינגען לעוו טאלסטאיס ווערטער: „אצינד, נאך די פאגראמען אין קיעוו, האמעל, קעשענעוו, ביאליסטאק, זע איך קלאר, אז אין אלע אומגליקן איז שולדיק די פארברעכערישע מאכט..."

ניין, אין נאציאנאלע צווישנבאציונגען זיינען ניט פאראן קיין קלייניקייטן. דאס פארשוויגן די פראבלעמען, פארמאכן אף זיי די אויגן, פארקאלכן די געשיכטע פון יעדן פאלק ברענגט צו שוידערלעכע טראגעדיעס. אזעלכע קרושעוואנען און פראנינס זיינען נאך, צום גרויסן אומגליק, היינט אויך דא. זיי פוצן זיך אין נייע קליידער, רופן זיך אן מיט קלינגענדיקע נעמען, אין טאך אבער זיינען זיי די זעלבע — פון נאוואכאדנעצערן ביז דעם לידער פון „פאמיאט" וואסיליעוו. עס הערן זיך די זעלבע אלטע רייד און עס טוען זיך אפ די זעלבע אלטע טועכצן. צו זיי און צו אזעלכע, ווי זיי, האבן א דירעקטע שייכעס לונאטשארסקיס ווערטער: „פאגראמען — דאס איז א פארברעכן, וועלכע די מענטשהייט וועט קיינמאל ניט מויכל זיין, און זאלן די פארברעכנס אויסוואקסן פאר די אויגן יעדעס מאל, ווען עפעס א פאסקודניאק — אן אנטיסעמיט וועט אנהייבן צו פינען, זיך סטארען אנשטעלן דעם ווילן פון די היינטצייטיקע מענטשן, אונדזערע בירגער, אף אט דעם־א וועג".

איך בין געבוירן געווארן אין מאלדאוויע, אופגעוואקסן צווישן מענטשן פון פארשיידענע נאציאנאליטעטן. מיר ווינען אלע אונטער איין הימל, אטעמען מיט איין לופט, טרינקען וואסער פון איין טייך, פון אונדזער דניעסטער, און ניט ווייניקער, איידער בא א מאלדאוואנער, טוט ווי בא א יידן די נעשאמע פאר אלץ, וואס עס קומט פאר בא אונדז.

נאך אין 1837 איז אין דער בעסאראבער גובערניע, סאראקער אויעזד, געשאפן געווארן אף דער ארענדירטער ערד א יידישע ערדהארבעטערישע קאלאניע. דארט זיינען געבוירן געווארן מיינע עלטערזיידעס און זיידעס. דארט זיינען מיינע ווארצלען.

די עקאלאגישע פראבלעמען אין מאלדאוויע, די עקאנאמישע און סאציאלע פראבלעמען זיינען אונדזערע אלגעמיינע פראבלעמען. מע קאן זיי דען צעטיילן אף „דיינס" און אף „מיינס"?

יעדער פאלק — א גרעסערס אדער א קלענערס — קנעט איין אין דער געשיכטע פונעם לאנד זיין טראפן בלוט, שוויס, טרערן. און יעדער פאלק מוז האבן אלץ, קעדיי אנטוויקלען זיין אייגענע נאציאנאלע שפראך, ליטעראטור, קונסט — גלייך בא גלייך.

אויב ס'איז פאראן א געפיל פון נאציאנאלער ווירדע, א געפיל פון נאציאנאלן שטאלץ, איז באגלייך מיט דעם דא אויך א געפיל פון נאציאנאלן ווייטיק. און זאלן די פארשווינדלעך, וואס לעבן נאך מיטן נעכטן, ניט זוכן אין דעם דאזיקן געפיל עפעס אזוינס, וואס עס קאן נאך, כאלילע, „ווידערשפרעכן" דעם היינטיקן טאג. געטוג שוין זוכן אנטשפעניש...

ווען עס טוט עפעס וויי, לויפט מען באלד צום דאקטער. איר געדענקט אוואדע יענעם כוילע שאלעם־אליכעמס. „איך וויל אייך בעטן, — קלאגט ער זיך דעם דאקטער, — איין זאך: איר זאלט מיך אויסהערן. דאס הייסט, ניט די שלאפקייט מיינע זאלט איר אויסהערן — פון דער שלאפקייט וועלן מיר שמועסן שפעטער... ווילן וויל איך, איר זאלט אויסהערן מיך אליין, ווארעם ניט יעדער דאקטער האט ליב אויסצוהערן דעם כוילע..."

די צייט, זאגט מען, איז דער בעסטער דאקטער. הער זשע מיך אויס, נייע צייט.

צייכענונגען — נ א ט א ל י ע   ק א פ ר א נ א ו א



## יִיסראַעל גאָרעליק

געבוירן געוואָרן אין באָברויסק (ווײַסרוסלאַנד) אין 1966. פאַרענדיקט די אָרטיקע מאָלערײַ־שול, געדינט אין דער ארמיי אפן ווײַטן מיזרעך. סטודענט פונעם היסטאָרישן פאַקולטעט פון דעם ווײַסרוסישן מעלוכע־אוניווערסיטעט. וווינט אין מינסק.

### דער בוך באם ייִדישן פאָלק

מע האָט אים געריסן אַף שטיקער.
ער האָט געברענט אין פײַער.
אָבער (און דאָס איז דעריקער)
געבליבן ער איז ווי א נײַער.
מ'האָט אים פון קאַדמוינים געטראָגן
איבער דער גאַנצענער וועלט.
נאָר פונקט ווי א שלונג אין מידבער,
דער סייפער קאָסט מערער פון געלט.

דער סייפער — די שטיינער פון לייפּציג,
פון קאַרמל די טונקעלע בערג,
בערעזעס פון רוסישע וועלדער.
דער סייפער — אַליין די ערד.
דאָס איז די יונגע ליבע,
דאָס איז דער סאַמע פלאַם,
דאָס איז דער קויעך־האַגיבער,
און דאַפקע פון אים איך שטאַם.

געבוירן ער איז אין א פּורע,
געוואַקסן ער איז אין דעם וועג,
שלענגלדיק ציט זיך זײַן שורע
און גאָר אין דער זײַט פירט אוועק.
אין שטילקײַט ער האָט געזונגען,
קיין רו האָט ער ניט געהאַט,
נאָר יעדעס זײַן וואָרט האָט געקלונגען
מיט א שטים פון א יונגן יאַט.

## לייב גונין



געבוירן געוואָרן אין באָברויסק אין 1955, פאַרענדיקט די בריסקער מוזיקאַלישע שול און דעם מינסקער אינסטיטוט פון קולטור, ארבעט אין איינעם פון די באָברויסקער קלובן אלס מוזיקאַלישער אָנפירער.

●

### מײַן געסל

די־וועלט
איז אַף צוויי ווינקלשטיינער געשטעלט:
דער ערשטער איז דער הימל,
דער צווייטער איז די ערד.
כ'טרוים, אז די מויערלעך אין מײַן געסל
זאָלן זײַן שטאַרק, ווי די ערד,
נאָר זאָלן זיי פאַרמאָגן אין זיך א ביסל הימל,
ווי אין די אויסגעטריקנטע אקווארעל־פארבן
פילן זיך טראָפּנס וואַסער.

●

## דמיטרי יושקאָווסקי

# דרײַ מײַסעלעך

## אַ הינטיש לעבן און אַ הינטישער טויט

געלעבט האָט אױף דער וועלט אַ הונט. אין אונטערשייד און צו קינע פֿון אַלע אַרומיקע הינט איז ער געווען אַ היימישער. און דערפֿאַר האָט ער געהאַט בעפּיירעש אַ שיין לעבן. עס זײַנען בײַ אים געווען ווײלע און זאָרגנדיקע באַלעבאַטים. געוווינט האָט ער אין אַ ריזיקן הויף, וואָס איז מער געווען אַ פּאַרק, וועלכער האָט זיך צעוואָרפֿן אַרום דעם ראַשיקן באַלעבאַטישן הויז. דעריבער האָט דער הונט געהאַט ווו אַרומצולויפֿן, זיך שפּילן און שטיפֿן. אין איינעם פֿון די ווינקלעך פֿונעם הויף איז געשטאַנען דעם הונטס בודקע, אַ וואַרעמע, אַ געראַמע און אַ ריינע. אַזוי־אַרום האָט דער היימישער הונט געהאַט אויך אַן אָרט, ווו ער האָט געקאָנט גוט און שטיל אָפּרוען.

געהאַדעוועט האָבן אים די באַלעבאַטים פֿונעם פֿולן האַרצן, ניט בלויז ביינער זײַנען געווען זײַן עסן, נאָר אָפּטמאָל פֿלעגט מען אים אונטערוואַרפֿן פעטע שטיקלעך פֿלייש, וווּרשט, קאָטלעטן און אַפֿילע פֿאַרשיידענע נאַשערײַ.

ניט זעלטן פֿלעגט מען אים אַראָפּלאָזן פֿון דער קייט, און ער האָט זיך לאַנג געטראָגן איבערן גאַנצן הויף, און אױף זײַן האַלדז האָט אַרויסגעשײַנט אַ מאַסיווער, מיט אײַזערנע דערנער, האַלדזרימען. אים פֿלעגט מען פֿונעם הונט קיינמאָל ניט אַראָפּנעמען, ווײַל דאָס איז געווען אַ צייכן פֿון דעם, אַז ס'איז אַ היימישער, אַ באַלעבאַטישער הונט.

דער הונט האָט זיך קיינמאָל ניט געפֿילט איינזאַם, די באַלעבאַטים פֿלעגן אים ווידמען אַ סאַך צײַט, זיי האָבן אים דרעסירט, געלערנט גוטע מאַנירן, אַרויסגעפֿירט שפּאַצירן, נאָר בלויז אױף דער קייט. און ווען ס'פֿלעגן צו זיי קומען געסט, פֿלעגט מען אַרויסשטעלן דעם הונט, ער זאָל ווײַזן, אױף וואָס איז ער פֿעיִק. און אַלעמען איז ער געפֿעלן, מ'האָט זיך געפֿרייט, קוקנדיק אױף אים, און מע איז געווען גערירט. נאָך דער אַרויסטרעטונג פֿלעג דער הונט טאָמיד זיך בוקן, און עס זײַנען געווען לעקאָווערד אים אַפֿילע אַפּלאָדיסמענטן. דערנאָך פֿלעג מען אים אונטערטראָגן עפּעס באַזונדערס געשמאַקס, און ער האָט געקאָנט מיט אַ גרינג האַרץ גיין אָפּרוען אין זײַן געמיטלעכער בודקע.

האָקיצער, דער היימישער הונט האָט געהאַט אַ זעלטענעם מאַזל. אַזוי האָבן געטראַכט אַלע אַרומיקע הינט און האָבן דערבײַ ניט באַהאַלטן זייער קינע. זיי זײַנען מעקאַנע געווען ניט נאָר זײַן לעבן, נאָר אויך זײַן אויסערלעכקײַט, ווײַל, כּוץ אַלץ, איז ער געווען וווּנדערבאַר שיין. ער האָט געהאַט לאַנגע העל־ברוינע האָר, געווען אַ גרויסער און אַ שטאַרקער, האָט געהערט צו אַ זעלטענער פּאָראָדע. צווישן זײַנע צוויי, אַפֿילע ניט־הינטיש שיינע און גוטע אויגן האָט זיך אויסגעטיילט אַ ווײַס פּאַסיקל. ס'איז געווען דעם הונטס צירונג. נאָר באַזונדערס האָבן אים צוגעגעבן אַ כשיוועסדיקן אויסזען די טאָמיד שטאַרצנדיקע אויערן, גרויסע און אָנגעשפּיצטע. און דער האַלדז־רימען, וואָס איז טאָמיד געווען אױף אים אָנגעטאָן, האָט אים געמאַכט נאָך שענער און מעכטיקער. אַלע אַרומיקע הינט האָבן געקאָנט נאָר טרוימען וועגן אַזאַ קויעך, שיינקײַט און ווירדע.

נאָר איינמאָל, אין טיפֿן האַרבסט, האָט דעם הונט געטראָפֿן אַן אומגליק. ס'איז געווען אַ בייזער וועטער, וועגן וועלכן מע זאָגט געוויינלעך: אַ גוטן באַלעבאָס וועט אַן אווירע זײַן אַ הונט אין דרויסן אַרויסלאָזן.

און דער היימישער הונט איז געווען גראָדע אין דרויסן, געלעגן אין זײַן בײַדל, אין וועלכן ער האָט זיך צום ערשטן מאָל דערפֿילט שלעכט און ניט־געמיטלעך. אַ פֿאַרדומפּענער ווינט האָט אים דורכגענומען דורך די שפּאַלטן פֿונעם בײַדל. ער האָט זיך ניט געקאָנט געפֿינען קיין אָרט,

פארקראָכן ערגעץ אין א ווינקל, זיך צונויפגעדרייט אין א בייגל, זיך צונויפגעקוועטשט, אָבער ס'האָט אים נישט געקאָנט אָפּראַטעווען ניט פון דער קעלט, ניט פונעם בייזן ווינט און ניט פון אומעט און שרעק, וואָס האָט אים ארומגעכאַפּט. ער האָט געציטערט, ווי א בלאַט אפן בוים, געקריצט מיט די ציין. אפילו זײַנע שיינע מאַכנאַטע האָר האָבן אים ניט פארטיידיקט פונעם פארשאָלטענעם ווינט.

פלוצעם האָט דער הונט דערפילט א שטאַרקן ווייטיק אין האַלדז. דער האַלדז־רימען מיט די אײַזערנע דערנער איז געוואָרן אומדערטרעגלעך שווער. צום ערשטן מאָל האָט דער הונט אזוי דײַט־לעך דערפילט זײַן וואָג, וועלכע האָט אים קימאַט ניט געלאָזט דעם קאָפּ אופהייבן. אָבער אפילו אָן דעם איז דער ווייטיק אויך געווען עפּעס ווילד־שטאַרק. ער האָט דערפילט, אז די הויט אונטערן האַלדז־רימען ברענט בא אים, און האָט ניט געקאָנט פארשטיין, צי דער רימען אליין האָט אים אָנגע־ריבן דעם האַלדז, צי די אײַזערנע דערנער האָבן צופעליק פארשאַפט אזא ווייטיק. פלוצעם האָט ער דערפילט א ניט־באַקאַנטן פאַר אים רייעך, א פּריקרע־זיסן און שנײַדיק־פּוילן. ער האָט א קערעווע געטאָן די מאָרדע א ביסל אָפּ צוריק און האָט דערזען, ווי פון אונטער זײַן פּרעכטיקן האַלדז־רימען פאַלן אראָפּ אף דר'ערד שווערע טונקל־רויטע טראָפּנס. בלוט! איינגיכן איז ארום אים אפן דיל פונעם בײַדל שוין געווען א רויטע לוזשע. דער רייעך פון דער לוזשע איז געווען אף אזויפיל ניט אָנגענעם, אז דער שטאַרקער קילער ווינט, וועלכער האָט אים א ביסל צעזייט, איז געווען פארן הונט ווי א מאַטאָנע פון גורל, אניט וואָלט ער פּאָשעט דערשטיקט געוואָרן.

און עס דאַכט זיך דעם הונט, אז ער גייט שוין אויס, אז איינײנעם מיט די לעצטע טראָפּנס בלוט אַנטרינען פון אים זײַנע לעצטע קויכעס. און אָט ליגט ער, א שיינער און א מעכטיקער, ליגט אין א קויטיק־רויטער לוזשע, און אלע ארומיקע הינט, בא וועלכע ער פלעג אמאָל ארויסרופן אזויפיל קינע, שטייען און קוקן אף אים פון הינטער דעם ריזיקן פּאַרקן. אייניקע זעען צו זײַן גסיסע גאַנץ גלײַכגילטיק, אנדערע פרייען זיך אָפן, אָבער דאָס שרעקלעכסטע איז, וואָס אף קיין איינער פון זייערע מיִעסע צורעס איז ניט צו באַמערקן כאָטש א סימען פון ראַכמאָנעס. דער הונט איז ווי פאַר־גליווערט געוואָרן. וויִאזוי איז דאָס שרעקלעך, ווען קיינער, קיין איין לעבעדיקע נעשאָמע, פילט צו דיר ניט קיין שום מיטגעפיל, ווען דו האָלטסט אין איין געזעגענען זיך מיטן לעבן!

אָבער ס'איז נאָך ניט אלץ פארפאַלן, טראַכט ער. ער האָט דאָך גוטע באַלעבאַטים, וועלכע ער האָט טרײַ און ערלעך געדינט דאָס גאַנצע לעבן זײַנס. און ס'קאָן ניט זײַן, אז איצטער, ווען ער



נײטיקט זיך אַזוי אין זייער הילף, ווען בלויז זיי זײַנען בעקויעך צו פֿאַרלענגערן זײַן לעבן, וועלן זיי אים ניט העלפֿן. און אָט דער געדאַנק האָט אים פּלוצעם געשטעלט אויף די פֿיס. באַקעמפֿנדיק דעם שוידערלעכן ווייטיק, דעם אומגעהײַערן ווינט און די מעסוקענע קעלט, האָט ער זיך געצוווּנגען דערקריכן ביז דער טיר פֿונעם ראַשיקן באַלעבאַטישן הויז, לאָזנדיק נאָך זיך אַ לאַנגן בלוטיקן שפּור.

אָבער די באַלעבאַטים האָבן אינגאַנצן פֿאַרגעסן וועגן אים. די צײַט איז שוין געווען אַ שפּעטע, און מיסטאָמע זײַנען זיי שוין פֿון לאַנג געשלאָפֿן און געזען דערבײַ זיסע און אָנגענעמע חלומות... דער הונט האָט פֿון די לעצטע קויכעס אָנגעהויבן קלאַפּן מיט אַ לאַפּע אין דער מאַסיווער הילצערנער טיר פֿונעם גרויסן באַלעבאַטישן הויז, אָבער אומזיסט. זיי האָבן אים סײַווי ניט געהערט. פֿון פֿאַרדראָס האָט ער אָנגעהויבן בילן און וואָיען, אָבער דאָס איז מער ענלעך געווען אויף אַ הינטישן געוויין. אינווייניק האָט בא אים אַלץ געיאָמערט און געציטערט. דער אינווייניקסטער ווייטיק האָט איבערגעשטיגן די אויסערלעכע לײַדן. די קויכעס זײַנען געווען שוין אויסגעשעפּט. פֿילנדיק זיך הילפֿלאָז און נעבעכדיק, האָט ער זיך אַנידערגעזעצט אויף דער שוועל פֿונעם באַלעבאַטישן הויז און אָנגעשפּאַרט די מאָרדע צו דער טיר. אַפֿילו קיין איין קלאַנג האָט זיך פֿונעם הויז ניט דערטראָגן צו אים.

דער הונט האָט זיך שוין געזעגנט מיטן לעבן... ער האָט קיינמאָל ניט געטראַכט, אַז זײַן סאָף וועט זײַן אַזוי זינלאָז און שענדלעך, אַז ער, וועלכער איז טאָמיד געווען זאַט און אָנגעוואַרעמט, געפֿירט אַזאַ ראַשיק הינטיש לעבן, איז געווען דער שטאָלץ פֿון זײַנע באַלעבאַטים, וועט פּאַשעט אַזוי פֿייגערן, און שוין...

ער האָט צוגעמאַכט אויף אַ ווײַלע די אויגן, זײַן לײַב האָט אופֿגעהערט ציטערן, אַפֿילו דאָס בלוט האָט אויף אַ רעגע אופֿגעהערט צו רינען פֿון זײַן האַלדז, און אַ מין אומבאַקאַנטער קויעך האָט אין אים אַרײַנגעזעצט אַפּסנײַ מוטיקײַט און קראַפֿט. ער האָט דערפֿילט, ווי זײַן לײַב פֿילט זיך אָן מיט דערקוויקנדיקע זאַפֿטן. טראָץ דעם מעשוגענעם ווינט, וואָס האָט ניט געלאָזט שטיין, האָבן זײַנע פֿיס ווידעראַמאָל דערוואָרבן אַ שטאַנדהאַפֿטיקײַט. און דער קויעך פֿון אינווייניק האָט אים געטריבן: גיי צום פֿײַערל, ס'איז דײַן רעטונג!

און אין איינער אַ רעגע האָט ער זיך אַ ריס געטאָן פֿון דער קייט, איבערגעשפּרונגען דעם הויכן פּאַרקן און אָנגעהויבן מיט אַן אומגעצוימטן לויף זיך טראָגן צום פֿײַערל. אָבער דאָס פֿײַערל האָט זיך אַלץ דערווײַטערט פֿון אים. דער שטורעם אין דרויסן איז געוואָרן אַלס אַכזאָריעסדיקער, דער ווייטיק אין האַלדז איז ווידעראַמאָל געוואָרן אומדערטרעגלעך, און דער הונט איז ווידער געפֿאַלן פֿון די פֿיס...

אינדערפֿרי האָט זיך דער שטורעם אײַנגעשטילט. די באַלעבאַטים האָבן זיך געכאַפּט און געזוכט דעם הונט. און זיי האָבן אים געפֿונען אַ טויטן, ניט ווײַט פֿון זייער הויף. ער איז געלעגן אויסגעצויגן אויף דער ערד. אין אַ טונקעלער טרוקענער לוזשע, מיט רויִק פֿאַרמאַכטע אויגן. אַ שוואַך ווינטל האָט געשויבערט זײַנע העל־ברוינע האָר, אויף זײַן האַלדז, אַזוי ווי טאָמיד, האָט אַרויסגעשײַנט דער האַלדז־רימען מיט אײַזערנע דערנער, און פֿון אַלע זײַטן זײַנען געלאָפֿן צו דעם אָרט די אַרומיקע הינט...

## עלעגיע פֿון אַ פֿאַרגעסענער ערד

ס'איז געווען אַמאָל אַ לאַנד, אַ שיינס און אַ וווּנדערבאַרס. מע דאַרף עס ניט זוכן אויף דער מאַפּע — איר וועט עס סײַווי־סײַ ניט אָפּזוכן, אַפֿילו אויף דער סאַמע עלטסטער מאַפּע. מיסטאָמע האָט דאָס לאַנד עקזיסטירט נאָך דעמלט, ווען קיין מאַפּעס זײַנען נאָך ניט געווען ביכלאַל. אָבער פֿונדעסטוועגן איז עס געווען און האָט געלעבט.

אַ ברייטער טײַך, וואָס האָט געפֿליסט איבער דעם לאַנדס ראַכוועסן פֿון מיזרעך אויף מײַרעוו, האָט עס צעשפּאָלטן אויף צוויי טיילן. און קיינער האָט ניט געקאָנט באַנעמען, ווער האָט עס אַזוי פֿאַראָרדנט, אַז דיביידע טיילן פֿונעם לאַנד זײַנען געווען ניט גלײַכווערטיק. דאָרעמדיק פֿונעם טײַך איז געווען אַ קאַנט פֿון דורכויסיקער בליִונג. דאָרט זײַנען געווען אָן אַ שיר טאָלן, בעשעפֿע און

געדיכט אָנגעוואָרעמט מיט דער צאַרטער און גנעדיקער זון. די ערד אין די טאָלן איז באַדעקט געווען מיט פֿרעכטיקע געוויקסן, ניט בלויז מיטן געוויינלעכן גרינוואַרג, נאָר אויך פֿון אַלע קאָלירן און שאַטירונגען פֿלעפֿנדיקע בלומען און אומענדלעכע רייען פֿון פֿאַרשיידענע מיניםביימער. דאָס איז געווען אַ מאַיעסטעטיש פֿילפֿאַרביקער טעפּיך, און די פֿאַרבן פֿונעם טעפּיך זײַנען געווען לויטערע, לעבעדיקע און פֿריילעכע. און פּונקט אַזאַ איז געווען דאָס לעבן פֿון די מענטשן, וועלכע האָבן דאָרט געלעבט אין וווּנדערלעך שיינע שטעט און מאָלערישע דערפֿער. און אומעטום האָבן דאָרט געהערשט שאָלעם און ווױלזײַן.

אַ פֿולער הייפּעך צום דאָרעם איז געווען יענער טייל פֿונעם לאַנד, וועלכער איז געלעגן צאָפֿנדיק פֿונעם טײַך. דאָס איז געווען אַ שטיינערנער מידבער. אַ פֿאַרוויסטע, אויסגעברענטע און אויסגעמאַטערטע ערד איז אויך געווען ווי אַ טעפּיך, אָבער אַ מאָנאָטאָנישער, אין געלבלעך־גרויע טענער. דאָ איז ניט געווען קיין פֿלעק, וועלכער האָט געקאָנט כאָטש אַ ביסל טרייסטן דאָס אויג. אינעם טויטן מידבער האָט קיינער ניט געלעבט, אַפֿילע כײַעס, וועלכע ווינען געוויינלעך אין אַ וויסטעניש, האָבן ניט געקאָנט אויסהאַלטן די ווילדקייט פֿון אָט דעם מידבער. גאָרניט לעבעדיקס האָט ניט געוואַגט זיך אַפֿילע דערנעענטערן צו דער דאָזיקער פֿאַרשאָלטענער ערד, ווײַל ס'האָבן דאָרט אומופֿהערלעך געבלאָזט שרעקלעכע ווינטן, און אין גראָוון אַלטערטום פֿלעגט מען גלייבן, אַז נעמלעך דאָרט ווערן געבוירן געפֿערלעכע ווירבל־שטורעמס, וואָס טראָגן זיך איבער דער וועלט ווײַט פֿון זייער געבוירן־אָרט און טוען זייער שוואַרצע אַרבעט. פֿרומע מענטשן האָבן געהאַלטן, אַז דאָס איז אַ היים פֿונעם טײַוול, אַ פֿאַרקערפּערונג פֿון אַלע טונקעלע און בייזע קויכעס. און פֿון טאָמיד איז דער מידבער געווען פֿאַר די מענטשן אײַנגעהילט אין גאָלע סוידעס.

יענע, וואָר עס האָט געלעבט אינעם שיינעם קאַנט, דאָרעמדיק פֿונעם טײַך, פֿלעגן אָפּטמאָל אײַנגאַנצן פֿאַרגעסן, אַז דער צאָפֿן־ברעג איז אויך אַ טייל פֿון זייער ראַכוועסדיקן לאַנד. פֿיל דוירעס האָבן דאָרט אָפּגעלעבט, אָבער באַ קיינעם אַפֿילע איז ניט געבוירן געוואָרן אַ פֿאַרלאַנג צו פֿאַרייניקן דאָס לאַנד. פֿאַר לאַנגע יאָרהונדערטער האָט קיינער ניט געשטרעבט אויב ניט באַהערשן, טאָ כאָטשבי דערלערנען דעם פֿאַרדאָרבענעם מידבער, אַנטדעקן זײַנע רעטענישן און זײַן רײַכטום און מאַכן אים אונטערטעניק דעם מענטשן.

די צײַט איז געלאָפֿן האַסטיק. אויפֿן דאָדעם פֿונעם לאַנד האָט, ווי געוויינלעך, געברויזט אַ גליקלעך און געבענטשט לעבן. מענטשן האָבן זיך געפֿרייט, געליבט און געבראַכט אויף דער וועלט יעדן טאָג נײַע בירגער. און אין איינעם אַ שיינעם טאָג איז געבוירן געוואָרן אַ ייִנגל, וואָס איז געוואַקסן ווי אַלע קינדער. אין אַ צײַט אַרום איז עס שוין געווען אַ פֿײַנער באָכער, אַ שיינער און אַ שטאַרקער. פֿון זײַנע צוויי גרויסע אויגן האָט געשפּריצט אַ מעכטיקע קראַפֿט, וועלכע עס פֿאַרמאָגן בלויז יונגע באַגײַסטערטע מענטשן. דער באָכער איז געווען אַ טרוימער, ווי מע זאָגט, געפֿלויגן אין די וואָלקנס, פֿאַנטאַזירט און געבויט לופֿט־פּאַלאַצן. דערפֿאַר פֿלעג ער אָפּטמאָל אַרויסרופֿן שפּאָט פֿון אַרומיקע מענטשן און ניט זעלטן זײַן אין אומגנאָד.

אָבער טראָץ אַלץ, איז ער געבליבן אַ פֿײַנער, ניט אַזאַ, ווי אַנדערע, פֿון אַנדער טייג געקנאָטן. ער איז געווען באַלאָדן מיט אַ וווּנדערבאַרער פֿעיִקייט, אין כאָלעם האָט ער געקאָנט זיך אויפֿהייבן אַ סאַך העכער איבער דער ערד, אַרופֿליִען אין אַן אַנדער וועלט, אין אַ וועלט פֿון שטערן און וואָלקנס. פֿון דאָרט, פֿון די הימלישע פּאַלאַצן, האָט ער געקאָנט אַרומקוקן די ערד און אירע אײַנוווינער מיט זייערע מײַלעס און כעסרוינעס. אין טיף פֿונעם האַרץ זײַנען אַ סאַך מענטשן מעקאַנע געווען דעם „פֿליִענדיקן" באָכער, ווײַל זיי איז ניט באַשערט געווען זיך אויפֿהייבן איבער דער ערד... בלויז ער, אָט דער שיינער און שלאַנקער יונג, איז געווען געבענטשט מיט אַזאַ קויעך.

דער יונג האָט געהאַט אַ שעם אומעטום אין דאָרעם פֿונעם לאַנד. אַלע פֿלעגן אים דערקענען נאָך פֿונדערווײַטנס לויט זײַן באַזונדערן סימען: פֿון דער פֿריִער יוגנט אָן האָט זײַן שוואַרצן קאָפּ מאַמעש צעטיילט אויף צווייען אַ שמאָלער פּאַס פֿון גראָוולעכע האָר. דאָס דאָזיקע פּאַסיקל האָט אים געמאַכט נאָך שענער, ס'איז געווען ווי אַ זילבערנע קרוין איבער זײַן הויכן זון־פֿאַרברוינטן שטערן. גראַדע לויט אָט דער סיבע פֿלעגט מען רופֿן דעם באָכער „גראָווהאָריקער".

אין אים האָט געלעבט אַ רײַזנדער. ער איז דורכגעגאַנגען צופֿוס דעם גאַנצן דאָרעמדיקן טייל פֿונעם לאַנד, און בעשאַס איינער אַ נעסיִע האָט ער דערגרייכט צום ברעג פֿונעם טײַך, וואָס איז געווען די גרענעץ צווישן לעבן און בליִונג און פֿולער פֿאַרוויסטונג און אָפּוועזנהײַט פֿון לעבן. דער באָכער איז אַרויסגעגאַנגען אויפֿן דאָרעם־ברעג, אויפֿגעשטאַנען אין גאַנצן וווּקס און האָט געווענדט זײַן דורכדרינגענדיקן בליק אויף צאָפֿן, אויף יענער ערד, וווּ קיין מענטשישער פֿוס האָט ניט באַטראָטן. און פּלוצעם האָט דער צאָפֿן־ברעג, וועלכער האָט נאָך קיינמאָל ניט געפֿילט אויף זיך אַזאַ דרייסטן בליק פֿון אַ מענטשן, געענטפֿערט באַלד מיט אַ שרעקלעכן ווינטבראָך, וואָס האָט קימאַט ניט אומגעוואָרפֿן דעם באָכער פֿון די פֿיס. דער ווינט האָט אים אין געפּאַטשט אין פּאָנעם מיט אַ האָגל דריבנע זעמדלעך,

שטיינדלעך און שטויב, ער האָט צעשויבערט זײַנע געדיכטע שוואַרצע האָר, אַראָפּגעשלאָגן די גראָווע פּאַסמע אַף זײַן גלאַטן שטערן, ווי אַ שניי אַף דער זומערדיקער ערד. דער ווינט האָט געבלאָזט מיט אַן אַלץ גרעסערער קראַפֿט, ווי ער וואָלט געוואָלט אָנלערנען דעם גראָווהאָריקן פֿאַר זײַן אַזעס, פֿאַר דעם, וואָס ער איז אַרײַנגעדרונגען אין דער הייליקער מעלוכע פֿון ווילדע קויכעס, וועלכע קיינער און נאָך קיינמאָל האָט קיין האָזע ניט געהאַט צו באַאומרויִקן.

אָבער דער באָכער האָט אויסגעהאַלטן דעם שטאַרקן שטורעם פֿון דער צאָפֿן־זײַט און איז גע־שטאַנען אומבאַוועגלעך, ווי אַ צוגעשמידעטער צו דער ערד. זײַן געדולד איז געווען שוין אויסגע־פּרוווט. ער האָט געוווּסט, אַז ער מוז דאָ בלײַבן, אַז ער האָט פּאַשעט קיין רעכט ניט אַוועקלויפֿן פֿונדאַנען אין דער צײַט, ווען קעגן אים האָט זיך פֿאַרמאָסטן אַ בייזער קויעך, וואָס שטרעבט אים אויספּײַניקן.

אינגיכן איז דער צאָפֿנדיקער ווינט געוואָרן שוואַכער, און דערנאָך — אינגאַנצן פֿאַרשווּנדן. דעם יונגס האַרץ האָט אַ ציטער געטאָן, ווײַל ער האָט געזיגט, ער האָט דאָך פֿאַרטיידיקט זײַן רעכט צו שטיין דאָ, ווי אַ גלײַכער, פּאָנעם־על־פּאָנעם מיטן צאָפֿן־ברעג. דאָס איז געווען דער ערשטער שטאַפּל...

דער ווינט האָט אויפֿגעהערט, אַף דער ערד האָט זיך זייער פּאַרזיכטיק אַראָפּגעלאָזט דער בײַנ־האַשמאָשעס, און דעם באָכער איז געוואָרן אָנגענעם און געמיטלעך. ער האָט זיך אַנידערגעזעצט אַף יענעם אָרט, וווּ ער איז געשטאַנען, ניט אָפּרײַסנדיק די אויגן פֿון יענער זײַט טײַך. זײַן בליק האָט זיך געווענדט צו די שפּיצן פֿון בערג און פֿעלדזן, וועלכע האָבן זיך צונויפֿגעגאָסן אין אַ דורכוויסיקער סילועט־ליניע, וואָס איז געווען, ווי ס'האָט זיך אים געדאַכט, פֿון צעוואַשענעם בלויען קאָליר. און דער הימל, וועלכער איז שווער און פֿול געהאַנגען איבער אָט דעם געבראָכענעם האָרי־זאָנט מיט הויכע שפּיצן, קלענערע שפּיצעלעך, מיט גרעסערע און קלענערע פֿאַרטיפֿונגען, איז געווען ווי אַ ווײַסער, לײַכטער לופֿטיקער רויך, וואָס האָט געשוועבט איבערן בלויען סילועט.

דער באָכער האָט פֿאַרטײַעט דעם אָטעם, באַאָבאַכטעט אָט דאָס בילד אַזוי לאַנג, ביז ס'איז אומעגלעך געוואָרן אונטערצושיידן די בלויע האָריזאָנט־ליניע פֿונעם ווײַסן הימלשן צודעק, וואָס האָט באַדעקט דעם צאָפֿנדיקן טייל פֿונעם לאַנד, אַ לעבנסלאָזן און טוידעספֿולן.

די צײַט איז דורכגעלאָפֿן אומבאַמערקט, און ס'איז אָנגעגאַנגען אַ געדיכטע פֿינצטערניש, ס'איז אומעגלעך געוואָרן צו דערזען עפּעס־וואָס. ניט די לעוואָנע, ניט קיין איין שטערן האָבן נישט געוואָלט אין דער דאָזיקער נאַכט אַראָפּלאָזן כאָטש אַ שוואַך ליכטל אַף אָט דער אויסגעמאַטערטער און פֿאַר־דאַרבענער ערד. און בלויז דער ווײַסלעכער רויך האָט פֿאַרגעזעצט צו שווימען ערגעץ ווײַט אין הימל. ס'איז געווען דער איינציקער העלער פֿלעק אין אומענדלעכן יאַם פֿון דורכוויסיקער טונקלעניש.

באַ אַזאַ זעונג איז דער גראָווהאָריקער יונג אָנשלאָפֿן געוואָרן. אָבער אַפֿילע אין כאָלעם האָט ער זיך ניט געקאָנט צעשיידן מיטן בילד, וואָס האָט אים אַזוי צוגעצויגן. ער האָט, ווי געווינלעך, זיך אַרופֿגעהויבן איבער דער ערד און איז איבערגעפֿלויגן דעם ברייטן טײַך. און אָט גייט ער שוין אַרוף אײַנעם מיטן העלן פֿרימאָרגן אַף דער קרעכצנדיקער ערד פֿונעם צאָפֿנדיקן מידבער, ווערט גלײַך אײַנגעטונקען אין ווײַסן רויך, וועלכער וויקלט אַרום אים און אַלץ, וואָס פֿאָרויס אים, מיט אַ צאַרטן און אַפֿילע אָנגענעמען נעפּל. אָבער די בייזע קויכעס, וואָס הערשן אַף אָט דער טויטער ערד, ווילן ניט פּאַשעט אַזוי טיילן מיט עמעצן זייער הערשאַפֿט. זיי שיקן ווידעראַמאָל אָן אַף דעם יונג אַ שטאַרקן ווינט, וואָס וויל אים אומוואַרפֿן פֿון די פֿיס, אויסצערן זײַנע קויכעס, קעדיי אים ניט לאָזן ווײַטער גיין. מיטאַמאָל טוט זיך דער שרעקלעכער ווינט אַ שלײַדער און רײַסט אַראָפּ פֿונעם באָכער זײַן האַלבאַשע. און אָט גייט ער אײנער אַליין, טראָט נאָך טראָט, איבער די שטיינער פֿונעם מידבער, אַ שיינער און אַ קרעפֿטיקער, אַן עכטער גיבער, אײַנגעהילט אין ווײַסן נעפּל. גיין ווערט אים אַלץ שווערער. מיט יעדן טראָט איז ער געצוווּנגען פּאַטערן אַלץ גרעסערע קויכעס, אָבער ער איז דאָך באַרופֿן צו באַהערשן די דאָזיקע מעשוגענע ערד, ווײַל ער איז אַ זון פֿון זײַן לאַנד, פֿון ביידע טיילן, — סײַ פֿון דעם דאָרעם און סײַ פֿון דעם צאָפֿן. גייט ער פֿאָרויס, רײַסט זיך דורך, טראָץ דעם אומגעהײַערן אָנגריף פֿונעם ווינט, וואָס פּאַטשט אים אין פּאָנעם.

פּלוצעם דערפֿילט דער יונג, אַז די מעגלעכקײַטן זײַנע זײַנען סאָפֿקאָלסאָף אויסגעשעפּט, אַז קיין וועג איז ווײַטער ניטאָ און די פֿיס טראָגן אים שוין מער ניט. זײַן באַקעט לײַב פֿילט עקלהאַפֿטע שפּירונגען, ס'ווערט אים שרעקלעך, און ער טוט אַן אומוויליקן קוק אַף צוריק... עס ווערט אים נאָך מער שרעקלעך, ווײַל דאָרט איז אויך אַ ווײַסער נעפּל, ער זעט דאָרט שוין ניט דעם טײַך, ניט דעם דאָרעם־ברעג. און ער הייבט אָן אײַלנדיק לויפֿן אַף צוריק. דער ווינט יאָגט אים נאָך, און ער פֿאַר־שטייט ניט, פֿונוואַנען עס נעמען זיך באַ אים קויכעס אַף אַזאַ גיכן לויף אַף צוריק. און אָט זעט ער שוין דעם פֿאַרנעפּלטן טײַך, אַפֿן האַרץ ווערט אים פֿיל גרינגער, ווײַל ס'ווערט פֿאַרשטענדלעך, אַז ער איז נאָך ניט אַף אַזוי ווײַט אַרײַנגעגאַנגען אין דער טיף פֿונעם שטיינערנעם מידבער. ער



לויפט צו צום סאמע ברעג פונעם טײַך און פאלט מיטן פּנים צו דער ערד, ליגט אזוי אומבאוועגלעך א לאנגע צײַט, דערנאָך הייבט ער אויף דעם קאָפּ און זעט פאַרויס זיך דעם דאַרעמדיקן ברעג, א געדיכט באַגאַסענעם מיט זון, א לעבעדיקן און א בלײַענדיקן.

ס'וואקסט אין אים א פארלאנג איבערפלײַען אהין, אויף דאָרעם, ער שטייט אויף פון דער ערד און באמיט זיך אופהייבן אין דער הייך און ווידעראמאָל אָנקומען אויף יענעם ברעג. ער ציט זיך אויס, הייבט אויף די הענט צום הימל, מאכט עטלעכע טריט, אָבער... ער פליט ניט, די פיס זײַנע ווערן אײַנגעטונקען אין וואסער. ער, וועלכער איז אזוי געווינט צו שוועבן איבער דער ערד, ווי א פויגל, איז ניט בעקויעך זיך אופהייבן אין הימל. עס כאַפּט אים ארום א פּחד, ס'וואקסט אין זײַן הארץ אן אומרו... און דער גראָוּוהאָריקער כאַפּט זיך אויף פון שלאָף.

ס'איז שוין געווען ליכטיק, ס'איז געקומען דער פרימאָרגן. דער באָכער האָט א קערעווע געטאָן דעם קאָפּ און דערזען, אז דאָרט, אפן צאָפן־ברעג, איז אַלץ אזוי, ווי פריִער, ס'הערשט אן אייביקע רו, און אויבן שווימט נאָך אין דער לופט א לײַכטער ווײַסער רויך...

אָבער דער יונג ווייסט שוין, אז איצטער וועט אים ניט לאָזן צורו אָט יענער ווײַטער, אָבער אויך נאָענטער צאָפן־ברעג. ער וועט געוויס צו אים זיך דערקלײַבן, און וואָס ער וועט דאָרט טאָן, ווייסט ער אויך. מע קאָן דאָך ניט לאָזן, אז אויף איין ברעג זאָלן זײַן זון און לעבן און אפן צווייטן — טויט און פינצטערניש...

## באשאַפט זיך ניט קיין אָפּגאָט...

אויף איינעם א ווײַטן אינדזל, א פארלוירענעם ערגעץ אין די אָקעאַן־ראַכוועסן, האָבן געלעבט שיינע און פריילעכע מענטשן. זיי זײַנען געווען באַגאַבטע און פעיִקע, גערן געארבעט, און דערמיט פלעגן זיי שטענדיק פארגרעסערן דעם ווױלשטאַנד פון זייער אינדזל.

די נאַטור האָט זיי רײַך באַשאָנקען מיט אַלדאָס גוטס. דאָ האָט געהערשט אייביקער זומער, און די מענטשן האָבן ניט געוווּסט, וואָס אזוינס איז קעלט. די זון, א הייסע און שעפעדיקע, האָט באַשײַנט דאָס אינדזל פון קאַיאָר ביז שפּעט אָפּדערנאַכט אין מעשעך פון א גאַנץ יאָר. און ווען מע

האָט געהאַרפּט האָבן וואַסער צוליב דער קינפּטיקער גערעטעניש, פּלעג די נאַטור שיקן אַף דער דאַזיקער געליבטער ערד א גוטן רעגן. גייט דורך דער רעגן — ווערט דער הימל איבערן אינדזל ווידעראַמאָל ריין און בלוי. קיין איין וואָלקנדל האָט אים ניט פאַרדעקט.

אַדאַנק אַזאַ מין שיינער און רײַכער נאַטור פלעגן די אײַנוווינער פונעם אינדזל צונויפזאַמלען עטלעכע גערעטענישן א יאָר. און כּוץ דעם, איז פון אַלע זײַטן געווען דער אָקעאַן, די בײַבערגיקע וואַסערן זײַנען רײַך געווען מיט קאָלירלײַ פיש, אַפילע מיט סאַמע זעלטענע. אין די געדיכטע טראָפּישע וועלדער, וואָס האָבן באַדעקט דאָס אינדזל, האָבן געלעבט אָן א שיר פאַרשיידענע כײַעס. האַקיצער, אַליין די נאַטור האָט אַלץ געטאָן צוליב דעם, דער מענטש זאָל קאָנען לעבן אַפן דאַזיקן שטיקל ערד גוט און זאָרגלאָז און באַקומען פונעם לעבן בלויז פרייד און האַנאָע. אָבער איין זאַך האָט זי ניט פאַרגעסן, שאַפנדיק אינמיטן דעם אינדזל א קאָלאָסאַלן פעלדז. ער האָט זיך דערהויבן אַף צענדליקער מעטער און איז געשטאַנען פעסט, ווי א דערקען־צייכן, ווי א לײַכט־טורעם פונעם אינדזל. אָבער סאַמע פון איר, פון אָט דער שטיינערנער הליבע, האָבן זיך אָנגעהויבן אַלע צאָרעס און אַלע אומגליקן פון די מענטשן, וועלכע דער גוירל האָט פאַרוואָרפן אין סאַמע געדיכטעניש פונעם וועלט־אָקעאַן.

ס'זײַנען געלאָפן יאָרן, יאָרצענדליקער, יאָרהונדערטער. אַפן שיינעם אינדזל האָט זיך געביטן ניט איין דאָר מענטשן. יעדער נײַער דאָר פלעג פאַרבײַטן דעם פאַריקן און פירן דעם זעלבן אָרט לעבן: פלאַנצן און זאַמלען די גערעטעניש, כאַפּן פיש, זיך פאַרנעמען מיט געיעג נאָך כײַעס, דאָס לעבן האָט זיך קימאַט ניט געענדערט. אָבער דער מעכטיקער פעלדז, וואָס איז געשטאַנען ווי א שטענדיקער באַאָבאַכטער נאָכן לעבן פון די אינדזל־מענטשן, איז געוואָרן אינגאַנצן אַנדערש. אין משך פון הונדערטער יאָרן האָט ער זיך אויסגעוויטערט און אויסגעקרישלט, און מענטשן האָבן באַמערקט, אַז מיט יעדן יאָר ווערט די שטיינערנע הליבע אַלץ מער ענלעך אַף א מענטשיש געשטאַלט. אין א צײַט אַרום איז עס שוין געווען ניט קיין פעלדז, נאָר א גיגאַנטישער שטיינערנער געץ. דער פעלדז האָט זיך אויסגעקרישלט אַזוי, אַז דער גוילעם האָט פאַרמאָגט א געזיכט, וואָס האָט אָנגעוואָרפן פּאַכעד און שרעק אַף די מענטשן. דעם גוילעמס בייזער פּאַרצעף איז געווען געווענדט צום הימל, און די אויגן זײַנע זײַנען געווען צוויי טיפע לעכער אינעם שטיינערנעם סטויפּ, די דריטע גרויסע לאָך אַפן שפּיץ פעלדז איז געווען דעם גוילעמס מויל. פון זײַן שטיינערנעם געשטאַלט האָבן זיך אַרויסגעטיילט צוויי ריזיקע הענט, וואָס זײַנען געווען אויסגעצויגן מיט די דלאָניעס צו דער ערד. זייער ענלעך איז געווען דער גוילעם אַף א מענטשן, אָבער ער איז געווען אַן אומראַכמאָנעסדיקער, האָט זיך דערהויבן איבערן אינדזל און זײַנע מענטשן, ווי ער וואָלט געווען זייער היטער, זייער ריכטער און זייער טאַליען. די צוויי שטיינערנע הענט האָבן געשאַפן אַן אײַנדרוק, ווי זיי וואָלטן געקאָנט זייער לײַכט באַשטראָפן אָדער באַגנעדיקן פאַר א באַליביקן טאַט פון א מענטשן. דער גוילעם איז געוואָרן דאָס גרעסטע, דאָס באַדײַטנדיקסטע און דאָס מערקווירדיקסטע אַפן אינדזל.

ס'איז דורכגעגאַנגען נאָך א שטיק צײַט, און די מענטשן האָבן אָנגעהויבן קוקן אַפן גוילעם מיט אַנדערע אויגן. זיי האָבן געזען אין אים א געטלעכע קראַפט, א קישעף מיט איבערנאַטירלעכע מעגלעכקײַטן. זיי האָבן פאַרבונדן מיט דעם גוילעמס ווילן זייערע ווונטשן און טרוימען, דערפאָלגן און דורכפאַלן, געזונט און קראַנקהײַטן, מיט איין וואָרט — אַלץ, פון וואָס עס באַשטייט דעם מענטשנס לעבן. און בלויז אים, דעם שטיינערנעם געץ, האָבן זיי געגעבן דאָס רעכט צו לייזן זייערע גויראָלעס, באַלעבאַטעווען איבער זיי און זייער לאַנד. ער איז געוואָרן א גאָט פאַר זיי, און עפּשער אַפילע מער ווי א גאָט, ווײַל גאָט איז קלאָר אומזעבאַר, און אָט דעם אָפּגאָט, א געבוירענעם פון א פעלדז, האָט מען שטענדיק געקאָנט זען פון אַלע עקן פונעם אינדזל.

דער גוילעם האָט פעסט אַרײַנגענומען אין זײַנע שוידערלעכע לאַפּעס די נעשאָמעס פון די מענטשן, זייערע האָפענונגען און זייערע טפילעס. און ס'איז שווער געווען זיי צו מישפּעטן אָדער באַרעכטיקן, ווײַל ס'איז אומעגלעך געווען צו פאַרשטיין, וואָס פאַר א קראַפט עס האָט באַהערשט די אינדזל־מענטשן. אָבער פון יענער צײַט, ווען דער גוילעם איז געוואָרן זייער גאָט, האָט דאָס לעבן אַפן אינדזל זיך אינגאַנצן געענדערט. יעדן טאָג פלעגן די מענטשן אָנהייבן פון א טפילע דעם שטיינערנעם מײַלעך, דעם באַלעבאָס פון זייערע גויראָלעס, און מיט דער זעלבער טפילע פלעגן זיי אויך פאַרענדיקן דעם טאָג.

אויב ס'פלעג זיך בא עמעצן טרעפן עפּעס א סימכע, אַשטייגער, א קינד ווערט געבוירן, צי ס'ווערט עמעצער אויסגעהיילט פון א כאָלאַס, לויפט מען קוידעמקאָל צום שטיינערנעם האַר, קעדיי אים צו באַדאַנקען פאַר דער דאָזיקער פרייד. טרעפט בא עמעצן אַן אומגליק — לויפט מען אויך צום גוילעם, קעדיי אים צו באַדאַנקען, וואָס עס האָט געטראָפן אַזאַ צאָרע, און ניט קיין ערגערע. די אינדזל־לײַט פלעגן אַרויסווײַזן אײנער פאַרן אַנדערן וואָס מער עמונע און טרײַשאַפט דעם אָפּגאָט, און א באַווײַז דערצו איז געוואָרן די גרייס און די צאָל פון זייערע קאָרבאָנעס, וואָס מע

פלעג ברענגען צום גוילעמס צופוסנס. מע איז געווען איבערצייגט, אז ווער עס וועט מענאַדעווען זײַן פאַרן שטיינערנעם געץ וואָס מער טײַערע און שיינע מאַטאָנעס, וועט ער באַקומען פון אים די בעסטע בראָכע און דאָס לעבן זײַנס וועט זײַן גינסטיק און וווּל. און ס'האָבן זיך געצויגן צום גוילעם פון אַלע עקן אינדזל מענגעס מענטשן מיט צאָלרײַכע טײַערע מאַטאָנעס. ס'האָבן זיך אַפֿילע אויסגעפונען פאַנאַטיקער, וועלכע האָבן אייפערדיק נאָכגעשפּירט, אַז אַלע לאַנדסלײַט זאָלן שטרענג אויספילן זייערע פליכטן לעגאַבע דעם שטיינערנעם גוילעם.

אין א צײַט אַרום האָבן די אינדזל־מענטשן באַשטימט אויפבויען א טעמפּל לעקאָוועד זייער געטלעכן מיילעך. און דעם טעמפּל האָט מען טאַקע אויפגעבויט. ס'איז געווען א גראַנדיעזע געבײַדע באַם סאַמע צופוסנס פונעם אַמאָליקן פעלדז. גרויסע רײַכטימער פונעם אינדזל האָט מען פאַרטאָן אַף דערויף. אַלע מענטשן האָט מען געצוווּנגען אַרײַנטראָגן א צושטײַער אין אָט דער בויונג. די אַרבעט האָט זיך געפירט באַטאָג און בײַנאַכט, און סאָפקאָלסאָף איז דער טעמפּל אַנטשטאַנען — א הויכער, א ברייטער און א ווונדערלעך רײַכער. און איבער דעם טעמפּל האָבן, ווי אן אייביקע שוץ, זיך געהויבן די צוויי אויסגעשטרעקטע הענט פונעם גוילעם.

די גיגאַנטישע שטיינערנע פיגור, א שאַפונג פון דער נאַטור, איז געשטאַנען צווישן ערד און הימל, גלײַך ווי זי וואָלט געשטרעבט זיי צו פאַרייניקן איניינעם, און קאַלט אַרומגעקוקט סײַ דעם טעמפּל, וואָס פון איר הייך האָט ער אויסגעזען ווי א שפּיל־הײַזל, סײַ די מענטשן, וועלכע האָבן געשווּיבלט בײַ אירע פיס.

פון אַלע עקן אינדזל זײַנען געגאַנגען מענטשן צום טעמפּל. זיי פלעגן וואַרפן אַליין מיטאַנאַנדער אויף זיך לאָזן אין וועג, קעדיי באַם סאַמע צופוסנס פונעם גוילעם אויסדראַשען צו אים זייערע טפילעס און טאַכנונים. אינעם טעמפּל האָבן זיך באַוויזן אייגענע פּריסטערס. זיי האָבן אײַנגערעדט די מענטשן, אַז געבענטשט איז דער, וועלכער ווידמעט אַלע טעג זײַנע דער דינסט לעקאָוועד דעם שטיינערנעם געץ און אַז גראַדע פונעם טעמפּל דערטראָגן זיך צו אים בעסער די טפילעס פון די בעטנדיקע. און די צאָל פון אַזעלכע געבענטשטע מענטשן פלעג ווערן מיט יעדן טאָג גרעסער. דער ריזיקער טעמפּל איז געווען טאָמיד איבערגעפולט און האָט שוין ניט געקאָנט אַרײַנעמען אין זיך אַלע שטרעבנדיקע.

אָבער טראָץ די עקסטאַזישע טפילעס פון די מענטשן, איז דאָס לעבן פון זייער אינדזל געוואָרן א סאַך ערגער, איידער אין אַמאָליקע צײַטן. ס'האָבן זיך וועזנטלעך פאַרקלענערט די געראַטענישן, אין די בײַברעגיקע וואַסערן זײַנען קימאַט אויסגעשעפּט געוואָרן די פיש־אוצרעס, די וועלדער אַפן אינדזל זײַנען אויך געוואָרן א סאַך שיטערער. דער קלימאַט האָט זיך געענדערט און איז שוין ניט



געוועזן אזוי גינסטיק פאר די מענטשן, ווי אמאָל. די נאטור האָט שוין ניט געשיקט גוטע רעגנס סאמע דאַן, ווען מע האָט זיי געדארפט האָבן. אלץ אָפטער פלעגן זיך האלטן אָדער דויערנדיקע שלאַקסרעגנס, אָדער געפערלעכע טריקענישן. אָבער אין די מויכעס פון די אינדזל־לײַט האָט זיך פארפעסטיקט א געדאנק, אז אלע זייערע ליידן נעמען זיך דערפון, וואָס זיי גלייבן ניט גענוג שטארק אינעם געטלעכן קויעך פון דעם שטיינערנעם גוילעם, וואָס זיי פארערן אים ניט אזוי, ווי מע דאַרף דאָס טאָן. און זיי פלעגן נאָך אָפטער גיין צום טעמפל און טראָגן נאָך מער מאטאָנעס דעם געץ.

אפן מיזבייעך פונעם טעמפל פלעג נאָך ניט אויסגעטריקנט ווערן דאָס בלוט פון כײַעס, וועלכע מע האָט ערשט געבראכט אלס קאָרבאָנעס דעם גוילעם, און מע האָט שוין געטראָגן נײַע און נײַע קאָרבאָנעס. די טעמפל־פריסטערס האָבן געגעבן א קוילקוירע, אז ס'איז נאָך ווייניק צו לייגן בלויז די כײַעס אפן מיזבייעך, אז דער האר זייערער קאָן זיך שוין מער ניט באפרידיקן דערמיט, ער פאָדערט עפּעס גרעסערס, עפּעס טײַערערס. און אָט איז בא דער שטילער האסקאָמע פונעם האמוין שוין אויסגעווילט געוואָרן א נײַער קאָרבן פארן גוילעם — דאָס שענסטע מיידל אפן אינדזל. ס'איז אלעמען שרעקלעך, אָבער ניט דערפאר, וואָס אין עטלעכע רעגעס ארום וועט פארשניטן ווערן א יונג לעבן, ס'איז זיי שרעקלעך דערפאר, וואָס מע ווייסט ניט, צי דער אָפּגאָט זייערער וועט זיך שוין סאָפּקאָלסאָף אָנזעטיקן מיט אזא געשאנק.

דאָס מיידל האָט רויִק און האכנאָעדיק אופגענומען איר גוירל. זי איז געגאנגען צום פּיִעדעסטאָל פונעם גוילעם, א שיינע און א צויבערנדיקע, געווענדט אירע אויגן צום הימל, און דער דאָזיקער בליק האָט געבוירן אינעם פאנאטישן אוילעם נאָך מער שרעק און פּאכעד. דאָס מיידל האָט זיך געזעגנט מיטן הימל. זי איז שוין גרייט געווען שטאָלץ און אפילע מיט דאנקבארקײַט באגעגענען איר לעצטע מינוט, אָבער... אין אָט דער רעגע האָט די ערד גענומען ציטערן און ארויסגעבן פון זיך א צאָרנדיקן געהילך. דער איבערגעשראָקענער אוילעם איז ווי מעטורעף געוואָרן. פאר זײַנע אויגן זײַנען אײַנגעפאלן די ווענט פונעם פּרעכטיקן טעמפל, וואָס ס'האָט זיך זיי געדאכט, אז ער וועט שטיין אייביק.

מיט געבעט האָבן די מענטשן אופגעהויבן די אויגן צום גוילעם, אָבער זײַן קאָפּ האָט מיט א גרילצנדיקן קלאנג זיך אָפּגעריסן און איז אומגעפאלן אױף דער ערד. פון אָט דעם שטארקן קלאַפּ האָט די ערד אופגעהערט צו ציטערן און הודיען, ווי זי וואָלט נאָר געווארט אױף אָט דעם שטויס. דער דערשראָקענער אוילעם האָט געמאכט א ווארע, און בא זײַנע פיס האָט זיך א וואלגער געטאָן א גיגאנטישער שטיק שטיין מיט דרײַ טיפע לעכער און בא דער זײַט האָבן לעפיש און לעכערלעך זיך געבאָמבלט צוויי אויסגעשטרעקטע שטיינערנע הענט...

ציי‌כענונגען — ס ט ע ל ע  ז א ק

●

<u>נײַס פונעם יידיש קולטור־לעבן</u>

## לאָמיר אלע אינײנעם

שוין מער פון א האלב יאָר איז אין כערסאָן טעטיק דער יידישער פאָלקלאָר־אנסאמבל „לאָמיר אלע אינײנעם”. זײַנע אָנטיילנעמער זײַנען ניט קיין פּראָפעסיאָנאלן, אָבער גרויסע ענטוזיאסטן פון דער יידישער פאָלקסליד. סאכאקל באטייליקן זיך אינעם אנסאמבל 27 מענטשן. מיט אים פירט אָן דער וועטעראן פון דער מילכאָמע און פון דער מי לעוו ריווקין.

דעם 12 מארט ד. י., ערעוו דעם טאָג, ווען כערסאָ איז באפרײַט געוואָרן פון היטלערישע פארכאפער, איז פאָרגעקומען א גרויסער קאָנצערט אין קולטור־פאלאץ פו די שיפבויער. די קאָנצערט־פּראָגראם האָט געדויערט אָנדערהאלבן שאָ. מער פון 650 כערסאָנער אײַנוווינער זײַנען בײַגעווען אפן קאָנצערט. זיי האָבן שטייענדיק אפּלאָדירט די אָנטיילנעמער, געבעטן אָפטער באווײַזן אזעלכע קאָנצערטן. די אָנגעזאמלטע געלטמיטלען זײַנען איבערגעגעבן געוואָרן אין פאָנד פון דער אנטוויקלונג פון דער יידישער קולטור.

באם געגנטלעכן הויז פון לערער זײַנען מיט עטלעכע כאדאָשים צוריק אָרגאניזירט געוואָרן קורסן פאר דערלערנען די יידישע שפראך. 18 מענטשן, איבערהויפּט יוגנטלעכע, באזוכן זיי צוויי מאָל אין וואָך. מיר ווילן, אז די יידישע באפעלקערונג פון אונדזער שטאָט זאָל זיך אויסלערנען לייענען און שרײַבן אױף דער מוטער־שפראך, האָבן א מעגלעכקײַט צו געניסן פון אויסגאבעס אױף יידיש.

אין די נאָענטסטע וואָכן וועלן מיר אָרגאניזירן אין דער שטאָט א געזעלשאפט פון יידישער קולטור.

י. גרוזבערג,
לערער פון קורסן פון יידישער שפראך,
וועטעראן פון דער מילכאָמע און פון דער מי

## מישע לעמסטער

### לאנג לעבן זאָלט איר, עלטערע און אַלטע!

מיר דאַרפֿן, אַז מיט צאַרטקייט און מיט ווייכקייט
זאָל טאָמיד ליַיכטן אין אַ יעדער היים
אַף אײַערע פּנעמער דער קינדערישער שמייכל
און אַף די קינדער — אײַער כאָכמע,
אײַער כּיין.

מיר דאַרפֿן אײַך, —
צו וואָס זשע עס באַהאַלטן, —
ווי דעם שאַבעס דאַרפֿן די וואָכעדיקע טעג.
לאַנג לעבן זאָלט איר,
עלטערע און אַלטע,
און געבענטשט זאָל זײַן
אײַער לאַנגער וועג!

### אַף הינטן און פֿאָרויס

ווען הינטן אַף אונדזער לעבנסוועג,
זאָל ניט בלײַבן קיין ליכט,
וואָס וואָלט געזען דער מענטש,
אַף צוריק אַרומקוקנדיק זיך?

ווען פֿאָרויס איז ניטאָ קיין שײַן, —
וווהין וואָלט ער געגאַנגען?
ווען געטראָגן זײַן האַרץ
און זײַנע געדאַנקען?

### אַ מעכילע

ס'איז געווען גלײַך ווי גאָר ניט לאַנג —
די ליבע,
אירע הענט אין מײַנע הענט,
און דער רויטער זון־פֿאַרגאַנג,
ווי אַ כופּע אין הימל העגנט...
די ליבע איז דורך ווי אַ געזאַנג.
אויסגעדעכטעט, ווי אין אַ גלאָז דער ווײַן.
און נאָר דער רויטער זון־פֿאַרגאַנג
וועט אונדז מיסטאָמע מויכל ניט זײַן.

## עסקיזן אַף דער גאַס

### דאָס דורכגעלעבטע

אַט טיאָפּקעט מיט די פיס אַ זאָקן,
אַראָפּ
פון
עטלעכע
טרעפּ,
און אײַנגעהויקערטער — אַ פּרעגנציייכן
צו זײַן לעבן,
וואָס ער האָט אָפּגעלעבט.

### אַ גיטאַרע

אין דעם צימער האָט שוין פון לאַנג
אָפּגעבליט,
אָפּגעקלונגען די ווּעסנע.
ווי אַ געל בלעטל
הענגט אַף דער וואַנט
אַ גיטאַרע —
צווישן די זײַטלעך פון די טעג
אַ פאַרגעסענע.

### אַ פרוי

זי איז פון דער צײַט גרימירט אין אַ זקיינע.
און מיט אַזאַ מין ברען זי שפּילט די ראָל,
אַז דורך דעם גרים אַפילע,
זעט יעדער איינער:
דאָס איז אַ יונגע נאָך
און פול מיט רוכעס פרוי.

## ר י מ ע  מ א ר ק אָ ו ו א

### קינדער-לידער

#### אַ גאָרטן

גוט באַם זיידן איז אין גאָרטן.
גרינס עס וואַקסט פאַרשיידנס דאָרטן:
פּאָמידאָרן, ריבן, רעטעך,
קוקט, נאָר טאָפּטשעט ניט, איך בעט אײַך,
ניט דעם קירבעס, ניט די מערן,
ניט די שיינע אוגערקעס,
ניט די רויטע בורעקעס —
וואַרט, ביז רײַף זיי וועלן ווערן.

אַ מעכײַע איז אין גאָרטן.
קוסטעס פײַנע וואַקסן דאָרטן:
אָזשעניצעס, קאַלינעס,
אַגרעסן און מאַלינעס,
דאָרנרויזן שטעכיקע
אין אַ צווײַט אַ פּעכיקן,
רויטע, שוואַרצע ווײַמפּערלעך...
פאַרזוכן כ׳וועל באַשײַמפּערלעך!

## וויגליד

מאַמינקע מײַנע,
שלאָף אײַן בעשאָלעם,
פֿרייען זאָלסט זיך אין שלאָף א סאַך.
איך האָב געזען הײַנט א מאָדנע זאַך —
זייער א לאַנגן־לאַנגן כאָלעם:

בוראַטינאָ מיט א לאַנגער נאָז,
א זשיראַף מיט א לאַנגן האַלדז,
א קליין העזל מיט לאַנגע אויערן,
א פּיצל מײַזל מיט א לאַנגן עק.

לאַנג בין איך געשמאַק געשלאָפֿן —
בלויז אײַן מאָל זיך איבערגעקערט אף דער
צווייטער זײַט,
נאָר דעמלט גראָד איז א קונץ פֿאַרלאָפֿן —
זיך איבערגעמישט האָבן אַלע לײַט.

בוראַטינאָ שפּרינגט מיט א לאַנגן האַלדז,
ס'שטייט דער זשיראַף מיט א לאַנגער נאָז,
באַם קליין העזל איז א לאַנגער עק,
באַם פּיצל מײַזעלע לאַנגע אויערן.

דערשראָקן כאַפּ איך זיך אוף פֿון שלאָף —
נאָר גלײַך עס ווערט פֿון מײַן שרעק א סאָף.
„פֿאַרוואָס?" — מיסטאַם וועסטו פֿרעגן.
עס זײַנען באַ מיר געלעגן
אין בעטל די שפּילצײַג־כײַעס
מיט געוויינלעכע האַווײַעס:

בוראַטינאָ מיט זײַן לאַנגער נאָז,
דער זשיראַף מיט זײַן לאַנגן האַלדז,
דאָס קליין העזל מיט לאַנגע אויערן,
דאָס פּיצל מײַזל מיט א לאַנגן עק.

---

## קולטור־נײַס

### וועגן דעם קאָנקורס אף א בעסטן פּראָיעקט פֿון שאָלעם־אַלייכעמס דענקמאָל

אין ביראָבידזשאַן איז פֿאָרגעקומען אַן אָרדנטלעכע זיצונג פֿונעם אָרגאַניזאַציאָנעלן קאָמיטעט, וועלכער איז געשאַפֿן געוואָרן באַ דער געגנטלעכער אָפּטײלונג פֿונעם קולטור־פֿאָנד פֿון פּססר און פֿאַרנעמט זיך מיט די פֿראַגן פֿון אופֿשטעלן א דענקמאָל שאָלעם־אַלייכעמען.

עס איז אויסגעהערט געוואָרן אַן אינפֿאָרמאַציע פֿונעם הויפּט־אַרכיטעקטאָר פֿון דער שטאָט א. מ. ראָטענבערג וועגן דעם קאָנקורס אף א בעסטן פּראָיעקט. דער אָרגאַניזאַציאָנעלער קאָמיטעט האָט שוין באַקומען צען פּראָיעקטן פֿון סאָוועטישע סקולפּטאָרן. אַכט — פֿון ייִסראָעל, און צוויי — פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן פֿון אַמעריקע.

די צײַטונג „ביראָבידזשאַנער שטערן" האָט אָנגעדרוקט א ווענדונג פֿונעם אָרגקאָמיטעט צו אַלע ליבהאָבער פֿון שאָלעם־אַלייכעמס שאַפֿונג, ביכלאַל צו די ליבהאָבער פֿונעם ייִדישן געדרוקטן וואָרט, זיי זאָלן אַרײַנטראָגן זייער צושטײַער אף צו שאַפֿן דעם דענקמאָל.

געלט־איבערווײַזן קאָן מען שיקן אף דער קאָנטע נומ. 70067 אינעם „זשילסאָצבאַנק" פֿון דער שט. ביראָבידזשאַן.

### אַן עקראַניזאַציע פֿון „בלאָנדזנדע שטערן"

די סאָוועטישע און אַמעריקאַנישע צושויער וועלן אינגיכן באַקומען א מעגלעכקײַט צו באַגעגענען זיך מיט די העלדן פֿון שאָלעם־אַלייכעמס באַוווסטן ראָמאַן. די נײַע מוזיקאַלישע קינאָלענטע אין צוויי סעריעס האָבן אף דער אָדעסער קינאָסטודיע אָנגעהויבן פֿילמירן די ניו־יאָרקער פֿירמע „יוני־קאָר מאַרקעטינג" און די רעפּובליקאַנישע פּראָדוציר־שעפֿערישע פֿאַראייניקונג „אוקראַיִנישער ווידעאָ־צענטער".

דער רעזשיסער פֿונעם פֿילם, פֿאָלקס־אַרטיסט פֿון רספסר וו. מ. שילאָווסקי, האָט דערציילט, אַז אף די ראָלן זײַנען שוין אײַנגעלאַדן אַזעלכע פּאָפּולערע אַרטיסטן ווי גאַלינאַ וואָלטשעק, לאַריסאַ אודאָוויטשענקאָ, סוועטלאַנאַ טאָמאַ, יורי יאַקאָוולעוו, וולאַדיסלאַוו סטרזשעלטשיק, אַלעקסאַנדער שירווינדט און אַנדערע. די הויפּט־ראָלן וועלן שפּילן דעביוטאַנטן — די סטודענטקע פֿון דער שול־סטודיע באַם מאָסקווער קינסטלערישן אַקאַדעמישן טעאַטער אירינאַ אַפּעקסימאָוואַ און דער אַרויסלאָזניק פֿון דער טעאַטראַלער שול אף שטשעפּקינס נאָמען וואַלערי סמעצקוי.

אַלס שטעט פֿאַר די פֿילמירונגען זײַנען אויסגעקליבן, אַכוץ אָדעס, אויך לוואָוו, בוקאַרעשט, ווידנאָיע, לאָנדאָן, ניו־יאָרק — די שטעט, ווו עס זײַנען דורכגעגאַנגען די נעסיִעס פֿון שאָלעם־אַלייכעמס קאָמעדיִאַנטן. דאָס וויניצער שטעטל שאַרגאָראָד וועט צײַטווײַליק מעגולגל ווערן אין האָלאָנעשטי, פֿונוואַנען „עס שטאַמען" די העלדן פֿונעם ראָמאַן.

## דער זשורנאַל „יוגנטרוף״

אַלוועלטלעכער יידישער יוגנט-זשורנאַל

יוגנטרוף

נומער סב / 62

אויגוסט 1987 — אלול תשמ״ז

„יוגנטרוף״ איז אַ ייִדישער זשורנאַל, וואָס גייט אַרויס אין די פאַרייניקטע שטאַטן פון אַמעריקע. זײַן דעוויז איז: „ייִדיש איז אונדזער קיִעם. רעדט, לייענט און שרײַבט ייִדיש״. „יוגנטרוף״ איז דער אָרגאַן פון אַ באַוועגונג, וועלכע האָט מיט 25 יאָר צוריק פאַראייניקט יונגע ייִדיש־ליבהאָבער. די אָנטיילנעמער פון דער באַוועגונג זײַנען געבוירן געוואָרן אין דער וועלט, וווּ ייִדיש איז שוין מער ניט קיין לעבעדיקע פולבאַרעכטיקטע שפּראַך. זיי באַמיִען זיך צו פאַרהיטן דאָס לשון און די קולטור פון זייערע אָוועס.

ווי מע קאָן פאַרשטיין פון די זשורנאַל־מאַטעריאַלן, עקזיסטירן אין אַמעריקע און קאַנאַדע עטלעכע צענטערס פון דערלערנען ייִדיש: אין ניו־יאָרק, פילאַדעלפיע, מאָנטרעאַל. אין זשורנאַל אַרבעטן מיט אויך ליטעראַטן פונעם עלטערן דאָר, וועלכע האַלטן אונטער די איניציאַטיוו פון דער יוגנט.

דער זשורנאַל „יוגנטרוף״ אַנטהאַלט פאַרשיידנאַרטיקע מאַטעריאַלן. אין דער ערשטער רײ זײַנען דאָרט פאָרגעשטעלט ווערק פון יונגע שרײַבער און דיכטער, דעריקער סטודענטן. זיי שטרעבן אַרײַנצופירן נײַע, מאָדערנע טעמעס און מאָטיוון אין דער ייִדישער ליטעראַטור.

דער פאַרנעם פון „יוגנטרוף״ איז ניט קיין גרויסער — 24—30 זײַטלעך. געוויינלעך אַנטהאַלט יעדער זשורנאַל־נומער אַ פּאָר דערציילונגען, עטלעכע לידער, אַרטיקלען אויף געזעלשאַפטלעכע און קולטורעלע טעמעס, ווי אויך לערן־מאַטעריאַלן און אַנאָנסן, לעמאָשל, וועגן זומער־קורסן פאַר דערלערנען ייִדיש, וועגן דער טעטיקײַט פון דער קינדער־שול און פונעם שרײַבער־קרײַזל, וועלכע עס האָט אָרגאַניזירט די יוגנט־אָרגאַניזאַציע.

לאָמיר אַ מיש טאָן אייניקע נומערן פון „יוגנטרוף״. זײַנע מעכאַברים שרײַבן אין פאַרשיידענע סטילן: אייניקע קלײַבן אויס די פאָרם פון אַן אַלעגאָרישער מײַסע, אַנדערע שרײַבן רעאַליסטישע דערציילונגען. אָבער אומאָפּהענגיק פון די סטילן, פאַראייניקט די יונגע אויטאָרן אַ שטרעבונג צו גריוועןר זײַן די טאָגטעגלעכעווירקלעכקײַט און אַרײַנדרינגען אין די אורקוואַלן פון דער ייִדישער טראַדיציע.

כוץ דער פּראָזע, איז אין זשורנאַל „יוגנטרוף״ פאָרגעשטעלט אויך די פּאָעטישע שאַפונג פון יונגע מעכאַברים. מיר טרעפן דאָרט סײַ זינגלידער, סײַ לירישע מאָטיוון. באַנאַנד מיט אָריגינעלע שאַפונגען דרוקט דער זשורנאַל אויך ווערק פון אַלטע קוואַלן.

פאַר די, וועמ עס הייבט אָן דערלערנען דאָס מאַמע־לשון, זײַנען אינעם זשורנאַל אויסגעטיילט באַזונדערע זײַטן. די לערן־מאַטעריאַלן ווערן באַגלייט מיט קאָמענטאַרן און איבערזעצונגען אויף ענגליש.

מיר ברענגען דאָ אייניקע ווערק פון אונדזערע יונגע אויסלענדישע פען־קאָלעגן.

## איציק גאָטעסמאַן
(פילאַדעלפיע)


# דער אַנטיקוואַר

אויזער ליפקין האָט סאָפקאָלסאָף געהאַט א פריַיען זונטיק. ער האָט נישט געדאַרפט לערנען אַף עקזאַמענעס — פאַרענדיקט זיך דער זמאַן, דאַנקען גאָט. די נײַע דירע איז שוין קימאַט געווען אויפגעראַמט און מ'האָט שוין געקאָנט א ביסל פרײַער אָפּעטעמען. זײַן יונג ווײַבל שײנדל איז נאָך געלעגן אין בעט, און פאַרוואָס נישט? דער זייגער האָט ערשט געקלונגען זיבן. אָבער אויזער האָט ניט געקאָנט מער שלאָפן, א שטראָם ענערגיע האָט אים אַרומגענומען און ער איז אַרויס אין קאָרידאָר. ווען ער האָט אַראָפּגענומען דעם שלאָס פון זײַן ביציקל און עס אַרויסגעפירט אין דרויסן, האָט ער געזען זײַן שאָכן הערי זיצן אַף די טרעפּ. ווי שטענדיק, האָט דער נישט מער יונגער איטאַליענער געררייכערט א פּאַפּיראָס. לעבן אים איז געשטאַנען זײַן פּאַרנאָסע־וועגעלע און ער, דרייענדיק זײַנע נאָך שוואַרצע וואָנצעס און שפּײַענדיק אין קוסט אַרײַן, האָט זיך לאַנג צעהוסט.

— גוט־מאָרגן, פּראָפעסאָר! האָט ער אויזערן באַגריסט. — ביסט הײַנט אופגעשטאַנען פרי. וואָס עפּעס? דאָס ווײַב האָט דיך אַרויסגעטריבן, האַ?

אויזער האָט געוווּסט, אַז הערי וועט באַלד אָנהייבן צו דערציילן וועגן זײַן דאָבּרע־מאַזל, זײַן שלעכט ווײַב, וואָס האָט בא אים צוגענומען דאָס הויז מיט דער טאָכטער און אים פאַרביטערט זײַנע יונגע יאָרן... אויזער, וואָס האָט ערשט כאַסענע געהאַט, האָט כיישעק געהאַט זיך מיט אים א ביסל צו רייצן, ווײַל די מײַסע מיט הערים ווײַב האָט זיך פאַרלאָפן נאָך מיט דרײַסיק יאָר צוריק און ער הערט ניט אוף דערפון צו רעדן.

— ניט אַלע ווײַבער טרײַבן אַרויס זייערע מענער, הערי.

זיי האָבן זיך ביידע צעלאַכט און הערי האָט עס באַגלייט מיט א לאַנגן הוסט און געשפּיגן דערבײַ אין קוסט אַרײַן.

— עפּשער ניט אַלע, מײַנע האָט מיך אַרויסגעטריבן און איך האָב אַזויפיל פאַר איר געטאָן...

אויזער האָט אים געוואָלט טרייסטן, אָבער דעריקערשט האָט ער געוואָלט בײַטן די טעמע.

— אַרבעטסט הײַנט, הערי?

— יאָ, דער באַלעבאָס האָט פאַר מיר אַרבעט ניט ווײַט פונדאַנען.

הערי האָט געאַרבעט בא טאַפּעטן קלעפּן און האָט געשלעפּט זײַן סכוירע אין אַן אַליין געמאַכט וועגעלע, וואָס ער האָט צוגעטשעפּעט צו זײַן ביציקל. ער איז געווען באַקאַנט ווי אַן עקסצענטריקער און שאָלטיקעס פלעגן נאָכלויפן זײַן וועגעלע און זיך איזדיעקעווען איבער אים. אָבער ער האָט זיך מיט זיי אָפּגערעכנט... ער האָט גוט געדענקט, ווער די כעווריע זײַנען און איז שפּעטער אַרײַן צו זיי און זיי באַגאַנוועט. דער קעלער זײַנער איז געווען פול מיט ביציקלעך און טיילן פון ביציקלעך. זיי זײַנען געהאַנגען געבונדן מיט שטריק און שיין אויסגעדרייט. א מין דענקמאָל אָדער וואָרעניש, אַז „לית דין ולית דיין“.[1] הערי האָט זיך גאָר נישט געשעמט מיט זײַן גאַנוועגען און זיך אויך ניט באַרימט דערמיט. אויזער האָט זיך געזעגנט און זיך געלאָזט פאָרן מיטן ביציקל אין אַלטן געדיכט באַוואַקסענעם פײַערמאָנט־פּאַרק.

זונטיק אינדערפרי אין מײַרעוו־פילאַדעלפיע: די גאַסן שטיל פאַרשלאָפן און די קלויסטערס געפאַקט מיט שוואַרצע מיספּאַלעלים. באַם עפענען א טיר האָט די גאַנצע גאַס געקאָנט הערן די הויכע מוזיק און דאָס זינגערײַ בעציבור.[2] און ס'האָט זיך געקענט דאַכטן, אַז דער קלויסטער טרייסלט זיך מאַמעש פון זײַט צו זײַט. אויזער איז געפאָרן פּאַוואָליע, קעדיי זיך בעסער אײַנצוהערן אין די זונטיקדיקע קלאַנגען. פון א געוועלבל מיט שוואַרץ־באַפאַרבטע וויטרײַנעס איז אַרויס א נעט אָנגעטאָנענע „מאַדאַם“ מיט א הוט פול מיט בלימלעך. א געוועלבל דינט פאַר א קלויסטער... די גאָיִם האָבן אויך שוין שטיבלעך, האָט אויזער געטראַכט און איז שטיין געבליבן מיטן ביציקל פאַר דער טיר און געוואַרט, אַז זי זאָל זיך עפענען נאָכאַמאָל.

גוט זיך אַרומגעקוקט, האָט אויזער פאַרשטאַנען, אַז ער איז אין א טייל פון מײַרעוו־פילאַדעלפיע, ווו א ווײַס פּאָנעם איז א זעלטענע זאַך, ביפּראַט זונטיק, ווען מע אַרבעט נישט. פּונקט ווען

---

[1] ניטאָ קיין געריכט איז ניטאָ קיין ריכטער (דה. יעדער טוט, וואָס ער וויל).
[2] פאַר אַן עולם.

ער האָט באַשלאָסן ווײַטער צו פֿאָרן, איז אַ גרויסע אווטאָ שטיין געבליבן און אַן עלטערער ווײַסער מאַן איז אַרויס, צוגעגאַנגען צום געוועלב, וואָס לעבן דעם קלויסטער, אויפֿגעשלאָסן די טיר און אַרויסגעשלעפּט פֿון אינווייניק אַ קעסטל ביכער און זיי אַוועקגעשטעלט פֿאַר דער טיר, קעדיי זי זאָל בלײַבן אָפֿן. דערנאָך איז ער צוריק אַוועק צו דער אווטאָ און האָט אָנגעהויבן שלעפּן קאַסטנס, פֿולע מיט ביכער.

אויזער, וואָס האָט געליטן פֿון דער קרענק, וואָס מע רופֿט ביבליאָמאַניע, אַזיוווי אַ סאַך סטודענטן און פּראָפֿעסאָרן, איז געווען אויפֿן זיבעטן הימל: אַ ביכער־קראָם! איבערלייענענדיק דאָס שילדל און דערמאָנענדיק זיך ווו ער געפֿינט זיך, האָט ער פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז ניט קיין אַנדערער ווי דער באַקאַנטער אַנטיקוואַר, וואָס מע שמועסט, אַז ער פֿאַרמאָגט אַ סאַך טויזנטער ביכער וועגן אַלץ אין דער וועלט, אין אַלע שפּראַכן, און וואָס האָט אַ סקלאַד מיכוץ דער שטאָט. אויזערס פּראָפֿעסאָרן האָבן אים דערציילט, אַז ניט דאָס געוועלב איז אַמאָל אָפֿן, ניט ער האָט אַ טעלעפֿאָן. אָבער ער האָט אים דערטאַפּט, הוראַ!

צוגעקומען נעענטער מיטן ביציקל, האָט אויזער אים באַגריסט:

— אײַער קראָם איז עפּשער אָפֿן?

דער אַנטיקוואַר האָט אים לאַנג אָנגעקוקט, און אויזער האָט געפֿילט, אַז אין דער רעגע מוז ער אויסזען קלוג און באַלעבאַטיש. ער איז געווען זיכער, אַז דער מויכערספֿאָרימניק איז אַ ייִד, אָבער ער האָט זיך ניט געקאָנט דערמאָנען זײַן נאָמען. ער האָט געוואָלט צו אים רעדן אויף ייִדיש, אָבער ער איז שוין ניט איין מאָל אַרײַנגעפֿאַלן און ער האָט ניט געוואָלט אײַנשטעלן אַ גוטע באַציִונג מיטן בוכהענדלער.

— איר ווייסט ווער איך בין? איר האָט געהערט פֿון מיר? — האָט ער אויספֿרווועריש געפֿרעגט.

— מײַנע פּראָפֿעסאָרן אין שפּראַך־אָפּטייל פֿון אוניווערסיטעט האָבן מיר דערציילט וועגן אײַך.

— אוי, זיי? נאָר זיי נעמען און נעמען, אָבער גיבן גיבן זיי אַ פֿײַג.

זיי זײַנען ביידע אַרײַן אין געוועלב און דורך אַ שמאָלן וועג צווישן אָנגעוואָרפֿענע ביכער ביז צו אַ קעלער־טיר. דער מויכערספֿאָרימניק האָט אָנגעצונדן דאָס עלעקטרישע ליכט און זיי זײַנען אַראָפּ די טרעפּ צו אַ גרויסן קעלער מיט ליימענע ווענט. אונטן האָט מען ערשט דערפֿילט דאָס ציטערן פֿונעם בנין — די „גאַספּעל־מוזיק" פֿון יענער זײַט וואַנט האָט ווי אַ ווידערקאָל אָפּגעהילכט אין יעדן ווינקל. ווען אַלע לאָמפּן זײַנען געווען אָנגעצונדן, האָט אויזער ערשט דערזען, וואָס פֿאַר אַן אוצר דאָרט ליגט. דער קעלער איז געווען בעסער אויסגעשטעלט ווי די אייבערשטע שטוב, אָבער ניט קיין סאַך בעסער. זײַן בליק האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ שטויס ביכער וועגן ייִדן. דער אַנטיקוואַר האָט עס באַמערקט און אים געפֿרעגט:

— מיט וואָס אינטערעסירט איר זיך?

— ייִדישע ביכער האָט איר?

— ייִדישע? סע קאָן זײַן, קומט אַהער, טוט אַ קוק דאָ־אָ.

ער האָט אויזערן צוגעפֿירט צו אַ ביכער־שראַנק אין אַ ווינקל, ווו ס'האָבן זיך געפֿונען אויסגעמישט העברעיִשע און ייִדישע ספֿאָרים, מאַכזאָרים.

— אַגעוו, הייס איך קעלמאַן, — האָט ער אויסגעשטרעקט די האַנט, און אויזער איז איצט געווען זיכער, אַז ער איז אַ ייִד.

— איר קענט ייִדיש?

— ניין, כ'קען נאָר גענוג צו לייענען די אויסיִעס, אויסצוגעפֿינען ווי דער בוך הייסט און דעם מעכאַבער.

אויזער האָט געניסטערט דורך די פּאָר הונדערט ביכער, און מיט אַן אויג געניט אין איבערקוקן אַלטע ייִדישע טעקסטן האָט ער באַלד אַרויסגענומען אַ צען ביכלעך, וואָס האָבן אים אויסגעזען טשיקאַווע. דאָס זײַנען געווען אַלטע ביכער פֿונעם נײַנצנטן יאָרהונדערט, געדרוקטע אין פּוילן און רוסלאַנד, זעלטענע אויסגאַבעס, יעקאַר האַמציִעסן. אויזער האָט באַמערקט, אַז זיי זײַנען געווען אונטערגעכאַסמעט פֿון די מעכאַברים און ער איז שיר ניט אויפֿגעשפּרונגען. ניט נאָר אונטערגעשריבן זײַנען זיי געווען, נאָר אַלע זײַנען געווען מיט דעדיקאַציעס צו יאָסל קעלמאַן. אויזער האָט זיך ניט געקאָנט אײַנהאַלטן און געגעבן אַ רוף אויס:

— אַר־וואַ!

קעלמאַן האָט אים געפֿרעגט, וואָס ער האָט אַזוינס געפֿונען.

— האָט אײַער טאַטע געהייסן יאָסל?

— יאָ, וויִאַזוי ווייסט איר, סע שטייט אין ביכל? — האָט ער זיך געכידעשט.

אויזער האָט אים געגעבן צו פֿאַרשטיין, און אויפֿן אָרט האָט אים שוין באַנג געטאָן, וואָס ער האָט אים דערציילט, ווײַל ער האָט געוואָלט קויפֿן די ביכער, אָבער אַצינד — ווער ווייסט... קעלמאַן האָט גענומען אין האַנט די ביכער און איבערגעקוקט עטלעכע שאַרבלעטלעך. ער האָט זיי האַסטיק פֿאַרמאַכט און געגעבן אַ זאָג:

— נעמט אַלע צען פֿאַר פֿופֿציק דאָלאַר און פֿאַרטיק.

אויזער איז געבליבן געפּלעפּט. ער האָט זיך געקווענקלט: זאָל ער כאַפּן די מעציִע, אָדער זאָל ער זיך אויסטײַנען, האַלעמײַ קעלמאַן פֿאַרקויפֿט אַזאַ טײַערע יערושע.

— איך דאַנק אײַך, ס'איז ניט קיין שלעכטע פּרײַז, אָבער צי וואָלט איר זיי ניט געבער אַליין געהאַלטן?

— אַז איך קאָן זיי ניט לייענען, וואָס טויגן זיי מיר? כ'בין אַ סויכער, אויב כ'קאָן פאַרקויפן, איז געגאַנגען.

אויזער האָט זיך גענומען אויסטייַנען:

— אייַער טאַטע איז, ווייַזט אויס, געווען אַ כאַשעווער ייִד, אַז די שרייַבער האָבן אים געקענט?

— איך האָב אים קוים געקענט, — האָט קעלמאַן געענטפערט מיט אַ פאַרצויגענעם שמייכל. — ער איז אַ ייִד אין די זעכציקער, ווען איך בין געבוירן געוואָרן. מייַן מאַמע איז געווען זייַן צווייט ווייַב, אַן אַמעריקאַנערין, און צו אונדז, קינדער, האָט זי גערעדט נאָר ענגליש.

— אַ שאָד, — האָט אויזער אַ זיפץ געטאָן.

דער גלאָק האָט געקלונגען, און קעלמאַן איז אַרויף עפענען די טיר. אויזער האָט אַפּגיך איבערגעקוקט די צען ביכלעך און אין איינס האָט ער געפונען אַ פאַרגעלט בלעטל. ער האָט עס אויפגעעפנט און געזען, אַז ס'איז אַן אַלטער בריוו פון יאָסל קעלמאַן צו אַ ראָכעלע. איבערגעלייענט דעם בריוו, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ראָכעלע איז געווען, ווייַזט אויס, יאָסלס ערשטע פרוי. יאָסל איז אַרומגעפאָרן איבער פּוילן, צוליב געשעפטן, און האָט איר געשיקט אַ בריוו קיין וואַרשע, זייַן היימשטאָט. געשריבן איז ער געווען אין אַ ליבלעכן, וואַרעמען טאָן. ער האָט געבענקט נאָך איר.

אַ הוסט און אַ כראַק האָבן אויזערן אַוועקגעריסן פון זייַנע מאַכשאָוועס. „ניין, סע קאָן ניט זייַן”, האָט ער געטראַכט און ער איז אַרויף די טרעפּ. קעלמאַן איז געשטאַנען מיט אויזערס שאָכן, הערי, און גערעדט אָפּאָנעם וועגן אויסטאַפּעטן דאָס געוועלב.

— היי, פּראָפעסאָר, וואָס טוסטו דאָ?

— אָ, איר קענט זיך? פונוואַנען? — האָט קעלמאַן אַ פאַרכידעשטער געפרעגט.

— מיר זייַנען שכיינים, וווינען אין זעלביקן הויז.

דער געדאַנק אויסצוטאַפּעטן דאָס געוועלב האָט אויזערן אויסגעזען מאָדנע. קיין שטיקל אָרט אַוועקצולייגן ביכער איז דאָרט ניט געווען און די ווענט זייַנען געווען אינגאַנצן פאַרשטעלט. מ'האָט זיי קימאַט ניט אַרויסגעזען. צו וואָס טאַפּעטן?

— מיסטער קעלמאַן, כ'האָב געפונען אַ בריוו פון אייַער טאַטן צו זייַן ערשטער פרוי, ראָכעלע, — האָט אויזער אַן אויפגעלייגטער אים מודיִע געווען.

— טאַקע? — האָט קעלמאַן זיך געכידעשט, — לייענט אים אָפּ אַ קאָל, נאָך בעסער, זעצט אים איבער, איך און הערי זאָלן קענען פאַרשטיין.

אויזער האָט געלייענט פּאַמעלעך, מיט אויסדרוק. ווען ער האָט געענדיקט, איז געבליבן אַ ווייַלע שטיל. הערי האָט זיך אָנגערופן:

— איר ווייסט, קעלמאַן, אייַער פאָטער איז געווען אַ וווּנדערלעכער מענטש, ער האָט געקערט זייַן אַ גרויסע פּערזענלעכקייַט. אַזאַ טייַערער בריוו! אַז אַ מאַן און אַ פרוי זאָלן זיך אַזוי ליב האָבן, איז אַ זעלטענע געשעעניש. מייַן פרוי, אַשטייגער...

אָבער דאָ האָט אים אויזער אָפּגעשטעלט מיט אַ וואָרט, און קעלמאַן, אַ פאַרטראַכטער, האָט זיך אָנגערופן:

— איר ווייסט וואָס, די אַלע מישפּאָכעפּליאָטקעס, וואָס כ'האָב זיך אָנגעהערט פון מייַנע קרויווים, האָבן פאַרסאַמט מייַנע געדאַנקען. כ'בין געווען זיכער, אַז מייַן טאַטע איז געווען אַ קאַלטע נעשאָמע, אַן אומסימפּאַטישער פאַרשוין. ווער האָט זיך געקאָנט פאָרשטעלן, אַז ער האָט געקאָנט שרייַבן אַזאַ בריוו! אַלץ איז געווען ליגן.

הערי און אויזער האָבן פאַרשטאַנען, אַז קעלמאַן לעבט איבער אַ טיפן מאָמענט און זייַנען שטיל געבליבן. דער אַנטיקוואַר האָט זיך פּלוצעם אַ דריי אויס געטאָן צו אויזערן:

— ווי הייסט איר?

— אויזער ליפּקין.

— הערט מיך אויס, ליפּקין, לאָזט די ביכער דערווייַל דאָ. איך וויל נאָך איבערטראַכטן.

זיי האָבן זיך געזעגנט, און אויזער האָט אויפגעקייטלט זייַן ביציקל און איז אַוועקגעפאָרן. „אַ מייַסע מיט ווייַבער, האָט ער געטראַכט, יעדער האָט זיך זייַן פּעקל...” ס'איז שוין געווען שפּעט, צייַט אַהיימצופאָרן צו זייַן ווייַבל, אָבער ער האָט געוווּסט, אַז די נאַכט וועט אים קומען צו כאָלעם די גרויסע מעציִע, וואָס איז ניט צו שטאַנד געקומען.



לייבל באַטווינִיק
(מאָנטרעאָל)

# פאַר אַ דאָר, וואָס פאַרשטייט (נאָך) ניט

(אַ פּאָר ווערטער וועגן געבירטיגס „די ליאַלקע")

קום, שלוימעלע ליבער, נעם ס'וויגל מיט זיך,
מיר וועלן זיך שפּילן אַצינד.
דו וועסט זײַן דער טאַטע, די מאַמעניו איך,
די ליאַלקע וועט זײַן אונדזער קינד.

מאָרדכע געבירטיג. „די ליאַלקע"

ווען הערשל גלעזער (דער רעדאַקטאָר פון „יוגנטרוף") האָט מיר נעכטן אין אָוונט טעלעפאָנירט, און צווישן אַנדערן געזאָגט, אַז ער האָט בעדייע אָפּצודרוקן מאָרדכע געבירטיגס „די ליאַלקע", האָב איך זיך געכידעשט.

— „הערשל, האָב איך אים געזאָגט, כ'האָב דאָך די ליד דיר פּערזענלעך צוגעשיקט. איך ווייס, אַז דו האָסט שטאַרק ליב געבירטיגס לידער, און אַז עפּשער איז די ליד דיר ניט באַקאַנט. ווי קומט עס, אַז „יוגנטרוף" דרוקט איבער פון געבירטיגן?"

נאָך זײַן אויפקלערן מיר, האָב איך אים אַזוי געזאָגט:

— „ווען איך ווייס, וואָלט איך דאָך אָנגעשריבן עפּעס מיקויעך דעם אינהאַלט, און אויך פאַרוואָס די ליד האָט מיר אַזוי שטאַרק באַווירקט..."

— „אַדעראַבע, שרײַב, האָט ער געזאָגט, דו האָסט נאָך אַ ביסל צײַט..."

צײַט? ווער האָט עס דען צײַט? כ'האָב אים אָפּגעזאָגט, און אים אויפגעקלערט, אַז אַנדערע האָבן מיר אויך געבעטן, כ'זאָל פאַר זיי עפּעס אָנשרײַבן, און כ'האָב זיי אַלעמען אָפּגעזאָגט. כ'האָב זיך געלייגט שלאָפן. געלעגן בין איך טאַקע — נאָר ניט געשלאָפן. כ'האָב די גאַנצע נאַכט געטראַכט, וועגן וואָס כ'וואָלט געשריבן, ווען כ'האָב יאָ די צײַט.

ס'איז איצט מיטיקצײַט. איך זיץ אין פּאַרק הינטער דעם ביניען, וווּ איך אַרבעט בײַ קאָמפּיוטערײַ. אין איין האַנט האַלט איך אַ פּעדער, אין דער אַנדערער אַ שניטקע. ניט ווײַט פון אונדזער ביניען, אַנטקעגן איבער דעם פּאַרק, איז דער ייִדישער בעסוילעם. יעדן אינדערפרי, שפּאַצירנדיק די קנאַפּע הונדערט מעטער פון אָווטאָבוס ביז צו דער אַרבעט, גיי איך לענגויס דער גאַס „דע־לאַ־סאַוואַן", פײַפנדיק ייִדישע און העברעיִשע ניגונים. פאַר וועמען? וועט איר פרעגן, — פאַר מיר, פאַר זיי... און אָפּט, פײַף איך צו דאַפקע געבירטיגס אַ ניגן אויך.

„די ליאַלקע" האָב איך געפונען אינעם בוך „מײַנע לידער — מ. געבירטיג" (דריטע אויפלאַגע, 1948, ז. 41), בײַם מײַנער אַ פאַרש־אַרבעט וועגן געבירטיגן און וועגן דעם, וויאַזוי ייִדן האָבן געלעבט אינעם פאַרמילכאָמעדיקן פּוילן.

וועגן אַזעלכע מאָטיוון, ווי מע געפינט אין דער ליד „די ליאַלקע", קאָן מען דאָך אָנשרײַבן גאַנצע דאָקטאָראַט־טעזיסן און פאַרש־אַרבעטן מיקויעך פּסיכאָלאָגיש־סאָציאָלאָגישע פּראָבלעמען. געבירטיג האָט עס געטאָן מיט פּאַשטעס, מיט עמעסן פאָלקס־טאַם, אין געציילטע שורעס, און זיי באַגלייט מיט די האַרציקסטע ניגונים. געשריבן האָט ער די לידער אויף ייִדיש, אַ שפּראַך, וואָס פאַרמאָגט ניט בלויז געפיל, נאָר אויך מיטגעפיל. זײַנע לידער זײַנען, ווי אַ טרייסט די געליטענע.

גוטע לידער, און געבירטיגס לידער ביפּראַט, פאָדערן ניט קיין אויפקלערונג, קיין „טײַטש". זיי רעדן פאַר זיך אַליין, קלאָר און דײַטלעך. יעדער איינער, וואָס קוקט אין זיי אַרײַן, אָדער הערט זיי, פאַרשטייט גלײַך, וועגן וואָס ס'האַנדלט זיך...

און אָט, מאַכשאָוועסן, כאַפּ איך זיך. איך בין זיך טויע. איך שרײַב איצט פאַר אַ דאָר, וואָס פאַרשטייט דאַפקע ניט. אַ דאָר, וואָס איז, באַרעכהאַשעם, מאַטעריעל ווײַט אָפּגעשיידט פון די שווערע לעבנס־באַדינגונגען פון געבירטיגס צײַטן. דערפאַר אָבער איז דער דאָזיקער דאָר גײַסטיק אָרעמער, און דערווײַטערט (און אָפט אינגאַנצן אָפּגעפרעמדט) פון ייִדיש און ייִדישער באַוווסטזיניקײַט. דער דאָר, פאַר וועמען איך שרײַב, פאַרמאָגט ניט די סענסיטיווקײַט פון ייִדיש, און איז, בעמײַלע, ווייניקער סענסיטיוו צו ייִדן־פּראָבלעמען און מענטשן־פּראָבלעמען.

דורך ייִדיש, דורך אַזעלכע לידער ווי „די ליאַלקע", וועט דער דאָר, וואָס פאַרשטייט ניט, — אָנהייבן זיך לערנען צו פאַרשטיין.

## מײַלער ווישנאַוואַט

(טינעק, ניו־דזשערסי)

# די אינדישע ייִדן

ייִדן זײַנען אַ פֿאָלק, פֿאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט. די געשיכטע פֿון דער ייִדישער שפּראַך גופֿא איז אַ געשיכטע פֿון ייִדישע וואָגלענישן דורך צענטראַל־ און מיזרח־אייראָפּע. אַז מע טראַכט אָבער וועגן אַנדערע ייִדישע יישובֿים, טראַכט מען ניט וועגן אינדיע. פּראַקטיש זײַנען פֿאַראַן דאָקומענטן וועגן ייִדן אין אינדיע לעכאָל־האַפּאָכעס פֿון אָנהייב עלפֿטן יאָרהונדערט, און ס'איז זיכער נאָך פֿריִער געווען דאָרטן אַ ייִדישער יישובֿ.

ס'זײַנען געווען און זײַנען נאָך אַלץ דאָ דרײַ פֿאַרשיידענע אינדיש־ייִדישע אײדעס. אין דער דאָרעמדיקער פּראָווינץ קעראַלאַ, אין דער שטאָט קאָטשין, וווינען די קאָטשינער ייִדן. ווײַטער זײַנען דאָ די „בני־ישׂראל", וואָס האָבן זיך באַזעצט אינעם ראַיאָן קאָנקאַן. הײַנט וווינען קימאַט אַלע אין באָמביי. די דריטע איז די אַזוי־גערופֿענע באַגדאַדער אײדע, וואָס איז צעטיילט צווישן באָמביי און קאַלקוטאַ. אַלע דרײַ רעדן אַן אַנדער לאָשן, טראָגן אַנדערע מאַלבושים און האָבן אַן אַנדער באַציִונג צו ייִדישקײַט. דאָס בעשוטפּעסדיקע צווישן זיי איז זייער אָפּשטאַם: מע מיינט, אַז אַלע קומען אַרויס פֿון ייִדן סאָכרים, וואָס זײַנען געקומען האַנדלען קיין אינדיע. דאָס זעט מען צום קלאָרסטן דורך דער געשיכטע פֿון די קאָטשינער ייִדן.

ייִדישע סאָכרים זײַנען געפֿאָרן האַנדלען קיין אינדיע זינט הונדערטער, עפּשער טויזנטער יאָרן. מיר לייענען נאָך אין טאַנאַך, אַז שלוימע־האַמעלעך האָט געשיקט האַנדלס־שיפֿן קיין אינדיע. דאָס עלטסטע געשריבענע וואָרט פֿון די דאָרעם־אינדישע לעשוינעס באַווײַזט זיך מיסטאָמע אין טאַנאַך, אין אַ רעשימע זאַכן, וואָס שלוימע־האַמעלעכס שעליכים האָבן געקויפֿט אין אינדיע. אָבער ערשט אַ סאַך שפּעטער האָבן ייִדן מאַמעש אויפֿגעשטעלט אַ קעהילע אין אינדיע. פּונקט ווען ווייסט מען ניט, אָבער קעראַלער קריסטן גלייבן, אַז סאַנקט־טאָמאַס איז שוין אין יאָר 52 געקומען פּריידיקן צו אינדישע ייִדן. אַזוינע לעגענדעס וועגן פֿאַרצײַטיקע ייִדן זײַנען דאָ בעשעפֿע. פֿון אַן ערעך סאָף 10־טן יאָרהונדערט האָבן מיר טאַקע אַ דאָקומענט וועגן קאָטשינער ייִדן, וואָס געפֿינט זיך אין קאָטשינער שול ביזן הײַנטיקן טאָג. אויף קופּערנע שילדלעך אין אַלט־טאַמילישער שריפֿט לייענען מיר, אַז דער מײַלעך פֿון לאַנד, טשעראַמאַן פּערומאַל, באַווייליקט צו יויסעף ראַבין, דעם דעמאָלטיקן קאָטשינער ייִדישן פֿירער, קאָלערליי פּריווילעגיעס. לויט איין איבערזעצונג נעמט דאָס אַרײַן אַ מאַטאָנע פֿון אַ דאָרף, אַנדזשווואַנאַס, און ס'זײַנען אויך דאָ לעגענדעס וועגן אַן אינדיש־ייִדישן מײַלעך. אויך ביניאָמין טודעלער, וואָס האָט זיך אָפּגעשטעלט אין קאָטשין אין 1167, און מאַרקאָ פּאָלאָ, אין 1293, דערמאָנען די דאָרטיקע ייִדן.

דעמאָלט האָבן ייִדן נאָך ניט געוווינט אין קאָטשין, נאָר אין אַ צווייטער שטאָט, קראַנגאַנור, אויף צאָפֿן פֿון קאָטשין. און אַז די ייִדן האָבן אין 1344 זיך צעקריגט, זײַנען אַ צאָל אַוועק קיין קאָטשין און אין אַנדערע נאָענטע שטעט. לעסאָף האָבן די פּאָרטוגאַלער אַטאַקירט קראַנגאַנור אין 1565 און אַלע ייִדן אַרויסגעטריבן. זײַנען זיי אַנטלאָפֿן קיין קאָטשין. דער דאָרטיקער מײַלעך האָט זיי שיין אויפֿגענומען און געגעבן אַ שטיק ערד לעבן פּאַלאַץ אויף צו בויען אַ שול — די פּאַראַדעשי־שול, וואָס מע ניצט ביז הײַנט.

מיט הונדערט יאָר שפּעטער, אין 1685, איז אַ גרופּע האָלענדישע ייִדן געפֿאָרן קיין אינדיע אויסצוגעפֿינען וועגן די דאָרטיקע ייִדן. דער פֿירער פֿון דער גרופּע, מוישע די פּײַוואַ, פֿרעגט אויס די קאָטשינער וועגן זייער אָפּשטאַם, און אין זײַן באַריכט גיט ער אונדז איבער אַ סאַך פּראָטים וועגן זיי, אַפֿילע נעמען פֿון קאָטשינער גווירים, וואָס טייל פֿון זיי שטאַמען פֿון יויסעף ראַבין אַליין. ער שרײַבט, אַז זיי זײַנען אַריבער קיין אינדיע פֿונעם אינדזל מאַיאָרקאַ אין יאָר 370. קיין שום רײַעס וועגן דעם האָבן מיר אָבער ניט.

פֿון אַנדערע מעקוירים ווייסט מען, אַז ייִדן סאָכרים זײַנען קעסיידער געפֿאָרן צווישן מיטל־מיזרעך און אינדישן מײַרעוו־ברעג. טײַמענער ביפּראַט זײַנען געווען ענג פֿאַרבונדן מיט קאָטשין. און אַדאַנק דער פֿאַרבינדונג זײַנען די קאָטשינער געבליבן אָפּגעהיטע, פֿרומע ייִדן.

קאָטשינער האָבן געשפּילט אַ גרויסע ראָליע אינעם פֿעפֿער־האַנדל. יאַנקעוו ראַהאַבי, איינער פֿון די קאָטשינער גווירים און אַליין אַ סויכער, איז אויך געווען אַ פֿאַרבינדלער צווישן דער האָלענדישער פֿירמע און די אינדישע קיניגן. אין 19־טן יאָרהונדערט, ווען די ענגלענדער האָבן איבערגע־

נומען דעם האנדל, האָבן די ייִדן פאַרלוירן זייער עקאָנאָמישע וואָג.

ניט געקוקט אַף דעם האָבן זיי זיך ווײַטער באַטייליקט אינעם פּאָליטישן לעבן, אַדאַנק די נאָענטע באַציִונגען מיטן קאָטשינער מײַלער. ביז קאָטשין האָט זיך אין 1948 פאַרייניקט מיט דער מאָדערנער אינדישער רעפּובליק איז טאָמיד געווען א ייִדישער דעפּוטאַט אינעם אָרטיקן פּאַרלאַמענט. אופטייל זײַנען געפאָרן קיין קאַלקוטאַ און דאָרטן אויפגעשטעלט די ערשטע העברעיִשע דרוקערײַ. אין באָמביי האָבן זיי געאַרבעט ווי כאַזאָנים בײַ די בני־ייִסראָעל, ווײַל יענע האָבן ניט געהאַט קיין אייגענע כאַזאָנים.

זיי האָבן גערעדט מאַלאַיאַלאַם, דאָס אָרטיקע לאָשן. שפּעטער האָבן זיי זיך אויסגעלערנט ענגליש. אָבער העברעיִש האָבן זיי טאָמיד געקענט און גענוצט אַף צו קאָמוניקירן מיט ייִדן פון אַנדערע לענדער.

דער קאָטשינער קיבוץ איז קיינמאָל ניט געווען קיין גרויסער. צום העכסטנס האָט ער באַטראָפן 2.500 מענטשן. נאָך דעם, ווי מעדינאַס ייִסראָעל איז אויפגעקומען, האָבן סראָוו פון זיי אוילע געווען. הײַנט זײַנען געבליבן בלויז פערציק ייִדן אין קאָטשין, און כאָטש צווישן זיי איז נאָך דאָ יונגוואַרג, איז ניטאָ מיט וועמען כאַסענע צו האָבן און ס'וועט לאַנג ניט געדויערן, ביז די גאַנצע קעהילע וועט עמיגרירן און ס'וועט ניט בלײַבן מער ווי א שול און צוויי גאַסן מיט ייִדישע נעמען, ווי א זייכער נאָך די קאָטשינער ייִדן.

* * *

בעשאַס די קאָטשינער קעהילע האָט געבליט אונטער דער פירערשאַפט פון יעכעזקל ראַהאַבי, האָבן די בני־ייִסראָעל נאָך געוווינט אין קאָנקאַן. כאָטש זיי האָבן זיך געהאַלטן באַזונדער פון די אינדיִער און אָפּגעהיט געוויסע ייִדישע מינהאָגים, האָבן זיי ניט געוווּסט וועגן זייער פאַרבינדונג מיט א גרעסער ייִדיש פאָלק. אין 1768 איז געקומען צו זיי דאָוויד ראַהאַבי, דער זון פונעם קאָטשינער יעכעזקל ראַהאַבי. ער האָט זיך דאָרטן באַזעצט און געזען ווי זיי היטן אָפּ דעם כילעק צווישן קאָשערע און טרייפע פיש, ווי זיי פּראַווען שאַבעס און בריסן, ווי אויך געוויסע יאָמטויוויום. לעמאָשל, פייסעך פלעגן זיי ניט לייענען פון דער האַגאָדע, נאָר אַרײַנלייגן כאָמעץ אין א סלאָי, וואָס זיי פלעגן האַלטן פאַרמאַכט זיבן טעג. און דעם יאָמטעוו רופן זיי טאַקע ניט פייסעך, נאָר „דער יאָמטעוו פון פאַרמאַכטן סלאָי". דאָוויד ראַהאַבי האָט אײַנגעזען, אַז זיי זײַנען ייִדן און האָט מיט זיי געלערנט וועגן ייִדישקײַט. ער האָט מיטגענומען דרײַ פון די בני־ייִסראָעל קיין קאָטשין, זיי זאָלן דאָרט זיך לערנען וועגן דער האַלאָכע, קעדיי ווײַטער צו לערנען מיט זייערע ברידער. די בני־ייִסראָעל האָבן אַליין א טראַדיציע, אַז א ייִד מיטן נאָמען דאָוויד ראַהאַבי — ניט דאַפקע דער, וואָס ערשט דערמאָנט — איז געקומען צו זיי פריִער, אַרום דעם יאָר 1000. אויך דער דאָוויד ראַהאַבי האָט מיט זיי געלערנט וועגן דער האַלאָכע. צי מע האָט זיי אַנטדעקט אין 1000 צי אין 1768, האָבן זיי זיכער געוווינט א לאַנגע צײַט אינעם דאָזיקן ראַיאָן. פונוואַנען זשע זײַנען זיי געקומען? דאָס איז זייער אומקלאָר. טייל פאָרשער מיינען, אַז זיי שטאַמען פון די צען שוואָטים — ערשטנס, ווײַל זיי רופן זיך „בני־ייִסראָעל", נאָך דער צאָפנדיקער מעלוכע ייִסראָעל, ניט „ייִדן", נאָך דער דאָרעמדיקער מעלוכע יעהודע; און צווייטנס, וואָרעם זיי ווייסן גאָרנישט וועגן כאַנעקע און אַנדערע שפּעטערדיקע יאָמטויוויום. קעהימקאַר, א בני־ייִסראָעל־היסטאָריקער, מיינט, אַז זיי זײַנען אָנגעקומען קיין אינדיע אין יאָר 175 פאַר דער אָנגענומענער צײַט־רעכענונג, פאַרן צווייטן בייסהאַמיקדעש. אַנדערע פאָרשער, ווידער, מיינען, אַז זיי שטאַמען גאָר אַף פון אינדישע גערים. ווי ס'זאָל ניט זײַן, זײַנען נישטאָ קיין סאַך ראַיעס פאַר אָדער קעגן די טעאָריעס.

מיר ווייסן אָבער אַף זיכער, אַז זיי האָבן געוווינט אין קאָנקאַן, אַרומגערינגלט פון די הינדוס, אַליין קימאַט א קאַסטע צווישן די אַנדערע קאַסטעס, אָבער אויפגעהאַלטן די ייִדישע אידענטיטעט. מע האָט זיי גערופן „שאַנוואַר טעלי", ד.ה., שאַבעסדיקע בוימל־פּרעסערס, ווײַל מערסטע זײַנען געווען פון פאַך בוימל־פּרעסערס. נאָך דאָווידס ראַהאַביס וויזיט זײַנען אָנגעקומען מיסיאָנערן, וואָס האָבן זיי געפּרוּווט שמאַדן. די ייִדן האָבן זיי אויסגעהערט, געלערנט העברעיִש און טאַנאַך בײַ זיי, אָבער געשמאַדט האָבן זיי זיך ניט. ווען די ענגלענדער האָבן אויפגעבויט באָמביי און ער איז געוואָרן א וויכטיקער עקאָנאָמישער און פּאָליטישער צענטער, זײַנען א סאַך ייִדן אַריבער פון קאָנקאַן קיין באָמביי. זיי האָבן געדינט אין דער בריטישער אַרמיי און טייל זײַנען געוואָרן אָפיצערן. לעמאָשל, שמועל יעכעזקל דיוועקאַר האָט געדינט ווי א קאַפּיטאַן אין מײַסור, דאָרעם־אינדיע. ער איז געכאַפּט געוואָרן פונעם סוינע, און ווען מע האָט אים באַפרײַט, האָט ער געטאָן א נייִדער, אַז ער וועט בויען א שול אין באָמביי. אין 1796 האָט ער טאַקע אויפגעבויט די ערשטע בני־ייִסראָעל־שול אין באָמביי.

ביסלעכווײַז זײַנען אַלע בני־ייִסראָעל אַריבער פון קאָנקאַן קיין באָמביי, וווּ זיי האָבן זיך באַטייליקט אינעם דאָרטיקן פּאָליטישן און קולטורעלן לעבן. ס'איז געווען א בני־ייִסראָעל־ייִד א באָמבייער בירגערמייסטער אין 1937 און אַנדערע בני־ייִסראָעל זײַנען געוואָרן אַדוואָקאַטן און ריכטער. זיי האָבן אויך געקעמפט קעגן ענגלאַנד, אינאיינעם מיט גאַנץ אינדיע, פאַר דער פרײַהײַט.

כאָטש די בני־ישׂראל זײַנען קיינמאָל ניט געווען קיין רײַכע קהילה, האָבן זיי מצליח געווען אויף עטלעכע פֿעלדער, דעריקערשט אינטעלעקטועלע און פּראָפֿעסיאָנעלע. נאָכן אָנקומען אין באָמבײַ האָבן זיי זיך אָנגעטאָן אַ קוייעך צו געבן די קינדער אַ גוטע דערציִונג. די אָרטיקע שפּראַך, מאַראַטי, איז אויך געווען זייער שפּראַך און עטלעכע פֿון זיי זײַנען געוואָרן באַקאַנטע שרײַבער אויף מאַראַטי. זיי האָבן פֿאַרטײַטשט ספֿרים און אויך געשאַפֿן אָריגינעלע רעליגיעזע לידער אין מאַראַטי.

אין די פֿערציקער און פֿופֿציקער יאָרן האָבן די בני־ישׂראל באַטראָפֿן 25.000. מיטן אױפֿקום פֿון מדינת־ישׂראל האָבן אַ סך אױלה געווען, אָבער ערשט נאָך דער מלחמה אין 1967 האָט זיך זייער צאָל שטאַרק פֿאַרקלענערט. אַ 5.000 וווינען נאָך הײַנט אין באָמבײַ — ניט קיין קליינע צאָל, אַפֿילו אין אַ גרויסער שטאָט ווי באָמבײַ, אין די קהילה ניט גוט אָרגאַניזירט. עס פֿעלט זיי אויס געזעלשאַפֿטלעכע פֿירער, און אַ סך פֿון זיי האָבן אויך פֿאַרגעסן די אייגענע קולטורעלע ירושה.

ס'איז צו האָפֿן, אַז זיי וועלן זיך אױפֿהאַלטן ווי אַ לעבעדיקע קהילה. ס'וועט אָבער ניט זײַן גרינג אין דער הײַנטיקער אינדיע, וווּ ס'זײַנען מער ניטאָ די קלאָר אָפּגעזונדערטע קאַסטעס פֿון אַמאָל.

* * *

די דריטע אידע איז די באַגדאַדער. אין 19־טן יאָרהונדערט זײַנען אַ סך איראַקישע און סירישע ייִדן געפֿאָרן האַנדלען קיין מיזרח־אַזיע — קיין ראַנגון, סינגאַפּור, האָנגקאָנג און שאַנכײַ. טייל האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין באָמבײַ און קאַלקוטאַ. קאַלקוטאַ איז געווען אַ האַנדלס־צענטער. ייִדן האָבן אױפֿגעשטעלט באַגדאַדער קהילות אין אָט די שטעט: מושה דיוק כּוהן איז געווען איינער פֿון די ערשטע אין קאַלקוטאַ און דאָוויד סאַסאָן — אין באָמבײַ.

דער נאָמען סאַסאָן איז באַקאַנט אין באָמבײַ ביזן הײַנטיקן טאָג. ער האָט פֿאַרדינט אַ סך געלט אין מיסחר און גרונט־אייגנס און איז געווען אַ גרויסער פֿילאַנטראָפּ. ער האָט אויך געבויט דעם ערשטן דאָק אין באָמבײַ, וואָס מע רופֿט נאָך הײַנט „סאַסאָן־דאָק“. די סאַסאָנס האָבן אויך אױפֿגעבויט שיינע שולן און קינדער־שולן. הײַנט איז נאָך אַלץ דאָ אַ שול, וווּ אַ דריטל פֿון די קינדער, וואָס לערנען זיך דאָרט — אַרום 200 — זײַנען ייִדישע. די באָמבײַער באַגדאַדער האָבן זיך תּמיד אַרומגעקריגט מיט די בני־ישׂראל, דערפֿאַר, וואָס זיי האָבן געהאַלטן, אַז טייל בני־ישׂראל־מינהגים זײַנען ניט אַלפּי הלכה. ניט קוקנדיק דערויף, האָבן זיי אױפֿגעבויט פֿאַבריקן און געגעבן אַרבעט די בני־ישׂראל, זיי זאָלן שבתים ניט דאַרפֿן אַרבעטן. זיי האָבן אויך געבויט אַ טראַמװײַ און ספּעציעל צוגעגרייט שבתדיקע בילעטן, כּדי די בני־ישׂראל זאָלן שבתים קאָנען פֿאָרן און ניט מחלל־שבת זײַן.

כאָטש די באַגדאַדער ייִדן האָבן געהאַט אַ סך קאָנטאַקטן מיט די קאָטשינער ייִדן און די בני־ישׂראל, האָבן זיי זיך קיינמאָל ניט געפֿילט אײַנגעוואָרצלט אין אינדיע. זיי זײַנען אָנגעקומען אַהין, ווען אינדיע איז שוין געווען אָקופּירט פֿון ענגלאַנד, האָבן זיי זיך ניט געוואָלט אידענטיפֿיצירן מיט אַ באַזיגט פֿאָלק. זיי זײַנען תּמיד אָפּגעשטאַנען פֿון אינדיער און אינדישע ייִדן. זיי האָבן גערעדט אַראַביש און ענגליש, זיך געקליידט ווי אַראַבער אָדער ענגלענדער און ווען זיי זײַנען רײַך געוואָרן, האָבן זיי געשיקט זייערע זין אין שול קיין ענגלאַנד.

זיי האָבן געדינט אין דער באָמבײַער און קאַלקוטער שטאָטישער רעגירונג. זיי האָבן אויך געשפּילט אין אינדישע שטומע פֿילמען און אין אַ תּקופֿה, ווען אָרנטלעכע האָבן זיך ניט באַטייליקט דערין, און דערמיט זייער אַרויסגעהאָלפֿן דער פֿילם־אינדוסטריע. סאָפֿקאָלסאָף, אַז מע האָט אײַנגעפֿירט קלאַנג, האָבן זיי אױפֿגעהערט צו שפּילן, ווײַל דאָס לשון האָבן זיי ניט געקענט.

הײַנט האָבן סראָוו עמיגרירט קיין ענגלאַנד, זײַנען געבליבן מיסטאָמע צוויי הונדערט אין באָמבײַ און קאַלקוטאַ. און די קהילה האָט פֿאַרלוירן דעם אַמאָליקן גלאַנץ.

* * *

די אינדישע ייִדישע קיבוצים זײַנען געווען דינאַמישע און האָבן געשפּילט אַ וויכטיקע ראָליע אין דער אינדישער געשיכטע. אָבער דאָס איז שוין אַ מײַסע פֿונעם נעכטן. דער הײַנט און דער מאָרגן זעען ניט אויס אַזוי פֿײגלדיק. לאָמיר אָבער האָפֿן, אַז אָדער אין אינדיע, אָדער כאָטש אין ישׂראל וועלן זיי קאָנען אױפֿהאַלטן דעם לעבנשטײגער, די אייגנדיקײַט און די קולטורעלע ירושה זייערע.



## עסטער מיר

(ניו־יאָרק)

### שפּעט באַנאַכט

שפּעט באַנאַכט
צו הערן דײַן קאָל דורכן טעלעפֿאָן,
ווען דו ביסט ווײַט אַוועק
און מיר אַזוי נאָענט,
איז אַפּילע בעסער,
ווי די זון אין ווינטער,
ווי דער וואַרעמער הימל,
ווי פֿריילעכע טרערן.

דיך,
דיך קען איך בעסער, ווי מײַן אייגענע הויט,
ווי דאָס קישעלע אויף מײַן בעט,
ווי מײַנע אייגענע טעג און נעכט.

מיט דיר,
מיט דיר האָב איך שוין געכאַלעמט, ווי מאַן און ווײַב,
ווי קאָפּ און לײַב,
ווי האַרץ און מויער.

דײַן קאָל דורכן טעלעפֿאָן
קרעפּטיק, ווי אַ טאַטנס האַנט,
ווי דײַן וואָרט, ווי דײַן אַרומנעם
און פֿאַרט
צאַרט און מילד
מוירעדיק, ווי אַ קינד,
אין נויט
פֿול.

איך ווייס,
איך קאָן ניט
מיט מײַן קליינקײַט
דיר געבן, וואָס איך וויל,
כ'בין אַן אָפּגעהאַקטער בוים,
וואָס קאָן איך געבן איינעם,
וואָס האָט געגעבן אַלץ,
גאָרנישט פֿאַרלאַנגט
און נישט געזאָגט.

ליב מיך, ווי אַ דערוואַקסענע פֿרוי,
גיב מיר נישט די האַנט פֿון אַ קינד.

ניין. דו האָסט גאָרנישט פֿאַרלאַנגט
אין עפּשער

האָב איך דיר ניט מער געגעבן,
ס'איז שווער צו וויסן
אצינד
גאַנצפרי,
ווען ס'ווילט זיך שלאָפן.

און ס'איז אַזוי קאַלט,
און ווען אַלע מענטשן
דאַרפן שוין זײַן אין בעט
פון לאַנג.

## עס זעט אויס

עס זעט אויס,
ווי איך פאָר טאָמיד.

אַלעמאָל אין באַוועגונג,
איך שטיי קיינמאָל ניט אײַן.
עס זעט אויס,
ווי איך יאָג זיך טאָמיד ווײַטער
אין פרעמדע גאַסן, לאַנגע וועגן,
וואָס זוכן זייערע עקן,
קאָנען ניט געפינען זייער רו.

איך אײַל זיך שטענדיק —
גישטאָ קיין צײַט צו וואַרטן,
איך מוז איבעריאָגן די מינוטן
זיי פליִען צו גיך אַוועק.

אָבער...
קאָן איך געפינען מוט
צו פילן דײַן אָנריר,
צו פאַרטראָגן דײַן נאָענטקייט,
וואָס וואַרעמט די לאַנגע גאַסן
און מאַכט באַקאַנט די פרעמדע וועלט?

## ר אָ כ ל  נ י ו מ א ן
(ניו־יאָרק)

## דער מוזיי פון קינדערשע כאַלוימעס

דער מוזיי פון קינדערשע כאַלוימעס
איז אַ מוזיי פון האַלעוויי.
האַלעוויי
וועט מען קריגן דעם פּריז
אַן בייזע בליקן פון ברידער,
וואָס ווילן דײַן מאַנטל פון קאָלירן.
האַלעוויי
וועט מען זײַן אינדערהיים
אָן אַ שווערער רײַזע איבער רעדערשפּורן.

בעשאַס דער זייגער לויפט אין אַ פּאַניק.
האַלעוויי
וועט מען שלאָפן אין ליבשאַפט
אָדער באָדן זיך באָרוועס אין בלויע הימלען
און זיך שפּילן מיט שמייכלענדיקע וואָלקנס.
האַלעוויי
וועלן אַלע זײַן אונדזערע
ניט קיין האַלעוויי, ניט קיין אַנטלײַונג,
נאָר דאָס פּערמאַנענטע פאַרמעגן
פונעם מוזיי פון קינדערשע כאַלוימעס.

# א געזעלשאפט אף נאָטע לוריעס נאָמען

אין אָדעס איז געשאפן געוואָרן א ייִדישע קולטור־געזעלשאפט, וועלכע טראָגט דעם נאָמען פונעם באוווּסטן ייִדישן סאָוועטישן פּראָזאיקער, רעדקאָלעגיע־מיטגליד פון „סאָוועטיש היימלאנד" נאָטע לוריע. אין דער גרינדונגס־פארזאמלונג האָבן זיך באַטייליקט מער פון 500 מענטשן. אלס פאָרזיצער פון דער געזעלשאפט איז אויסגעוויילט דער דאָצענט פונעם אָדעסער מעלוכע־אוניווערסיטעט פ. י. יעפּימאָוו.

אף דער פארזאמלונג איז אָנגעמערקט געוואָרן, אז די געזעלשאפט וועט זיך פארנעמען מיט דערלערנען ייִדישע געשיכטע און קולטור, מיט אונטעריכטן ייִדיש, אנטוויקלען טעאטראלע און מוזיקאלישע שאפונג, פאררייביקן דעם אָנדענק פון די קורבן־קאָרבאָנעס. זי וועט אָרגאניזירן א גרופּע „בארעמהארציקײַט". אקטיוויסטן פון דער נײַער ייִדישער געזעלשאפט זײַנען דער דאָקטאָר פון פילאָסאָפישע וויסנשאפטן ג. ל. באקאנורסקי, דער וויסנשאפטלעכער מיטארבעטער ד. וו. טישטשענקאָ, דער פארדינסטפולער ארטיסט פון אוססר וו. מ. באסעל, די לערערן פון מוזיק ט. מ. נאָוויצקאיא, די מיטארבעטערן פון אן אָפּטייל פון סאָציאלער פארזיכערונג יע. א. באָסינאָווא און אנדערע.

# א סעסיע, געווידמעט באבעלן

לויט דער איניציאטיוו פון דער קאפעדרע פון דער סאָוועטישער ליטעראטור און פון דער ליטעראטור פון די סאָוועטישע פעלקער באם אָדעסער מעלוכע־אוניווערסיטעט אף אי. אי. מעטשניקאָווס נאָמען איז פאָרגעקומען א וויסנשאפטלעכע סעסיע, געווידמעט איסאק באבעלס 95־טן געבורטסטאָג.

די מיטיילונגען און פאָרטראָגן קאָן מען באדינגלעך פאנאנדערטיילן אין דרײַ גרופּעס: „די פּראָבלעמען פון אי. באבעלס שאפונג", „אי. באבעל און אָדעס", „אי. באבעל און דער ליטעראַרישער פּראָצעס אין די 20־ער יאָרן". קיין אָדעס אף דער באבעל־סעסיע זײַנען געקומען צו פאָרן ליטעראטורפאָרשער פון לענינגראד, מאָסקווע, אָמסק, סווערדלאָווסק, סמאָלענסק, טאָמסק, אופא, טשערנאָוויץ, ווי אויך געסט פון אונגארן און פוילן.

די סעסיע האָט באגריסט דער פאָרזיצער פונעם אָדעסער שטאָטראט וו. ק. סימאָנענקאָ. מיט איין און צוואנציק יאָר צוריק איז דער איצטיקער מער פון אָדעס געווען צווישן די אָדעסער אלפּיניסטן, וועלכע האָבן, באהערשנדיק א נאָמענלאָזן בארגשפּיץ, אים אָנגערופן אף באבעלס נאָמען.

מיט אן אָפּשאצונג פונעם שריפטשטעלערס שעפערישער ירושע זײַנען ארויסגעטראָטן די דאָקטאָרן פון פילאָלאָגישע וויסנשאפטן ג. א. בעלאיא (מאָסקווע), וו. וו. איידינאָווא (סווערדלאָווסק), נ. ל. ליידערמאן (סווערדלאָווסק), וו. יע. קאָווסקי (מאָסקווע).

אף דער סעסיע איז געניי באהאנדלט געוואָרן די געשיכטע פון דעם וויכטיקסטן בוך פונעם שרײַבער „רײַטער־ארמיי" און די שטרײַטן וועגן אים. פון די מיטיילונגען פון די קאנדידאטן פון פילאָלאָגישע וויסנשאפטן ס. נ. פּאָווארצאָוו (אָמסק) און ג. ס. מערקין (סמאָלענסק) האָט זיך אויסגעקלאָרט, אז די טרויעריק באקאנטע באליידיקנדיקע ארויסטרעטונגען פון ס. מ. בודיאָני אין באבעלס אדרעס אין 1924 און 1928 האָט אָנגעשריבן און צוגעגרייט ניט אליין דער קאָמאנדארם פון דער ערשטער רײַטער־ארמיי. ג. ס. מערקין האָט דערציילט וועגן דער טעקסטאָלאָגישער עקספּערטיזע, און ס. נ. פּאָווארצאָוו האָט אָנגערופן אויך דעם נאָמען פונעם אוטאָר פון דעם פארלעצערישן בריוו פון 1928. עס האָט אים אָנגעשריבן צו גאָרקין (אין בודיאָניס נאָמען) דער מיטגליד פונעם רעוואָלוציאָנערן מיליטערישן ראט פון דער ערשטער רײַטער־ארמיי סערגיי אָרלאָווסקי.

איבערצײַגעוודיק איז ארויסגעטראָטן וועגן די פרײַקע רעפּאָרטיאָר־פארצייכענונגען פונעם שרײַבער אין דער פּעטראָגראדער צײַטונג „נאָוואיא זשיזן" („דאָס נײַע לעבן") דער קאנדידאט פון פילאָסאָפישע וויסנשאפטן וו. וו. כאריטאָנאָוו (סווערדלאָווסק).

די אָנטיילנעמער פון דער סעסיע האָבן באזוכט דעם אָדעסער רוסישן דראמאטישן טעאטער אף א. איוואנאָווס נאָמען, ווו זיי האָבן געהאט די מעגלעכקײַט ווי געהעריק אָפּשאצן די מוזיקאלישע טראגעדיע „דער אונטערגאנג" (מוזיק — א. זשורבין, טעקסט און ליברעטאָ — א. עפּעל).

ס'איז אָנגענומען געוואָרן א באשלוס וועגן צוגרייטן א זאמלבוך מיט די מאטעריאלן פון דער וויסנשאפטלעכער סעסיע.

**אושער ספעקטאָר**

## װאַלערי סלוצקי



געבוירן געוואָרן אין 1954 אין לענינגראַד. פאַרענדיקט דעם לענינגראַדער פּעדאַגאָגישן אינ־סטיטוט אָף א. אי. גערצענס נאָמען. געאַרבעט אין פאַרשיידענע לערן־אַנשטאַלטן. באַנאַנד מיט זײַן אייגענער פּאָעטישער שאַפונג אַרבעט ער א סאַך אַלס דיכטער־איבערזעצער. וו. סלוצקיס ווערק זײַ־נען אָפּגעדרוקט אין פאַרשיידענע לענינגראַדער ליטעראַרישע זשורנאַלן און אַלמאַנאַכן, ווי אויך אינעם זאַמלבוך „קרוג“ („קרײַז“). לעבט אין לע־נינגראַד.

# ס'איז נײטיק א „שעפערישע רעאַביליטאַציע“ פון דאָוויד האָפשטיינען אין דער איבערזעצונג אָף רוסיש

מיר הערן אָפט וועגן דער הויכער מיסיע פון דער פּאָעטישער איבערזעצונג, וועלכע וואַרפט אַריבער, לויטן באַוווּסטן אויסדרוק, בריקן צווישן קולטורן. אָבער ס'איז דאָ נאָך איין טעמע פאַר אַן ערנסטן געשפּרעך — די מאָראַלישע פאַראַנטוואָרטלעכקײַט פונעם איבערזעצער, פון וועמענס באַגאַבונג, קולטור און געוויסנהאַפטיקײַט איז אָפּהענגיק, צי ס'וועט זיך פאַרהיטן די פּאָעטישע דערשײַנונג אין א נײַער פאַר איר שפּראַכלעכער סוויווע.

ווען דאָוויד האָפשטיינס דיכטונג וואָלט נאָך ניט איבערגעזעצט געוואָרן אָף רוסיש, וואָלטן מיר מיט פולער איבערצײַגטקײַט געקאָנט צוזאָגן די סאַמע ראַפינירטע שעצער פון לידער א באַקאַנטשאַפט מיט אַן אוניקאַלן פּאָעטישן וועלטבוי, א באַגעגעניש מיט א קלוגשאַפטלעכער און גוטהאַרציקער פּערזענלעכקײַט, וועלכע פאַנגט מיט איר צויבער און מאַסשטאַב. הײַנטצוטאָג זײַ־נען דעם רוסישן לייענער פאַרגעלייגט געוואָרן דרײַ פּאָעטישע זאַמלונגען פון דאָוויד האָפשטיי־נען. די אַמערסטן פולע פון זיי איז „אויסדערוויילטס“, דערשינען אין 1958, נאָך דעם, ווי דער אומגעקומענער דיכטער איז רעאַביליטירט געוואָרן. די צווייטע זאַמלונג „לידער“ ווערט דאַטירט מיטן 1961. די לעצטע, אַמווייניקסטנס, געניע איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אין 1970 אין דער סעריע „ביבליאָטעק פון סאָוועטישער דיכטונג“. האָפשטיין איז איבערגעזעצט, און קיין אַנטדעקונג איז ניט פאָרגעקומען. די שאַפונג פונעם גרויסן יידישן סאָוועטישן דיכטער האָט ניט געקראָגן

כאטש א וועלכע־ניט־איז באריטמקייט באם רוסישן לייענער, דאס הייסט — ניט אופגענומען גע־וואָרן מיצאד אים.

לאמיר א פרווו טאן כאטש אפן ביישפיל פון עטלעכע לידער פון פארשיידענע יארן צו פארגלייכן אונדזער פארשטעלונג וועגן דעם דיכטער מיט דער פארשטעלונג פון א געדאכטן לייענער, וועלכער באקענט זיך אין דער רוסישער שפראך מיט די פאעטישע זאמלונגען, אף די טאוולען פון וועלכע עס שטייט דאוויד האפשטיינס נאמען.

מיר שטעלן זיך אפ אף א ליד־מיניאטיור, אין וועלכער מיר געפינען די אייגנטימלעכע פאר האפשטיינען אויסגערעכנטע צעצוימטקייט פונעם ריטמישן און ווערטלעך־שילדערישן געמעל און די קאנצענטרירטע זינלעכע גאנצקייט.

א וויטער דאך־פענצטער פארכאפט האט אף זיין גלאט
א שטיקל זונען־בראנד, וואס זינקט און זינקט.
ס'איז טיף אין הארבסט. דער לעצטער בלעטערפאל.
איך שטיי ווי אף דער וואך,
און ס'ווארט מיין בליק.
ביז ס'וועט די צינגס־קראפט פון ערד
זיך נאכאמאל באמיען
פון פייכטער צווייג
א געלע בלאט אראפצוציען.

דער ערשטער איינדרוק פון אט דער מיניאטיור איז: פאעטישע דורכדרינגלעכקייט, ניט געצוווּנגענע אריגינעלקייט פונעם געשטאלט, און דאס אלץ צעשטערט אין אונדזער באנעם דאס טראדיציאנעל־סטערעאטיפיש בילד פונעם הארבסט. אנטקעגנגעשטעלט צום ליטערארישן טרויזם, ווו דער אביעקט פונעם אווטארס לירישער באציונג זיינען געווייגלעך די בלעטער, וואס פאלן אף דער ערד, איז אין האפשטיינס מיניאטיור דער פערסאנאזש אן אבסטראקטע קאטעגאריע — „די ציונגס־קראפט פון ערד", וועלכע דערווערבט דורך דעם דיכטערס באגייסטערטער וויזיע („ס'וועט... זיך נאכאמאל באמיען") דעם קויעך פון ווערן פערזאניפיצירט.

פאר האפשטיינס דיכטונג, פאר דער יידישער דיכטונג ביכלאל, איז כאראקטעריסטיש אן איבערפלוס פון באגייסטערנדיקער באציונג צום לעבן, פון שפעדיקער פערזאניפיקאציע פון זאכן און דערשיינונגען. וויטער, אריינקוקנדיק אין דער ליד, באמערקן מיר א סימעטריע אין יענע דעטאלן פון דער שילדעריש־זינלעכער ריי, וואס זיינען טאכיק פאר דעם פאעטישן אינהאלט. דעם „לעצטן בלעטערפאל" אנטשפרעכט דער זינקענדיקער אפשיין פון דער פארגייענדיקער זון. און צי איז ניט דער „וויטער דאך־פענצטער", וואס האט פארכאפט „א שטיקל זונען־בראנד", א צווילינג פון דער „געלער בלאט"? די „וויטקייט" פון דעם ערשטן און די דערנעענטערטקייט פונעם צווייטן צו אונדזער בליק ברענגען מיט זיך א רוים־זעבארע באציונג וויטקייט — נאענטקייט, עס עפנט זיך א שילדעריש־זינלעכער רוים, אין וועלכן „איך שטיי ווי אף דער וואך", באמיענדיק זיך ניט דורכצולאזן די טרויעריק־רירעוודיקע רעגע פון דער האנדלונג פון דער „ציונגס־קראפט פון ערד", דאס הייסט פונעם טויט — אויב זען אין דער „ציונגס־קראפט פון ערד" א צווייטן, א סימבאלישן זין. ניט צופעליק איז אין דער ליד, ווו ס'זיינען אפוועזנד וועלכע־ניט־איז געשטאלטיק־באשרייבנ־דיקע פראטים, בלויז די „צווייג" אויסגעטיילט מיט א צוגאבלעכער פאעטישער פארפינקטלעכונג. מע קאן זיך מעשאער זיין, אז די איינציקע אין דער מיניאטיור אונטערגעשטראכן־שילדערישע דעטאל, דער עפיטעט „פייכטע", טראגט אין זיך א צוגאבלעכע אסאציאציע — טרערן, טרויער.

איצט לאמיר א פרווו טאן זיך שטעלן אפן ארט פונעם געדאכטן לייענער, וועלכער האט באקומען זיין איינדרוק פון אט דער ליד לויט דער רוסישער איבערזעצונג פון נ. לעאנטיעוון (זי גייט אריבער פון איין זאמלונג אין א צווייטער).

В чердачных окнах зайчики резвятся..

פארשטייט זיך, אזא שילדערונג פון „פענצטער" און „שטיפנדיקע העזעלעך" אסאצייִרט זיך ניט מיטן לייענערס פארשטעלונג וועגן אונטערגאנג און טרויער, גיכער פארקערט, זי שטרייכט אונטער דעם זשוואוון קאנטעקסט, אין וועלכן «Осколки солнца тают на глазах..».

ווייטער לייענען מיר: «Сугробы листьев в парке золотятся...», קאנסטאטירנ־דיק פאר זיך אן איבערוף מיט דער הארבסטיק־פארקאווער ליריק פונעם 19־טן יארהונדערט, מיט די שיינקייטן פון דער שוין ניט איין מאל באזונגענער גאלדענער צייט פונעם יאר. דעם דאזיקן איינדרוק באשטעטיקט און, ווארשיינלעך, ווארפט אונטער א ביסל סענטימענטאלקייט, די פאלגנ־דיקע שורע: «Стою и не могу налюбоваться».

דורכגעלאָפן דעם פארבליבענעם טייל פון דער מיניאַטיור —

«Стою, как на часах,
И жду, когда последний лист,
Послушный силе притяженья,
Сорвется вниз
В последнем трепетном движеньи, —

ווערט דער לייענער לאכלוטן ניט פארכאַפּט פון דער באַנאַלער שילדערונג. ער איז, לאָמיר טרעפן, שטוואָס פארכידעשט פון דעם אווטאָרס פארפינקטלעכונג בענעגייע דער „געהאַרכזאַמקייט" פון דער בלאַט אין שייכעס מיט דער „ציִונגס־קראַפט", אף וויפל קיין שום נויטווענדיקייט אין אזא דער־קלערונג זעט דער לייענער ניט. די „לעצטע" „ציטערנדיקע" „באַוועגונג" פון דער „לעצטער בלאַט" פירט ארוף דעם געדאַכטן לייענער אף א מעלאָדראַמאַטישן שפור פונעם פּסעוודאָ־לירישן סטערעאָ־טיפּ: שיינקייט — פאַרוועלקונג, וואָס האָט ניט גאָרנישט געמיינזאַמס מיט דעם, וואָס דער לייענער וואָלט געהאַט א רעכט אָנצורופן „פּאָעטישע אַנטפּלעקונג". ניט וויסנדיק, זעלבסטפארשטענדלעך, וועגן דעם כּאַרעוו געמאַכטן אָריגינאַל, וועט דער רוסישער לייענער זיך מעשאַער זײַן, אז דער ייִדישער דיכטער כּאַזוערט איבער פארעלטערטע מוסטערן פון דער רוסישער ליריק, און ער וועט שוין אוואַדע האָבן א סאָפּעק אין האָפּשטיינס פּאָעטישער באַגאַבונג.

מיר ווייסן וועגן א גאַנצער ריי כאַראַקטעריסטישע פאַר האָפּשטיינען פּאָעטישע ווערק, אין וועלכע די ביבלישע גרויסקייט פון דער מעטאַפאָר שעפּט איר אינהאַלט אין דער לעבעדיקער, קאָנקרעטער, הײַנטצײַטיקער ווירקלעכקייט מיט איר נײַעם הומאַניסטישן און בירגערלעכן פּאַטאָס. אין אונטערשייד פון די געוויינלעכע פאַרן רוסיש־שפּראַכיקן לייענער פּאָעטישע רייד, ווו די גאַנצ־קייט לייגט זיך, אַלפּי קלאַל, צונויף פון באַזונדערע, עסטעטיש קאָנגזיַטיק ווירקנדיקע געשטאַלטן, זײַנען די דאָזיקע לידער אַליין פאַר זיך פארגרעסערטע געשטאַלטן. אין איינע פאַלן, לעמאָשל, אין דער ליד „די ווענט נאָך באַפלאַכטן מיט קלעטער־געשטעלן", דעטערמינירט דעם קינסטלעריש־אינהאַלטרײַכן קער א מאַנאָמעטאַפאָר־בוינג:

די ווענט נאָך באַפלאַכטן מיט קלעטער־געשטעלן,
מיט מיסטן מיט אַלטע.
פארוואַלגערט די שוועלן,
און ס'הילכט נאָך די פוסטקייט...
. . . . . . . . . . .
נאָר כ'זע איך שוין, וועלטן באַנײַטע,
מיט אויגן פון ליכטיקן גלויבן!...

אין אַנדערע פאַלן איז דאָס פאַרגרעסערטע געשטאַלט גלײַך ווי אײַנגעפלאָכטן אין שיל־דעריש־זינלעכע ניוואַען פונעם פּאָעטישן געוועב. אָט איז, צום בײַשפּיל, א ליד, ווו דער יעסאָד איז דאָס געשטאַלט פונעם דורכגייענדיקן מעסלעס:

(נאַכט): אף שטילער פריילינגדיקער הויל פון ווילדע ווײַטן
אף שטילער פריילינגדיקער הויל פון ווילדע ווײַטן
אַלץ טריפט און טריפט מײַן אַלט פארציטערט בלוט,
צום שווארצן הארצן מוליען נעכט
דעם וויי פון טעג פארשוועכטע...
(קאַיאַר): נאָר פלאַקערן צעשפּאַלטן ווייכע נעפל־שויסן
און גליִען אויס אין פײַערדיקן דוייער
אַלץ נײַע צייכנס
פאַר ווײַטערדיקן דראַנג פון לאָקערדיקן צאָרן!
(פרימאַרגן). בא רויטע טויערן פון לויטערע פרימאָרגנס
זיך שטעלט אף וואַך
דער שאַל פון יאָגנדיקן האָרן...
און גריוועס זײַנען גרייט צום ערשטן שווונג,
און טלאָען אײַזערנע קוים ווארטן
אף ערשטן בײַט פון שוועבנדיקע ווײַטן,
אף שטויס פון נײַע שלאַכטן...

(טאָג): מיט האַרצן־ציטער הער איך זיי,
די טויזנט־אָטעמדיקע פֿרייד־געשרייען,
מיט גליווער־לייד דערשפּיר איך זיי,
די שטומע צאַפּלדיקע ווייען...
(אָוונט): און ווען די נאַכט
איז גרייט דעם זינקענדיקן טאָג
אין שטילן שויס פֿאַרהילן, —
צו וויטן ציט מײַן גליִענדן געמיט...
(נאַכט): מיט שטריק פֿון ווילנס טויזנטער געבונדן,
נאָך רעדער מידע, שיקערע פֿון שלאַכט,
געפֿאַנגען שפּאַן איך צווישן פֿעלדער ברייטע.
(קאַיאָר): איך בין מיט זיי, מיט שטענדיק גרייטע
צו נײַעם שאַל פֿון מונטערדיקן האָרן,
צו נײַעם פֿלאַם פֿון לײַטערנדיקן צאָרן...

דער אויסערלעכער פּלאַן פֿון דער ליד איז פֿאַרבונדן מיט דער באַציִונג צווישן דעם נײַעם, אופֿגייענדיקן באַוווּסטזײַן און דער אָפּגעלעבטער, שטאַרבנדיקער וועלט, פֿון וועלכער עס איז אומאָפּטיילבאַר „מײַן" עקזיסטענץ, „מײַן אַלט (ד.ה. טאַנאַכיש — וו. ס.) בלוט", וואָס טריפֿט אַף „פּרילינגדיקער הויל פֿון ווילדע ווײַטן". די „נעכט", וואָס טוליען „צום שוואַרצן האַרצן" (טרויער) „דעם ווי פֿון טעג פֿאַרשוועכטע", צעשפּאַלטן די „פֿלאַקערן" פֿונעם קאַיאָר (ד.ה. פֿונעם נײַעם לעבן), וועמענס פֿײַערדיקע „צײַכנס" זײַנען אומעטום מודיִע וועגן דעם „ווײַטערדיקן דראַנג פֿון לאַקערדיקן צאָרן" (פֿונעם נײַעם באַוווּסטזײַן, גלויבן). די נײַע ווירקלעכקײַט, וואָס האָט געפֿאַנגען „מײַן" עקזיסטענץ, — זי גייט אַרויס אַ זיגערן (אַ געשטאַלט פֿונעם בירגערקריג) אין דער שלאַכט צווישן דער פֿרייד פֿון דעם געפֿינען און דעם ווייטיק פֿונעם פֿאַרלירן, אַפּראַמענדיק פֿון דעם וועג דאָס פֿריִערדיקע אָפּגעלעבטע מיטן „פֿלאַם פֿון לײַטערנדיקן צאָרן". ווײַזט אויס, ניט קיין צר פּעליקס איז אין אָט דער ריי דאָס געשטאַלט פֿון „רעדער מידע, שיקערע פֿון שלאַכט", וועלכע זײַנען שטענדיק גרייט „צום נײַעם שאַל פֿון מונטערדיקן האָרן". דאָ (ניט צום שאָדן, פֿאַרשטייט זיך, פֿון דעם געשטאַלט פֿון אַ טאַטשאַנקע) איז גאַנץ באַרעכטיקט אַן אַסאָציִאַציע מיטן פֿײַערדיקן קאַמפֿס־וואָגן — מיט דער זון.

אַזוי זעט פֿאַר אונדז אויס דער אויסערלעכער פּלאַן, וועלכער שעפּט אָבער ניט אויס דעם אינהאַלט פֿון דער ליד. דאָס געשטאַלט פֿון „מײַן גליִענדן געמיט" שליסט איבער דעם באַנעם אַף אַ נײַעם זינלעכן רעגיסטער, אונטערזאָגנדיק, אַז די אופֿגייענדיקע זון, דער קאַיאָר, וואָס מאַכט „צעשפּאַלטן ווייכע נעפּל־שויסן", איז „מײַן געמיט". דאָס פֿאַרעלטערטע און דאָס נײַע, דאָס אָפּגעלעבטע און דאָס נײַ־געבוירענע, די נאַכט און דער טאָג קאָנען בא אַזאַ דורכלייענען די ליד אופֿגענומען ווערן אַלס די אינערלעכע, אָנגעשטרענגט־טראַגישע באַציִונג צווישן די צוויי צדדים פֿון „מײַן" טאָך — פֿונעם „אַלטן (טאַנאַכישן) בלוט" און פֿון דעם קאַיאָריקן געמיט, פֿון ליידן און פֿריידן, וועלכע קעמפֿן אין „מיר", פֿונעם געפֿיל פֿון פֿאַרשוועכונג („טעג פֿאַרשוועכטע" — אין אָנהייב פֿון דער ליד) און דעם לײַטערונגס־פּאַטאָס („לײַטערנדיקן צאָרן") — אין פֿינאַל.

אַלס אַן אָנווײַזונג, אַז פֿאַר אונדז וויקלט זיך פֿאַנאַנדער אַ מיסטעריִע פֿונעם אינערלעכן לעבן פֿון דעם באַוווּסטזײַן, קאָן מען האַלטן די אָפּוועזנהײַט פֿון אַנדערע, כוץ „מיר", „מײַן" געמיט, פּערסאָנאַזשן. ניט קיין האָרניסט, נאָר „דער שאַל פֿון יאָגנדיקן האָרן"; ניט קיין רײַטער, ניט קאַוואַלעריע אַפֿילע, נאָר — „גריוועס גרייטע צום ערשטן שווונג" און „טלאָען אײַזערנע", וואָס וואַרטן מיט אומגעדולד „אַף ערשטן בײַט פֿון שוועבנדיקע ווײַטן"; ניט קיין שרײַענדיקע פֿריילעך אָדער לײַדנדיקע מענטשן, נאָר „טויזנט־אָטעמדיקע פֿרייד־געשרייען" און „שטומע צאַפּלדיקע ווייען"; ניט קיין העלדן — רויטאַרמייער, נאָר „רעדער מידע, שיקערע פֿון שלאַכט". דערצו נאָך איז ביז גאָר אַבסטראַקט און פֿאַראַלגעמיינערט אַליין דער פּייזאַזש — די „הויל פֿון ווילדע ווײַטן", וועלכע מע קאָן טראַקטירן אינעם געגעבענעם קאָנטעקסט אַלס גײַסטיקער רוים פֿונעם געוויסן, וועלכער איז אַרומגעכאַפּט מיטן פֿלאַם פֿונעם אינערלעכן קאַמף, פֿונעם געוויסן, אין וועלכן עס קומט פֿאָר אַן איבערגעשטאַלטיקונג, אַ רעוואָליוציע פֿון דער פּערזענלעכקײַט.

צי איז נייטיק צו דערקלערן, אַז אונדזער דורכלייענען די ליד שליסט ניט אויס קיין אַנדערע אַרגומענטירטע אינטערפּרעטאַציעס? פּרינציפּיעל וויכטיק איז איינס — די לאָגישע צוגעקייטלטקײַט בא האָפּשטייענען (ווי ביכלאַל בא יעדן עכטן דיכטער) פֿון די געשילדערטע דעטאַלן, פֿאַנאַנדערגעוויקלטע אַף יעדן קער פֿונעם אינהאַלט און, הייסט עס, אַליין די מעגלעכקײַט צו גע־

פינען אזעלכע קערפונקטן, וואָס דעטערמינירן די טיפקייט און די קינסטלערישע פילפלאַנעוור־דיקייט פון דעם ווערק.

און איצט לאָמיר זיך אומקערן צום געדאַכטן לייענער, וועלכער וואָלט אפילע, ווײַזט אויס, ניט אָנגעהויבן צו פארשטיין, נאָכן אויסהערן אונדז, אז ב. לעוומאנס רוסישע איבערזעצונג, וועל־כע איז פארעפנטלעכט געוואָרן אינעם בוך „אויסדערוויילטס“, און יענע ליד, וועגן וועלכער מיר האָבן אַקאָרשט גערעדט, זײַנען איינס און דאָס זעלבע פּאָעטישע ווערק. און ווירקלעך, צי קאָן דער לייענער דערקענען אין דער ליד דאָס פארגרעסערטע געשטאלט פונעם מעסלעס, אויב אפילע אליין דער איבערזעצער האָט ניט דערזען דאָס דאָזיקע געשטאלט?

Но пламя перемен кострами рассекает
Туманов мягкие, податливые лона.
Набегам ярости, в столетьях затаенной,
Костры — как знаменья: озарена дорога.

די זיך־באַווײַזנדיקע אין דער איבערזעצונג „שײַטערס — ווי צייכנס“, מיט וועלכע עס איז „באשײַנט דער וועג“ (?) אדג., געהערן צו די צוגעטראַכטע עלעמענטן, וואָס פארמאָגן בלויז אַן אויסערלעכע וואָרהאפטיקייט מיט דער ליד, נאָר האָבן צו נישט געמאַכט איר געשטאלטן־מאַ־גיסטראַל (די „פלאַקערן“, וואָס צעשפּאלטן זיך „ווייכע נעפּל־שויסן“) און פארייניוועגס אויך די אַנגעמערקטע מיצאַד האָפּשטיינע עפּישע פאַראַלגעמיינערונג פונעם בילד, אונטערגעביטן עס מיט א פרימיטיוויזירנדיקער קאָנקרעטיזאציע. די ניט־פארשטאנענע, און דעריבער כאָרעוו־געוואָרענע איבער דער איבערזעצונג אידיי פון דער ליד ווערט פארביטן מיט שטאמפּן פון א דעזשורנע אינהאלט, וואָס עס פארבינדט פסעוודאָ־גאנצלעך די איבערגעטײַטשטע געשטאלטן פונעם אָריגי־נאַל. ניט געכאַפּט דעם עכטן זין, און דעריבער, ווי עס איז צו זען, ניט פילנדיק קיין רעאלע נויטווענדיקייט אין דער אָדער יענער דעטאַל פון דער קינסטלערישער גאנצקייט, זעצט דער איבערזעצער איבער, אזוי צו זאָגן, א פּאָעטיש געקלאַנג, וואָס ער הערט, אָבער ער ווייסט ניט, פונוואנען דאָס דאָזיקע געקלאַנג דערטראָגט זיך. אזא מין בעערעכדיקייט דערלויבט אים ניט אָפּטיילן דעם אוטאָרס א געדאַנק פון זײַן אייגענעם, צוגעטראַכטן.

Сочится кровь моя в пустынях вешних далей,
Сочится трепетная кровь души моей,
И тьма к груди широкой прижимает
Боль оскверненных дней...

א שאָקירנדיקע לעפּישקײַט: פריליגנדיקע מיטבאַריעס אָנשטאָט בא האָפּשטיינען — „פריליגנג־דיקע הויל“. פון די ערשטע שורעס איז אוועק קאפויר דער אינהאלט: „מײַן אלט (טאנאכיש — וו. ס.) פארציטערט בלוט“ איז פארביטן געוואָרן מיט א „פארציטערט בלוט פון דער נעשאָמע מײַנער“, וואָס האָט אַן אנדער זין און פינקטלעכער, האָט ניט קיין זין, און דאָס „שווארצע האַרץ“ פון די נעכט איז אויך גאָר ניט דאָס זעלבע, וואָס די „פינצטערניש“ מיט „דער ברוסט דער ברייטער“. דער געדאַכטער לייענער פאלט ארײַן אין דער פאסטקע פון א דורכשניטלעכן באַנעם אין פאָרמעלער אומבאהאָלפנקײַט, ס׳טרעפט — סטאם איבערזעצערישע געווּיסנלאָזיקײַט.

...Я с дрожью сердца слышу их —
Победы клики сбывшихся дерзаний.
Я с леденящей болью вижу их —
Поверженных в огне немых страданий.

И вот, едва лишь ночь
Укроет никнущий усталый день
Во тьме немого лона,
Как душу даль зовет: «Пора в поход!»

Единством тысяч воль притянутый, плененный,
Я средь полей или по склону лога
За пьяными от битв колесами иду
С отважными в одном ряду, —

И с новым кличем радостного рога...

ווי אַזוי אַנטשטייט אַזאַ איבערזעצונג, וועלכע האַלט ניט אויס קיין פאַרגלייכונג מיטן אָריגינאַל איבער אַ באַליביקער וויכטיקער ליניע? פאַרוואָס ווערט פון די צוויי מעגלעכע וואַריאַנטן פון איבערזעצן אַף רוסיש דאָס וואָרט „האָרן“ דאַפקע אויסגעקליבן דער «рог», וואָס עס איז פּאַסיק באַם באַשרייבן אַ געיעג? אַנשטאָט דעם „גליִענדן געמיט“, וואָס אַסאָציִירט זיך מיט דער זון — אַן אײנהאַלטס-אָרעמע, פולע מיט פּאַטאָס אין אַגיטקע-סטיל „מעטאַפאָר“: „די ווייט רופט די נעשאָמע: „ס'איז צייט אין קריגס-צוג גיין“? אַנשטאָט דעם איינציקן פּערסאָנאַזש — „מיר“, „מײַן גליִענדן געמיט“ — די אין אַלץ און אין אַלעמען פאַרפלאָנטערטע „געפאַלענע“ און „געוואַגטע“? פונוואַנען האָבן זיך גענומען די „טויזנטער ווילנס“? און אַנשטאָט דעם פאַראַלגעמיינערטן פּייזאַזש פון די „פעלדער ברייטע“ — די רויִנירנדיקע דעטאַליזאַציע אָן אַן אייגענעם פּאָנעם: „צווישן פעלדער אָדער איבער דער אָנגעניגטער וואַנט פון אַ יאַר“? אַנשטאָט דעם „לײַטערנדיקן צאָרן“ — אַ „לײַטערנדיקער קאַיאָר“? אַנשטאָט דער עכטער אידיי פון דער ליד — אַן אויסגעדראָשענער פּאַטאָס פון סטערעאָטיפּישער העראָיִק? אַנשטאָט דער גענײַטקײַט, פילמאָסיקײַט, קינסטלערישער אייגנאַרטיקײַט — אַ צופעליקײַט, פלאַכלעכקײַט, פּרימיטיוויזירנדיקע ניוועלירונג? צווישן וועלכע גײַסטיקע ווערטן וואַרפט אַריבער די „בריקן“ אַזאַ איבערזעצערישע פּראָדוקציע?

די פּאָעטישע אייגנאַרטיקײַט פון האָפשטיינען איז אומאָפּטיילבאַר פון די טראַדיציעס פונעם נאַציִאָנאַלן וועלט-באַנעם, וועלכער שטאַמט פון גײַסטיקע און קולטורעלע אורקוואַלן, וואָס פון זיי שעפּט דער דיכטער פאַר זיך טעמעס, געשטאַלטן, אַסאָציִאַציעס. דאָס גײַסטיקע רײַכטום פון דער נאַציִאָנאַלער קולטור גיסט זיך אָרגאַניש אַרײַן אין האָפשטיינס לירישער וועלט און ווירקט אַפן קינסטלערישן אינהאַלט פון זײַן שאַפונג. די אָנגעהעריקע צו אָט דעם שיכט לידער שטעלן פאַר אַ באַזונדערן, כאַראַקטעריסטישן פאַר האָפשטיינס ליריק אײנערלעכן זשאַנער פון פּאָעטישן זעלבסט-אויסדרוק. אָט איז לעמאָשל, אַ ליד, וואָס איז באַמערקבאַר אין דער דאָזיקער ריי — „נו, זאָג מיר נאָר, מײַן פרײַנט...“. איר עפּיגראַף איז גענומען פון שיר-האַשירים: „הגידה לי שאהבה נפשי... אם לא תדעי לך היפה בנשים...“ („זאָג זשע מיר, געליבטער מײַנער... אויב דו ווייסט עס ניט, דו, שענסטע צווישן פרויען“). ער אָריִענטירט אונדז אַף דורכלייענען די ליד אין עטלעכע פּלענער, — אַלס ליבע-ליריק און, באַנאַנד מיט דעם, אַלס פּאָעטישע מעדיטאַציע, וועמענס אויסגאַנגס-פּונקט עס זײַנען די צוויי ציטירטע ביבלישע שורעס. עס עקזיסטירט אויך אַ דריטער פּלאַן, אַף וועלכן עס ווײַזט אָן דער עפּיגראַף, אונטערזאָגנדיק באַדײַטנדיקע פאַרן יידישן לייענער פּאַראַלעלן. דער לירישער העלד פון דער ליד און זײַן געליבטע אַסאָציִירן זיך מיט שלוימע האַמעלעך און שולאַמיס, און דאָס דערפירט די ערדישע ליבע ביז אַ מאַדרייגע פון אַן אַבסאָליוטער גײַסטיקער ווערט. און נאָך אין איין פּראַט איז אינטערעסאַנט דער אויפגעשטעלטער מיצאַד האָפשטיינען עפּיגראַף. די אומגעצוווּנגענקײַט, מיט וועלכער עס זײַנען אַרויסגעכאַפּט פונעם קאָנטעקסט די פּראַזעס, וואָס זיי נייטיקן זיך ניט פאַרענדיקט צו ווערן, איז באַרופן צו באַווײַזן די אײַנגעגלידערטקײַט פונעם פּאָעטישן באַוווּסטזײַן אין די טיפסטע שיכטן פון דער נאַציִאָנאַלער קולטור, די מעגלעכקײַט ווידער אויפשטעלן אַן איבערגעריסענע גאַנצקײַט אַפן סמאַך פון אירן אַ באַליביקן אויפבליק. אַזוי, לעמאָשל, האָט אַ טאַלמודיסט געקאָנט פאַרזעצן לויטן זיקאָרן אַ פּאָסעק, אָנהייבנדיק פון אַ באַליביק וואָרט אין אַ קאָנקרעטער שורע, אַף אַ קאָנקרעטער זײַט. פּונקט אַזוי באַשטעטיקט דער עפּיגראַף מיט דער אונטערגעשטראָכענער איבערגעריסנקײַט פונעם קאָנטעקסט זײַן אומצערײַסבאַרקײַט. „הגידה לי שאהבה נפשי... אם לא תדעי לך היפה בנשים...“ די דאָזיקע שיר-האַשירימדיקע שורעס, די גענומענע אַלס עפּיגראַף, דעפינירן דעם שטרענגן גאַנג פון דער פּאָעטישער אומפּאַרויסזאָגבאַרקײַט פון דער ליד. און אין דער זעלבער צײַט, אַ פרײַע פונעם עפּיגראַף, איז זי קאָמפּאָזיציִאָנעל אויסגעבויט אַף איבערפראַזירן די ציטאַטע, וואָס דינט אַלס רעפרען, וועלכער עפנט יעדע פון די דרײַ סטראָפעס פון דער ליד.

נו, זאָג מיר נאָר, מײַן פרײַנט,
די שיינע צווישן פרויען...

אין אָט דער קימאַט ריטועל קלינגענדיקער ווענדונג צו דער געליבטער ווערט באַשטעטיקט די אָביעקטיוו דורך יאָרהונדערטער אַנטפּלעקונג אין איר פון שולאַמיס. דער גאַנצער ווײַטער-דיקער טעקסט פון דער ליד איז דורכגעדרונגען מיט אַ באַהאַלטענער ציטירונג און אַסאָציִאַטיווער געשטאַלטלעכקײַט, וועלכע שטאַמען פון דער עסטעטישער ריי פון שיר-האַשירים:

צי איז דײַן מעכטיקײַט אַזויפיל צאַרט,
צי איז דײַן צאַרטקײַט אַזויפיל מעכטיק?
צי פרײַקע, צי אומטיקע זײַנען דײַנע טויען,

צי האָט דאָ נאַכט פאַרטאָגט,
צי האָט דאָ טאָג פאַרנעכטיקט?

אַנהייבנדיק פונעם אינטאָנאַציאָנעל־סטיליסטישן געמעל — פון דער שײַלע — הערט זיך דער שיר־השירים אין די באַהאַלטענע געשטאַלטן פון א געליבטער א גאָרטן („א פאַרשלאָסענער גאָרטן איז די שוועסטער מײַנע די קאַלע” און אנד.) און אין די אומאָפּטײלבאַר איבערגעפלאָכטענע דורך דער ליבע טאָג און נאַכט („קאַלזומאַן דער טאָג אָטעמט מיט קילקײַט און ס'אַנטלויפן די שאָטנס, וועל איך גיין אפן באַרג פון מיר און אפן בערגל פון ווײַרעך”; „עפן מיר אוף, שוועסטער מײַנע, געליבטע מײַנע! מאַכמעס מײַן קאָפּ איז באַדעקט מיט טוי, די לאָקן מײַנע — מיט דער נאַכט־פײַכטקײַט”). אסאָציאַציעס מיטן שיר־השירים קומען אויך אוף אין דער צווייטער און אין דער דריטער סטראָפע:

נו, זאָג מיר נאָר, מײַן פרײַנט,
די שיינע צווישן פרויען,
פונוואַנען שוועבן זיי, די העלדזער־שוואַנען?
איך בעט, מײַן פרײַנט, דו זאָלסט עס מיר פאַרטרויען,
אויב ס'איז דאָרט ערגעץ־ווו א לאַנד אזא פאַראַנען...

נו, שעם זיך ניט, מײַן פרײַנט,
די שיינע צווישן פרויען,
אויב ס'איז קיין לאַנד פאַראַן,
אויב דו ביסט איינע,
איך וויל אף האלדז אף דײַנעם
אויסגיסן מײַן טרויער,
איך וויל אף האלדז אף דײַנעם
דאָס באַוויינען.

עס גייט א רייד וועגן א פאַראַלגעמיינערט געשטאַלט פון פרויִשער שיינקײַט, וואָס ווייסט ניט פון קיין זינד — א ליכטיקע וויזיע פון א סוידעספּול־אומרעאַלער וועלט. די „העלדזער־שוואַנען”, וואָס שווימען אַרויס פון א טרוים, דאָס הייסט פון יענעם „לאַנד”, וואָס איז ניט פאַראַן און וואָס עקזיסטירט אף עפּעס א געהיימניספולן אויפן, אף וויפל עס איז אומאָפּטײלבאַר פון אונדזער באַוווסטזײַן. „אויב ס'איז דאָרט ערגעץ־ווו א לאַנד אזא פאַראַנען...” — אזא לאַנד איז ניטאָ, און דעריבער דאַרף עס באַווײַנט ווערן ווי אַן אומרעאַלס, און אין דער זעלבער צײַט קומט עס צו אונדז אין דער ליבע, אינעם קיום פון יענער איינציקער פרוי, אפן האלדז פון וועלכער „באַווײַנען” יענץ „לאַנד” באַטײַט אין דער פולער מאָס דערוווערבן עס.

דאָס דאָזיקע געשטאַלט, טראַכט זיך, איז אויך פּלאַסטיש אײַנגעגלידערט אין דער קינסטלערישער ריי פונעם שיר־השירים. „אף האלדז אף דײַנעם...” איז, ווי עס איז צו זען, אויסגערעכנט אף אַן אסאָציאַציע מיט מעטאַפאָרעס, וועלכע שילדערן אייגנאַרטיק דעם אויסזען פון דער געליבטער: „דער האלדז דײַנער ווי דאָווידס זײַל, אַן אויסגעבויטער פאַר קלייזײַען, טויזנט שילדן הענגען אף אים — אַלץ שילדן פון גיבורים”; „דער האלדז דײַנער, ווי א זײַל פון העלפאַנדביין”; „דער שטאַלט דײַנער איז ענלעך אף א פּאַלמע... וואָלט איך אַרופגעקראָכן אף דער פּאַלמע, זיך גענומען פאַר די צווײַגן אירע...”

און איצט לאָמיר צוזאַמען מיטן געדאַכטן לייענער זיך באַקאַנען מיט דרײַ, אין דעם פאַל, איבערזעצונגען פון דער ליד, וועלכע דערלויבן צונויפשטעלן, ווי מע קאָן זיך מעשאַער זײַן, א גאַנץ פולע פאַרשטעלונג וועגן דעם אָריגינאַל.

אין אַלע דרײַ איבערזעצונגען זעען מיר ניט דעם עפּיגראַף צו דער ליד. ווען ער זאָל אָבער יאָ זײַן, וואָלט דער טאָך פונעם איניען זיך ווייניק געביטן. ס'איז שווער צו פאַרשטיין, וואָס פאַר א שײַכעס עס האָט די יִידישע ציטאַטע פון שיר־השירים צו דער אף רוסיש איבערגעזעצטער ליד, וועלכע איז א פאַראָדיע אף הײַנטצײַטיקע סטערעאָטיפּן פון דער ליבע־ליריק. אזוי, לעמאָשל, לייענען מיר אינעם באַנד „אויסדערוויילטס” ע. אסאַדאָווס איבערזעצונג פון דער ליד, ווו דער קינסטלערישער ניווע דערשטויגט מאַמעש:

Скажи, мой друг, *не хмурь капризно бровь,*
*Когда и как* ты душу мне *смутила?*

געשיקט זיך, וועט דער לייענער אָפּטראָגן אָט די אָנמעכטיקע צוטראַכטעניש אף דאָוויד האָפשטיינס כעזשבן?

מיילע, לאָמיר זיך מעשאער זײַן, אַז דער איבערזעצער האָט ניט דערזען דעם עסטעטישן גרונט פֿונעם ווערק, אַז ער האָט אַפֿילע קיין אַנונג ניט וועגן דער עקזיסטענץ פֿון שיר־השירים, און בּיכלאַל איז ער באַקאַנט מיט דער ייִדישער דיכטונג בלויז לויט דער בוכשטעבלעכער טעקסט־טועלער איבערזעצונג, וואָס ער האָט באַקומען אַף צו מאַכן אַן איבערזעצונג אַ קינסטלערישע, און פֿונדעסטוועגן איז ניט קלאָר, מיט וואָס מע קאָן דערקלערן די אומגעלומפּערט־געצוווּנגענע איבערוויסטייטשונג פֿונעם אָריגינאַל דאָרט, ווו ס'ווערט לעכאַלהאָפּאַכעס אונטערגעזאָגט דער אַלגע־מיינער פּלאַן פֿון אַ געשטאַלט.

דער איבערזעצער דערפֿירט מיט זײַן באַוווּער גראַדליניקייט דעם ווײַטערדיקן טעקסט ביז אַן אַבסאָליוטן אַבסורד.

Ответь же, друг, ответь, моя любимая,
Открой: откуда красота такая?
Откуда эта шея лебединая?
Она плывет, закатом отливая...
Она плывет... но из какого края?

דער האַלדז פֿון דער געליבטער פֿאַלט אַרײַן אין אַ שקיִע־קאָליר, דערצו נאָך שווימט ער... נאָכדעם וואַקסט אַרויס פֿון דעם ווערטער־מיסט אַן אַנעקדאָטיש־פֿאַנטאַסטישע שײַלע:

Где этот край? Где на земной планете
Лежит страна прекрасных лебедей?

א. סטאַראָסטינס איבערזעצונג, וועלכע איז פֿאַרעפֿנטלעכט אין דער צווייטער זאַמלונג, וועט אויך ניט אַרויספֿירן דעם געדאַכטן לייענער צו אַן אַסאָציאַציע מיט שיר־השירים.

Скажи,
Мой *милый друг,*
*С кем связан я судьбою,*
Могущество ль твое *так бесконечно нежно*
Иль нежность *кроткая так сладостно могуча?*
. . . . . . . . .
Еще скажи, мой друг,
*Чей облик свят и светел...*

צי קאָן דער געדאַכטער לייענער זיך מעשאער זײַן, אַז מע איז אים מעכאַבעד מיט ווערטער־גומקעס, וועלכע דערלויבן דעם איבערזעצער לויט אַ ריטמישער נויטווענדיקייט צעציִען די שורעס? פֿונוואַנען זאָל דער לייענער וויסן, אַז בּאַ דאָוויד האַפּשטיינען (און, אַגעוו, בּאַ יעדן עכטן דיכטער) זײַנען קיין איבעריקע ווערטער ניטאָ? און פֿונוואַנען זאָל דער לייענער וויסן, אַז דער פֿינף־פֿערזנפֿוסיקער יאַמב פֿון אַסאַדאָווס אומגעלומפּערטע פּירשורעדיקע סטראָפֿעס, גלײַך ווי סטאַ־ראָסטינס ריטמישער געפּלאָנטער, האָבן ניט קיין שום געמיינזאַמס מיטן מעלאָדיש דורכגעטראַכטן געמעל פֿונעם אָריגינאַל? די באַהאַלטענע געשטאַלטן פֿון דער געליבטער — דעם גאָרטן און פֿון די באַהעפֿטע דורך דער ליבע טאָג און נאַכט, וואָס זיי זײַנען ווילקירלעך איבערטראַקטירט גע־וואָרן דורך איין איבערזעצונג, קומען דאָס מאָל אין אַ נײַער צופֿעליקער טראַנספֿאָרמאַציע ווי אַ געקינצלט־ווילדע באַשרײַבונג פֿון דער געליבטערס אויסזען.

*Блестишь* ли утренней,
Вечерней ли росою?
Ночь стала днем *в тебе*
Иль ночью день *безбрежный?*

די ווערטער „די נאַכט איז געוואָרן אַ טאָג“, דערצו נאָך „אין דיר“ זײַנען אַן אומפֿאַרשטענד־לעכע פֿלאַפּלערײַ.

און נאָך איין איבערזעצונג, וועלכע איז פֿאַרעפֿנטלעכט אין דער דריטער זאַמלונג: נ. לעאָנ־טיעוֹוס. דער געדאַכטער לייענער וועט דאָרט געפֿינען אייניקע באַזונדערקייטן, קוידעמקאָל, די אַפּוועזנהייט פֿון גראַמען. אַ מאָדנע לייזונג. ס'זײַנען באַוווּסט בײַשפּילן, ווען אַ ניט־געגראַמטן אָריגינאַל האָט מען איבער די אָדער יענע סיבעס פֿונעם קינסטלערישן מין איבערגעגעבן אין גראַ־

מען, אָבער דעם געגראַמטן אָריגינאַל זאָל מען איבערגעבן אין אַ ניט־געגראַמטער איבערזעצונג — דאָס איז ניט קיין געוויינלעכער צופֿאַל. גרויס איז דער יעיצערהאָרע צו מאַכן אַ האַשאָרע, אַז דאָ זײַנען ניטאָ אַנדערע סיבעס, כּוץ דער אַנגעהעריקײַט פֿונעם איבערזעצער צו דער ווערסיפֿיקאַציע־קונסט.

אין אָט דעם וואַריאַנט פֿון דער איבערזעצונג באַווײַזט זיך דער רעפֿרען — אַן אויסגעשפּראָכן פּאַרקריפּלטע ווענדונג. אינעם אָריגינאַל איז „די שיינע צווישן פֿרויען" אַ באַשטעטיקונג פֿון אָביעקטיווער, זעבאַרער פּאַר אַלעמען שיינקײַט פֿון דער געליבטער, וואָס עס גייט אינגאַנצן פֿאַרלוירן אין דער איבערזעצונג:

*Возникла ты,* скажи,
Средь утренних ли рос
Или среди вечерних?
Здесь день *заночевал?*
Иль ночь *заиндевела?*

ס'קאָן זײַן, אַז ווען דער איבערזעצער וואָלט געהאַט אַן אָנונג אין דעם, וואָס ער זעצט איבער, וואָלט ניט אויפֿגעקומען בײַ אים די נויטווענדיקײַט אויסצונוצן דעם אַסאָרטימענט פֿון דעזשורנע לירישע סטערעאָטיפּן.

לאָמיר זיך אָפּווענדן פֿונעם „קאָמפּליצירטן" פֿאַל און זיך ווענדן צו אַן אַנדער שיכט לידער, וואָס זיי פֿאָדערן ניט פֿונעם איבערזעצער קיין שום צוגאָבלעכע קענטענישן, כּוץ סאַמע עלעמענטאַרע, ווי אויך אַוואַדע אַ קינסטלעריש געהער און, פֿאַרשטייט זיך, אַכטונג צום אָריגינאַל. אָט אין, לעמאָשל, אַ ליד, וואָס איז פֿרײַ פֿון עסטעטישע רעטראָספּעקציעס, אָבער זי פּאַרקערפּערט ווונדערלעך האָפּשטיינס פֿעיִקײַט אָנפֿילן מיט טיפֿן גײַסטיקן אינהאַלט די מענטשלעכע צווישנבאַציִונגען, דאָס פּערזענלעכע, אינטימע. די נאָענטקײַט פֿון אַ מאַנצבל מיט אַ פֿרוי דערווערבט אין האָפּשטיינס פּאָעטישן באַוווּסטזײַן אַ הויכע גײַסטיקע באַדײַטונג, אַן אייביקן זיטלעכן זין.

אין אַן ענגן צימער,
אַז שוואַרצע שטרענגע בענקלעך צוויי
אין אָנמאַכט ליגן אונדזערע צעקנייטשטע קליידער...

ווי אויף אַ ברעג,
אויף זאַמד,
דאָרט וואַרטן זיי,
די הײַפֿעלעך פֿאַרלאָזטע קליידער...

כ'בין ווײַט פֿון ווענט, פֿון שטעט אויסגעשווומען —
אַרום איז וועלט־גערוים,
און כוואַליעס יאָגן זיך און עטעמען מיט שוים...

האָפּשטיין איז אַלעמאָל טרעפֿלעך אין שילדעריש־זיִנלעכע שטריכן און ניואַנסן, וועלכע שאַפֿן אַ רעאַל זעבאַר און סימבאָליש בילד, וואָס שימערירט מיט אַ טאָפּלטן, קעגנזײַטיק דורכדרינגענדיקן אינהאַלט פֿון פּאָעטישע געשטאַלטן. אין דער לאַקאָנישער באַשרײַבונג פֿון „אַן ענגן צימער" ווערט געשאַפֿן דער עפֿעקט פֿון האַלב־פֿינצטערניש איבער דער נאָענטקײַט פֿון די צוויי מענטשן לעם „שוואַרצע שטרענגע בענקלעך צוויי", בײַ דער אומבאַשטימטקײַט, צעשוווּמענקײַט פֿון די פֿאָרמען פֿון די „אין אָנמאַכט" ליגנדיקע „אונדזערע צעקנייטשטע קליידער". די דאָזיקע אויסערלעכע געשטאַלטן־רײ איז אומאָפּטײלבאַר פֿון דער נויטווענדיקײַט סימבאָליש דורכצולייענען דעם זעלבן טעקסט, האָבנדיק אין זינען „אַן ענגן צימער" פֿונעם זײַן. די שאָמרים פֿון אָט דער ווירקלעכקײַט זײַנען די „שוואַרצע שטרענגע בענקלעך", אויף וועלכע „אין אָנמאַכט ליגן אונדזערע צעקנייטשטע קליידער" — אַ סימבאָל פֿון די ערדישע, אויסערלעכע שאָלעכצן פֿון אונדזער עקזיסטענץ. ווײַטער קומט אויף דאָס געשטאַלט פֿון אַ ברעג, פֿאַרשטייט זיך, פֿון אַן אָקעאַנישן אָדער יאַמישן, ווײַל בלויז די יאַמישע אָדער אָקעאַנישע ראַכוועסן פֿאַרמאָגן יענע טיפֿקײַט פֿון דער ווײַט, וועלכע וואַקסט אַרײַן אינעם „וועלט־געֿרוים". דאָס געשטאַלט פֿונעם אָקעאַן (יאַם) איז פֿאַרבונדן מיטן אויסערלעכן שילדערונגס־פּלאַן, מיט דער פֿילאָסאָפֿישער סימבאָליק. מיטן „יאַם" פֿונעם טאָך, מיט דער פֿולקײַט פֿונעם זײַן, מיטן „וועלט־געֿרוים". אין די שלוס־שורעס פֿון דער ליד דער אַנטפּלעקט זיך אַ געשענקטע דורך דער ליבע גרענעצלאָזע טיפֿקײַט.

מײַן ליבע, אײַל ניט צומאַכן דײַן טונקעלן בליק,
אין זײַן צעבויטעטן באַפּײַכטן שפּיגל
איך קוק אַלץ אַהין,
אין ליכטיקן פאַרגעסענעם צוריק!..

עס ווילט זיך וווּנדן די אויפמערקזאַמקײַט אַף דער קינסטלעריש־זינלעכער אויסגערעכנטקײַט פון האַפּשטיינס מעטאַפאַר. דאָס געשטאַלט פונעם שפּיגל קומט אויף ניט אין שײַכעס מיט אַ וועלכער־ניט־איז מאַטעריעלער (לײַביקער) אַסאָציאַציע, לאָמיר זאָגן, מיט די אויגן, נאָר בענגייע אַ מאָראַלישער, גײַסטיקער סובסטאַנץ — דעם „בליק". עס איז וויכטיק אויך, וואָס דאָס דאָזיקע געשטאַלט איז געבויט ניט אַף אַ פאַרגלײַכונג. דער בליק פון דער געליבטער ווערט ניט צוגעגלײַכט צו אַ שפּיגל, ער איז דער שפּיגל אין יענער מאָס, אין וועלכער ער אַליין איז פאַרן ליִרישן העלד די אומויסלעשבאַרע שײַן פונעם איבערגעלעבטן אויגנבליק.

צי קומט אויף אָט דאָס בילד פאַרן געדאַכטן לייענער, וועלכער באַקאַנט זיך מיט דער ליד אין ב. לעוומאַנס איבערזעצונג?

В каморке тесной,
На двух *скамейках смежных*
Лежат бессильно смятые одежды...

וואָס איז דאָס פאַר אַ קעמערל מיט „צוויי בענק דערבײַיקע" („דערבײַיקע" איז אַ ווילקירלעכע, ווי־זאָגט אויס, צוליב גראַם צוגעצויגענע פאַרפּינקטלעכונג)? אַף וועלכע וווּלגאַריש־טאַקטלאָזע אַסאָציאַציעס פּראָוואָצירט דעם לייענער די עסטעטישע טויבקײַט פונעם איבערזעצער?

Как *на реке*
В песке,
Разбросаны *небрежно*
И ждут нас наши *смятые* одежды
Я далеко от стен и городов.
Вокруг — простор миров,
И волны пенятся и дышат *шумно*...

די באַשרײַבונג זעט אויס נאַטוראַליסטיש: „אין זאַמד", הייסט עס — אויסגעשמירטע מיט זאַמד, „אומבאַטראַכט צעוואָרפן... צעקנייטשטע קליידער", מע דאַרף מיינען, אַז די רייד גייט וועגן אײַנלעניש. גראָב, אָבער עמעסאַרטיק. עס באַקומט זיך לאַכלוטן ניט דאָס ווײַטערדיקע. וויאַזוי קאָן מען, שווימענדיק איבערן „טײַך", זיך באַהאַלטן „ווײַט פון די ווענט און שטעט"? דער טײַך איז אַזאַ ברייטער? אָדער עפּשער דאַרף מען זיך פאָרשטעלן ניט דאָס איבערשווימען איבער אַ טײַך, נאָר אַ דויערנדיקע באַוועגונג אַראָפּ און אַרויף לויטן שטראָם אין אַ וויסטעניש אַרײַן, ווו עס זײַנען ניטאָ קיין סימאָנים פון אַ ציוויליזירט לעבן — „ווענט און שטעט"? און ווו פּליסט ער, האַבנדיק „אַרום די ראַכוועסן פון די וועלטן", אָט דער שטורעמדיקער („כוואַליעס שוימען זיך...") טײַך? אַן אַנעקדאָטיש בילד... אַן אַבראַקאַדאַבראַ. דערצו נאָך, אומבאַהאָלפענער נאַטוראַליזם: „און כוואַליעס שוימען זיך און עטעמען ראַשיק..."? בא האַפּשטיינען זעען מיר אַ דין איידל געשטאַלט: „און כוואַליעס יאָגן זיך און אָטעמען מיט שוים..."

דער געדאַכטער לייענער פאַררעכנט אַף האַפּשטיינס כעזשבן אָט די, ווי אויך די אַנדערע קוסטאַרשטשינע:

Любовь моя! Не закрывай *бездонных* глаз.
Они как *влажные в тумане зеркала,*
Я *в них гляжусь бездумно*
И вижу, *как мираж,*
Забытое и светлое *вчера*...

דער איבערזעצער, גלײַך ווי ספּעציעל, שטרעבט צו דערגרייכן קעגנבעדיקע דעם אָריגינאַל עפעקטן. די גײַסטיקע קאַטעגאָריע „בליק" ווערט אונטערגעביטן מיט אַ לײַביקער — „אויגן". אַנשטאָט דער קאָמפּליצירטער פילמאָסיקער מעטאַפאָר (וואָס זי ווערט געבויט לויט דער פונקציע) באַווײַזט זיך אַ ליניִשע פאַרגלײַכונג. „פאַרמאַך ניט די אויגן, וואָס האָבן ניט קיין דנאָ". עס לייגט זיך צונויף אַ מאָדנע געשטאַלט פון דער געליבטער, וואָס ווערט דערפירט ביז אַ פולן

פּיזישן אַבסורד איבער דער באַשרײַבונג פֿונעם פּאָנעם, אויף וועלכן ס'בלישטשען, אַנשטאָט אויגן, „נאַסע אין אַ נעפּל שפּיגלען". קוקנדיק אין זיי „געדאַנקענלאָז" (אַ זעלבסטפּאַראַדיע), זעט דער איבערזעצער, „ווי אַ מיראַזש" (ווידער אַ זעלבסטפּאַראַדיע) „דעם פֿאַרגעסענעם און ליכטיקן נעכטן".

מיר נעמען אויף זיך די דרייסטקייט צו זאָגן, אַז די אויסגעקליבענע דורך אונדז פֿאַר דעם געשפּרעך איבערזעצונגען פֿון די עטלעכע לידער שפּיגלען אין אַ פֿולער מאָס אָפּ דעם צושטאַנד פֿון האָפּשטיינס ירושה אין אַזאַ אויסזען, ווי זי איז פֿאַרגעשטעלט דעם רוסישן לייענער אין די דרײַ דערשינענע זאַמלונגען. אויב אַפֿילו באַם געדאַכטן לייענער פֿעלט די געניטשאַפֿט פֿון אַ קריטישן באַנעם, וועט ער פֿראַסט און פּאַשעט ניט געפֿינען קיין סיבע, פֿאַרוואָס עס דאַרף בלײַבן אין באַוווּסטזײַן דעם דיכטערס נאָמען.

יאָ, ס'איז אָנגענומען צו ריידן וועגן דעם הויכן באַרוף פֿון דער פּאָעטישער איבערזעצונג, וועלכע וואַרפֿט אַריבער בריקן צווישן קולטורן. אָבער אויך זי, די פּאָעטישע איבערזעצונג, דאַרף נעמען אויף זיך די מאָראַלישע פֿאַראַנטוואָרטלעכקײַט פֿאַר דער אָפּשפּיגלונג פֿון אַ פֿרעמדער קול־טור. ווען האָפּשטיין וואָלט ניט פֿאַרעפֿנטלעכט געוואָרן אין דער רוסישער שפּראַך, וואָלטן מיר צוגעזאָגט דעם רוסישן לייענער אַ באַגעגעניש מיט אַ גרויסן ייִדישן דיכטער, אָבער אויף וויפֿל ער איז שוין פֿאַרגעשטעלט מיט איבערזעצונגען און איז ניט אויפֿגענומען, דאַרף די רייד גיין הײַנטצוטאָג וועגן זײַן פּאָעטישער רעאַביליטאַציע — אַ פּראָבלעם, וואָס איר קולטור־אַספּעקט איז אומאָפּטיילבאַר פֿונעם מאָראַלישן אַספּעקט.

ס'ווילט זיך גלייבן, אַז די נײַע געזעלשאַפֿטלעכע באַדינגונגען, און הייסט עס, אויך דער נײַער ניוואָ פֿון די פֿאָדערונגען צו דער קוואַליטעט פֿון דער ליטעראַטור, וועלכע ווערט אַרויס־געלאָזט, וועלן באַשירעמען די לייענער קעגן קאַלעריי כאַלטורשטשיקעס אין געביט פֿון דער פּאָעטישער איבערזעצונג. מיר וועלן פּרוּוון באַגרינדן אַ לאַכלוטן נײַעם צוגאַנג צו דער פּראָבלעם.

אויפֿן וועג פֿון דער דיכטונג איז דער שפּראַך־באַריער אַן אַבסאָליוטע קאַטעגאָריע. ס'איז ניטאָ און עס קאָנען ניט זײַן קיין „בריקן", קיין „שפּעלטלעך", וועלכע וואָלטן דערלויבט אַ פּאָעטיש ווערק דירעקט, ניט פֿאַרלאָזנדיק זײַן שפּראַכלעכן קיום, אַרײַנגיין אין אַ נײַער שפּראַכלעכער רעאַלקייט. אַלע פּרוּוון רעפּראָדוצירן אין אַן איבערזעצונג די אָדער יענע זײַטן פֿונעם אָריגינאַל זײַנען אין טאָך אַן אַנטי־איבערזעצונג, אויף וויפֿל אַרויסגעריסענע פֿונעם לעבעדיקן קאָנטעקסט באַזונדערע קינסטלערישע דעטאַלן דריקן אויס עפּעס אַן אַנדערן, נאָר שוין ניט זייער אורקוואַל. די רעפּראָדוצירנדיקע איבערזעצונג שטעלט מיט זיך פֿאָר אַ סוראָגאַט, אַ קאָמפּלעקט פֿאָרמעלע ענלעכקײַטן, וועלכע שילדערן אַן ענלעכקײַט פֿונעם אינהאַלט, און דעריבער דריקט זי ניט אויס דעם אָריגינאַל און וואַקסט ניט אַרײַן אינעם לעבעדיקן קאָנטעקסט פֿון אַ נײַער שפּראַכלעכער סוויווע. דאָס עכטע בײַקומען דעם שפּראַכלעכן באַריער איז מעגלעך, לויט אונדזער מיינונג, בלויז דעמלט, ווען ס'ווערט אין אַ פֿולער מאָס באַשאַפֿן מיצאַד דעם איבערזעצער אַ נײַ ווערק. דאָס הייסט, אַ ווידעראויפֿשטעלנדיקע איבערזעצונג, וועלכע שטרעבט אויסצודריקן דעם אָריגינאַל אויף דער שפּראַך פֿון אַ נײַער עסטעטישער סוויווע, אינווייניק אין איר לעבעדיקן קולטור־קאָנטעקסט.

אינעם קרײַז פֿון פֿילאָלאָגישע פּאָלעמיקעס קאָן מען הערן סקעפּטישע כקירעס וועגן דער ניט־פֿולווערטיקײַט פֿון דער פּאָעטישער איבערזעצונג לויטן טאָך, וועגן דעם, אַז ס'איז אוממעגלעך איבערזעצן פֿון אַ שפּראַך אויף אַ שפּראַך. אונדז דאַכט זיך, אַז אַזעלכע דיבורים דריקן אויס נאָר איינס — די אויסערלעכע באַציִונג צו דער פּאָעטישער איבערזעצונג, צו אירע מעגלעכקײַטן.

לויט אונדזער מיינונג, דאַרף זיך צוטיפֿלייגן אַ פּרינציפּיעל נײַע שטעלונג פֿון דער פֿראַגע, און צוליב דעם איז נייטיק קודעם־כּל באַשליסן, וואָס עס איז דער קעגנשטאַנד פֿון דער פּאָע־טישער איבערזעצונג, וואָס נעמלעך זעצן מיר איבער פֿון אַ שפּראַך אויף אַ שפּראַך. בלויז אַזאַ צוגאַנג פֿירט אַרײַן די איבערזעצערישע מי אין אַ שעפֿערישן קאַנאַל, פֿאָדערנדיק און אין דער זעלבער צײַט דערלויבנדיק קלאָר דעפֿינירן, וואָס עס איז דער טאָך פֿון קינסטלערישער איבער־זעצונג און וואָס — אויסדריק־מיטלען. דער טאָך איז ניט אין אַליטעראַציעס, מעטאַפֿאָרן און ריט־מען, דער טאַקטיקער מאָמענט, דער סוביעקט פֿון דער צווישנשפּראַכלעכער ענלעכקײַט איז די אידיי פֿונעם ווערק, אַרײַנטערנדיק זיך אויף וועלכער דער דיכטער האָט אונטערגעקליבן דעם נײַ־טיקן עסטעטישן אינסטרומענטאַריום. די פּאָעטישע מיטלען זײַנען ווירקלעך ניט־איבערזעצלעך, ווײַל ניט זיי זײַנען דער קעגנשטאַנד פֿון דער איבערזעצונג. זיי דריקן אויס דאָס ווערק נאָר אין קאָנטעקסט פֿון זייער שפּראַכלעכער ווירקלעכקײַט. איבערגעטראָגענע אין אַן אַנדערער שפּראַכ־לעכער סוויווע, באַטײַטן זיי שוין עפּעס אַנדערש.

שאַפֿנדיק אַ ליד, איז דער מעכאַבער פֿרײַ אינעם אויסקלײַב פֿון פּאָעטישע מיטלען. אַן אַנאַלאָגישע פֿרײַהײַט דאַרף האָבן אויך דער דיכטער־איבערזעצער, וועלכער שטעלט ווידער אַף דאָס ווערק, און אין דעם טאָך פֿון דער איבערזעצונג דאַרף אַרײַנגיין אויך די פֿרײַהײַט, וועלכע דריקט אויס עכטקײַט פֿון אינערלעכע באַציִונגען צווישן אַלע קעגנזײַטיקע ווירקנדיקע צדאָדים בײַ דער ענדגילטיקער אויספֿאָרמירונג פֿונעם ווערק. אָבער ניט צוליב זײַן אייגענעם זעלבסט־אויסדרוק און ניט צוליב פֿאַרגרינגערן פֿאָרמעלע אויפֿגאַבן איז נייטיק דעם דיכטער־איבערזעצער די פֿרײַהײַט אינעם אויסקלײַב פֿון עסטעטישע מיטלען. די רייד גייט ניט וועגן יענער פֿרײַהײַט, וועלכע פֿירט אוועק דעם איבערזעצער אין אַ זײַט פֿונעם אָריגינאַל, נאָר פֿאַרקערט, וועגן יענער, וועלכע דערנענטערט די פּאָעטישע איבערזעצונג צום אָריגינאַל לויטן טאָך. אוועלכע איז די שטופּע פֿון אָט דער פֿרײַהײַט? אונדז שטעלט זיך פֿאָר, אַז די פֿרײַהײַט אינעם אויסקלײַבן עסטעטישע מיטלען ווערט ניט געגעבן מיט אויסערלעכע ראַמען, נאָר אויסשליסלעך מיט דער נויטווענדיקײַט פֿון אַן אַדעקוואַטער לויטן טאָך ווידערופֿשטעלונג פֿון דעם פּאָעטישן ווערק. בלויז די אַנוועזנהײַט פֿון דער זיכלעכער הויפּט־אַקס אין דער ליד, וואָס זי איז אומאָפּטײלבאַר פֿון דער קינסטלערישער אידיי דערלויבט באַשטימען אין פּראָצעס פֿון דער פּאָעטישער ווידערופֿשטעלונג יענעם יעסאָד, בײַ נעגייע וועלכן עס קאָן זיך בויען די אַאוטענטישקײַט פֿון דער איבערזעצונג.

פֿאַרשטייט זיך, דעם איבערזעצערס אינטערפּרעטאַציע מוז ניט פֿולשטענדיק צונויפֿפֿאַלן מיטן אוטאָרס, נאָר אַליין די אַנוועזנהײַט פֿון אַ טיף באַגרינדעטער ווערסיע דערלויבן ווידערופֿשטעלן אין דער פּאָעטישער איבערזעצונג דעם טאָך פֿונעם אָריגינאַל. נאָך מער, די פֿאַראַנענקײַט פֿון פֿאַרשיידענע אינטערפּרעטאַציעס אַנטפּלעקט די אינערלעכע רײַכקײַט פֿון דעם ווערק, אַף וויפֿל אַ באַליביקע איבערצײַגעוודיקע ווערסיע וועט זײַן גאָרניט אַנדערס, איידער אַן אַקטואַליזאַציע פֿון איינעם פֿון זײַנע מעגלעכע וואַריאַציעס. אַנדערש גערעדט, בענעגייע דער איינמאָליקײַט פֿונעם אָריגינאַל איז די פּאָעטישע איבערזעצונג אַ פֿאָרם פֿון זײַן פֿילצאָליקער עקזיסטענץ, אין אָט דעם פּראָצעס איז אַ קאָמפּליצירטע, ביזן סאָף ניט־באַשטימבאַרע ראָליע צוגעטיילט דעם דיכטער־איבערזעצער, וועלכער איז פֿאַרפּליכטעט ניט זיך אַליין אויסדריקן אַלס אוטאָר, וואָס ווערט איבערגעזעצט, נאָר געפֿינען מיטלען אַף אויסדריקן, פּונקט ווי זיך אַליין, דעם אוטאָר, וועלכער ווערט איבערגעזעצט.

מיט איין וואָרט: דער איבערזעצער איז אַ מיטאוטאָר, ווײַל אַן דעם באַדינג איז די פּאָעטישע אַאוטענטישקײַט אַף אַן אַנדערער שפּראַך ניט־איבערזעצלעך.

---

## כראָניק

## אַ ייִדישע ליטעראַרישע סטודיע אין קיִעוו

באַם אוקראַיִנישן שרײַבער־פֿאַריין האָט אָנגעהויבן פֿונקציאָנירן אַ ליטעראַרישע סטודיע אַף דאָווידן האָפּשטיינס נאָמען. אַף דער ערשטער זיצונג זײַנען געקומען 18 ייִדישע ליטעראַטן־ליבהאָבער. אייניקע זעלבסטעטיקע מעכאַברים האָבן זיך שוין געדרוקט אַף די זײַטן פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד" און „בירָאָבידזשאַנער שטערן". מיט דער נײַער סטודיע פֿירט אָן דער רעדקאָלעגיע־מיטגליד פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד" ה. פּאָליאַנקער.

יאָסל ברענער

מיכאַיל קרוטיקאָוו

# די וועלט פֿון דער צענע אורענע

אין מעשעך פֿון דרײַ יאָרהונדערטער איז דער סייפֿער „צאינה וראינה" („צענע אורענע") געווען דער אַמערסטן פּאָפּולערער „לייענשטאָף" בא די ייִדן פֿון מיזרעך־אייראָפּע. איצט איז דער בוך קימאַט פֿאַרגעסן געוואָרן. א הײַנטצײַטיקער לייענער האַלט, אַז ער איז צו נאַיִוו און פּרימיטיוו, ווײַט פֿון דער מאָדערנער ווירקלעכקײַט.

„צאינה וראינה" שטעלט מיט זיך פֿאָר אַן איבערזעצונג פֿון דער טוירע אַף ייִדיש. דער טעקסט אַנטהאַלט פֿילצאָליקע דערקלערונגען און פּיירושים. דער מעכאַבער האָט גוט געוווּסט, אַז בלויז איבערזעצן די טוירע איז ניט גענוג, קעדיי א פּראָסטער מענטש זאָל קענען פֿאַרשטיין איר זין. אַף אַזאַ שטייגער זײַנען פֿריִער צוויפּגעשטעלט געוואָרן איבערזעצונגען פֿון דער טוירע אַף פֿאַרשיידענע ייִדישע אומגאַנגס־שפּראַכן, דערין אַראַמעיִשע טאַרגומים. דער קאָמענטאַר (פּיירעש) איז געווײנלעך אײַנגעשלאָסן אין דעם טעקסט גופֿע, אַזוי אַז ס'איז אַפֿילע אָפּטמאָל שווער זיך פֿאַנאַנדערקלײַבן, ווו עס איז דער טעקסט און ווו דער פּיירעש. לויט הײַנטצײַטיקע ליטעראַרישע קריטעריִען האָט אַזאַ קאָמפּיליאַציע זייער א קליינע קינסטלערישע ווערט. איך בין אָבער בא דער מיינונג, אַז ניט געקוקט אַף דעם, האָט דאָס דאָזיקע ווערט זײַנע אומבאַשטרײַטבאַרע מײַלעס, וועלכע גיבן אונדז אַן אוניקאַלע מעגלעכקײַט צו רעקאָנסטרויִרן די פֿאַרשטעלונגען, די געדאַנקען און געפֿילן פֿון די פּראָסטע ייִדן, וועלכע האָבן געלעבט מיט צוויי־דרײַ הונדערט יאָר צוריק.

„צאינה וראינה" איז צוערשט „באַשטימט געוואָרן" פֿאַר די פֿרויען. וועגן דעם זאָגט אײדעס אַפֿילע דער עצעם נאָמען: „צאינה וראינה", וואָס באַטײַט „גייט און זעט" (ווערטער פֿון „שיר־השירים", 3.11), דערבײַ איז דאָ אויסגעניצט אַזאַ גראַמאַטישע פֿאָרם פֿון די ווערבן, וועלכע פּאַסט נאָר פֿאַר א ווענדונג צו פֿרויען. אינדערעמעסן איז דער קרײַז לייענער געווען ברייטער. אַזויגערופֿענע „ווײַבערשע ליטעראַטור" אַף ייִדיש איז געווען פּאָפּולער אויך צווישן די מאַנצבילען, וועלכע האָבן שלעכט באַהערשט לאָשן־קוידעש. דער טערמין „ווײַבערשע ליטעראַטור" באַטײַט פּינקטלעכער, אַז ס'גייט א רייד וועגן דער ליטעראַטור פֿאַרן פּראָסטן פֿאָלק.

כוץ דער אייגנאַרטיקער ליטעראַרישער באַדײַטונג, איז דער סייפֿער „צאינה וראינה" וויכטיק אויך פֿונעם שטאַנדפּונקט פֿון דער קולטור־געשיכטע. אַדאַנק דער ברייטער פּאָפּולערקײַט איז אַזאַ ליטעראַטור געווען א יעסאָד, א קולטורעלער אונטערגרונט פֿאַר א מער „סאָפֿיסטיצירטער", לאָמדאָנישער ליטעראַטור. ייִדישע מאַמעס פֿלעגן דערציילן זייערע קינדער מײַסעס פֿון „צאינה וראינה", און די דאָזיקע סיוזשעטן זײַנען געווען די ערשטע ליטעראַרישע אײַנדרוקן, וועלכע האָבן שפּעטער געווירקט אַף דער וועלט־אָנשויונג פֿונעם יונגן דאָר. לויט דער מאַמעס דערציילונגען פֿלעגן פֿון קינדווײַז אָן ווערן טיילווײַז באַקאַנט די פּיירושים פֿון ראַשי און ראַמבאַן. דעריבער איז אינטערעסאַנט נאָכשפּירן די גרונט־פּרינציפּן פֿון דער קאָמפּאָזיציע פֿונעם סייפֿער „צאינה וראינה". איך וויל ברענגען עטלעכע בײַשפּילן, קעדיי ווײַזן דעם באַזונדערן טאַם און טאַם פֿונעם בוך.

דער בוך הייבט זיך אָן פֿון די ווערטער „בראשית ברא", דאָס הייסט פֿונעם אָס „בייס". ווײַטער גייען קאָמענטאַרן, וועלכע דערקלערן, צוליב וואָס עס שטייט אין דער טוירע אפֿן ערשטן אָרט דאַפֿקע „בייס", און ניט „אַלעף", דער ערשטער אָס פֿונעם אַלעפֿבייס:

„די ב' איז ברכה, און די א' איז ארור, דרום האָט הקדוש ברוך הוא אָנגעהויבן מיט דער ב'. אַזוי איז די א' געפֿלויגן פֿאַר הקדוש ברוך הוא און האָט געזאָגט: — הייב מיט מיר אָן די תורה, דען איך בין דאָס ערשטע אות פֿון דעם אַלעפֿבייס; האָט הקדוש ברוך הוא איר געענטפֿערט:

— אַף דעם באַרג סיני וועל איך געבן די עשרת הדיברות, וועל איך אָנהייבן מיט דער א' — אנכי ה' אלהיך, און דרום הייבט זיך די תורה אָן

ספר

צאינה וראינה

ונחלת צבי

מיט צוויא אונ פונפציג מעלות

לובלין

דער שארבלאט פון א ליובלינער אויסגאבע פון „צענע אורענע"

מיט דעם וואָרט בראשית, צו לערנען אונדז, דאָס די וועלט איז געוואָרן באשאפן פון דער תורה וועגן. דאָס זי הייסט ראשית דרכו" (ריישיס דאַרקוי — אָנהייב פון זײַן וועג).[1]

אין אָט דעם בײַשפּיל קאָן מען דערקענען עטלעכע שטריכן, וועלכע זײַנען כאַראַקטעריסטיש פאַרן גאַנצן סייפער. דער קאָמענטאַטאָר נעמט א וואָרט אָדער אפילע אַן אָס, און באַווײַזט, אז אין אזא סימבאָל אָדער באַגריף איז פאַרבאָרגן א טיפער זין. דער פּיירעש לייזט די פראַגע פון אַרײַנפירן דאָס וואָרט אין א מער ברייטן קאָנטעקסט, שילדערט דאָס וואָרט אלס אָפּבילדונג פון דער גאַנצער אַלוועלט. מיר דערוויסן זיך, אז דער בריִאַס־האָוילעם (וועלט־באשאַף) איז געווען פאַרבונדן מיט א געזעץ, וועלכער איז פאַר א רעליגיִעזן ייִדן וויכטיקער, איידער די וועלט גופע: די דערציילונג וועגן דעם בריִאַס־האָוילעם הייבט זיך אָן פון דעם צווייטן אָס, ווען דער ערשטער אָס שטייט אין אָנהייב פון די אַסערעס־האַדיבּרעס, דעם יעסאָד פון דער טוירע. מיר דערוויסן זיך אויך, אז די וועלט איז געבענטשט, און א מענטש דאַרף מיט אַלע קויכעס זיך באַטייליקן אין איר לעבן.

דער פּאָסעק (זאַץ) „יהי אור" ווײַזט אונדז, אז הקדוש ברוך הוא וועט ליכטיק מאכן און וועט אונדז שיקן מאָשיעכן, דען עס שטייט בא אים קימי אורי כי בא אורך, דאָס איז דער טײַטש: „שטיי אוף און דערלײַכט אונדז, דען דײַן ליכט איז געקומען".

דאָ באַגעגענען מיר זיך מיט א געוויינלעכן מעטאָד פון צונויפשטעלן פּיירושים — אָפּן סמאַך פון איין וואָרט זוכט דער קאָמענטאַטאָר פאַרבינדונגען צווישן גאָר פאַרשיידענע שורעס און ער קומט צו אויספירן, וועלכע זעען אויס פאַר אונדז ניט לאָגיש. אזוי, לעמאָשל, וועגן דעם, אז עס דאַרף קומען מאָשיעך, דערוויסן מיר זיך שוין אין סאמע אָנהייב פונעם בריִאַס־האָוילעם.

לויט דער אויסלייג־פאָרם איז דער סייפער „צאינה וראינה" ענלעך אָפּן מעדרעש — דעם טראַדיציאָנעלן זשאַנער פון ייִדישער ליטעראַטור, וועלכער שטאַמט נאָך פון דער טקופע פונעם צווייטן טעמפּל. יעדער פּאָסעק פון דער טוירע ווערט צוערשט געבראַכט אַף לאָשן־קוידעש, און נאָכדעם אין אַן איבערזעצונג אַף איווריע־טײַטש; ווײַטער גייט א פּיירעש, דה. א דערקלערונג. אזוי ווערט דער גאַנצער טעקסט צעטיילט אַף קורצע פראַגמענטן. יעדער פראַגמענט איז געוויינלעך דירעקט אָדער אומדירעקט פאַרבונדן מיט די איבעריקע. צומאָל איז אזא פאַרבינדונג ניט קלאָר פונעם ערשטן בליק. דער מעדרעש־זשאַנער איז געשאַפן געוואָרן צוליב דידאַקטישע צילן, און פאַרשיידענע מעדראָשים קאָנען אַף א פאַרשיידענעם אויפן טײַטשן איינע און די זעלבע פּסוקים אין דער טוירע.

פאַר דעם מעדרעש איז כאַראַקטעריש א צווייאַרטיקער צוגאַנג צו דעם טוירע־טעקסט. אין איין פאַל טײַטשט דער קאָמענטאַטאָר דעם טעקסט פונעם שטאַנדפּונקט פון דעם רעליגיִעזן געזעץ, דה. ער פירט ארויס קלאָלים, אָדער האַלאָכעס. די האַלאָכעס זײַנען אָבליגאַטאָרישע, זיי דאַרפן זײַן אומאָפּהענגיק פון קאָנקרעטע היסטאָרישע באַדינגונגען. א סיטואַציע, וועלכע איז באַשריבן אין דער טוירע, ווערט א מוסטער פאַר דער אָדער יענער האַלאָכע. אזא מעדרעש רופט מען האַלאָכישער. אַן אַנדערער מין שטעלט מיט זיך פאָר דער „היסטאָרישער" צוגאַנג, ווען דער מעכאַבער דערקלערט דעם זין פון א געשעעניש, דערין ווײַזט דער קאָמענטאַטאָר, וויאַזוי די דאָזיקע געשעעניש איז פאַרבונדן מיט אַנדערע געשעענישן אין דער געשיכטע פון א פאָלק אָדער אינעם גוירל פון א מענטשן. דאָס איז דער אַגאָדישער מעדרעש. אין „צאינה וראינה") זײַנען פאָרגעשטעלט עלעמענטן סײַ פונעם האַלאָכישן, סײַ פונעם אַגאָדישן מעדרעש.

וואָס איז שײַך דער האַלאָכישער אויסטײַטשונג, ווערן דאָרט אין דער ערשטער ריי געבראַכט אייצעס פאַר די פרויען. אדאַנק די פּיירושים פונעם סייפער „צאינה וראינה" קאָן מען זיך פאָרשטעלן די לעבנס־ווערטן, וואָס זײַנען געווען אָנגענומען אין דער ייִדישער סוויווע פון מיזרעך־איירָאָפּע אין 17—19 יה. לויט „צאינה וראינה", מוז א פרוי טאָמיד געדענקען, אז זי איז די הויפּט־שולדיקע אינעם כעט פון אָדאָם־האָרישן, און זי מוז שטרעבן צו פאַרגלעטן איר שולד.

אָט איז א בײַשפּיל פון די וויכטיקסטע זאָרגן פון א פרוי:

„רבן גמליאל האָט זײַן טאָכטער איין מאַן געגעבן... האָט זי געזאָגט צו איר פאָטער: — בענטש מיך. האָט ער זי געבענטשט און האָט געזאָגט: — גאָט זאָל געבן, דו זאָלסט ניט ווידער קומען אין מײַן הויז. האָט זי געזאָגט צו אים: — ליבער פאָטער, ווארום פלוכסטו מיך? האָט ער איר געענט־

[1] מיר פאַרהיטן דעם אויסלייג, וועלכער איז אָנגענומען געוואָרן אין „צאינה וראינה".

פערט: — איך האָב דיך געבענטשט, עס זאָל דיר זייער גוט זײַן בײַ דײַן מאַן, דאָס דו זאָלסט ניט וועלן ווידער קומען אין מײַן הויז. דערנאָך האָט די טאָכטער געוווּנען איין זון און האָט געזאָגט צו איר פאָטער: — בענטש מײַן זון. האָט ער געבענטשט דאָס קינד און האָט געזאָגט צו זײַן טאָכטער: — עס זאָל פון דײַן מויל ניט ווערן אָפּגעטאָן קיין וו״ו, דו זאָלסט אַלעמאָל ריידן מיט וו״ו. האָט זי צו אים געזאָגט: — וואָרום פלוכסטו מיך. האָט ער איר געענטפערט: איך האָב דיך געבענטשט, כלומר דו זאָלסט אכטונג געבן אַף דײַן זון און זאָלסט אַלעמאָל זאָגן: ווײ איז מיר, איך האָב מײַן זון נאָך קיין עסן ניט געגעבן, ווײ מיר, איך האָב אים נאָך צו קיין רעבע ניט געפירט...״

דער אַנדערער בײַשפּיל ווײַזט אונדז, ווי בעדנימעסדיק און איידל מע דאַרף זײַן בענעגייע אַנדערע מענטשן און אַפילו צו ניט־מענטשן. גאָט האָט געבאָטן נויעכן צו נעמען מיט זיך אין דער טייווע צו זיבן פּאָר ריינע באַלעכאַים, און בלויז צו איין פּאָר ניט־ריינע. „די תורה האָט געזאָלט קורץ ריידן פון איין „בהמה טמאה״. נײַערט די תורה לערנט אונדז, דאָס מע זאָל מיט דעם מויל ניט ריידן קיין בייז, ווי מע קען ריידן גוטס, דען די תורה האָט ניט געוואָלט ריידן טמאה, ווײַל דאָס איז איין מיִאוס לאָשן, דרום זאָגט זי די ניט־ריינע״. ווײַטער גייט אַ מוסער: „איז מכל שכן זאָל דער מענטש געוואָרנט זײַן פון צו ריידן מיט זײַן מויל מיִאוסע רייד, דען ער איז מטמא זײַן נשמה מיט מיִאוסע רייד״.

דער סייפער איז אַ קוואַל, וואָס דערציילט וועגן פאַרשיידענע מינהאָגים פון די מיזרעך־איראָפּעיִשע יידן, לעמאָשל, וועגן די הייראַטן צווישן קרויווים. אווראָם אָווינו האָט געפאָדערט פון זײַן הויז־פאַרוואַלטער עליִעזער אַ שווּע, ער זאָל ניט נעמען פאַר יִיצכאָקן אַ פרוי פון אַ פרעמד פאָלק. „צאינה וראינה״ דערקלערט דאָס אַזוי, אַז מע דאַרף כאַסענע האָבן מיט אייגענע קרויווים:

„די פרשה לערנט אונדז, דאָס אַ מענטש זאָל נעמען אַ ווײַב פון זײַן משפחה... דען ווען אַ מענטש נעמט אַ ווײַב פון זײַן משפחה, איז שלום צווישן זיי, דען איינער קאָן דעם אַנדערן ניט אופוואַרפן: — דו ביסט ניט אַזוי מיִאוס ווי איך״.

דער מעכאַבער שענקט פיל אופמערקזאַמקײַט די פראַגן פונעם מישפּאָכע־לעבן — דעם שידעך, דער כאַסענע, דעם געבוירן און דערציִען קינדער. די מוסערהאַסקלדיקע עלעמענטן זײַנען פאַרייניקט מיט „בעלעטריסטיק״, און דאָ גייען מיר שוין איבער צום אַגאַדישן מעדרעש. די דערציילונג וועגן דעם, ווי עס זײַנען געשאַפן געוואָרן די פיש, ווערט באַגלייט מיט מײַסעס וועגן ריזיקע יאַמישע באַלעכאַים. דער סויכער ראַבאַ באַר כאַנאַ האָט דערציילט, לויט דער געמאָרע, וויאַזוי „דער ים האָט אַרויסגעוואָרפן איין גרויסן פיש, זעכציק שטעט האָבן אײַנגעזאַלצן פון אים צו עסן, און פון איין אויג האָט מען געמאַכט דרײַ הונדערט פעסער שמאַלץ. אין איין יאָר אַרום בין איך ווידער געקומען אַהין, האָט מען געזעצט פון




**דער שאַרבלאַט פון אַ וואַרשעווער אויסגאַבע פון „צענע אורענע״**

די ביינער פון דעם פיש גרויסע באַלקנס צו בויען די דאָזיקע שטעט. נאָך זאָגט ראַבאַ בר בר חנא: — מיר זײַנען אַמאָל געקומען אינמיטן ים, האָבן מיר געזען איין גרויסן פיש, און זײַן רוקן איז אים אַריבערגעגאַנגען איבערן וואַסער, און זאַמד איז געווען אַף זײַן רוקן. זײַנען מיר אַרויסגעגאַנגען פון דער שיף און האָבן געלייגט איין פײַער אַף דעם פיש צו קאָכן, דען מיר האָבן געמיינט, דאָס איז איין באַרג. ווען דאָס פײַער איז אַרויס געוואָרן און דער פיש האָט דערפילט דאָס פײַער, אַזוי האָט ער זיך אומגעקערט, און ווען די שיף וואָלט ניט נאָענט געווען פון דעם פיש, אַזוי וואָלטן מיר אַלע דערטרונקען געוואָרן״.

מע דאַרף נאָר דערמאָנען, אַז די דאָזיקע מײַסעס זײַנען זייער נאָענט צו די אַראַבישע מײַסעס וועגן סינדבאַד דעם יאַם־רײַזנדער פונעם ציקל „טויזנט און איין נאַכט״.

„צאינה וראינה״ שענקט אופמערקזאַמקײַט ניט בלויז דער נאַטור־געשיכטע, נאָר אויך דער „עטנאָגראַפּיע״. דער סייפער שילדערט מינהאָגים פון אוראַלטע פעלקער. אַזוי, לעמאָשל, האָט לעמעך, דער נײַנטער דאָר נאָך אָדאָם־האָרישן, געהאַט צוויי פרויען — עדה (אַדאַ) און צלה (צילאַ). אין יענער צײַט איז געווען פאַרפירט, אַז אַ מאַנצביל האָט געדאַרפט נעמען צוויי פרויען. די ערשטע האָט געדאַרפט האָבן קינדער, און דער צווייטער פלעג מען געבן צו טרינקען אַן אָפּזאָט, זי זאָל, פאַרקערט, קיין קינדער ניט האָבן. דער נאָמען עדה באַטײַט, לויט „צאינה וראינה״, „די צײַט גייט פאַריבער״, דער נאָמען צלה — „איר שאָטן״, ד.ה. בײַ איר שאָטן פלעג לעמעך אָפּרוען. אַגעוו, האָבן לעסאָף ביידע פרויען געהאַט קינדער, ווײַל

גאָט האָט ראַכמאָנעס געהאַט אױף צלה און האָט איר דעם דאָזיקן נאַכעס־רוּעך געגעבן.

דאָסראָו פּײרושים פאַרפאָלגן אַ ציל צו פאַרבינדן צװישן זיך פאַרשײדענע סיוזשעטן פון דער טוירע און אָנװײַזן זײער אָרט אין דער קײט פון סיבעס און פּױעל־יױצעס. פון אײן זײַט, װערט באַטאָנט די אײנמאָליקײַט פון יעדער געשעעניש, און פון דער אַנדערער זײַט, — אַז דאָס איז בלױז אַ טײל פון אײן גאַנצהײַט. אין אײן זאַץ, צומאָל אַפילע אין אײן װאָרט, װערט אָפּגעשפּיגלט די גאַנצע װעלט, דער גאַנצער װעלטבױ, װי אַ סכום פון רױם און צײַט. אַשטײגער, דאָס װאָרט „פּסים" (בונטע האַלבאָשע, װעלכע יאַנקעװ אָװינו האָט געשענקט זײַן זון יױסעפן) באַהאַלט אין זיך יױסעפס גאַנצע געשיכטע: דער אָס „פּ" באַטײַט „פּוטיפר", דער אָס „ס" — „סוחרים", „י" — „ישמעאלים", „מ" — „מדינים". און אַזױ באַקומט זיך, אַז ישמעאלים (בנײ־ייִשמאָעל) האָבן פאַרקױפט יױסעפן די סוחרים־מדינים (סאָכרים־מידיאַנים), און װײַטער איז ער אַרײַנגעפאַלן אין די הענט פון פּוטיפר (פּאָטיפאַר) אין מיצראַיִם.

קימאַט אַלע דערקלערונגען זײַנען אין „צאינה וראינה" אַנטליִען בײַ די קלאַסישע מיטלאַלטערלעכע פּײרושים — ראַשיס, ראַמבאַנס, און בײַ פאַרשײדענע מעדראָשים. אָבער אײניקע קאָמענטאַרן זײַנען אָפּאָנעם „אױטאָרישע". דאָס קאָן מען באַמערקן לױט אײניקע רעאַליעס, לעמאָשל: די סאָכרים, װעלכע האָבן פאַרקױפט יױסעפן אין מיצראַיִם, הײסן „מעקלערס".

אָבער אַמערסטן אינטערעסאַנט זײַנען ניט די באַזונדערע פּראָטים, נאָר דאָס גאַנצע בילד, װאָס דער סײפער שטעלט אױף. די אײנהײַטלעכקײַט פונעם טעקסט איז געװען אײנע פון דעם מעכאַבערס צילן. קײן זאַך אין דער װעלט פּאַסירט ניט איזאָלירט, און גאָרנישט קאָן ניט אַװעקגײן, ניט איבערלאָזנדיק נאָך זיך כאָטש עפּעס אַ שפּור. מאַכמעס דעם װערט גלײַך װי פאַרקלענערט די װעלט, זי דערנעענטערט זיך צום מענטשן. דער מענטש, דאַכט זיך, איז בעקױעך אַרומכאַפּן די װעלט מיט זײַן סײכל. דאָס, װאָס איצטער איז ניט מעגלעך צונױפפּאָרן, איז פאַרן לײענער פון „צאינה וראינה" געװען נאָענט לױט דער צײַט און רױם.

ייִצכאָק און יאַנקעװ האָבן זיך געלערנט אין בעסמעדרעש בײַ עװערן (אַװראָם אָװינוס זײדע) און בײַ סימען (נױעכס זון). אָג, דער מײלעך פון באַשאַן, אַ באַרימטער סוינע פון אַם־ייִסראָעל, איז, װײַזט זיך אַרױס, געבליבן לעבן בעשאַס דעם מאַבל (װעלכער איז געװען אָפּאָנעם מיט טױזנט יאָר פריִער, אײדער אָג האָט געפירט מילכאָמע מיט ייִסראָעל) אַדאַנק דעם, װאָס ער האָט זיך געהאַלטן פאַר די ברעטער פון נױעכס טײװע. אַפילע אַ מעהאַלעך מעסט די לעגענדע לױטן מאַסשטאַב פון אַ מענטשן: די צאַדיקים, עליִעזער און יאַנקעװ אָװינו, גײען דורך אַ װעג, װעלכער פאָדערט געװײנלעך זיבעציק טעג, װײניקער װי פאַר אַ טאָג. די נאַטור אַלײן דינט דעם צאַדיק: די שטײנער האָבן זיך צעקריגט איבער דעם, אױף װעלכן פון זײ װעט יאַנקעװ אָװינו אַװעקלײגן דעם קאָפּ, און גאָט האָט געמאַכט אײן שטײן פון אַלע. מע קאָן קומען צום אױספיר, אַז דער מענטש — אַ „מיקראָקאָסם" — איז ניט אַזױ קלײן, און די װעלט — אַ „מאַקראָקאָסם" — איז ניט אַזױ גרױס. לױט דער מאָס פון אַ צאַדיק איז די װעלט צוגעפּאַסט צו מענטשן.

קעדײ זען די װעלט אין דער שײַן פון דער „צאינה וראינה", קאָן מען זיך װענדן צו מאַרק שאַגאַלס בילדער. שאַגאַלס קונסט האָט טיפע װאָרצלען אין דער ייִדישער קולטור. אַזױ װי דער סײפער „צאינה וראינה", שטרעבט שאַגאַל אױך צו פאַרבינדן פאַרשײדנאַרטיקע באַשעפענישן, קעגנשטאַנדן און געשעענישן אין אײן גאַנצהײַט. דערבײַ קאָנען די מאַסשטאַבן און די אָרדענונג זײַן גאַנץ פאַנטאַסטיש, אױב דאָס אַלץ אָפּשאַצן לױט די נאָרמען פונעם סײכל־האַיאָשער. די באַלעכאַיִם, די מענטשן אױף הײַזער, אױף דעכער, די גאַסן, — אַלע לעבן זײ אינאײנעם, און פון זײ װערט אױסגעבױט די װעלט, װוּ אַלץ איז ענג פאַרבונדן צװישן זיך און מע קאָן דאָס ניט צעטײלן.

שאַגאַלס פאָרגײער אין דער מאָלערײַ זײַנען געװען די אױטאָרן פון װאַנט־געמעלן אין פילצאָליקע הילצערנע שולן פונעם אַמאָליקן מיזרעך־פּױלן, ד.ה. אין אוקראַיִנע און װײַסרוסלאַנד. סטיליסטיש איז די דאָזיקע מאָלערײַ געװען נאָענט צום סײפער „צאינה וראינה". יעדעס קלײן בילד שטעלט מיט זיך פאָר אַ װעלטל, און אַלע בילדער צוזאַמען האָבן געשאַפן אַ גרױסע װעלט.



## וויקטאָר לענזאָן

# דער קאָמפּאָזיטאָר רעוואָל בונין און אייניקע נאַציאָנאַלע פּראָבלעמען אין שייַכעס מיט זייַן שאַפונג

„אַ מערקווירדיקע, ליכטיקע נעשאָמע. אַן אויסטערלישער, אייגנאַרטיקער קאָמפּאָזיטאָר, אַ מוזיקאַנט פון גרויסער קולטור און טיפן וויסן, אַ מענטש פון זעלטענער גוטסקייַט, אָרנטלעכקייַט, כיין און באַשיידנקייַט. פאַר זייַן לעבן האָט ער באַשאַפן אַ סאַך אויסגעצייכנטע מוזיק אין פאַרשיידענע זשאַנרען. פאַר זייַן שאַפונג איז שטענדיק געווען אייגנטימלעך געדאַנקלעכקייַט, ערנסטקייַט פונעם פאַרטראַכט, הויכע מייַסטערשאַפט. יעדעס נייַע ווערק זייַנס פלעג אַרויסרופן בא די צוהערער אַ לעבעדיקן אינטערעס". — די דאָזיקע ווערטער האָט דער גרויסער קאָמפּאָזיטאָר קאַרען כאַטשאַטוריאַן געזאָגט וועגן רעוואָל בונינען.

אַ פריער פרילינג הינטער מאָסקווע... די קנאָספּן ווערן אָנגעשוואָלן. די ווייַטע בערעזעוועלדלעך זייַנען אייַנגעהילט אין אַ רויכל. אַ הויכער הימל, שוואַרצע פליאַמעס אין ווייכן שניי. די לופט איז אָנגעפּאַיעט מיט פרישקייַט. עס רופן זיך איבער די גראַקן. טאָג־אייַן, טאָג־אויס ווערן אַלץ גרעסער דאָס געברום פון די טייַכלעך, וואָס רייַסן זיך צו דער זון. אין אַזאַ טאָג, מיט אַ יאָר צען צוריק, האָבן בא דעם קלאַוויר זיך פאַרזאַמלט עטלעכע קאָמפּאָזיטאָרן. אַלע האָבן זיי דעמאָלט געלעבט אינעם הינטערמאָסקווער שעפערישן הויז „רוזאַ". יעדערער האָט געאַרבעט איבער זייַן ווערק. יעדער האָט געוואָלט זיך טיילן מיט די כאַווייריִם לויט דער קונסט מיט זייַנע שעפערישע זוכונגען.

צווישן די פאַרזאַמלטע איז געווען רעוואָל בונין, וועלכער האָט שוין געליטן פון אַ שווערער קרענק. ער האָט געשפּילט אויפן קלאַוויר פראַגמענטן פון זייַן לעצטער, ווי ס׳האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, אָפּערע „נאַראָדאָוואָלצעס"...

דער אָנגעזעענער סאָוועטישער קאָמפּאָזיטאָר, אין דער שאַפונג פון וועלכן ס׳האָבן זיך האַרמאָניש צונויפגעפּאָרט שטריכן נאַציאָנאַלע און אַלמענטשלעכע, דער מערקווירדיקער פּעדאַגאָג, אונדזער מיטצייַטלער רעוואָל שמועלעוויטש בונין איז געבוירן געוואָרן אין מאָסקווע, אין 1924. זייַן פאָטער, שמועל מאַרקאָוויטש בונין, איז געווען אַ פּראָפעסיאָנעלער רעוואָלוציאָנער. מער פון צען יאָר איז ער אָפּגעזעסן אין דער פּעטראָפּאַוולאָווער פעסטונג און אין פאַרשיקונג. די גרויסע סאָציאַליסטישע אָקטיאַבער־רעוואָלוציע האָט אים באַפרייַט. דאָס איז געווען זייער אַ געבילדעטער מענטש. זיצנדיק אין טפיסע, האָט ער פולקום באַהערשט דרייַ פרעמד־שפּראַכן, און בעשאַס דער פאַרשיקונג — דעם גאַנצן קורס פונעם אוניווערסיטעט. אין דער פאַרשיקונג האָט שמועל בונין זיך באַקאַנט מיט זייַן קינפטיק ווייַב ע. וו. ראָסטינסקאַיאַ, וועלכע האָט אויך אַלס קאַדראָווער רעוואָלוציאָנער אַ סאַך יאָרן „פאַרבראַכט" אין צאַרישע טורמעס. דעם נאָמען רעוואָל האָט דער קינפטיקער קאָמפּאָזיטאָר באַקומען לעקאָווד דער רעוואָלוציע.

די רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס האָבן געלעבט אין בונינס מישפּאָכע און שטאַרק אויפגעווירקט אַף די קינסטלערישע אַנטפּלעקונגען פון דעם יונגן מוזיקאַנט. קינדווייַז נאָך האָט ר. בונין געזונגען די רעוואָלוציאָנערע לידער — סייַ אַף רוסיש, סייַ אַף יידיש. טשיקאַווע: אין אָנהייב פונעם שעפערישן וועג האָט וואָליק בונין געשריבן אַף די ראַנדן פון זייַנע נאָטן: „די באָלשעוויקעס וועלן זיגן..."

זייַן מוזיקאַלישע בילדונג האָט ער אָנגעהויבן צו זעקס יאָר מיט שפּילן פּיאַנאָ. ווען ער איז אַלט געוואָרן אַכט יאָר, האָט זיך באַוויזן זייַן ערשט ווערק — אַ מאַרש, און דערבייַ גלייַך אין דער פּאַרטיטור. אין דער מוזיק־שול האָט ר. בונין אַנטפּלעקט אויסנעמלעכע פעיִקייַטן: געלייענט אויסגעצייכנט גלייַך פון דעם בלאַט, פיל אַקאָמפּאַנירט, אַרויסגעטראָטן אַלס פּיאַניסט. צו פערצן יאָר איז ער אָנגעקומען אין דער מוזיק־שול בא דער מאָסקווער קאָנסערוואַטאָריע אַף דער קאָמפּאָזיטאָר־אָפּטיילונג, און צו אַכצן געוואָרן אַ סטודענט אין דער מאָסקווער קאָנסערוואַטאָריע, אין קלאַס פונעם פּראָפעסאָר ג. אי. ליטינסקי, שפּעטער — פונעם גרויסן קאָמפּאָזיטאָר וו. יאַ. שעבאַלין.

סאַכאַקל אַ יאָר צייַט ביז דער מילכאָמע האָט בונין זיך אָפּגעלערנט אין דער קאָנסערוואַטאָריע, דערנאָך אַוועק אין דער אָפּאָלטשעניע, מיט געווער אין האַנט פאַרטיידיקט מאָסקווע. נאָך דער אָפּאָלטשעניע אַרבעט ער אַף אַ מיליטערישן זאַוואָד און באַקומט די מעגלעכקייַט גלייַכצייַטיק באַזוכן דעם קלאַס אין דער קאָנסערוואַטאָריע. מיטן 1943 יאָר איז פאַרבונדן דער אָנהייב פון אַ נייַעם עטאַפּ אין זייַן שאַפונגס־ און לעבנס־ביאָגראַפיע — ער גייט איבער אין קלאַס פון דעם געניאַלן שאָסטאַ־

קאָוויטש. אונטער ד. ד. שאָסטאַקאָוויטשעס האַשפּאָע פּאַרענדיקט ער די קאָנסערוואַטאָריע. זײַן דיפּלאָם־אַרבעט — די צווייטע סימפאָניע — איז דער בעמעס ערשטער דערפאָלג פונעם קאָמפּאָזיטאָר. די סימפאָניע האָט פּאַרינטערעסירט אי. מראַווינסקין, און זי איז געוואָרן אויסגעפילט אונטער זײַן אָנפירונג דעם 29 נאָיאַבער 1947 אין לענינגראַד.

פּאַרענדיקנדיק די קאָנסערוואַטאָריע, איז ר. בונין אַ יאָר צײַט געווען אַן אַסיסטענט בײַ שאָסטאַקאָוויטשן אין דער לענינגראַדער קאָנסערוואַטאָריע, און דערנאָך, בעמעשעך פון אַ ריי יאָרן — דער רעדאַקטאָר פון אַקאַדעמישע אויסגאַבעס אינעם מוזיק־פּאַרלאַג. צו אָט דער צײַט געהערט זײַן אַקטיווע טעטיקײַט אַלס מוזיק־זשורנאַליסט.

ר. בונינס געזונט־צושטאַנד האָט אים געצווונגען אין 1953 פּאַרלאָזן די אַרבעט אין מוזיק־פּאַרלאַג און ווידמענען זיך אינגאַנצן דער שאַפונג. ווען מיר כאַפּן אַרום מיטן אויג אַלע זײַנע ווערק, אַזעלכע פּאַרשיידענע לויטן אינהאַלט, זשאַנער און כאַראַקטער, ווערט קלאָר, אַז ער האָט קיינמאָל ניט „עקספּלואַטירט" דאָס איין מאָל געפונענע, אַפילע דאָס סאַמע געלונגענע. טראָט נאָך טראָט, פון ווערק צו ווערק, איז ער אײַנגעשפּאַרט געגאַנגען צו אַ פולער און פילזײַטיקער אַנטפּלעקונג פון זײַן וועלט־אָנשויונג, פון זײַן קינסטלערישער אינדיווידועלקײַט. יעדעס מאָל האָט ער געשטרעבט צו געפינען אַן אַדעקוואַטע פאָרם פון פּאַרקערפּערן אַן אויסגעווײלטע טעמע, אידיי. אָט אַזוי האָט זיך פּאַרפולקומט די סטרוקטור פון זײַנע ווערק, ס'איז שאַרפער געוואָרן די שפּראַך, די פּאַליטרע פונעם אָרקעסטער, ס'האָט זיך קריסטאַליזירט דער סטיל.

דער שעפערישער פּאָטענציאַל און די אַרבעטספעיִקײַט פון ר. בונין זײַנען געווען קאָלאָסאַלע. וועגן דעם זאָגן איידעס סײַ דער פּאַרנעם, סײַ די מאַסשטאַבן פון זײַן יערושע: אַן אָפּערע, נײַן סימפאָניעס, אַן אָראַטאָריע און אַ קאַנטאַטע, אַ ריי אַנדערע ווערק פּאַר אַ סימפאָנישן און קאַמער־אָרקעסטער, אינסטרומענטאַלע קאָנצערטן, אַ גרויסע צאָל פּאַרשיידענע קאַמער־ווערק, וואָקאַלע און אינסטרומענטאַלע, פּאָעמעס פּאַר אַ כאָר, מוזיק צו אַכציק דאָקומענטאַלע און קינסטלערישע פילמען, מוזיק צו ראַדיאָ־, טעלעוויזיע־ און טעאַטראַלע שטעלונגען.

און דאָס אַלץ איז געשאַפן געוואָרן פּאַר אַ פּאַרהעלטניסמעסיק קורצן פּעריאָד, פּאַר דרײַ יאָרצענדליקער: אין 1945 האָט ר. בונין פּאַרענדיקט די קאָנסערוואַטאָריע, און אין 1976 איז ער געשטאָרבן.

וועגן ר. בונינס פּראָפעסיאָנאַליזם, וועגן זײַן אויסערגעוויינלעכן זיקאָרן און זײַן קאָמפּאָזיטאָרישער טעכניק, וועגן זײַן שאַפונגס־ווילן זײַנען איידעס עטלעכע פּאַקטן. דער קאָנצערט פון דרײַ טיילן פּאַר אַ קאַמער־אָרקעסטער מיט אַן אָרגל, לעמאָשל, איז אָנגעשריבן געוואָרן פּאַר צוויי וואָכן. אָדער אַן אַנדער פּאַל. מע האָט רעפּעטירט בונינס מוזיק צו דעם טעלעפילם „צען טעג, וואָס האָבן אויפגעטרייסלט די וועלט", לויט דזשאָן רידן. די אַרבעט האָט מען געפירט צוזאַמען מיט אַ גרופּע פון דער ענגלישער טעלעוויזיע. פּאַרטאָג האָט געדאַרפט פּאָרקומען די טאָנירונג. פּלוצעם האָט מען דעם קאָמפּאָזיטאָר אָנגעקלונגען, אַז די פּאַרטיטור פונעם צענטראַלן נומער „דער שטורעם פון דעם ווינטער־פּאַלאַץ", איז ערגעץ פּאַרפאַלן געוואָרן. און בונין האָט אָפּגעטאָן אומגלייבלעכס: פּאַר איין נאַכט אופגעשטעלט לויטן זיקאָרן די פּאַרטיטור — 25 זײַטן, און אינדערפרי איז זי געלעגן אפן פּולט פּאַר דעם דיריזשאָר. און דאָס סאַמע ווונדערלעכע: ווען די נעלעם געוואָרענע נאָטן האָבן זיך אָפּגעזוכט, האָבן זיך דער אָריגינאַל און דער דובליקאַט אַרויסגעוויזן פּאַר פולקום אידענטיש.

די אינטענסיווע שעפערישע אַרבעט איז בעמעס געווען רעוואָל בונינס לעבנס־העלדנטאַט. דער קאַטאַסטראָפּאַל שלעכטער געזונט־צושטאַנד איז קעסיידער געהאַנגען איבער אים ווי דאַמאָקלס שווערד. די ערשטע סימאָנים פון דער פּראָגרעסירנדיקער טויבקײַט האָבן זיך אַנטפּלעקט שוין צו דרײַסיק יאָר. און צו פערציק יאָר האָט מען געשטעלט דעם אומראַכמאָנעסדיקן דיאַגנאָז — נעפּריט פון ביידע געהער־נערוון.

בונין איז אָבער בײַ זיך ניט געפאַלן און האָט קיינמאָל ניט פּאַרלוירן דעם מוט. ער האָט געאַרבעט, און זײַנע מיטשמועסער פלעגט שטענדיק פרייען זײַן לעבעדיקער געדאַנק און די האַרציקײַט, דער פײַנער הומאָר־געפיל.

ער האָט דאָס גאַנצע לעבן געקעמפּט מיט קאָלערליי שוועריקײַטן. און האָט געזיגט. ס'איז פּאַרבליבן זײַן מוזיק, זי איז ערנסט און אינהאַלט־רײַך. אין איר איז פּאַרבאָרגן דער לעבנס־עמעס, די שײַן פון הערלעכע אידעאַלן. זי אַנטהאַלט אַ סאַך לירישע געפילן, פול מיט פּאָעזיע. זי וועקט דעם געדאַנק און דעם געפיל.

דער יידישער, רוסישער אָדער אַן אַנדער נאַציאָנאַלער מאָטיוו אין דער מוזיק איז פּאַר בונינען אַ טייל פון דער וועלט־קולטור, און מיט דער הילף פון אָט דעם נאַציאָנאַלן שפּיגלט ער אָפּ דאָס אַלמענטשלעכע, די אַלע ניואַנסן און גראַדאַציעס, אייגנטימלעכע דעם מענטשן ביכלאַל. דעם פּרינציפּ פון בונינס געזאַנג צום פאָלקלאָר וואָלט מען געקאָנט כאַראַקטעריזירן ווי אַ פּאַראַלעמיינערונג דורך דער נאַציאָנאַלער אינטאָנאַציאָנעלקײַט, ווען דאָס צומערסטנס כאַראַקטעריסטישע אין דער נאַציאָנאַלער מוזיק ווערט „שאַרף באַלויכטן" מיטן ציל פון אַ פולער אַנטפּלעקונג פון דעם געשטאַלט. ס'איז פּאַרשטענדלעך, אַז אין בונינס מוזיק פעלן דערבײַ אוועלכע־ניט־איז אַראַבישע שטריכן. זי טראָגט אויך ניט קיין עטנאָגראַפישן כאַראַקטער. אַדראַבע: דאָס נאַציאָנאַלע ווערט אין איר „געקייפּלט" אַף דעם הײַנטצײַטיקן סטיל.

די קוואַלן פונעם נאַציאָנאַלן אין בונינס מוזיק זײַנען פּאַרשיידן. די רוסישע לידער־שאַפונג האָט בונין קאָנסעקווענט און בעהאַסמאָדע דערלערנט. ער האָט גרינטלעך געקענט די זאַמלונגען פון פאָלקסלידער פון פּראָקוניען, באַלאַקירעוון, רימסקי־קאָרסאַקאָוון. גאָר אַנדערש איז מיט דער יידישער מוזיק. זי איז ווי אַרײַן אין בונינס ווערק

מיט דער ערשטער נאָטע. ייִדישע לידער האָט געזונגען דער טאַטע, ס'האָט זיי אויך געקענט די מוטער. דער קינפטיקער קאָמפּאָזיטאָר גופא האָט ליב געהאַט די ייִדישע פאָלקס־שאַפונג פון קינדווייז אָן. האַקלאַל, די ייִדישע מוזיק איז פון דער פריִער קינדהייט געווען אַן עלעמענט פון ר. בונינס טאָגטעגלעכן שטייגער. אַלס וויכטיקער עטאַפּ אין פיקסירן דעם נאַציאָנאַלן מוזיק־באַוווסטזיין איז געוואָרן דער פּעריאָד פון זיין לערנען בא ד. ד. שאָסטאַקאָוויטשן. ווי באַוווסט, האָט שאָסטאַקאָוויטש גופא ווי געהעריק אָפּגעשאַצט די ייִדישע מוזיקאַלישע טעמאַטיק — ער האָט אָנגעשריבן דעם וואָקאַל־ציקל „פון דער ייִדישער פאָלקס־פּאָעזיע", נאַציאָנאַל בולעט איז אין אָט דעם זין באַפאַרבט די מוזיק פון זיינעם אַ סטרונעקוואַרטעט.

פאַרזעצנדיק נ. א. רימסקי־קאָרסאַקאָווס טראַדיציעס, האָט שאָסטאַקאָוויטש געריכטעט זיינע שילער אָף דעם באַזונדערס נאָענטן פאַר זיי קאָלאָריט אין נאַציאָנאַלן פּראַט. דאָס האָט סטימולירט די אַנטפּלעקונג פון צומאָל דרעמלענדיקע, באַהאַלטענע ניגונגען בא טאַלאַנטפולע קאָמפּאָזיטאָרן, וועלכע האָבן זיך רעאַליזירט ווי קאָמפּאָזיטאָרן נאַציאָנאַלע. באַגלייך מיט ר. בונינען קאָן מען דאָ דערמאָנען ב. פליישמאַנען, וועלכער איז אויך געווען שאָסטאַקאָוויטשעס אַ שילער, מיט זיין אָפּערע „ראָטשילדס פידל", באָריס האָלצן און אַנדערע קאָמפּאָזיטאָרן — שאָסטאַקאָוויטשעס שילער.

ווי זשע האָט זיך אַנטפּלעקט דאָס נאַציאָנאַל ייִדישע אין בונינס מוזיק? לעכאַטכילע ציט צו זיך צו אונדזער אופמערקזאַמקייט דער פּאַראַדאָקס — אין בונינס ווערק פעלן ציטאַטעס פון דער פאָלקס־מוזיק (ניט נאָר פון דער ייִדישער, נאָך אויך פון דער רוסישער). און דאָ דאַרף מען זאָגן מיקויעך דעם וויכטיקסטן. דער נאַציאָנאַלער מוזיק־קאָלאָריט שאַפט זיך צומאָל ניט דורך ציטירן פאָלקס־מעלאָדיעס אָדער נאָכמאַכן זיי, נייערט דורכן כאַראַקטער פונעם דענקען גופא, דעם נוסעך פון רעאַליזירן דעם טעמאַטישן מאַטעריאַל.

הערנדיק צומאָל אַ טאָקאַטאַ־עפּיזאָד פון בונינס סימפאָנישער מוזיק, וווּנדערסטו זיך פון זייער ריטמישער און אינטאָנאַציאָנעלער סטרוקטור — ס'איז דאָך אַ שער! די כאַראַקטעריסטישע ניואַנסן פון דער מעלאָדיע, דער ריטמישער קאָנטור, די טיפּישע איבערכאַזערונג פון די מאָטיוו־קאָנסטרוקציעס, — דאָס אַלץ באַרירט זיך וואָרצלדיק מיט די נאַציאָנאַלע ייִדישע טאַנץ־טראַדיציעס. ס'איז אַ ספק, צי בונין האָט ספּעציעל מאָדעלירט אין זיינע ווערק אַ ייִדישן טאַנץ. נאָר צוזאַמען דערמיט איז וואַרשיינלעך, אַז דאָס נאַציאָנאַלע דענקען אין דער מוזיק האָט זיך איינגעזאַפּט אין זיין „בלוט און פלייש", וואָס עס האָט, אַגעוו, דעפינירט די ספּעציפישקייטן פון אייניקע זיינע קאָמפּאָזיציעס. ווילנדיק, ניט ווילנדיק, טוט אָן דער קאָמפּאָזיטאָר אָף דער קלאַסישער קאָמפּאָזיציע די כאַראַקטעריסטישע פאַר ייִדישע טאַנץ־ניגונים מוזיקאַלישע פאָרם. ס'איז אינטערעסאַנט דער טאָנאַלקייט־קאָנטור פון בונינס פיל מוזיקאַלישע טעמעס. אַלס קלאַל, לייגט ער זיך אויס אין די סכעמעס פון טיפּישע פאַר דער ייִדישער פאָלקס־מוזיק טאָנאַלקייטן.

און וויפל עפּיזאָדן, באַזונדערס אין דער סימפאָנישער מוזיק, זיינען דירעקט פאַרבונדן מיטן ברייט פאַרשפּרייטן אין דער ייִדישער מוזיק זשאַנער ניגן אָן ווערטער! אַזעלכע עפּיזאָדן טרעפן מיר אין ר. בונינס דריטער, פערטער, ניינטער סימפאָניעס...

מיר וועלן זיך דערלויבן אויך מעשאַער זיין, אַז גופא דער פּרינציפּ צו אַנטפּלעקן דעם אינהאַלט פונעם אַלמענטשלעכן מיט דער הילף פון כאַראַקטעריסטיש נאַציאָנאַלע מיטלען האָט אַ דירעקטע שייכעס צו בונינס מוזיק־דענקען אַלס ייִדישער קאָמפּאָזיטאָר. אַזאַ מין דערשיינונג קאָן מען אויך באַמערקן, לעמאָשל, אין זש. ביזעס שאַפונג און אין דער סאָוועטישער מוזיק — בא איינעם פון אונדזערע באַדייטנדיקסטע קאָמפּאָזיטאָרן ס. סלאָנימסקין. אין דער לעצטער צייט האָבן זיך באַוויזן פאָרשונגען, וועלכע דערווייזן, אַז ס'איז בעפּייִעש פאַראַן אַ נאַציאָנאַלער יעסאָד אינעם מוזיק־דענקען בא דעם גרעסטן עסטרייכישן קאָמפּאָזיטאָר אַ. שיאָנבערג (אַ ייִד לויט דער נאַציאָנאַליטעט), וועלכער האָט געלייזט אין זיין מוזיק די עטישע פּראָבלעמען פון אַלמענטשלעכן כאַראַקטער. די ביישפּילן וואָלט מען געקאָנט פאָרזעצן, נאָר איינס איז קלאָר — דער אַרט מוזיק־דענקען, וועלכן מיר אָבסערווירן בא ר. בונינען, האָט אַ דירעקטע שייכעס צו די טיפע יעסוידעס פון דער ייִדישער מוזיק־פּסיכאָלאָגיע.

איבעריקנס, פאַרמאָגט ר. בונינס מוזיק ניט וויניק אייגנשאַפטן, וועלכע אַנטפּלעקן זיך, אויב ניט דורך ציטירן, איז דורך רעקאָנסטרויִרן, סטיליזירן די ייִדישע פאָלקס־מוזיק. אַזעלכע אייגנשאַפטן פלעגן זיך אַרויסבאַווייזן אַלץ מער צום סאָף פונעם קאָמפּאָזיטאָרס לעבן. אַ כאַראַקטעריסטישער ביישפּיל איז דאָ בונינס לעצטע שאַפונג — די אָפּערע „נאַראָדאָוואָלצעס". עטלעכע ווערטער וועגן דעם דאָזיקן ביז גאָר אינטערעסאַנטן ווערק.

„נאַראָדאָוואָלצעס" איז אַ פאָלקס־היסטאָרישע דראַמע, אָנגעשריבן לויט די מאָטיוון פונעם ראָמאַן פון דעם שרייבער־נאַראָדאָוואָלעץ סטעפּניאַק־קראַווטשינסקי „אַנדריי קאָזשוכאָוו". דעם פאַרטראַכט פון דער אָפּערע אָף אַ רעוואָלוציאָנערער טעמע האָט דער קאָמפּאָזיטאָר אַרויסגעטראָגן נאָך פון דער יוגנט. דער כויוו פאַרן רעוואָלוציאָנערן אָוואַר פון זיין לאַנד, די אַכטונג צום קאַמף, וועלכן ס'האָבן געווידמעט זייער לעבן דער פאָטער און די מוטער, דער זיקאָרן אין שייכעס מיט די געשטאַלטן און געשעענישן, וועגן וועלכע ס'פלעג דערציילן דער טאַטע, זיינען אים נאָכגעגאַנגען פוסטריט דאָס גאַנצע לעבן. נאָר, ווי ס'קומט אָפּט פאָר, דאָס סאַמע וויכטיקע ווערק זיינס לייגט דער קינסטלער אָפּ „אָף דערנאָך".

בונין האָט באַשלאָסן נעמען זיך פאַרן שאַפן די אָפּערע, זייענדיק שוין אַ רייפער, דערפאַרענער מייסטער. די אָנגעהויבענע אַרבעט האָט אומגעריכט איבערגעריסן דער טויט... פונדעסטוועגן האָט בונין באַוויזן צו זאָגן זיין לעצט וואָרט. די

אָפּערע „נאַראַדאָוואָלצעס" איז, קאָן זײַן, דאָס אמערסטנס דעמאָקראַטישע, לויט דער שפּראַך, ווערק פונעם קאָמפּאָזיטאָר. און איר שטעלט ער די אויפגאַבע פון מאַקסימאַל דערנעענטערן זיך צו דער אינטאָנאַציע־שפּראַך פון דער פאָלקס־מוזיק, ניצט אויס זשאַנרען, וואָס כאַראַקטעריזירן זיכער די עפּאָכע. און אָט דער עפּאָכע איז בונין — מוסאָרגסקיס נאָכפאָלגער, און אין איר טרעפט מען אָפּט אויפטרייסלענדיקע, לויט זייער קינסטלערישער פּינקטלעכקייט, כאַראַקטעריסטיקעס פון נאַציאָנאַלע פּערסאָנאַזשן, ענלעכע צו די, וואָס זײַנען געגעבן אין די „בילדלעך פון דער אויסשטעלונג" (די פּיעסע „צוויי ייִדן — אַ רײַכער און אַן אָרעמער"), אָדער אין דער „ייִדישער ליד" פונעם גרויסן רוסישן קאָמפּאָזיטאָר. איינע אַזאַ כאַראַקטעריסטיק איז געגעבן שמוליע דעם רויטן, וועלכער האָט געהאַלטן אַ שענק אין אַ בײַגרענעץ־שטעטל.

און כאָטש עס פעלט, ווי געזאָגט, די ציטאַטע, איז דאָס סאַמע כאַראַקטעריסטישע אין דער ייִדישער אינטאָנאַציע געגעבן אַזוי בולט, אַז יעדערער וועט דערקענען אינעם מוזיק־געשטאַלט פון שמוליע דעם רויטן ניט בלויז אַ ייִדן, נאָר אויך אַ מענטש מיט אַ כאַראַקטעריסטישן כאַראַקטער, מיט נאַציאָנאַלע האַוויעס, גענגעלע און מיט דעם אַרט רעדן...

אין דער אָפּערע „נאַראַדאָוואָלצעס", באַנאַנד מיט רוסישע רעוואָלוציאָנערע לירישע צעצויגענע לידער, געפינען זיך ייִדישע טענץ, ייִדישע מעלאָדיק, ייִדישע אינטאָנאַציעס. ס׳איז כאַראַקטעריסטיש, אַז קיין שום געפיל פון „נאַציאָנאַלער עקלעקטיק" קומט דאָ ניט אויף. בונין באַזירט זיך אויף דער פאָלקס־מוזיק און דער אָפּערע ניט נאָר מיטן ציל צו שילדערן דעם כאַראַקטער אָדער אויפשטעלן די אַטמאָספער פון דער צײַט. דער עיקר איז דאָס, וואָס דער קאָמפּאָזיטאָר האָט געשטרעבט שאַפן אַ ווערק, וואָס זאָל זײַן געגרינדעט אויף דעמאָקראַטישע פאָרמען און אינטאָנאַציעס, אַ ווערק, וואָס זאָל זײַן צוגענגלעך פאַר דעם מאַסן־צוהערער. און ער האָט זײַן ציל דערגרייכט.

רעוואָל בונין איז שוין ניטאָ צווישן אונדז, נאָר זײַן שאַפונג ציט אויך הײַנט צו די אויפמערקזאַמקייט פון די מוזיק־ליבהאָבער. זײַנע ווערק דיריזשירט געננאַדי ראָזשדעסטווענסקי, זיי קלינגען דורך דער ראַדיאָ, ווערן פאָנאָגראַפירט אויף פּילצאָליקע פּלאַסטינקעס. אינגיכן וועט אין פאַרלאַג „סאָוועטסקי קאָמפּאָזיטאָר" דערשײַנען אַ בוך וועגן ר. ס. בונינען. ס׳איז געקומען די צײַט אַ קוק צו טאָן אויף בונינען אויך ווי אויף אַ נאַציאָנאַלן קאָמפּאָזיטאָר, וועלכער האָט אַרײַנגעטראָגן אַ היפּשן צושטײַער אין דער אַנטוויקלונג פון די פאָרמען פונעם נאַציאָנאַלן געדאַנק אין דער הײַנטצײַטיקער מוזיק.

## קולטור־נײַעס

### עס קלינגען ייִדישע לידער

אין זייער רעפּערטואַר האָבן אײַנגעשלאָסן עטלעכע ייִדישע פאָלקסלידער די מיטגלידער פאַרנעם דאָ ניט לאַנג געשאַפענעם אין ביראָבידזשאַן זעלבסטעטיקן מוזיקאַלישן אַנסאַמבל, מיט וועלכן עס פירט אָן דער קאַפּיטאַן פון מיליציע אַלעקסאַנדער זלאָטניקאָוו.

די קלאַנגען פון אַ פידל און אַ גיטאַרע, אַ מאַנדאָלינע און אַנדערע אינסטרומענטן שאַפן אַן אײַגנאַרטיקן מוזיקאַלישן אָרנאַמענט פאַר די לידער, וועלכע עס האָט פאַרשריבן און דערנאָך דערלערנט מיטן אַנסאַמבל אַלעקסאַנדערס פאָטער — אַ ליבהאָבער פון ייִדישער פאָלקס־שאַפונג.

מ. גלוזמאַן

### „דער פידלער אויפן דאַך" אין טאַלין

אין טאַלינער טעאַטער „עסטאָניע" איז אויפגעפירט געוואָרן דאָס באַוווּסטע מיוזיקל לויט שאָלעם־עליכעמס „טעוויע דער מילכיקער". דעם ספּעקטאַקל האָט געשטעלט דער שוועדישער רעזשיסער געאָרג מאַלוויוס, אַלס באַלעטמײַסטער איז אײַנגעלאַדן יוכאַני ריוטקיאָל פון פינלאַנד. ג. מאַלוויוס, וועמענס פיל אויפפירונגען זײַנען באַוווּסט מיט הויכע טעאַטראַלע פּרעמיעס, האָט פריִער געשטעלט דאָס זעלבע מיוזיקל אין שוועדן און אין פינלאַנד.



## פּאָלינע בעליִלאָווסקאַיאַ

געבוירן געוואָרן אין 1956 אין דאָרף אַלגאַ, פּרימאָרסקער קאַנט. פאַרענדיקט דעם מוזיקאַליש־פּעדאַגאָגישן פאַקולטעט פונעם מאָסקווער פּעדאַגאָגישן מעלוכע־אינסטיטוט אָף וו. אי. לעגינס נאָמען. די טעמע פון איר דיפּלאָם־ארבעט איז געווען „ייִדישער פֿאָלקלאָר אין דער שאַפונג פון ד. שאָסטאַקאָוויטשן און ס. פּראָקאָפּיעוון". שוין אין מעשעך פון עטלעכע יאָר טרעט זי ארויס אלס זעלבסטשטעטיקע אויספילערן פון ייִדישע פֿאָלקס־ און אוטאָרישע לידער. וווינט אין מאָסקווע.

# די באַזונדערקייטן פונעם ייִדישן מוזיקאַלישן פֿאָלקלאָר

דאָס ייִדישע פֿאָלק האָט געשאַפן רייַכן פֿאָלקלאָר, אין וועלכן עס זייַנען געקומען צום אויסדרוק פארשיידענע עטאַפּן פון זייַן היסטאָרישער פארגאַנגענהייַט. און שייַן פון די היסטאָרישע אומשטאַנדן איז אָט דער פֿאָלקלאָר פארשיידנבאַרטיק און פילשיכטיק. מיר וועלן באַטראַכטן יענעם עטאַפּ אין דער אַנטוויקלונג פונעם ייִדישן פֿאָלקלאָר, וואָס איז פארבונדן מיט דער איבערוואַנדערונג פון די ייִדן אין די לענדער פון מיַירעוו און מיזרעך־אייראָפּע (XIII — XIV יה.).

אין אָט דער צייַט האָט זיך אין דייַטשלאַנד אויסגעפורעמט און גרונט די שפראַך „ייִדיש", וועלכע האָט צוערשט פאָרגעשטעלט מיט זיך א סינטעז פונעם מיטל־דייַטשישן דיאַלעקט און דער העברעישער שפראַך, און נאָכדעם, ווען פון דייַטשלאַנד האָט איבערגעוואַנדערט קיין פוילן און אין אנדערע לענדער (XIII — XIV יה.) א גרויסע צאָל ייִדן, האָט זי זיך באַרייַכערט מיט סלאַווישע עלעמענטן. צוזאַמען מיט דער אויספורעמונג פון דער שפראַך האָט זיך פאָרמירט די מוזיקאַלישע קונסט. דער עכטער וווּקס פון דער קונסט איז פארבונדן מיט די סלאַווישע לענדער, ווו די ייִדישע שפראַך, וואָס האָט זיך אָפּגעריסן פון דעם צוערשט הערשנדיקער און איר אייַנפלוס פון דער דייַטשישער שפראַך, האָט געשאַפן און אויסגעפורעמט איר באַזונדערע פון דער דייַטשישער שפראַך לעקסיק און סטיל.

די מוזיקאַלישע קונסט פון די ייִדן שליסט אייַן אין זיך סייַ וואָקאַלע, סייַ אינסטרומענטאַלע מוזיק. ס׳איז פאַראַן נאָך איין אייגנאַרטיקער זשאַנער, וועלכער פארנעמט א היפּש אָרט צווישן דער וואָקאַלער און אינסטרומענטאַלער פֿאָלקס־מוזיק — ניגונים אָן ווערטער.

די וואָקאַלע קונסט בא די ייִדן איז דער רייַכסטער טייל פונעם מוזיקאַלישן פֿאָלקלאָר פונעם פֿאָלק. די ייִדישע פֿאָלקסליד האָט אָנגעהויבן איר וועג אין דייַטשלאַנד, נאָכדעם אריבערגעוואַנדערט קיין פוילן, רוסלאַנד און אין אנדערע לענדער. די ייִדישע פֿאָלקסליד האָט אָפּט גענומען טעמעס, זשאַנרען בא אירע שכיינים — בא די פּאָליאַקן, אוקראַינער, ווייַסרוסן. אָף אַזאַ אויפן זייַנען אנטשטאַנען די „מאַקאַראָנישע לידער", דה. אַזעלכע, אין וועלכע די ייִדישע טעקסטן פלעכטן זיך איבער מיט די פּוילישע, אוקראַינישע און ווייַסרוסישע. באַרייַכערט האָט די ייִדישע ליד און פראַט פון דער פאָרם און פונעם אינהאַלט די ענגע פארבינדונג מיט דער רוסישער קולטור און מיט דער רוסישער שפראַך, באַזונדערס אין דער עפּאָכע פון קאַמף מיט דער צאַרישער רעאַקציע.

אָבער רייַזנדיק איבער דער וועלט, האָט די ייִדישע ליד ניט אָנגעווירן איר אייגנאַרטיקייַט און קינסטלערישע זעלבשטענדיקייַט, פארהיט אירע ספּעציפישע באַזונדערקייַטן.

אינעם גאַנצן ייִדישן פֿאָלקלאָר, אָנהייבנדיק פון די טענץ־לידער, וועלכע זייַנען דערגאַנגען צו אונדז פון די ערשטע שריפטלעכע קוואַלן פון XVI יה. און ביז די הייַנטצייַטיקע לידער, טרעט אַמבוילעטסטן ארויס דער כאַראַקטעריסטישער פאַר דער פֿאָלקסליד שטריך — די ענגע פארבינדונג מיט דער מינדלעכער שפראַך, מיט דער מינדלעכער מאַניר פון די ייִדישע פֿאָלקסמאַסן. די באַזונדערקייַטן פונעם רייד־סטיל האָבן געבוירן, צווישן אַנדערס, איינע פון די באַליבטסטע פאָרמען פון דער ייִדישער פֿאָלקסליד — די דיאַלאָגישע סטרוקטור.

צו דער ספּעציפיק פון דער פאָלקסליד געהערן אויך די קינסטלערישע מנעמאָנישע מיטלען, וואָס מיט זייער הילף ווערט די ליד שנעל פאַרגעדענקט. מער פון אַלץ דינט אָט דעם ציל די פּראָזעאָלאָגישע סטרוקטור פון דער פּאָעטישער פאָלקס־שורע.

„די יידישע שפּראַך איז אין פּראַט פון פּראָזעאָלאָגיע אויסערסט רייך מיט קאַנאָניזירטע מעטאַפאָרישע אויסדרוקן. אין דעם טאַקע באַשטייט די קראַפט פון שאָלעם־אַלייכעמס קינסטלערישן סטיל, וועמענס שפּראַך איז אָרגאַניש פאַרבונדן מיט דער פאָלקס־פּאָעטיק. דעריבער טאַקע איז אַזוי שווער איבערצוזעצן שאָלעם־אַלייכעמען אויף אַנדערע שפּראַכן. פונקט אַזוי איז שווער איבערצוזעצן די יידישע פאָלקסליד, אין וועלכער יעדע שורע שטעלט מיט זיך פאָר, בעטאָך, אַ גרייטער מוסטער פון אַ פאָלקסווערטל", — האָט געשריבן דער פאָרשער פון יידישן פאָלקלאָר י. דאָברושין.

אין דער יידישער פאָלקסליד איז טאָמיד פאַראַן אַן אייגנאַרטיקער סיוזשעט. דאָס האָט אַ שייכעס אַפילע צו דער לירישער ליבע־ליד, אין וועלכער די געפילן פונעם העלד אָדער העלדן ווערן איבערגעגעבן דורך אַ קאָנקרעטער געשעעניש. אָפט ווערן געבראַכט אין די לידער די נעמען פון מענטשן, וועגן וועלכע ס'איז קלוימערשט געשאַפן געוואָרן די ליד. אויב אָבער די ליד איז דערצו נאָך אַ דיאַלאָגישע לויט דער סטרוקטור, ווערט די וואָרהאַפטיקייט, די קאָנקרעטקייט פון דער דערציילונג נאָך מער פאַרשטאַרקט.

אָפט ווערן אין דער יידישער ליד אויסגעניצט פּאָעטישע פאַרגלייכן און פּאַראַלעליזמען, אין דעם אַנטפּלעקט זיך דער איינפלוס פון דער רוסישער און אוקראַינישער פאָלקסליד.

צו די ספּעציפישע באַזונדערקייטן פון דער יידישער פאָלקסליד געהערט די אייגנקלאַנגעוודיקייט און די סאָלאָ־אויספירונג. די טראַדיציע פון סאָלירטער אויספירונג איז קוידעמקאָל פאַרבונדן מיטן געזעלשאַפטלעכן שטייגער פון די יידן. די מאַסעווע פאָלקס־יאָמטויוויים זיינען געווען איבערהויפּט רעליגיעזע, און אויב ס'איז אַפילע געווען כאָרגעזאַנג, איז עס, נאַטירלעך, פאַרבונדן געווען מיט רעליגיעזער טעמאַטיק. אַ יידישע כאַסענע איז מערסטנטייל באַגלייט געווען מיט אינסטרומענטאַלער מוזיק. ביזן XX יה. האָבן די יידישע האָרעפּאַשניקעס זיך באַשעפטיקט, אַדאַנק די היסטאָרישע אומשטאַנדן, מיט אַרבעטן, פאַרבונדענע מיט דער מי פון אַ גרויסן קאָלעקטיוו. די מעלאָכעס, מיט וועלכע מע האָט דערלויבט זיך פאַרנעמען דעם יידישן האָרעפּאַשניק, האָבן געפאָדערט אייגענע אינדיווידועלע טעמפּן. און פאַרבינדונג מיט די דאָזיקע סיבעס איז די יידישע ליד ניט בלויז איינקלאַנגיק, נאָר אויך ניט זעלטן אומבאַקוועם פאַר אַ קאָלעקטיווער אויספירונג.

די זשאַנרען פון דער יידישער ליד זיינען פאַרשיידנאַרטיק. דאָס זיינען רעליגיעז־גייסטלעכע און יאָמטעוודיקע לידער (אין אָט דער גרופּע האָבן זיך פאַרהיט אַמערסטנס די אַלטערטימלעכע יידישע לידער), היסטאָרישע, קינדער־לידער, וויגלידער, לירישע לידער מיט ליבע־ און מישפּאָכע־שטייגערישער טעמאַטיק, טענץ־ און שפּאַס־לידער.

אָט די אַלע זשאַנרען קאָן מען געפינען אין דער מוזיקאַלישער שאַפונג פון אַ סאַך פעלקער, אָבער זייער קאָנקרעטער אויסדרוק, זייער קינסטלערישע פאַרקערפּערונג איז אַ פאַרשיידענע. אין אייגנאַרטיקן אויסזען גיט צו דער פאָלקס־קונסט די ספּעציפיק פון קינסטלעריש־אויסדריקלעכע מיטלען, פּאָעטישע און מוזיקאַלישע.

איינע פון די בוילעטסטע באַזונדערקייטן פון דער יידישער פאָלקס־מוזיק איז איר טאָנאַרטיקע אייגנאַרטיקייט.

אין מ. בערעגאָווסקיס אָפּהאַנדלונג „יידישע פאָלקסלידער" ווערט קלאַסיפיצירט דער דאָזיקער יידישער טאָנאַרט. ער באַמערקט, אַז דאָס באַדייטנדיקסטע אָרט אין די יידישע לידער פאַרנעמט דער נאַטורעלער מינאָר. „מע דאַרף געדענקען, — שרייבט מ. בערעגאָווסקי, — אַז אין XIV — XVI יה. האָט די יידישע פאָלקס־קונסט אויסגעפּרוּווט אויף זיך דעם איינפלוס פון דער דייטשישער קונסט; און אין דער דייטשישער פאָלקס־מוזיק פון יענער צייט האָט דער נאַטורעלער מינאָר פאַרנומען זייער אַ גרויס אָרט. אויך אין דעם מוזיקאַלישן פאָלקלאָר פון די מיזרעך־סלאַוויאַנער, צווישן וועלכע עס לעבן יידן שוין בעמעשעך פון אַ סאַך יאָרהונדערטער און מיט וועמענס קונסט זיי האָבן אַ קרויוועשאַפט, איז דער דאָזיקער טאָנאַרט איינער פון די פּרעוואַלירנדיקע".

ווייטער ווייזט אָן דער אווטאָר אויף דעם טאָנאַרט, וועלכן ער האָט געגעבן דעם נאָמען „געענדערטער פריגישער".

„אין דער אינסטרומענטאַלער מוזיק זיינען באַ אַ פערטל טייל פון אַלע באַוווּסטע ווערק (ביז אָנדערהאַלבן טויזנט) געבויט אין אַזאַ טאָנאַרט. אַ גאַנצע ריי פאַקטאָרן ווייזן אויף דעם, אַז אין דער פאָלקס־פּראַקטיק, ווי, אגעוו, אין דער פאָלקס־פּראָפעסיאָנעלער פּראַקטיק, שיידט זיך אונטער דער דאָזיקער טאָנאַרט פונעם האַרמאָנישן מינאָר, וועלכן מע האַלט צומאָל פאַר זיין דאָמינאַנטע", — שרייבט מ. בערעגאָווסקי. „די קלעזמאָרים און כאַזאָנים רופן דאָס אָן „פרייגיש" (פונעם אַלטערטימלעכן „פריגיש"). דער דאָזיקער טאָנאַרט שיידט זיך אונטער פון דער פריגישער מיט אַ גרויסער טערציע צום הויפּט־טאָן: אינעם שטייגנדיקן קאַדאַנס צום הויפּט־טאָן און אין דעם פריגישן טאָנאַרט קלינגט אַ גרויסע טערציע, און אין דער „געענדערטער פריגישער" קלינגט קעסיידער אָן אויסנאַם אַ קליינע טערציע. די טאָניקע פון דעם געענדערטן פריגישן טאָנאַרט איז די גרויסע דרייקלאַנגעוודיקייט".

נאָך איין טאָנאַרט, וועלכע בערעגאָווסקי דערמאָנט, איז דער „געענדערטער דאָרישער".

די אייגנאַרטיקייט פון אָט דעם טאָנאַרט איז די הויכע פערטע מאַדרייגע, וועלכע ווערט אָפט פאַרייניקט אין די יידישע לידער מיט דער נידעריקער דריטער מאַדרייגע, שאַפנדיק אַ פאַרגרעסערטע סעקונדע — אַ כאַראַקטעריסטישער סימען פון דער יידישער מוזיק. אויב דער קופּלעט פון דער פאָלקסליד באַזירט זיך אויף אַ פירשורעדיקער סטראָפע און דער קופּלעט איז געשאַפן אין דער

פארם פון א פעריאד, ווערט ניט זעלטן די דאזיקע געהעכערטע מאדרייגע אראפגענידערט אין דער דריטער מוזיקאלישער פראזע אף א האלבן טאן, און אין דער פערטער — ווערט זי ווידער געהעכערט. אזא „פינקלעניש" פון דער פערטער מאדרייגע איז צו זען אויך אף א מער קלענערן מעהאלעך, אין איין מוזיקאלישער פראזע גופע.

מ. בערעגאווסקי שרייבט: „די אינטאנאציעס פון דעם געענדערטן דארישן טאנארט (צוזאמען מיט אנדערע אנטשפרעכיקע מוזיקאליש־אויסדריקלעכע עלעמענטן) זיינען אפטער פון אלץ אנגעווענדט געווען אינעם יידישן מוזיקאלישן פאלקלאר, קעדיי אויסדריקן די מער אדער ווייניקער שטארקע לאמענטאטיווע עלעמענטן. דאס דערלערנען די מוסטערן פון די יידישע פאלקסלידער, וועלכע זיינען געשאפן אין אט דעם טאנארט, ברענגט צום אויספיר, אז אין דער מוזיקאלישער פאלקס־פראקטיק זיינען גוט באקאנט געווען די אויסדריקלעכע אייגנשאפטן פון די כאראקטעריסטישע אינטאנאציעס פון אט דעם טאנארט".

א ביז גאר קליין ארט פארנעמט אינעם יידישן פאלקלאר דער מאזשאר. אין באזונדערע ניגונים טרעפט זיך א מיקסאלידישער טאנארט. די אייגנארטיקייט פון דער יידישער מוזיק ביכלאל שאפט אין דער ערשטער ריי א געענדערטן פריגישן און געענדערטן דארישן טאנארט.

א באדייטנדיק ארט פארנעמט אין דער יידישער פאעטישער און מוזיקאלישער שאפונג די קינדער־ליד, וועלכע דאס יידישע קינד האט געשאפן פאר זיך אליין. י. דאברושין שרייבט: „דער טראדיציאנעלער כיידער, ווו מע האט דאס קינד אפט שוין אין א זעקסיאריקן עלטער, געצווונגען אריינדרינגען אין די טיפענישן פון דער ביבל און פונעם טאלמוד; די פארבינדונג מיט דער טומלדיקער שטעטלשער סוויווע; די איבערלעבונגען און ליידן, פארבונדענע מיט די פארפאלגונגען מיצאד די רעאקציאנערע צארישע מאכט־ארגאנען און מיצאד דער געזעצגעבונג; דאס שאדכענען די קינדער אינעם סאמע פריען עלטער — דאס אלץ האט געמאכט דאס יידישע קינד פאר א „דערוואקסענעם", פריצייטיק עס עלטער געמאכט, אויפגעוואכט אין אים דאס פארשטיין זאכן און געשעענישן, וועגן וועלכע דאס קינד האט קיין אנונג ניט געהאט אין א נארמאלער אומגעבונג, ביים אן אנדער דערציִונג און לערן־סיסטעם". און וועגן אט די אלע געשעענישן דערציילט טאקע דאס יידישע קינד אין די דורך אים אליין געשאפענע לידעלעך און שפיל־ניגונים.

צווישן די לידער, וועלכע די עלטערן האבן געזונגען זייערע קינדער, טיילן זיך אויס די וויגלידער. אין די דאזיקע לידער ווערט ארויסגעזאגט ניט בלויז די באציִונג פון דער מאמע צו איר קינד, נאר אויך די טרוימען און האפענונגען פונעם גאנצן פאלק. די וויגלידער שפיגלען אף דעם וווקס פונעם פאלקס־באוווסטזיין בעמעשעך פון דוירעס. אין דער יידישער וויגליד ענדערט זיך דער טראדיציאנעלער טיפ אונטער דער ווירקונג פון די נייע סאציאלע באדינגונגען סיי לויט דער פארם, סיי, קוידעמקאל, לויטן אינהאלט.

די וויגלידער קאן מען טיילן אף דריי גרופעס, וואס יעדע פון זיי שפיגלט אף א באזונדערן עטאפ אין דער אנטוויקלונג פונעם געזעלשאפטלעכן באוווסטזיין:

1. די אידילישע וויגליד — די עלטסטע פון זיי, וועלכע דריקט ניט אויס קיין שום קאנפליקטן;
2. די קאנפליקט־וויגליד, וועלכע דריקט אויס אין דער אדער אנדערער מאס די סאציאלע ווידערשפרוכן;
3. וויגלידער פון א רעוואליוציאנערן אינהאלט.

„הינטער יאנקעלעס וויגעלע שטייט א קלארווייס ציגעלע...", — שרייבט י. דאברושין. — אזא איז דער אנהייב פון דער עלטסטער אידילישער וויגליד.

די מוטער טרוימט וועגן דעם, אז איר זון זאל לערנען טוירע און זיין א פרומער ייד. אין א סאך וואריאנטן פון אט דער ליד ווערט צוגעגעבן דער מאטיוו פון כאסענע האבן. די טוירע און די קרוין — דאס איז דער אידעאל פון די יידישע עלטערן אין די יארן פון מיטלאלטער..."

די וויגלידער פון די שפעטערדיקע צייטן ווערן דראמאטיזירט. אין זיי ווערט אפגעשפיגלט דער אומרו פון דער מוטער וועגן דעם טאטן, וועלכער הארעוועט ווייט פון דער היים, קעדיי באזארגן מיט א שטיקל ברויט די מישפאכע („שלאף, שלאף, שלאף — דער טאטע וועט פארן אין דארף" — אזא איז דער אנהייב פון א סאך וויגלידער אין אט דעם פעריאד). אין די דאזיקע וויגלידער ווערט דערציילט אויך וועגן די ליידן פון אן איינזאמער מוטער. דער מאטיוו וועגן א צעשטערטן מישפאכעלעבן באווייזט זיך צום ערשטן מאל אין דער וויגליד „אמאל האט געלעבט א קייסער", וועלכע איז געווען זייער שטארק פארשפרייט.

די נייע היסטארישע באדינגונגען רופן ארויס צום לעבן א נייעם אינהאלט פון די וויגלידער. די מוטער זעצט פאר צו זינגען דעם קינד וועגן דעם טאטן, וואס איז ניטא אינדערהיים, אבער דער פאטער איז א רעוואליוציאנער, זיצט אין טורמע, אדער ער איז פארשיקט קיין סיביר.

די פאלקס־וויגליד איז דורכגעגאנגען א לאנגן וועג און שפיגלט אף די גייסטיקע און סאציאלע אטמאספער פונעם יידישן פאלק אף פארשידענע עטאפן פון דער היסטארישער אנטוויקלונג.

די מוזיקאלישע שפראך פון די וויגלידער איז א פארשיידנארטיקע בענעגייע דער פארם און דער מוזיקאלישער סטרוקטור. אלס קלאל, זיינען די וויגלידער לויט דער פארם קופלעטארטיק. די קופלעטארטיקייט קאן זיין אן אומגעענדערטע, אבער זייער אפט — וואריִרארטיק. ניט זעלטן ווערן די שפעטערדיקע וויגלידער געשאפן אפן יעסאד פון אן איינשורעדיקן ניגן.

אין די וויגלידער ווערן ברייט אויסגעניצט פארמען פון מינאר: נאטורעלער מינאר, געענדערטער פריגישער און געענדערטער דארישער.

אינעם יידישן מוזיקאלישן פאלקלאר איז פאראן, ווי אין די וויגלידער, אן אומענדלעכע צאל לירישע לידער מיט ליבע־טעמאטיק — לידער, וועלכע י. דאברושין האט אנגערופן אלס אייגנארטיקן „קאלעקטיוון ראמאן".

דאָס וואָרט „ליבע“ איז נאָך אינעם XIX יה. געווען ווי פאַרבאָטן אין די שטייגער־באַדינגונגען פון די ייִדן אין רוסלאַנד. כאַסענעס, אַלס קלאַל, פריִע, זײַנען פאָרגעקומען דורך שאַדכאָנעס, קיין פרײַער אויסוואַל איז ניט געווען. צומאָל האָבן כאָסן־קאַלע זיך באַגעגנט בלויז אינעם טאָג פון דער כופּע. אָבער אינעם רעפּערטואַר פון דער פאָלקסליד איז פאַראַן אַ היפּשע צאָל לירישע ליבע־לידער.

די ליבע־ליד איז געקומען צום אויסדרוק שוין אין די שריפטלעכע קוואַלן פון XVI יה. מ. בערעגאָווסקי דערמאָנט אין זײַן אָפּהאַנדלונג „ייִדישע פאָלקסלידער“ דעם שריפטלעכן זאַמלבוך פון ייִדישע פאָלקסלידער, וואָס האָט געהערט צו אײַזיק וואַליכן און איז דאַטירט מיטן סאָף פונעם XVI יה. דער זאַמלבוך אַנטהאַלט 55 לידער, צווישן וועלכע עס זײַנען פאַראַן לירישע ליבע־לידער. די לירישע לידער פונעם XIX יה. זײַנען אין אַ גרויסער מאָס נאָענט צו די דאָזיקע אַלטערטימלעכע לידער, און די דאָזיקע נאָענטקייט זאָגט איידעס וועגן דעם, לויט מ. בערעגאָווסקיס מיינונג, אַז אויך אין XVII און XVIII יה., בײַס ס'האָט זיך פאַרשטאַרקט די רעליגיעזקייט אין דער ייִדישער ליטעראַטור, זײַנען אין דער מינדלעכער און מוזיקאַלישער קונסט פון די ייִדישע האָרעפּאַשניקעס אײַנגעהיט געוואָרן די אַלטערטימלעכע לירישע ליבע־לידער, ווי אויך געשאַפן געוואָרן נײַע. „פאַרשטייט זיך, אַז די ייִדישע האָרעפּאַשנע מאַסן האָבן ניט געקאָנט זיך באַפרײַען פון די טראַדיציאָנעלע אָנשויונגען אַף די פאָרמען פון הייראַט, — שרײַבט מ. בערעגאָווסקי. — צווישן דער אָרעמשאַפט זײַנען כאַסענעס פאָרגעקומען אויך דורך שאַדכאָנעס, דאָ האָט געשפּילט אַ ראָליע סײַ דער נאַדן און סײַ דער „ייִכעס“. אָבער די ייִנגלעך און מיידלעך פון אָט דער סוויווע זײַנען געשטעלט געוואָרן אין אַ ביסל אַנדערע באַדינגונגען. פון דער פריִער יוגנט האָבן זיי געמוזט פאַרדינען אַפן לעבן, זיך לערנען אַ מעלאָכע, דינען. און אַ מיידל איז אויסגעקומען בעמעשעך פון אַ ריי יאָרן אָפּלייגן פון איר מאָגערן פאַרדינסט אַף נאַדן, אָן וועלכן זי האָט ניט געקאָנט כאַסענע האָבן אַפילע פאַר איר געליבטן. לאַנגע יאָרן צעשיידונג מיט די קרוווים און נאָענטע, דאָס לעבן צווישן פרעמדע, די אומדערטרעגלעכע און פינצטערע האָרעוואַניע פון די לאַטוטניקעס, שנײַדערס, שוסטערס און פריקאַזטשיקעס, פון די נייטערנס און שטוב־אַרבעטערנס, דינסטן און פון אַנדערע האָרעפּאַשנע יוגנטלעכע — אָט אין וואָס פאַר אַ באַדינגונגען ס'איז געשאַפן און געזונגען געוואָרן די ליבע־ליד“.

צווישן די לירישע ליבע־לידער זײַנען פאַראַן ווייניק אַזעלכע, אין וועלכע עס ווערט דערציילט וועגן גליקלעכע פאַרליבטע. אין צענטער פון דער דערציילונג פון דעם גרעסטן טייל לידער איז אַן אומגליקלעכע ליבע, אַ צעקאַליעטשעטער, אָפּשפּעטערישער, באַליידיקטער געפיל. דער הויפּט־דערציילער אין די לידער איז אַ מיידל, וועלכע דערציילט וועגן איר ניט־געלונגענער ליבע. פון די לידער איז צו זען, אַז אַ שטערונג צו דער כאַסענע איז אָפטער פון אַלץ געווען די סאָציאַלע און פאַרמעגלעכע אומגלײַכהייט פון די פאַרליבטע. אָבער די סיבע פון דער צעשיידונג פונעם יונגן פאָרפאָלק איז ניט זעלטן געווען אויך דאָס, וואָס דער באָכער איז געצוווּנגען געווען צו זוכן אַרבעט אָדער דינען אין דער צאַרישער אַרמיי.

די ייִדישע פאָלקסליד וועגן ליבע איז אַן אינטימע ליד, וועלכע מע האָט געזונגען „פאַר־זיך“ אָדער צווישן די נאָענטע כאַווערטעס און פרײַנט. פאַר מענטשן, פאַר געסט, ביפראַט נאָך פאַר פרעמדע, האָט מען קיין ליבע־לידער ניט געזונגען. די טראַדיציע פון מעלאָדישקייט און סאָלירטער אויספילונג פון אַ ייִדישער ליד געהערט אין דער גרעסטער מאָס גראַד צו דער לירישער ליבע־ליד.

די מוזיקאַלישע שפּראַך פון די דאָזיקע לידער איז אַ רײַכע און פאַרשיידנאַרטיקע. די מעלאָדיק שיידט זיך אונטער מיט קאַנטילענישקייט, מיט דער דויערהאַפטיקייט פון דער מוזיקאַלישער פראַזע, מיט אַ ברייטן דיאַפּאַזאָן. עס טרעפט זיך די סאַמע פאַרשיידנאַרטיקע ריטמישע צייכענונגען: די לאַנגזאַמקייטן פאַרייניקן זיך אָפט מיט טריאָלן, קווינטאָלן, אָפט ווערט באַגעגנט אַ פאַרענדערטער מעטער. די ניגונים־אינטאָנאַציעס ווערן ניט זעלטן פאַרייניקט מיט רייד־אינטאָנאַציעס, און דאָס פאַרשטאַרקט אין אַ באַדײַטנדיקער מאָס די עקספּרעסיווקייט פון דער מוזיקאַלישער דערציילונג.

די זעלבע מוזיקאַליש־סטילאַרטיקע באַזונדערקייטן זײַנען אייגנטימלעך אויך פאַר אַ סאַך לירישע לידער פון לעבנשטייגערישער טעמאַטיק.

אין די דאָזיקע לידער ווערט אָפּגעשפּיגלט די לאַגע פון דער פרוי אין דער מישפּאָכע און אין דער געזעלשאַפט. אין זיי ווערט דערציילט וועגן דעם שווערן לעבן אין דער פרעמד, וועגן דער צעשיידונג מיט טאַטע־מאַמע נאָך דער כאַסענע. י. דאָברושין מערקט אָפּ, אַז אין אַ סאַך אַזעלכע לידער פילט זיך די ליניע פון סאָציאַלן פּראָטעסט קעגן דער הערשנדיקער אייגנטימערישער סיסטעם פון כאַסענעס, די ליניע, וואָס האָט שפּעטער זיך אַנטוויקלט אין אַלע לידער פון אָט דעם זשאַנער. ווי אַ סאַך אַנדערע ייִדישע לידער, צייכענען זיי זיך אויס מיט סוזשעטישקייט, און זיי פיגורירן אַפילע אייגן־נעמען. דער פאָלקס־זיקאָרן האָט פאַרהיט די דאָזיקע לידער בלויז דערפאַר, ווײַל זיי זענען פאַר די דראַמאַטישע ליניע פונעם ייִדישן שטייגער.

אינעם ייִדישן פאָלקלאָר איז פאַראַן אַ היפּשע צאָל טענץ־ און שפּאַס־לידער. די טענץ־ניגונים כאַפּן אַרום אַ ברייטן קרײַז טעמעס — פון ווייכן הומאָר, שאַרפער סאַטירע ביז דראַמאַטישע טעמעס וועגן נויט און הונגער.

די לידער וועגן נויט מיט אַ פריילעכן טאַנץ־ניגון קאָן מען אויסטײַלן אין אַ באַזונדערער גרופּע. זיי ריידן וועגן דעם, אַז אינעם פאָלק איז הויך אַנטוויקלט דאָס געפיל פון זעלבסט־איראָניע, וואָס האָט געהאָלפן איבערטראָגן אַלע שווערקייטן פונעם אָרעמען שטייגער. שאָלעם־אַליכעם האָט אַזעלכע האָרעפּאַשנע מענטשן אָנגערופן „פריילעכע קאַפּצאָנים“. „לאַכן איז געזונט, דאָקטוירים הייסן לאַכן, אָבער אַז אַך־און־ווי איז צו יענעם, וועמען דער דאָקטער דאַרף הייסן לאַכן“, — האָט געזאָגט

שאָלעם־אַלייכעם. די נויטווענדיקייט צו לאַכן פון זייערע צאָרעס — אַט וואָס עס פאַרטיפערט דעם דראַמאַטישן טאָך און אינהאַלט פון די „פריילעכע" לידער וועגן נויט. די שפּאַס־ליד „וואַרנעטשקעס" איז אַ בולטע אילוסטראַציע פון אַזעלכע מינים לידער:

אוי, גוואַלד, ווו נעמט מען, ווו נעמט מען?
ווו נעמט מען מעל אַף מאַכן די וואַרנעטשקעס?
ווו נעמט מען אַ ברעט אַף צו אויסקאַטשען דאָס טייג?

ווו נעמט מען אַ טאָפּ אַף צו קאָכן די
וואַרנעטשקעס
און ווו נעמט מען אַ באָכער אַף צו עסן די
וואַרנעטשקעס,

ווייל זיי זיינען אָן פעפער און אָן זאַלץ, אָן פוטער
און אָן שמאַלץ...

אוי, ווו נעמט מען?!

די דאָזיקע ליד באַשטייט פון אַ רעטשיטאַטיוו ניגן און פון אַ טאַנץ־סאָלאָ. דער איראָנישער טאָך פון דער ליד, די ביטערע איראָניע איבער דער אָרעמקייט ווערט פאַרווירקלעכט אינעם טאַנץ־ריטם פון דער ליד.

אַ באַזונדערער זשאַנער אין דער יידישער פאָלקסליד זיינען די לידער, וועלכע ס'האָט גע־שאַפן אינעם לעבן פונעם יידישן פאָלק די נייע עפּאָכע, וועלכע איז אָנגעקומען נאָך דעם זיג פו־נעם גרויסן אָקטיאַבער.

אין די סאָוועטישע יידישע לידער קאָן מען באַגעגענען מאָטיוון, געשטאַלטן, אפילע שורעס, וועלכע זיינען גענומען פון דער פאָלקס־מוזיק און פאָעזיע. דער פאָעטישער און מוזיקאַלישער זיקאָרן פונעם פאָלק האָט אינגאַנצן זיי איינגעשלאָסן אין זיינע לידער וועגן דער סאָוועטישער ווירקלעכקייט. אָבער דער אינהאַלט פון די דאָזיקע לידער האָט, נאַטירלעך, קוואַליטאַטיוו זיך געענדערט. עס זיי־נען פאַרשוווּנדן פון די לידער די טעמעס פון אָרעמקייט, ליידן, וועלכע ס'האָבן פּרעוואַלירט אין דער ביז־רעוואָלוציאָנערער ליד. די סאָוועטישע יידישע ליד דערציילט וועגן דעם נייעם לעבן פו־נעם פאָלק, וועגן זיין אָנטייל אין דער סאָציאַליסטי־שער בויונג פון אונדזער היימלאַנד. אַזאַ איז, לע־מאָשל, די ליד „דזשאַנקוי".

ניט קיין קלענער אָרט פאַרנעמט אינעם יידישן מוזיקאַלישן פאָלקלאָר אין פאַרגלייך מיט דער לידער־שאַפונג די אינסטרומענטאַלע מוזיק.

אין אַלע שטעט און שטעטלעך מיט אַ מער אָדער ווייניקער באַדייטנדיקער יידישער באַפעלקע־רונג איז פאַרשפּרייט געווען די קונסט פון קלעז־מאָרים־אינסטרומענטאַליסטן, וועלכע זיינען אַרויס־געטראָטן מיט ניט קיין גרויסע אַנסאַמבלען. דער קערן פון אַט די אַנסאַמבלען איז באַשטאַנען פון אַ פידל, קלאַרנעט און קאָנטראַבאַס. צו אַט דעם באַשטאַנד פלעגט מען אָפט צוגעבן צימבאַלן, אַ טערקישע פויק מיט טעלער, בובענס. די אַנסאַמ־בלען פלעגט מען רופן „קלעזמאָרים־קאַפּעלעס". אין דעם לעצטן פערטל פונעם XIX יה. איז אין באַשטאַנד פון דער קאַפּעלע געווען: איינע־צוויי ערשטע פידלען, איינע־צוויי צווייטע פידלען, אַ וויאָלאָנטשעל אָדער קאָנטראַבאַס (און אין גרויסע קאַפּעלעס ביידע אינסטרומענטן), אַ פלייט, קלאַר־נעט, טרומייט (ניט זעלטן אַ באַס־טרומייט), אַ טערקישע פויק מיט טעלער און אַ קליינע פויק.

די קלעזמאָרים־קאַפּעלעס האָבן געשפּילט אַף יארידן, יאָמטויווים, באַלן, זייערע וואַנדערנדיקע אַנסאַמבלען האָט מען אויך געקאָנט טרעפן ווייט אויסער דעם טכום־האַמוישעוו. אָבער די קלעז־מאָרים זיינען קוידעמקאָל געווען כאַסענע־מוזי־קאַנטן.

ס'איז אוממעגלעך זיך פאָרשטעלן אַ יידישע כאַסענע אָן אינסטרומענטאַלער מוזיק. דער גאַנצער יידישער כאַסענע־צערעמאָניאַל האָט זיך געהאַלטן אַף אַט דער מוזיק; די קלעזמאָרים האָבן ווי אָר־גאַניזירט מיט זייער מוזיק דעם גאַנצן פּראָצעס פון דער כאַסענע. מיט מוזיק איז מען געפאָרן אָדער געגאַנגען באַגעגענען די מעכוטאָנים, לעקאָוועד יעדן גאַסט האָט מען געשפּילט אַ „מאַזלטאָוו", אונ־טער דער שפּיל פון דעם פידל און אונטער דעם באַדכנס לידער איז פאָרגעקומען דער מינהעג פון „באַזעצן די קאַלע", מיט מוזיק האָט מען געפירט כאָסן־קאַלע צו דער כופּע, זי האָט געקלונגען אויך נאָך דער כופּע, בייס מע האָט געפירט כאָסן־קאַלע און די געסט צו דער אָוונט־סודע אַוו. גע־שפּילט האָט מען פאַרשיידענע פּיעסעס, ספּעציעלע מוזיק פאַר טענץ, געזעגענונגס־פּיעסעס („זיי גע־זונט"), ווען די געסט זיינען זיך פאַנאַנדערגעגאַנ־גען אָדער פאַנאַנדערגעפאָרן.

דער רעפּערטואַר פון די יידישע קאַפּעלעס איז באַשטאַנען, אַזויאַרום, אַמערסטנס פון טענץ־מוזיק און פון מוזיק אַף צו הערן. די קלעזמער־מוזיק, וואָס האָט פאַרקערפּערט די טיפּישע באַזונדערקייטן פון דער שטייגערישער יידישער מוזיק, האָט פאָר־געשטעלט מיט זיך, לויט דער מיינונג פון מ. פ. גנעסינען, אַן אייגנאַרטיקער מוזיקאַלישער דיאַלעקט (פונקט ווי די יידישע שפּראַך); אין איר זיינען איבערגעשמעלצט און אייגנאַרטיק פאַרקער־פּערט דער דייטשישער, פּוילישער, אוקראַינישער, אונגאַרישער, מאָלדאַווישער און אַנדערע איינ־פלוסן.

די מעלאָדיעס פון די קלעזמאָרים, אין גרונט טאַנץ־מעלאָדיעס, צייכענען זיך אויס מיט אַ ריי באַזונדערקייטן. זיי זיינען סימעטריש לויטן געבוי; פאַר זיי איז כאַראַקטעריסטיש דאָס אונטערשטרייכן די מעטרישע אַקצענטן מיט דער הילף פון פאַר־שיידענע מעטאָדן, צווישן אַנדערס, דאָס צעדרויב־לען די אַקצענט־כאַלאָקים אַף איין קלאַנג אין דער פאָרם פון אַ גרופּע קליינע פאַרלאַנגזאַמערונגען; כאַראַקטעריסטיש איז די גרויסע צאָל סינקאָפּעס, מעליזמען (באַזונדערס, די טריאָלן).

סיי דער רעפּערטואַר פון הערן און סיי דער רעפּערטואַר פאַר טענץ, ווי ספּעציפיש יידישע (פריילעכס, שער), אַזוי אויך די אַלגעמיין פאַר־שפּרייטע, האָט קעסיידער זיך באַנייט און באַריי־כערט. דער קלעזמאָרים־רעפּערטואַר האָט געציילט אינגאַנצן גענומען אַ סאַך הונדערטער ווערק, צווישן וועלכע עס טרעפן זיך בעעמעס מערקווירדיקע.

## וולאַדימיר ביטקין

# נאָטיצן פֿונעם וואַרשעווער פֿעסטיוואַל

אויף דעם יערלעכן פֿעסטיוואַל „וואַרשעווער אָסיען“ האָט געקלונגען די הײַנטצײַטיקע מוזיק קימאַט פֿון אַלע לענדער פֿון אייראָפּע, צפֿון־ און דרום־אַמעריקע, ווי אויך פֿון ישׂראל, יאַפּאַניע און דרום־קאָרייע. קאָנצערטן, פּרעסע־קאָנפֿערענצן, ראַדיאָ־ און טעלעוויזיע־טראַנסליאַציעס, קאָלירלײַ פֿעסטיוואַל־ביולעטענען, בראָשורן, פֿאָטאָגראַפֿיעס, נאָטן, פּלאַטן, מאַגנעטאָפֿאָן־פֿאַרשרײַבונגען... דער גאַנצער צען־טאָגיקער מאַראַפֿאָן איז געווען ניט בלויז אַ וועלט־פּאַראַד פֿון נאָוואַציעס אין אַלע זשאַנרען (אָנהייבנדיק פֿון סימפֿאָנישער מוזיק ביז עלעקטראָנישער און ביז קאָמפּיוטער־מוזיק), נאָר אויך אַ גוט אָרגאַניזירטער „יאַריד“, אַ טאָטאַלע פּראָפּאַגאַנדע פֿון דער הײַנטצײַטיקער מוזיקאַלישער שאַפֿונג. אין סאַכאַקל האָבן די פּוילישע קאָמפּאָזיטאָרן געווינען דעם אוטאָריטעט און דעם הויכן פּרעסטיזש פֿון רעפּרעזענטאַציע אין דער וועלט־עסטראַדע, און דער פֿעסטיוואַל אַליין איז געוואָרן פֿאַר די דרײַסיק יאָר פֿון זײַן עקזיסטענץ איינער פֿון די סאַמע פּרעסטיזשפֿולע אין דער וועלט.

אין די צען פֿעסטיוואַל־טעג האָבן זיך צונויפֿגעפּרעסט פֿיל קלאַנגען, נעמען, באַגעגענישן, אײַנדרוקן, און דאָס אַלץ האָט די ווערט, מע זאָל עס געטרײַ באַהאַנדלען. איך וויל אײַנקורצן זיך אָפּשטעלן אויף איין אַספּעקט פֿונעם וואַרשעווער פֿעסטיוואַל.

מיר, ייִדישע סאָוועטישע מוזיק־קענער, האָבן צומאָל גענומען פֿאַר זיך אַ טעווע צו האַלטן, אַז די ייִדישע פּראָפֿעסיאָנעלע מוזיק ווערט געשאַפֿן נאָר אין אונדזער נאַציאָנאַלער סוויווע און בלויז אין סאָוועטנפֿאַרבאַנד, פֿאַרגעסנדיק, אַזוי־אַרום, אַז ס׳איז דאָ אַ היפּשע צאָל שאַפֿער, וועלכע זײַנען ניט ווייניקער פֿון אונדז פֿאַראינטערעסירט אין דער אַנטוויקלונג פֿון דער ייִדישער מוזיקאַלישער קולטור. לאָמיר דערמאָנען כאָטשבי איניקע פֿון זיי: יוסף אַכראָן (פֿשאַ), ערנעסט בלאָך (שווייץ), אַרנאָלד שיינבערג (עסטרײַך) אָדער דאַריוס מיאָ (פֿראַנקרײַך), אין וועמענס מוזיק דער ייִדישער „כײַלעק“ איז געווען אַ וואָגיקער. כ׳רעד שוין ניט וועגן די סאָוועטישע קאָמפּאָזיטאָרן ניט־ייִדן, ווי אַשטייגער, סערגיי פּראָקאָפֿיעוו, דמיטרי שאָסטאַקאָוויטש, וועלכע האָבן אויך עפּעס אַרײַנגעבראַכט אין אונדזער נאַציאָנאַלער ירושה...

אין די 70־ער, אָנהייב 80־ער יאָרן פֿלעג אין ישׂראל רעגולער דורכגיין דער מוזיק־פֿעסטיוואַל „טעסטימאָניום“. קעדיי אויפֿהייבן די קוואַליטעט פֿונעם פֿעסטיוואַל, האָבן די אָרגאַניזאַטאָרן אײַנגעפֿירט אַ באַשטעלונג־סיסטעם און דערמיט צוגעצויגן פּראָמינענטע אויסלענדישע קאָמפּאָזיטאָרן, וועלכע פֿלעגן צוגעבן דעם פֿעסטיוואַל אַן אינטערנאַציאָנאַלן רעזאָנאַנס. צווישן די ווערק, וואָס זײַנען געשאַפֿן געוואָרן ספּעציעל צום פֿעסטיוואַל, האָט מען אויסגעפֿילט די פּיעסע פֿאַר אַ פֿידל סאָלאָ פֿונעם מערב־דײַטשישן קאָמפּאָזיטאָר קאַרל הײַנץ שטאָקהאַוזען (געב. אין 1928 יאָר). אין „וואַרשעווער אָסיען“ האָט די פּיעסע געשפּילט דער באַרימטער פֿידלער גידאָן קרעמער. שטאָקהאַוזען, איינער פֿון די געזעצגעבער פֿון דער מוזיק־מאָדע אין מעשך פֿון די לעצטע דרײַסיק יאָר, האָט דורכגעמאַכט אַ קאָמפּליצירטן שעפֿערישן וועג: פֿון אַראָפּוואַרפֿן די אַלגעמיין אָנגענומענע קינסטלערישע נאָרמען און דער באַלאַנסירונג אויפֿן ראַנד פֿון אַנטימוזיק ביז די אַליוזיעס פֿונעם דײַטשישן ראָמאַנטיזם. די פֿידל־פּיעסע איז אַ פּערל אין דער האַרבער שטאָקהאַוזען־וועלט, די פֿאַרשטעלע ליד־פֿאָרם. דער צאַרטער טרויער פֿון אַן אײַנזאַם פֿידל־קול דערמאָנט אונדז אין די ניגונים, וועלכע זײַנען פֿאַרשוווּנדן געוואָרן אינײַנעם מיט די אַמאָליקע שטעטלעך...

אַ נאָך מער עקזאָטישער בײַשפּיל איז די קאַנטאַטע “Teile dich, Nacht” („צעטייל זיך, נאַכט“) פֿונעם דרום־קאָרייִשן קאָמפּאָזיטאָר איסאַנג יון (געבוירן אין 1917, וווינט אין מערב־דײַטשלאַנד); די קאַנטאַטע איז אָנגעשריבן אויף די לידער פֿון נעלי זאַקס (1891 — 1970). אַ ייִדישע לויט דער נאַציאָנאַליטעט, האָט נעלי זאַקס ביז 1940 געוווינט אין בערלין, דערנאָך אַנטלאָפֿן קיין שוועדן, וווּ זי איז געבליבן וווינען ביזן סוף פֿון אירע יאָרן. די הויפּט־טעמע פֿון איר שאַפֿונג — די לעצטע קאַטאַסטראָפֿע פֿונעם ייִדישן פֿאָלק — איז פֿול מיט סודעספֿולע סימבאָלן און טיפֿער מאָרעשכוירע. די מיסטיק אינעם נעוויִישן נוסח רופֿט זיך איבער בײַ נעלי זאַקס מיט דער מיזרעך־אַזיאַטישער פֿילאָסאָפֿיע.

די מוזיק פֿון דער קאַנטאַטע „צעטייל זיך, נאַכט“ אַנטהאַלט ניט אין זיך קיין ייִדישע מעלאָדישע אויסדרוקן — עס וואָלט אויסגעזען מאָדנע פֿון אונדזער זײַט צו וואַרטן אויף אַזאַ ייִדישקײַט מיצד אַ מערב־דײַטשישן דרום־קאָרייער. עס ציט אונדז צו און באַצויבערט די גרענעצלאָזע צאַרטקײַט און ראַפֿינירטקײַט, אינעם נוסח פֿון פֿראַנץ קאַפֿקאַ אָדער פֿון אַנטאָן וועבערן, דער רירנדיקער טרויער (די קלאַנגען אַליין שטראַלן אויס שיינקײַט און מענטשלעכקײַט אינמיטן דער שוואַרצער, אַכזאָריעסדיקער וועלט) און די ברוטאַלקײַט פֿון אַן אַפּאָקאַליפּטישער זעונג, וועלכע, לויט דעם קאָמפּאָזיטאָרס מיינונג, מע דאַרף אויסטײַטשן ווי אַ וואָרענונג און אַ רוף צו שלום.

אין דער פּראָגראַם פֿון די פֿעסטיוואַל־קאָנצערטן זײַנען געווען ניט ווייניק ווערק מיט אינטריגירנדיקע נעמען און פֿאַר אינטריגירנדיקע אינסטרומענטן, צום בײַשפּיל, די “Ellis Island Sonata” פֿאַר אַ מאַנדאָלינע סאָלאָ פֿון דעם אַמעריקאַנער קאָמפּאָזיטאָר דאַוויד אַ. יאַפֿפֿע (געב. אין 1955).

דער נאָמען פון דער דאָזיקער סאָנאַטע נעמט זיך פונעם אינדזל עליס איילענד, וואָס געפינט זיך אין ניו־יאָרקער האַפן. דאָרט פלעגן די אַמעריקאַנישע מאַכט־פאַרשטייער „לייזן די אימיגראַציע־פראַגן" (אין פאָלק רופט מען עליס איילענד — „דאָס אינדזל פון טרערן").

יעדער טייל פון דער סאָנאַטע — אינגאַנצן האָט זי פיר טיילן — טראָגט אַ באַזונדערן טיטל, וואָס אַנטפּלעקט די סיפּור־המעשׂה: „דאָס אָנקומען", „געסט פונעם אַלטן לאַנד", „דער פּראָגרעס און די אָרעמקייט", „וואָס אַזוינס איז מײַן פאָלק?". אין דער קאָנצערט־אַנאָטאַציע האָט יאַפּפּע צו־געגעבן: „מײַן זיידע האָט עמיגרירט קיין אַמעריקע פון ווילנע ערעוו דער ערשטער וועלט־מילכאָמע. סײַ ער, סײַ מײַן פאָטער זײַנען געווען מאַנדאָלינע־שפּילער, און זיי זײַנען אויסגעוואַקסן אויף דער מיזרעך־אייראָפּעיִשער פאָלקס־מוזיק. די סאָנאַטע פּרוּווט אויסדריקן עפּעס פון פרייד, פון צאָרן און דערשיטערונג, וואָס די עמיגראַנטן פילן בעשאַסן אַנטדעקן פאַר זיך אַמעריקע..."

די מאַנדאָלינע איז, אַפּאָנעם, געווען אַ מוזיקאַלישע באַגלייטערין פון יענע עמיגראַנטישע צײַטן. איר צאַפּלדיקער אינטימער קלאַנג האָט דערמאָנט וועגן דער געוווינטער היים. איצט לאָמיר זיך פאָרשטעלן די קליינשטעטלדיקע קלעזמער־ניגונים פליוס די נעגערישע באַנדזשאָ־קלימפּערײַ, און אַלץ טראָגט זיך אין אַ מעשוגענעם „אַמעריקאַניזירטן" טעמפּ. און דאָס איז די „עליס איילענד־סאָנאַטע", וועלכע האָט אין יענעם אָוונט אַרויסגערופן באַם אוילעם שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן.

נאָך מער פאַרשיידנאַרטיק און אַפילע היימישער אַנטפּלעקן זיך די יידישע טעמאַטיק און מעלאָס אין דער שאַפונג פון די הײַנטצײַטיקע פּוילישע קאָמפּאָזיטאָרן. אַגעוו, דאָס באַקומט זיך צומאָל אינגאַנצן אומבאַוווּסטזיניק. די עטלעכע הונדערט יאָר, זינט די יידישע קולטור עקזיסטירט אויף דער פּוילישער ערד, זײַנען, אַפּאָנעם, דורכגעגאַן ניט אומזיסט סײַ אין דער ליטעראַטור, סײַ אין דער מוזיק.

איינער פון די סאַמע אינטערעסאַנטע בײַשפּילן אין דעם פּראַט איז די אָרקעסטער־פּיעסע „אַלץ, וואָס שטאַמט פון גאָר דער וועלט") “Aus aller Welt stammende”) פון זיגמונט קראַוזע (געב. אין 1938) — אַן אָפּן עמאָציאָנעל ווערק, אָן שום קאָנוווּלסיעס און אַנדערע אַוואַנגאַרדישע קאָמפּלעקסן. הגם דער מעכאַבער האָט אין זײַן האַקדאָמע צו דער פּיעסע אָנגעשריבן, אַז „דאָס ווערק באַזירט זיך אויף פיר פּוילישע פאָלקס־מעלאָדיעס", האָבן זיי אַלע, בעלי־סאָפעק, אַ שאַרף אויסגעדריקטן נוסעך פון די עקזאַלטירטע סינאַגאָגאַלע רעציטאַציעס:[1]



און ענלעכע דערשײַנונג קאָן מען באַמערקן אינעם ווערק “Beatus vir” („אַשרי האָיש") פון הענריק מיקאָלײַ גאָרעצקי (געב. אין 1933 יאָר). דאָס איז מוזיק פון אַ זעלטענער נעשאָמע־קלאָרקײַט, זי רופט אַרויס דערמאָנונגען וועגן דער שאַפונג פון די אַמאָליקע אויסערגעוויינלעכע כאַזאָנים, אַזעלכע ווי דוּבאַיעווסקי און סולצער. די זעלבע עפּישע ליריק, האַרטער אומעט און לױיטערקײַט. ס'איז אַ סאָפעק, צי דאָס ווערק איז אַ באַוווּסטזיניקע סטיליזאַציע פון דער סינאַגאָגאַלער נעגינע. אין דער מוזיק־געשיכטע זײַנען פאַראַן ניט ווייניק פאַלן, ווען דער מעכאַבער, איינ־זאַפּנדיק אין זיך עפּעס פון אַ פרעמדן פאָלקלאָר, פלעגט אומבאַוווּסטזיניק אָנהייבן דענקען מיט די קלאַנג־קאַטעגאָריעס פון דעם דאָזיקן פאָלקלאָר:




[1] פאַרקערט, אין לענינגראַד האָט מיר אַ געבוירענע אין וואַרשע יידישע פרוי אָנגעזונגען אַ שלאַל יידישע פאָלקסלידער, און קימאַט אַלע האָבן זיי געקלונגען ווי אַ קראַקאָוויאַק אָדער אַ מאַזורקע.

די זעלבע אַליוזיעס פאַרנעמען אַ גרויס אָרט אין דער שאַפונג פונעם בעסטן פאָרשטייער פון דעם פּוילישן מוזיקאַלישן אַוואַנגאַרד קזשישטאָף פּענדערעצקי (געב. אין 1933). אַ סך זײַנע ווערק זײַנען געשאַפן געוואָרן אַלס רעזולטאַט פון ווענדן זיך צו די העברעיִשע טעקסטן און צו דער אוראַלטער יִדישער טעמאַטיק („די סטראָפעס", „טילים", „פּאַסיאָנען", „שיר־השירים" אאַ.); ווען ער האָט געאַרבעט איבער דער אָפּערע „דער פאַרלוירענער גאַניידן", איז ער ספּעציעל געפאָרן קיין יִשׂראל, קעדיי זיך באַקאַנען מיט דער יִדישער פאָלקס־מוזיק. פאַרשיידענע מענטשן, הערנדיק פּענדערעצקיס מוזיק — אַ ברוטאַלע, מיט עקסטרעמאַלע צושטאַנדן, אַ שטאַרק אָנגעזעטיקטע, — פלעגן אין איר דערקענען בוילעטע שפּורן פונעם כאַזאָנישן געזאַנג, האַגאַם דער דאָזיקער אור־סטיל איז פריִער דורכגעלאָזט געוואָרן דורך די אינדיווידועלע וויזיעס פונעם מעכאַבער.

מע קאָן דערווידערן: פּענדערעצקי איז אַן איבערצײַגטער קאַטויליקער, און פיל זײַנע ווערק זײַנען אָנגעשריבן אויף לאַטײַנישע טעקסטן. דאָס איז בעפּיירעש ריכטיק. אָבער אויפשטעלנדיק אַפּסנײַ די מוזיקאַלישע אינטאָנאַציעס פונעם קאַטאָליציזם און פון דעם מיטלאַלטער — קוידעמקאָל די אַזויגערופענע גריגאָריאַנישע כאָראַלן, — רופט ער דערמיט אויך אַרויס צום לעבן די יִדישע מיזמאָרים, פון וועלכע עס זײַנען, אייגנטלעך, געבוירן געוואָרן די דאָזיקע כאָראַלן.

ערוואַרד סעליצקי (געב. אין 1956) איז דער איינציקער אין פּוילן יִדישער פּראָפעסיאָנעלער קאָמפּאָזיטאָר. ער האָט ניט געדאַרפט, ווי אַנדערע, בעקיוון שטודירן דעם פאָלקלאָר, אין אים זיך אײַנלעבן — די יִדישע קלאַנג־יערושע האָט אים אַרומגערינגלט פון קינדווײַז אָן, געווען פאַר אים זײַן מאַמע־לאָשן. סעליצקי, ווי אויך אַנדערע פּוילישע קאָמפּאָזיטאָרן, וועלכע כ'האָב שוין דאָ דערמאָנט, שפּאַרט זיך אָן אין דער אייגענער שאַפונג אויסשליסלעך אויף דער כאַזאָנישער נעגינע: דער קינסטלערישער געשמאַק קלײַבט אויס אַלס מוסטער דעם סאַמע אויסדריקלעכן און היסטאָריש וואָרטפּולן כײַלעק פונעם יִדישן מוזיקאַלישן פאָלקלאָר.

סעליצקי האָט פאַרענדיקט די וואַרשעווער מוזיק־אַקאַדעמיע. שפּעטער האָט ער אַלס סטיפּענדיאַט פון דער האָלענדישער מעלוכע פאַרפולקומט זײַן מײַסטערשאַפט אויף די אינטערנאַציאָנאַלע קאָמפּאָזיטאָרישע קורסן אין האָלאַנד, מײַרעוו־דײַטשלאַנד און פּוילן. ער איז אַ לאַורעאַט פון עטלעכע קאָמפּאָזיטאָרן־קאָנקורסן. איך בעט די לייענער פון „סאָוועטיש היימלאַנד" פאַרגעדענקען דעם דאָזיקן נאָמען. עדוואַרד סעליצקי האָט אַ שאַנס צו ווערן איינער פון די אויסטערלישע פיגורן אין דער יִדישער מוזיק פון דער לעצטער העלפט פונעם XX יאָרהונדערט.

דרײַ ווערק פון ע. סעליצקין, מיט וועלכע איך האָב זיך באַקאַנט, זאָגן עדות, אַז בײַ דעם ריַפן מעכאַבער ווײַזט זיך אַרויס, כויץ טעמפּעראַמענט און פּראָפעסיאָנעלע דערפינדערישקײַט, אַ פולע סטיליסטישע פרײַהײַט. זײַן קאַנטאַטע „שיר טאַכנונים" פאַרקישעפט מיט איר האַרבער דערהויבנקײַט, מיטן בריִענדיקן אָטעם פון זמאַן, צײַט, עלעהיי עס וואָלטן ווידער אויפגעלעבט פון דער טיפעניש די פאַרגאַנגענע יאָרהונדערטער. אין זײַן מוזיקאַלישער פּרעסקע איז דאָ אַ סך טעמבערעפעקטן, וואָס ווערן אויפגענומען ווי אַן עכאָ פון די עפּאָכעס־געדיכטעניש. אָבער דעם גרעסטן אײַנדרוק מאַכן פיר גאָנגן (אַן ערעך 2־מעטער מעטאַל־קרײַזן), וואָס ליגן אויפן דיל און באַם קלאַפּן אין זיי לאָזן זיי אַרויס פאַנטאַסטישע, בעעמעס „אַזיאַטישע" קלאַנגען.

די שאַפונג פון אַלעקסאַנדער לאַסאָן (געב. אין 1951) האָט בײַ מיר אַרויסגערופן אַ באַזונדערן אינטערעס. אויפן פעסטיוואַל „וואַרשעווער אָסיען" האָט געקלונגען זײַן צווייטער קוואַרטעט, וועלכער איז לויט דער טעמאַטיק און דעם אינהאַלט זייער נאָענט צו מײַנעם אַ קוואַרטעט, וועלכן כ'האָב אָנגעשריבן מיט אַ יאָר פופצן צוריק.

כ'האָב זיך אויך באַקאַנט מיט זײַנע צוויי פידל־סאָנאַטעס און בין געקומען צום אויספיר, אַז דאָ האָבן מיר, בעלי־סאָפעק, די באַוווסטזיניקע פאַרווירקלעכונג פון דער כאַזאָנישער נעגינע מיט אַלע אירע אַקסעסואַרן, קנייטשן און קנייטשעלעך, אַזוי צו זאָגן. מע קאָן נאָר מעקאַנע זײַן דעם קאָמפּאָזיטאָר פון דער פּוילישער נאַציאָנאַליטעט, וואָס פילט זיך אין דער יִדישער מוזיק ווי אַ פיש אין וואַסער.

קעדיי האָבן פאַר זיך דאָס פולע בילד, איז נייטיק דערמאָנען נאָך צוויי מעכאַברים — זביגנעוו פּענהערסקי (געב. אין 1935 יאָר) און וויצעך קילאַר (געב. אין 1936 יאָר), האַגאַם די יִדישע טעמע אין זייער שאַפונג איז בלויז אַן עפּיזאָד. כ'האָב דאָ אין זינען די קאַנטאַטע “Musica humana” („די הומאַנישע מוזיק") פון ז. פּענהערסקי, וואָס האָט אַ לאַטײַנישע ווידמונג: „יויסעפן — דעם פאָטער מײַנעם און יענע אַנדערע, וואָס ליגן איינעם מיט אים באַם וועג לעבן בעסוילעם, דורכגעשטאַכענע פון די פײַערשפּײַענדיקע אַרבאַלעטן אין 1939", און אַן אַנדער — עקסטאַטיש־פריידיק ווערק — “Exodus” („שעמויס") פון וו. קילאַר, אין וועלכן דער קאָמפּאָזיטאָר באַזירט זיך אויף אַ פּאָפּולערער כסידישער מעלאָדיע. די גאַנצע דינאַמיק פון דער פּיעסע איז געבויט אויף אַ פילמאַליקער איבערכאַזערונג פון דער טעמע, וואָס גייט דורך יעדעס מאָל אין אַ נײַעם אינסטרומענטאויסלייג, ווי, אַשטייגער, אין דער גוט באַוווסטער „באָלעראָ" פון מאָריס ראַוועל. אַזאַ קאָמפּאָזיציאָנעל מיטל העלפט דעם מעכאַבער איבערצוגעבן די סימכע, וועלכע צעוואַקסט זיך אַלץ מער און מער און וועגן וועלכער עס רעדט זיך אין דער מאָטאָ צום ווערק: „און מיריאַם די נעוויִע, אַרנס

שוועסטער, האָט גענומען דעם פּויק אין אירע הענט, און אַלע ווײַבער זײַנען אַרויסגעגאַנגען נאָך איר מיט פּויקן און מיט טענץ. און מיריאַם האָט געזונגען פאַר זיי:

זינגט צו גאָט,
וואָרעם ער איז הויך דערהייכט;
דאָס פערד מיט זײַן רײַטער
האָט ער געשלײַדערט אין יאַם".




די דערמאָנטע ווערק גיבן א מעגלעכקײַט צונויפצושטעלן דאָס אַלגעמיינע בילד פון דעם ייִדישן „כײַלעק" אין דער איצטיקער וועלט־מוזיק. און מע קאָן זיך נאָר אָנשטויסן, וויפל אַזעלכע מוסטערן קלינגען אויף די פילצאָליקע מוזיקאַלישע פעסטיוואַלן אין אַלע עקן פון אונדזער פּלאַנעטע.

---

## כראָניק

### עס קלינגען ייִדישע פאָלקסלידער

אין אַלפאַרבאַנדישן קאָמפּאָזיטאָרן־הויז איז פאַרגעקומען א קאָנצערט, געווידמעט דער שאַפונג פון קאָמפּאָזיטאָרן פון דער מאָלדאווישער רעפּובליק. צווישן אַנדערע ווערק איז אויסגעפּילט געוואָרן א ציקל ייִדישע פאָלקסלידער, וועלכע עס האָט באַאַרבעט דער קאָמפּאָזיטאָר וולאַדימיר ביטקין.

דעם לייענער פון „סאָוועטיש היימלאַנד" איז וו. ביטקין באַקאַנט ניט בלויז אַלס קאָמפּאָזיטאַר, נאָר אויך אַלס פאָרשער פון ייִדישן מוזיקאַלישן פאָלקלאָר. רײַזנדיק איבער מאָלדאַוויע, בוקאָווינע, דאָרעם־אוקראַינע, האָט ער אין משך פון פיל יאָרן צונויפגעקליבן און פאַרשריבן העכער 500 ייִדישע פאָלקסלידער, וועלכע עס האָבן געשאַפן און געזונגען טוישווים פונעם טכום־האַמוישעוו.

פאַר דער נײַער פּראָגראַם האָט דער קאָמפּאָזיטאָר אויסגעקליבן ייִדישע ניגונים, וואָס „שטאַמען" פונעם דאָרעם־מײַרעוודיקן טייל פון רוסלאַנד: „מײַן שטעטעלע בעלץ", „איך האָב דיך ליב", „א גוט־מאָרגן, פייגע־סאָשע", „איז געווען אַמאָל א פאַסטעכל", „שאַבעס נאָכן קוגל", „אין אָדעס".

אויפן קאָנצערט אין קאָמפּאָזיטאָרן־הויז האָט די ייִדישע לידער אויסגעפּילט די טאַלאַנטפולע יונגע סאָליסטן פונעם מאָלדאווישן טעאַטער פון אָפּערע און באַלעט אירינע מישורא־לעכטמאַן אונטערן אַקאָמפּאַנעמענט פונעם מוזיקאַנט און מוזיק־קריטיקער סערגאָ בענגעלסדאָרף.

מוישע בירנאַוו







## אתה רואה הילדה הזאת — היא כוחבח שירים!
## (דו זעסט דאָס מיידל — זי שרײַבט לידער!)

אין ייִסראָעל וווינען צוויי שוועסטער — איינאט און האדאס יאקיר. די ייִנגערע, איינאט, שרײַבט לידער, און די עלטערע, האדאס, מאָלט בילדער צו זיי. איינאט איז שוין באקאנט אונדזער לייענער — וועגן איר האָט געשריבן אין „סאָוועטיש היימלאנד" דער רוסישער שריפטשטעלער סערגיי באַרוזדין.

איינאט יאקיר שרײַבט לידער וועגן אלץ, וואָס זי זעט ארום זיך. לעמאָשל, ווי׳אזוי זי האָט געלעבט, ווען זי איז געוועזן אין דער מאמעס בויך... קיין „דערוואקסענעם דיכטער וועט זיכער ניט אײַנפאלן צו שרײַבן אזא ליד. אין איינאטס שאפונגען לעבט יעדע זאך און יעדער כייפעץ האָט זײַן אייגנארטיק לעבן.

די יונגע דיכטערן שרײַבט ניט בלויז אייגענע לידער, זי זעצט אויך איבער אנדערע דיכטער. האיאָר איז ארויס איר בוך איבערזעצונגען פון קאָרניי טשוקאָווסקיס בארימטע פּאָעמעס „מאָידאָדיר", „מוכא־צאָקאָטוכא" און „בארמאליי". אָט די פּאָעזיע איז זייער נאָענט צו איינאטס אָריגינעלע לידער, און דערפאר קלינגען אירע איבערזעצונגען נאטירלעך אף איווריט. טשוקאָווסקי קוקט אף דער ארומיקער וועלט ווי א קינד. בא אים פירן זיך די קעגנשטאנדן אוף אויך אומגעריכט: די קאָלדרע פליט, די קליידער אנטלויפן...

די דאָזיקע פעיִקײַט צו דערזען אין יעדער זאך אן איינמאָליקײַט און אנערקענען בא איר דאָס רעכט אויסצודריקן מיט מענטשיש לאָשן איז אן אטריבוט פון עכטער דיכטונג.

מע דארף האָפן, אז איינאט יאקיר וועט ווײַטער פרייען אלעמען, ווער עס לייענט קינדער־לידער אף איווריט.

• • •



כאַים פראַנק איז אײנער פון די לײַענער פון „סאַוועטיש היימלאַנד”, וועלכע לעבן אין מײַרעוו־דײַטשלאַנד. סאָף פאַריקס יאָר האָט ער באַזוכט אונדזער רעדאַקציע, און מיר האָבן זיך באַקאַנט מיט אָט דעם אינטערעסאַנטן יונגן קינסטלער און קונסטקענער.

ער איז געבוירן געוואָרן אין 1955 אין עסטרײַך, באַקומען פּראָפעסיאָנעלע בילדונג סײַ אין מאָלערײַ און קונסט־געשיכטע, סײַ אין מוזיק און באַלעט. שפּעטער האָט ער זיך פאַראינטערעסירט מיט דער רעסטאַווראַציע פון אַלטע קונסטווערק און איז געוואָרן אַן אָנערקענטער ספּעציאַליסט אין דעם געביט. אינטערעסאַנט איז אויך זײַן שאַפונג אין ביכער־גראַפיק. עס בלײַבט נאָך צוצוגעבן, אַז כאַים פראַנק פירט אין מינכען דעם „פּריוואַטן דאָקומענטאַציע־אַרכיוו פון יידישע קינסטלער”. .... .... ......

מיר ברענגען דאָ כ. פראַנקס אַן איבערזיכט פון נײַע ביכער אַף יידישער טעמאַטיק, וועלכע זײַנען אַרויס אין מײַרעוו־דײַטשלאַנד.

## כאַים פראַנק

# ביכער, וואָס זײַנען לעצטנס דערשינען אין דײַטש־שפּראַכיקע פאַרלאַגן

(ביבליאָגראַפישע נאָטיצן)

**מאַקס אָפּענהיימער. וויאַזוי עס האָבן געברענט סינאַגאָגעס. ראַסיזם און אַנטיסעמיטיזם דעמאָלט און הײַנט.**

די געבראַכטע אינעם בוך דאָקומענטן וואַרפן א שײַן אַף די רעזולטאַטן פון דער „קרישטאָל־נאַכט, ווײַזן די סיבעס, וואָס האָבן געבראַכט צו אָט דער שענדלעכער פאַשיסטיש־אַנטיסעמיטישער אַקציע. הײַנטצוטאָג באַניצן זיך די רעכט־עקסטרעמיסטישע פאַרטייען מיט די זעלבע מיטלען, וואָס די נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטן אין 1933.

די פראַגע וועגן די רעכט־עקסטרעמיסטישע איבערצײַגונגען בא די דײַטשן (5 מיליאָן דײַטשן האָבן געזאָגט אין 1981 יאָר: „מיר וואָלטן געוואָלט ווידער האָבן א פירער), האָט ניט פאַרלוירן איר אַקטואַליטעט. ס׳וואָלט געווען געווונטשן באַאַרבעטן די אינפאָרמאַטיוו געבראַכטע טאַבעלעס מיט אָנגאַבן פון די 70־טע יאָרן אַף אַן אַנאַלאָגישן אופן.

### העניגג מיולער. ווער איז געווען וואָלף.
### פרידריך וואָלף (1953—1888) אין דאָקומענטן, פאָטאָגראַפיעס און זיכרוינעס.

ווער איז געווען פרידריך וואָלף? הײַנט איז דאָס א בארעכטיקטע פראגע, ווײַל ווייניק־ווער עס איז באקאנט מיט דער שאַפונג און מיטן לעבן פון אָט דעם פילזײַטיק באגאבטן מענטשן. ער איז געווען א דאָקטער אין רעמשײַד, באוווסט ווי דער „דאָקטער פון קליינע מענטשעלעך". אייגנצײַטיק איז ער דער אוטאָר פון אזעלכע דראמאטישע ווערק, ווי „ציִאַן־קאַלי" (1929), „די מאטראָסן פון קאטאַראָ" (1930) און באזונדערס „דאָקטער מאמלאָק" (1933). באנאנד מיט בערטאָלד ברעכטן איז ער געווען איינער פון די באדײַטנדיקסטע דײַטשישע דראמאטורגן פון דער ערשטער העלפט פונעם 20־טן יאָרהונדערט.

בײַס דער נאָיאבער־רעוואָליוציע אין דײַטשלאנד איז ער געווען א דעפוטאט אינעם ארבעטער־ און סאָלדאטן־ראט, א „רויטער גענעראל" אינעם קאמף, וואָס איז פאָרגעקומען אין דעם רור־געביט. אין די יאָרן 1939 — 1941 איז ער ארײַנגעפאלן אין א קאָנצענטראציע־לאגער, פונוואנען ס'איז אים געלונגען אנטלויפן. לעבנדיק שפּעטער אין סאָוועטנפארבאנד, האָט ער אָנטיילגענומען אינעם קריג אַף דער סאָוועטישער זײַט אלס פּראָפּאגאנדיסט אפן פראָנט. נאָך דער מילכאָמע איז ער געווען דער אמבאסאדאָר פון דער דײַטשישער דעמאָקראטישער רעפּובליק אין פוילן (1949 — 1951). זײַן לעצטע דראמע „טאָמאס מיונצער" האָט ער אָנגעשריבן אין 1952. דעם 5 אָקטיאבער 1953 איז פרידריך וואָלף געשטאָרבן אין לעניץ.

העניגג מיולער האָט ארויסגעלאָזט דעם בוך צו וואָלפס 100־טן געבורטסטאָג. אינעם פאָרוואָרט שרײַבט ער: „אָפּשאצן וואָלפן קאָן מען בלויז, לייענענדיק זײַנע ווערק".

### וואָלפגאנג בענץ. יִדן אין דײַטשלאנד 1933—1945.
### דאָס לעבן אונטער דער נאצי־אָנאל־סאָציאליסטישער הערשאפט.

ס'ווערט פיל געשריבן וועגן דער יִדן־פארפאָלגונג, זייער אויסראָטונג און פארניכטונג. יעדער באריכט שטעלט מיט זיך פאָר אן אייגענע פערזענלעכע פאָרם פון ליידן פון דעם אָדער יענעם קאָרבן.

דער דערשינענער בוך איז פון די ערשטע פרווון צו שאפן אן אלץ־ארומכאפנדיקע קולטור־ און סאָציִאלע געשיכטע פון די דײַטשישע יִדן בײַס דער נאצי־אָנאל־סאָציִאליסטישער הערשאפט. דעם אוטאָר איז געלונגען צו באווײַזן דעם יִדישן שטייגער, אויסמײַדנדיק דעם געוויינלעכן סטערעאָטיפּ. מיט דער הילף פון פארשיידענע דאָקומענטן און צײַגענישן שטעלט ער פעסט, אז דאָס דײַטשישע יִדנטום, אלס רעליגיִעזע און גײַסטיקע געמיינשאפט מיט אירע אָרגאניזאציעס און קולטור־פאריינען, האָט אפילע אין דער צײַט פון עקסטרעמער דראָונג דערגרייכט אייניקע קולטורעלע און הומאניסטישע דערפאָלגן.

### רענאטע וועלש. אַף וואָגשאָלן געוואָרפן.
### בירגער פון עסטרײַך אין אנטיפאשיסטישן ווידערשטאנד.

רענאטע וועלש, געבוירן אין ווין אין 1937, איז א באוווסטע שרײַבערן פאר קינדער און יוגנט. זי איז אָפּגעמערקט געוואָרן מיט פארשיידענע פּרעמיעס און אויסצייכענונגען. אין איר בוך שרײַבט רענאטע וועלש וועגן יענע עסטרײַכער, ווייניקע אין צאָל, וועלכע, ניט קוקנדיק אַף דער געפאר פארן לעבן, האָבן געראטעוועט יִדן און אַף אזא אויפן געשטעלט א ווידערשטאנד דעם פאשיסטישן רעזשים.

### ריקארדאָ קאלימאני. די סאָכרים פון ווענעציע.
### געשיכטע פון די יִדן אין דער ווענעציִאנישער רעפּובליק.

אין 1556 איז אין ווענעציע געגרינדעט געוואָרן די ערשטע יִדישע געטאָ. די אומאָפּהענגיקע שטאָט־רעפּובליק האָט עקזיסטירט קימאט דרײַ יאָרהונדערטער, ביז נאפּאָלעאָנס דעראָבערונג אין 1797.

אין א פּאָפּולערער פאָרם, מיט טיפע היסטאָרישע קענטענישן שרײַבט דער ווענעציִאנער טוישעוו קאלימאני די געשיכטע פון די יִדן אין זײַן שטאָט.

• • •

## די יוגנט איז ניט אומגעקומען...



אין ווײַסרוסלאַנד איז ניטאָ קיין איין מישפּאָכע, וועלכע האָט ניט געשיקט אירע זין אפֿן פראָנט. צוזאַמען מיט רוסישע, ווײַסרוסישע ברידער האָט זיך געשלאָגן דער יונגער ייִדישער פּאָעט הענעך שוועדיק. ער איז אפֿן פראָנט געווען א געווײנלעכער סאָלדאַט — א קוילנוואַרפֿלער. אומגעקומען איז ער אינעם דאָרף דוואָיעטשקי, סמאָלענסקער געגנט, דעם 11 אָקטיאַבער 1942. מיט צוויי יאָר פאַרן טויט, ווען ער האָט געטראַכט וועגן לעבן, האָט ער געשריבן:

איך וועל נאָך פאַרטרויען דיר מײַנע געפילן,
מײַנע פאַרלאַנגען, און דו וועסט זען —
ס'וועט יעדערער זיצן א ווײַלע א שטילער
און זאָגן דיר: יאָ, ס'איז מײַן ברודער געווען...

הענעך שוועדיק איז געבוירן געוואָרן דעם 4 מאַרט 1914 אין דער שטאָט באָברויסק. זײַנע שוועסטער דערציילן, אז די ערשטע ליד — „לענין" — האָט ער אָנגעשריבן, ווען ער איז אלט געווען ניין יאָר. א נײַניאָריק קינד איז געזעסן און געשריבן א ליד וועגן לענינען און זייער שטאַרק געוויינט, דערוויסנדיק זיך, אז דער גרויסער פירער איז געשטאָרבן.

מע זאָגט, אז די אויגן בא דעם מענטש זײַנען א שפּיגל פון דער נשאָמע, און ס'איז טאַקע אזוי. אין הענעכס גרויסע אָפענע אויגן האָט זיך געלויכטן זײַן נשאָמע — א ברייטע, א ליכטיקע, פאַרטרוילעכע.

ער איז געווען זייער א שיינער באָכער — איך האָב אים געקענט, — א גוטער קאָמיוגיסט, זייער א פעיִקער דיכטער. איך געדענק, ווי אָפט ער פלעג איבערכאַזערן די ווערטער פון זײַן באַליבטן דיכטער עדוואַרד באַגריצקי:

די יוגנט איז ניט אומגעקומען,
די יוגנט שטענדיק לעבט...

הענעך שוועדיק האָט געאַרבעט אין א בירָאָבידזשאַנער קאָמונע, דערנאָך זיך געלערנט אין מינסקער ליטעראַרישן אינסטיטוט, געווען א זשורנאַליסט אין דער צײַטונג „פּיאָנער בעלאַרוסי", א וויסנשאַפטלעכער מיטאַרבעטער אינעם אינסטיטוט פון ליטעראַטור בא דער וויסנשאַפט־אקאַדעמיע פון

ווײַסרוסלאַנד. דערנאָך — די מילכאָמע, דער פראָנט, א קוילנוואַרפער־ראָטע. ער האָט ארויסגעגעבן צוויי ביכלעך לידער: „סטאַרט" (1936), „לידער" (1939), אָנגעשריבן א פּאָעמע פאר קינדער „אונדזער דזשים" (וועגן א נעגעריש יינגעלע).

ווילסט וויסן, מײַן היימלאַנד, ווו איך בין געבאָרן?
איז קום, ניט געזען האָסט קיין שענערס באַשטימט:
אוקראַאינער סטעפּעס, ווײַסרוסישע באָרן,
די טײַכן פון בירע, די בערג פון קרים...

דער דיכטער איז געווען א זון פון זײַן יאָרהונדערט — א ראָמאַנטישער מענטש, מיט א הייסער נעשאָמע. אין די שווערע באַדינגונגען פון׳עם קריג האָט ער געשריבן מוטיקע לידער. אָט זײַנען עטלעכע שורעס:

זײַן אין באַטאַליאָן א זאַפּעוואָלע
איז, כאַווײַרימלעך, ניט גרינג, ניט גרינג.
גייסט אמאָל פאַרטראַכט, דערזעסט דײַן היים, דײַן קאַלע,
און פּלוצלינג הערסט אַן אויסרוף — זינג!
זינג אונדז, ברודער, זינג, די רויטאַרמייער וואַרטן.
טוסט א טרייסל מיטן קאָפּ און דו הייבסט אָן:
„מאָרגן פרי, מיט פעסטן טראָט, מיט האַרטן
וועלן מיר אוועקגיין אפן פראָנט".
און דערזעסט באַקאַנטע ליבע שטיבער
אין דער שטילער ווײַסרוסישער שטאָט,
פון דײַן ערשטער ליד דײַן ערשטע ליבע,
פון דײַן ערשטן קינדערישן טראָט.

ווען איך לייען די דאָזיקע ליד, דערמאָן איך זיך נאָכאַמאָל אין מײַן לעצטער באַגעגעניש מיטן דיכטער. דאָס איז געווען אין 1942. עטלעכע טעג האָבן מיר, עטלעכע סאָוועטישע שרײַבער, זיך געפונען אין אוזבעקיסטאַנער מיליטערישע טיילן, ווו הענעך האָט א קורצע צײַט געלערנט מיליטערישע קונסט. ער האָט מיר אָנגעקלונגען: „הײַנט פאָרן מיר אפן פראָנט. זײַ געזונט!"

הענעך שוועדיק האָט זייער ווייניק געלעבט — אינגאַנצן אכט און צוואַנציק יאָר. ער וואָלט איצט אַלט געוואָרן, פינף און זיבעציק...

עדי אָגנעצוועט

---

ליטעראַרישער




## אף א זיצונג פון אוקראַאינישע קריטיקער

אף א זיצונג פון דער שעפעריישער פאַרייניקונג פון קיעווער ליטעראַטור־קריטיקער איז לעצטנס באַהאַנדלט געוואָרן די פראַגע „הײַנטצײַטיקע ליטעראַטור פון די נאַציאָנאַלע מינדערהײַטן אף אוקראַאינע". צווישן אַנדערע איז מיט א פאָרטראָג „יידישע ליטעראַטור אף אוקראַאינע" ארויסגעטראָטן דער אוקראַאינישער שרײַבער סטאַניסלאַוו טעלניוק.

די שרײַבער און קריטיקער, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין דער זיצונג, האָבן ארויסגעזאָגט א ריי פאָרשלאָגן: צוגרייטן טעמאַטישע נומערן פון די זשורנאַלן „וויטשיזנאַ" און „קיִעוו", געווידמעט די פראָבלעמען פון די פעלקערשאַפטן, וואָס לעבן אף דער טעריטאָריע פון אוקראַאינע; צוגרייטן און ארויסלאָזן א זאַמלבוך מיקויעך דער געשיכטע און הײַנטצײַטיקער אַנטוויקלונג פון די נאַציאָנאַלע ליטעראַטורן אף אוקראַאינע; אין די אינסטיטוטן און אוניווערסיטעטן, אין וועלכע עס ווערט דערלערנט די געשיכטע פון דער אוקראַאינישער ליטעראַטור, אַרײַנפירן א קורס פון נאַציאָנאַלע ליטעראַטורן; ארויסגעבן א צווייִשפּראַכיקע אַנטאָלאָגיע פון יידישער סאָוועטישער פּאָעזיע. עס איז נייטיק אויך צו שאַפן אַן אינסטיטוט, וועלכער דאַרף זיך פאַרנעמען מיט קולטור־פּראָבלעמען פון די נאַציאָנאַלע מינדערהײַטן.

## היסטאָריש-עטנאָגראַפישע שריפטן

**אלעקסאנדער לאַקשין,**
קאַנדידאַט פון היסטאָרישע וויסנשאַפטן

# דער יִדישער אָוואר און זײַנע היסטאָריקער

דער אָנהייב און די אנטוויקלונג פון דער היסטאָריאָגראַפיע פונעם רוסלענדישן יִדנטום איז א ווייניק־באַוווּסט זײַטל אין דער פאָטערלענדישער געשיכטע־וויסנשאפט. אין דער זעלבער צײַט איז דער ערנסטער אינטערעס אין דער יִדישער סוויווע צו איר פארגאנגענהײַט אין רוסלאנד און די אויפגעקומענע היפשע פּלעיאַדע היסטאָריקער געוואָרן א וויכטיקער עטאַפּ אין דער גײַסטיקער אנטוויקלונג פונעם רוסלענדישן יִדישן פאָלק. דער ציל פון אונדזער ארבעט איז דערציילן, ווער, ווי אזוי און ווען עס האָט געפאָרשט די געשיכטע פון ד רוסישע יִדן. מיר ווילן באַקאַנען דעם לייענער מיט די וויכטיקע ארבעטן איבער דער געשיכטע פונעם רוסלענדישן יִדנטום, וועלכע זײַנען געווען אָנגעשריבן אינעם פאַר־אָקטיאבערישן פעריאָד. די געשיכטע פון דער יִדישער היסטאָריאָגראַפיע איז א פּראָצעס אַן אייגנארטיקער און אין א געוויסער מאָס א פּאַראַדאָקסאַלער: בא אירע קוואַלן זײַנען געשטאנען אָדער ניט קיין יִדן, אָדער ניט קיין פּראָפעסיאָנאַלן. אין די קרײַזן פון דער געזעלשאפט איז דאָס דערלערנען די יִדישע געשיכטע דורכגעגאנגען אויסער די ראמען פון דער אָפיציעלער וויסנשאפט און ניט אין די ווענט פון די אימפּעראַטאָרישע אוניווערסיטעטן.

די באַוועגונג צו דערלערנען דעם אָוואר פונעם אייגענעם פאָלק, וועלכע איז אנטשטאנען צווישן דער יִדישער אינטעליגענץ, האָט זיך סוימעך געווען אַף דער רײַכער פאָלקס־טראַדיציע — אַף דער העמשעכדיקײַט פונעם היסטאָרישן זעלבסטבאַוווּסטזײַן. ביכלאל דארף גענומען ווערן אין אכט, אז דער היסטאָרישער זעלבסטבאַוווּסטזײַן שטעלט מיט זיך פאָר איינער פון די סאמע שטארקסטע כאראקטעריסטישע שטריכן פון דער יִדישער קולטור. אין דער קאָלעקטיווער געדעכעניש פונעם פאָלק האָבן זיך פארהיט די אנטשיידנדיקע געשעענישן פונעם נאַציאָנאלן אָוואר און א שטרעבונג זיי צו פיקסירן אין א שריפטלעכער פאָרם. שוין אין די ביבלישע טעקסטן געפינען מיר ניט ווייניק היסטאָרישע פאקטן, וועלכע זײַנען איבערגעפלאָכטן מיט מײַסעס און לעגענדעס. ס'קאָן זײַן, אז גראָד דאָס ברייט־צעגאָסענע געפיל פון היסטאָרישן זעלבסטבאַוווּסטזײַן האָט געשאפן אזא פּאראדאָקסאלן אומשטאנד, אז אין אונטערשייד צו די אוראלטע גריכן און רוימער איז די לערע פון געשיכטע בא די אוראלטע יִדן ניט געוואָרן קיין זעלבשטענדיקער וויסנשאפט־געביט. יאָ, ס'איז געווען יויסעף פלאַוויוס — אָן אויסנעמלעכער אנטישער היסטאָריקער, וועלכער האָט באשריבן אין זײַנע „יעהודישע אלטערטימלעכקײַטן" די געשיכטע פונעם יִדישן פאָלק, נאָר איך כאזער איבער נאָכאמאָל: קיין יִדישע היסטאָריאָגראַפיע אין די אוראלטע צײַטן האָט ניט עקזיסטירט; דאָס גײַסטיקע לעבן פון די יִדישע געמיינדעס און אין דער דיִאספּאָרע האָט זיך אין מעשעך פון יאָרהונדערטער דערנערט הויפּטזאכלעך מיט דער אוראלטער ליטעראטור, מיט געשטאלטן, העלדן און געשעענישן פון דער ביבלישער צײַט, ווי אויך פון אנדערע אוראלטע עפּאָכעס.

די געשיכטע פון דער יודאַיִק אין רוסלאנד קאָן ניט זײַן פארשטענדלעך אָן דער ווענדונג צו דער יערושע פון הענריך (הירש) גרעץ (1817—1891) — דעם גרעסטן יִדישן היסטאָריקער פון מײַרעוו־אייראָפּע. אין זײַן צוועלפבענדיקער, געשריבענער אין דײַטש, „געשיכטע פון די יִדן, אָנהייבנדיק, פון די עלטסטע יאָרהונדערטער ביז דער הײַנטיקער צײַט" באטראכט גרעץ דאָס יִדישע פאָלק אלס א לעבעדיקן אָרגאניזם, וואָס זעצט פאָר זײַן נאציאָנאלע עקזיסטענץ זינט דער צײַט פון די פּאטריאַרכן. לייגנדיק אכט און אבסאָליוטירנדיק אין א געוויסער מאָס די ראציאָנאליסטישע יעסוידעס אינעם יודאַיִזם, באציט זיך דער היסטאָריקער נעגאטיוו צו דער קאבאָלע און צום כאסידיזם. ער האָט זיי געהאלטן פאר פרעמד־קערפּערס אין דעם יִדנטום. פאר גרעצן איז די געשיכטע פונעם יִדישן פאָלק אין גאָלעס געווען בלויז די געשיכטע פון זײַן רעליגיע און גײַסט. „לערנען און

וואַנדערן, דענקען און אָפּקומען, שטרעבן צו דערקענטעניש און אויסדויער — איז דער אינהאַלט פון דער גאַנצער גאָלעס־עפּאָכע״, — האָט געשריבן גרעץ. אַזוי אַז די מעכטיקע פלאַסטן פון דער נאַציאָנאַלער געשיכטע: סאָציאַלע, עקאָנאָמישע, פּאָליטישע, געמיינדע־אויטאָנאָמישע זײַנען אַרויסגעטראָגן געוואָרן אויסער די ראַמען פון דער געשיכטע. כּוח דעם, האָט גרעץ געשריבן אין גרונט די געשיכטע פונעם מײַרעוו־אייראָפּעישן, דעריקער מער „פּראָגרעסיוון״ (אין זײַנע אויגן) דײַטשישן ייִדנטום. די באַגרענעצטע צאָל ידיעות וועגן דער געשיכטע פון די מיזרעך־אייראָפּעישע ייִדן און קוידעמקאָל פונעם פּוילישן ייִדנטום ווערט דערקלערט ניט בלויז מיט די גערמאַנאָפילישע אָנשויונגען פונעם אויטאָר, נאָר אויך מיט דעם פאַקט, וואָס אַ גרויסע צאָל דאָקומענטן זײַנען צו יענער צײַט ניט געווען באַוווּסט די היסטאָריקער.

ניט געקוקט אויף דער איינזײַטיקײַט און באַגרענעצטקײַט פון דער קוועלן־באַזע, האָט די יודאַיִק אין דײַטשלאַנד, פראַנקרײַך און ענגלאַנד געהאַט אַ ריי ערנסטע פאָרשונגען. עס זײַנען דערשינען פּעריאָדישע היסטאָרישע זשורנאַלן, ס'האָבן פונקציאָנירט ייִדישע היסטאָרישע געזעלשאַפטן. דאָס אַלץ איז אין רוסלאַנד דעמאָלט נאָך ניט געווען.

די ערשטע וויסנשאַפטלעכע פאָרשונג איבער דער געשיכטע פון די ייִדן אין פּוילן און אין ליטע איז געוואָרן דער בוך פונעם פּוילישן היסטאָריקער און מעלוכע־טוער טאַדעוש טשאַצקי „געדאַנקען וועגן די ייִדן און קאַראַיִמער״ (ווילנע, 1807). דער פאַרדינסט פון דעם דאָזיקן פאָרשער איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס ער האָט אַרײַנגעפירט אינעם וויסנשאַפטלעכן פאַרקער פאַרשיידענע קוואַלן, פיל פון וועלכע עס זײַנען דערגאַנגען צו אונדז אַדאַנק זײַן בוך.

דער יוריסט איליאַ אָרשאַנסקי (1846—1875), אַן אַרויסלאָזניק פונעם אָדעסער אוניווערסיטעט, איז געווען דער ערשטער, וואָס האָט זיך גענומען דערלערנען די עקאָנאָמישע לאַגע פון דעם רוסישן ייִדנטום. זײַנע ביכער „די ייִדן אין רוסלאַנד״ (1872) און „רוסישע געזעצגעבונג וועגן ייִדן״ (1877) האָט אָרשאַנסקי געשטעלט צו דינסט דעם קאַמף פאַר גלײַכבאַרעכטיקונג פון די ייִדן. ער האָט דערוויזן, אַז די לאַגע פון די ייִדן אינגאַנצן גענומען איז אין דעמאָלטיקן רוסלאַנד ענלעך געווען צו דער לאַגע פון די ייִדן אין דער מיטלאַלטערלעכער אייראָפּע. די גרויסע צאָל סטאַטיסטישע מאַטעריאַלן, די טיפקײַט פונעם אַנאַליז און דער אָריגינעלער געדאַנקענגאַנג פונעם פּריצײַטיק פאַרשטאָרבענעם היסטאָריקער גיט דאָס רעכט צו זאָגן, אַז אין אָרשאַנסקיס פּערזאָן האָט די ייִדישע היסטאָריאָגראַפיע פאַרלוירן אַ גלענצנדן געלערנטן.

אַ פאַרגייער פון אָרשאַנסקין אינעם פאָרשן די רעכטלעכע לאַגע פון די ייִדן איז געווען דער רוסישער היסטאָריקער פיאָדער איוואַנאָוויטש לעאָנטאָוויטש — דער אויטאָר פונעם „היסטאָרישן איבערזיכט פון באַשטימונגען וועגן ייִדן אין רוסלאַנד״ (1862) און פון דער מאַגיסטער־דיסערטאַציע „היסטאָרישע פאָרשונג וועגן די רעכט פון די ליטוויש־רוסישע ייִדן״ (1864). צו דער זעלבער פּראָבלעמאַטיק האָט זיך אויך געווענדט וויטאַלי לעוואַנדאַ, דער ברודער פונעם באַוווּסטן רוסיש־שפּראַכיקן ייִדישן שרײַבער. ער האָט צונויפגעשטעלט דעם „פולן כראָנאָלאָגישן זאַמלבוך פון געזעצן און טאַקאָנעס בענוגע ייִדן, אָנהייבנדיק פון דעם קייסער אלעקסיי מיכײַלאָוויטשס געזעצן און ביז דער הײַנטיקער צײַט״ (1874). דער דאָזיקער זאַמלבוך שטעלט מיט זיך פאָר אַ קוואַל פאַר דערלערנען די רעכטלעכע לאַגע פון דעם ייִדנטום.

דאָס דערשײַנען פון פאָרשונגען און פּובליקאַציעס וועגן די געזעצגעבערישע מאַטעריאַלן, וואָס זײַנען שײַך דעם יורידישן סטאַטוס פון די ייִדן אין רוסלאַנד אין די 60־ער—70־ער יאָרן איז געווען ניט קיין צופעליקײַט. זיי האָבן אָפּגעשפּיגלט דעם פאַרשטאַרקטן אינטערעס פון דער געזעלשאַפט צו דער ייִדישער פראַגע, די האָפענונג פון די ייִדן אויף אַ פאַרבעסערונג פון זייער לאַגע אין די באַדינגונגען פון דעם אָפּגעשאַפענעם לײַב־אייגנטום און פון די בורזשואַזע רעפאָרמען (די ענדערונגען אָבער האָבן באַרירט בלויז אַ קליינעם צווישנשיכט פון סאָחרים און אינטעליגענטן).

אַ באַזונדער אָרט צווישן די ייִדישע היסטאָריקער פונעם ערשטן דאָר פאַרנעמט אַווראָם האַרקאַווי (1835 — 1919). אין משך פון העכער פערציק יאָר האָט ער פאַרוואַלטעט מיטן אָפּטייל פון ייִדישער ליטעראַטור און מיזרעכדיקע קסאַווייאַדן אין דער אימפּעראַטאָרישער עפנטלעכער ביבליאָטעק. ער האָט אַרײַנגעטראָגן אַ ווערטפולן צושטײַער אין פאַנאַנדעראַרבעטן די פריִע געשיכטע פון די ייִדן אין רוסלאַנד. זײַנע פּובליקאַציעס אין אָט דעם געביט האָבן זיך אָנגעהויבן (אין העברעיִש) אינעם זשורנאַל „הכרמל״ אין 1864. זיי באַהאַנדלען די שפּראַך פון די ייִדן אין דער אַלטערטימלעך־רוסישער מעלוכע. דער געלערנטער האָט פעסטגעשטעלט, אַז די ייִדישע געמיינדע אין קיִעווער רוס האָבן געבילדעט די ייִדן, וואָס האָבן איבערגעוואַנדערט אַהין פון דעם שוואַרציאַמישן ברעג־פאַס און פון קאַווקאַז, ווו עס האָבן געלעבט זייערע אָוועס נאָך דער אַשורישער און באַווילשער געפאַנגענשאַפט. זייער שפּראַך איז געווען אַ סלאַווישע (אַלנפאַלס, אָנהייבנדיק פונעם IX יאָרהונדערט), און ערשט אין XVII יאָרהונדערט איז אָנשטאָט דער סלאַווישער שפּראַך געקומען ייִדיש. ווענדנדיק זיך צו דער געשיכטע פונעם כאַזאַרישן קאַהאַנאַט — דער מעלוכע פונעם פריִען מיטלאַלטער אין מיזרעך־אייראָפּע, וואָס האָט אָנגענומען דעם יודאַיִזם, האָט האַרקאַווי פּובליקירט אַ גענויע רעדאַקציע פון דעם „בריוו פונעם כאַזאַרישן קייסער יויסעף צו ראַבי כאַסדי איבן־שאַפּרוט״. דער

דאָזיקער דאָקומענט איז א וויכטיקער קוואַל צו דער געשיכטע פון די כאַזאַרן. האַרקאַווי איז אויך געווען דער ערשטער, וואָס האָט אָנגעוויזן אױף דער נויטווענדיקייט צו שאַפן א פאַראַלגעמיינערטע געשיכטע פונעם יידישן פאָלק אין רוסלאַנד.

דער ערשטער פראָפעסיאָנעלער היסטאָריקער פונעם רוסישן יידנטום, וואָס האָט, אָן סאָפעק, געהאַט א שטאַרקע ווירקונג אױף דעם איראָפּעיִשן היסטאָרישן געדאַנק און אױף דעם זעלבסטבאַוווּסטזיין פון דער יידישער אינטעליגענץ אין רוסלאַנד, איז געווען סערגיי אַלעקסאַנדראָוויטש בערשאַדסקי (1896—1850).

וואָס האָט געצוווּנגען דעם זון פון א פּראַוואָסלאַווע גאַלעך, דעם אָפּשטאַמיקן פון א זאַפּאָראָזשיער קאַזאַקישן אַטאַמאַן, דעם פּראָפעסאָר פון רעכט אינעם פּעטערבורגער אימפּעראַטאָרישן אוניווערסיטעט, זיך ווענדן צו דער, ווי באַוווּסט, ניט־געוויינלעכער פאַר דער רוסישער וויסנשאַפט טעמע — דערלערנען די געשיכטע פונעם יידישן פאָלק? אין דער אַריינפיר־רעדע, וואָס ער האָט געהאַלטן בעשאַסן פאַרטיידיקן די מאַגיסטער־דיסערטאַציע וועגן דער געשיכטע פון די ליטווישע יידן, האָט בערשאַדסקי געזאָגט: „איך בין געבוירן געוואָרן און האָב באַקומען בילדונג אױף דאָרעם. דאָ באַגעגנט מען זיך אױף יעדן שריט און טריט, יעדער שאָ און יעדער מינוט מיט דער יידישער פראַגע... די אוקראַיִנישע פאָלקסלידער האָבן פאַרהיט לעבעדיקע דערמאָנונגען, ווו די לייזונג פון דער דאָזיקער פראַגע מאַכט דורך א וועג דורך פייער און בלוט. פישער, וואָס ציִען די נעצן, שניטער, וואָס גייען פונעם פעלד, בלינדע באַנדוריסטן אױפן יאַריד זינגען ביז איצט אַזויווי אין כמעלניצקיס אָדער גאָנטעס צייטן: קיין בעסערס, קיין שענערס קאָן ניט זיין פאַר אוקראַיִנע — עס זאָל ניט זיין קיין זשיד, קיין ליאַך און קיין אוניִע... אַזעלכע לידער, מייסעס, לעגענדעס האָב איך געהערט אין די קינדערשע און יוגנטלעכע יאָרן... עס דוכט זיך מיר אויס, אַז ס'איז שווער געווען צו געפינען א מער דערצאָרנטן און איבערצייגטן יודאָפאָב, איידער איך אין די יונגע יאָרן...”

אין 1879, אין דעם 7־טן באַנד פון דער „יידישער ביבליאָטעק”, האָט זיך באַוויזן א ניט־גרויסע פאָרשונג „דער פּרוּוו פון א נייער שטעלונג אין אייניקע פראַגן פון דער געשיכטע פון די יידן אין ליטע און אין פּוילן”. דער דאָזיקער אַרטיקל איז געווען דער אָנהייב פון בערשאַדסקיס פּרוכטבאַרער אַרבעט אין געביט פון יודאַיִק. אין דער פונדאַמענטאַלער פאָרשונג פונעם 1883 „ליטווישע יידן: די געשיכטע פון זייער יורידישער און געזעלשאַפטלעכער לאַגע אין ליטע פון וויטאָווטן ביז דער ליובלינער אוניִע. 1569—1388” פּרוּווט ער אויסקלאָרן די אָנפאַנגלעכע פאַקטאָרן פון דער אָפּגעזונדערטקייט און דער עקאָנאָמישער ווירקונג פונעם יידנטום. די אַרבעט טיילט זיך אויס ניט בלויז מיט די



ס. א. בערשאַדסקי

פילצאָליקע אַרכיוו־מאַטעריאַלן, נאָר אויך מיט א נייעם קאָנצעפּטועלן צוגאַנג. דאָס אַנטשטיין און די אַנטוויקלונג פון דער געזעלשאַפטלעכער אָפּגעזונדערטקייט, — האָט אָפּגעמערקט בערשאַדסקי, — איז פאַרבונדן ניט מיט דער אויסערגעוויינלעכער געניגטקייט פון די יידן צו א באַשטימטן מין באַשעפטיקונגען און ניט מיט באַזונדערע נאַציאָנאַלע כאַראַקטער־שטריכן, ווי עס האָבן געשריבן אייניקע היסטאָריקער. די דאָזיקע דערשיינונג איז אַרויסגערופן, פריער פאַר אַלץ, דורך די זעלבע אַלגעמיינע סיבעס, אונטערן דרוק פון וועלכע פאַרשיידענע סאָציאַלע שיכטן פּאָליאַקן, ליטווינער, ניט געפינענדיק קיין שטיצע אין דער שוואַכער מעלוכע־מאַכט, האָבן געמוזט זיך פאַרייניקן, קעדיי פאַרטיידיקן זייערע אינטערעסן. בא די יידן איז דאָס נאָך געווען פאַרבונדן מיט אַזעלכע געצוווּנגענע אַקטן, ווי דאָס פאַרטרייבן זיי פון ליטע אין סאָף XV יה., און די אַרופגעלייגטע אױף זיי באַזונדערע שטייערן נאָך דעם אומקערן זיך צוריק.

אינקורצן זעט אויס בערשאַדסקיס קאָנצעפּציע וועגן דער געשיכטע פון דעם ליטוויש־ווייסרוסישן יידנטום אַזוי. אין XIV און טיילווייז אין XV יאָרהונדערט, אין די באַדינגונגען פון א גלייכבאַרעכטיקטער לאַגע פון די יידן, זיינען קיין סימאָנים פון קאָנסאָלידאַציע בא די יידן ניטאָ. אין XVI יה. צעפאַלט זיך די מעלוכע־סיסטעם פונעם ליטווישן פירשטנטום, עס ווערט איינגעפירט די ליובלינער אוניִע, ס'פאַרשטאַרקט זיך די שליאַכטע און עס ווערט אָפּגעשוואַכט די ווירקונג פון דער קיניגלעכער מאַכט. אין די געשאַפענע באַדינגונגען פאַרערגערט זיך די לאַגע פון די יידן. איינצייטיק דערמיט פעסטיקט זיך די אָרגאַניזאַציע פונעם קאָהאָל, וועלכע דערגרייכט אין דער ערשטער העלפט פונעם יאָרהונדערט איר קולמינאַציע. קאָהאָל קאָנטראָלירט דאָס לעבן פון יעדן ייד. אין די באַדינ־

גונגען פונעם פארשארפטן קאמף פון די נידעריקע שיכטן פונעם יידנטום קעגן די קאהאלשע רעדלפירער, געפינען די לעצטע א שטיצע בא דער מעלוכע־מאכט און בא די מאגנאטן. די מילכאמעס צווישן דעם קאזאקנטום און דער שליאכטע האבן געבראכט צו פילצאליקע קארבאנעס צווישן די יידן. אין מעשעך פונעם גאנצן XVIII יארהונדערט, ביז דער לעצטער צעטיילונג פון פוילן, גייט אן אלץ שטארקערער קאמף פון די מאסן קעגן דער מאכט פון קאהאל. אין סאף פון דעם זעלבן יארהונדערט גייט דאס יידנטום אריין אין באשטאנד פון דער רוסישער אימפעריע אונטערן צייכן פון מעלוכישער און עקאנאמישער אפגעזונדערטקייט.

גרויס זיינען בערשאדסקיס פארדינסטן אין שאפן א דאקומענטאלע באזע פאר דער געשיכטע פון די יידן. אין טאך גענומען, איז בערשאדסקי דער ערשטער זאמלער פון שריפטלעכע דאקומענטן, פארבונדענע מיט דער געשיכטע פונעם יידנטום אין רוסלאנד. „די אויסערגעוויינלעכע אָרעמקייט פון דער ליטעראטור איבער דער יידישער פראגע, די נישטיקע צאל אקטן וועגן יידן אין XVII און אין XVIII יארהונדערטער און די קימאט פולע אפוועזנהייט פון אזעלכע אין XV און XVI יארהונדערטער, — שרייבט דער היסטאריקער, — האט געצוווּנגען אנהייבן סקרופולעז זאמלען דאקומענטן וועגן יידן אין פארשיידענע ארכיוון”. אין די מאסקווער, קיעווער און ווילנער ארכיוון האט דער געלערנטער אפגעזוכט העכער צוויי טויזנט דאקומענטן, פארבונדענע מיט דער געשיכטע פונעם ליטווישן און פוילישן יידנטום פאר מער פון דריי הונדערט יאר. פיל פון זיי האט פובליקירט אליין בערשאדסקי און נאך זיין טויט — די יידישע היסטאריש־עטנאגראפישע געזעלשאפט.

בערשאדסקיס ארבעטן אונטערשיידן זיך מיט וויסנשאפטלעכער אביעקטיווקייט, הגם זיי זיינען ניט פריי פון אייניקע פארויסגענומענע מיינונגען. בערשאדסקי האט קיין העברעיש און קיין יידיש ניט געקענט. מאכמעס דעם איז ער געווען באגרענעצט אין אויסניצן קוועלן פון יידישער אפשטאמונג. א ריי פראגן פונעם אינערלעכן לעבן אין די יידישע געמיינדעס זיינען פארן פארשער געווען ניט־צוטריטלעך. וויזט אויס, אז אין דעם ליגט די סיבע פון דעם, וואס ער האט ניט פארשטאנען א סאך פאזיטיווע זייטן פון דער יידישער אווטאנאמיע אין XVI—XVII יארהונדערט. דער באוווסטער געזעלשאפטלעכער טוער מאקסים ווינאווער האט אין א רעדע, געווידמעט דעם אנדענק פון בערשאדסקין, געזאגט: „אן אפשטאמיקער פון די, וואס האבן אונדז געברענט און געפייניקט, איז אויפגעשטאנען... און, דערווייטערנדיק זיך פון די געשלאסענע רייען רעכילעס־טרייבער און סאנים פון אונדזער פאלק, געזאגט צו די יידן: „אייך האט מען געטאן אומרעכט, ניט איר האט פארשוועכט די הייליקייט. אין אייך האט מען דורעסלאנג פארשוועכט די העכסטע הייליקייט, די מענטשלעכעווירדע. איז שטייט אויף, און זאל אופלעבן אייער גייסט”.

אין 1892 יאר האט א גרופע יידישע אינטעליגענטן געמאלדן אין פעטערבורג וועגן דער גרינדונג פון דער „יידישער היסטאריש־עטנאגראפישער קאמיסיע”. די טעטיקייט פון דער דאזיקער געזעלשאפט האט געהאט א גרויסע האשפאע אפן אופקום און אף דער אנטוויקלונג פון דער יידישער היסטאריאגראפיע אין רוסלאנד. אן ערעך מיט א יאר פאר דעם איז דערשינען א בראשור פון ש. דובנאוון. „אונדזער ארבעט, — האט געשריבן דער היסטאריקער, — וועט דורכגיין אפן באדן פון דער פארגאנגענהייט, נאר איר גערעטעניש געהער דער קעגנווארט און דער צוקונפט”. דובנאוו האט זיך געווענדט צו פארשיידענע קרייזן פון דער געזעלשאפט, רופנדיק זיי צו גרינדן א יידישע היסטארישע געזעלשאפט: „די פארגאנגענהייט פונעם יידישן פאלק פארמאגט אין זיך א ווונדערלעכע הייל־קראפט פאר דער קרענקענדיקער יידישער נעשאמע... נאר כוח דער טרייסט, — וויפל שיין, קלארקייט און באוווסטזיין טראגט אריין אין אונדזער פארשטאנד דאס קענען אונדזער פארגאנגענהייט. מיר פילן זיך דאן שוין ניט ווי מענטשן אן א ייכעס, אן א שטאם, נאר ווי פארזעצער פון א גאנצער ריי דורעס, וואס האבן געלעבט ניט בלויז, קעדיי דענקען און ליידן”[1].

די דאזיקע ווענדונג, ווי אויך די געגרינדעטע קאמיסיע, האבן אפגעשפיגלט דעם מאראלישן אימפעראטיוו פון דער צייט. אין די באדינגונגען פון דער רעאקציע, פון פאגראמען און עמיגראציע, אין דער לאגע פון צעשפליטערטקייט און קעגנזייטיק אויסשליסנדיקע אידייען, איז א קליינע גרופע יידישע אינטעליגענטן געקומען צום געדאנק וועגן דער נויטווענדיקייט זיך ווענדן צו דער געשיכטע פון די יידן אין רוסלאנד. דאס זיינען געווען מענטשן, וואס האבן זיך געהאלטן בא פראגרעסיווע וועלטלעכע ריכטונגען אין דער נאציאנאלער קולטור און זיינען געווען ענג פארבונדן מיט דער פארגעשריטענער רוסישער געזעלשאפטלעכער באוועגונג. פיל פון זיי זיינען געווען יוריסטן, ליטעראטן און האבן ניט געהאט קיין ספעציעלע היסטארישע בילדונג. אין דער מערהייט זיינען דאס געווען יונגע מענטשן.

צום סאף פונעם יארהונדערט האט די יידישע באפעלקערונג אין רוסלאנד דערגרייכט 5 מיליאן 200 טויזנט נעפאשעס, וואס עס האט באטראפן קימאט א העלפט פון דער צאל יידן אין דער וועלט. אין די דעמלטיקע באדינגונגען האט זיך אבער ניט איינגעגעבן צו ארגאניזירן אין לאנד א פולווער־

[1] די לעצטע ווערטער זיינען א פאלעמיק מיט גרעצן.

טיקע היסטאָריש־עטנאָגראַפישע געזעלשאַפט. די געגרינדעטע קאָמיסיע איז קינסטלעך געווען צוגעבונדן צו דעם איינציקן אין יענער צײַט לעגאַלן ייִדישן קולטור־אַנשטאַלט, דער „געזעלשאַפט פאַר פאַרשפּרייטן בילדונג צווישן די ייִדן פון רוסלאַנד". די גרונט־אויפגאַבע, וואָס די מיטגלידער פון דער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער קאָמיסיע האָבן געשטעלט פאַר זיך, איז געווען — „ברענגען אין אָרדענונג די אורקוואַלן" — אָפּזוכן די פאַנאַנדערגעוואָרפענע אין פאַרשיידענע אויסגאַבעס דאָקומענטן און מאַטעריאַלן איבער דער געשיכטע פונעם רוסלענדישן ייִדנטום און פּובליקירן זיי אין אַן אייַנהײַטלעכער זאַמלונג. אין משך פון פופצן יאָר — איין מאָל אין צוויי וואָכן — פלעגן זיך צונויפקומען די קאָמיסיע־מיטגלידער אין אַ פּריוואַטער דירע און באַהאַנדלען די געפונענע דאָקומענטן. אַזוי איז געשאַפן געוואָרן די דרײַבענדיקע אויסגאַבע אין דער רוסישער שפּראַך „רעגעסטן און אויפשריפטן: מאַטעריאַלן־זאַמלונג וועגן דער געשיכטע פון די ייִדן אין רוסלאַנד (80 — 1800) יאָרן), וועלכע איז דערשינען אין פּעטערבורג אין 1899 — 1913.

די אויסגאַבע האָט געהאַט ניט בלויז אַ וויסנשאַפטלעכע באַדײַטונג. „אַ נײַע רײַכע וועלט פון דעם אייגענעם אָוואַר האָט זיך געעפנט פאַר אונדזערע אויגן, — האָבן געשריבן די קאָמיסיע־מיטגלידער. — דאָס לייענען די טרוקענע דאָקומענטן, די באַקאַנטשאַפט מיט די ניט איבעריקס אָנזיכטיקע געשעענישן, מיט די סאַמע טאָגטעגלעכע דערשײַנונגען האָט געהאַט פאַר אונדז די זעלבע ווירקונג ווי פאַר אַנטייען די באַרירונג מיט דער מוטער־ערד".

אויף די שאַרבלעטער פונעם צווייטן און דריטן באַנד איז געשטאַנען: „אויסגאַבע פון דער ייִדישער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט". די גרינדונג פון אַ זעלבשטענדיקער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער געזעלשאַפט איז דערמעגלעכט געוואָרן אין 1908 אַדאַנק דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע. ניט געקוקט אויף איר מאַפּאָלע, האָט זי געשאַפן אַ נײַע סיטואַציע אין לאַנד. אַרויסטרעטנדיק אויף דער גרינדונגס־פאַרזאַמלונג פון דער געזעלשאַפט, האָט דובנאָוו פאָרמולירט אירע ערשטרײַקע אויפגאַבן: זאַמלען און פּובליקירן אורקוואַלן, פאָרשן עטנאָגראַפישע מאַטעריאַלן אומדירעקט צווישן די פאָלקסמאַסן. ס'איז געשטעלט געוואָרן נאָך איין וויכטיקע אויפגאַבע — שאַפן אַ פּעריאָדישן אָרגאַן, ווו עס זאָלן פּובליקירט ווערן דאָקומענטן, מעמוארן און פאָרשונגען אין שײַכעס מיט דער געשיכטע פון די ייִדן אין פּוילן און אין רוסלאַנד. דובנאָוו האָט אויך פאָרגעלייגט אָרגאַניזירן אַ מוזיי פון ייִדישער געשיכטע, עטנאָגראַפיע און קולטור.

די גרינדונג פון דער געזעלשאַפט איז געוואָרן אַ קערפּונקט אין דער אַנטוויקלונג פון דער ביז־אָקטיאַבערישער ייִדישער היסטאָריאָגראַפיע. אין 1904 האָט אין פּעטערבורג אָנגעהויבן אַרויסגיין אַ



ייִדישע שרײַבער און היסטאָריקער. אָדעס, 1913. פון רעכטס אויף לינקס: י.־כ. ראַווניצקי, מענדעלע מויכער־ספרים, ש. דובנאָוו, כ.־נ. ביאַליק, א. דרויאַנאָוו

דרייַ־באַשימדיקער רוסיש־שפּראַכיקער זשורנאַל «Еврейская старина». זייַן רעדאַקטאָר איז געוואָרן ש. דובנאָוו. דאָס האָט דערמעגלעכט סיסטעמאַטיש פּובליקירן מאַטעריאַלן וועגן דער געשיכטע פון די ייִדן באַ אונדז אין לאַנד. אין ערשטן נומער האָט די רעדאַקציע מיטגעטיילט, אַז אַרום דעם נייַעם אָרגאַן „דאַרפן זיך צונויפקומען די צעזייטע און צעשפּרייטע קויכעס, וואָס שטרעבן צו דעם דאָזיקן וויסנשאַפט־געביט: ספּעציאַליסטן, טוער, זאַמלער — אַלע, וואָס זוכן דעם עמעס און דעם זין פון אונדזער פאַרגאַנגענהייט".

דער ערשטער נומער «Еврейская старина» האָט זיך געעפנט מיט דובנאָווס אַרטיקל „די רייד־שפּראַך און די ליטעראַטור פון די פּויליש־ליטווישע ייִדן אין XVI און אין דער ערשטער העלפט פון XVII יאָרהונדערט". דובנאָוו האָט, ניט אָנרופנדיק זייַנע אָפּאָנענטן באַ די נעמען, פּאָלעמיזירט מיט האַרקאַווין און בערשאַדסקין. אַף א רייי פאַקטן האָט דובנאָוו אָפּגעמערקט, אַז די רייד־שפּראַך פון די פּויליש־ליטוויש־רוסישע ייִדן איז אין דער אָנגעוויזענער צייַט געווען דער דיאַלעקט ייִדיש־דייַטש — דער ווירקלעכער אורפאַטער פונעם היינטצייַטיקן „זשאַרגאָן".

אַף די זייַטלעך פונעם זשורנאַל האָט זיך פאַנאַנדערגעאַרבעט א נייַער צוגאַנג צום פאַרשטיין די ייִדישע געשיכטע. דובנאָוו האָט אין אַן אַרטיקל „וועגן דעם היינטצייַטיקן צושטאַנד פון דער ייִדישער היסטאָריאָגראַפיע" גערופן צו באַפרייַען די ייִדישע געשיכטע פון סכאָלאַסטיק און אָוועקשטעלן זי אַף אַן אָביעקטיוון באָדן. „מיר דאַרפן, — האָט ער געשריבן, — פאַרשטיין די ייִדישע געשיכטע פּונקט אַזוי, ווי די געשיכטע פון יעטווידער אַנדער פאָלק". ס'איז גאַנץ סימפּטאָמאַטיש דער אינטערעס פון דער רעדאַקציע צו דעם אינערלעכן לעבן פון די ייִדישע געמיינדעס. אין דעם ערשטן זשורנאַל־נומער האָט די רעדאַקציע אָנגעהויבן פּובליקירן דעם „געגנטלעכן פּינקעס פון וואַד[1] וועגן די הויפּטלעכע ייִדישע געמיינדעס אין ליטע פון 1623 ביז 1761 יאָר". דער פּינקעס איז געדרוקט געוואָרן אַף דער שפּראַך פונעם אָריגינאַל, דה. אַף העברעיִש מיט א פּאַראַלעלער איבערזעצונג אין רוסיש (אין זייַנער צייַט האָט בערשאַדסקי אויסגערופן: „גיט מיר א פּינקעס, און איך וועל אָנשרייַבן די רוסיש־ייִדישע געשיכטע").

די טעטיקייַט פון דער געזעלשאַפט האָבן געשטיצט די פּראָגרעסיווע קרייַזן פון דער רוסישער געזעלשאַפטלעכקייַט. נאָך אין דער צייַט פון דער היסטאָריש־עטנאָגראַפישער קאָמיסיע האָבן אירע זיצונגען באַזוכט דער גרויסער רוסישער פּילאָסאָף וולאַדימיר סאָלאָוויאָוו, דער ליטעראַטור־ און קונסט־קריטיקער וולאַדימיר סטאַסאָוו. ביזן יאָר פון זייַן טויט (1916) איז געווען א מיטגליד אין דער געזעלשאַפט דער באַוווּסטער רוסישער היסטאָריקער וואַסילי סעמעווסקי. אין 1915 איז אין איר באַשטאַנד אַרייַן א. מ. גאָרקי. אונטער דער ווירקונג פון דער געזעלשאַפט איז אין 1915 יאָר אין פּעטראָגראַד אַנטשטאַנען די רוסישע געזעלשאַפט פאַר דערלערנען דאָס ייִדישע לעבן.

אין די יאָרן 1912—1914 איז אונטער דער אָנפירונג פון ש. אַנ־סקי (ראַפּאַפּאָרט), אַף די מיטלען פונעם באַראָן גינזבורג, אָרגאַניזירט געוואָרן אַן עטנאָגראַפישע עקספּעדיציע אין די מייַרעווידיקע גובערניעס פון רוסלאַנד. די עקספּעדיציע האָט באַזוכט זיבעציק שטעטלעך אין וואָלין און פּאָדאָליע. ס'האָט זיך איר אייַנגעגעבן צו פאַרשרייַבן טויזנטער פאָלקס־לעגענדעס און לידער, צונויפזאַמלען א גרויסע צאָל ווערטפולע דאָקומענטן און פאָטאָגראַפיעס. די צונויפגעזאַמלטע קאָלעקציעס זייַנען אין 1916 געלייגט געוואָרן אין גרונט פון דעם געעפנטן מוזיי אין פּעטראָגראַד. אין די יאָרן 1911—1913 האָט דער זשורנאַל פאַרעפנטלעכט אינטערעסאַנטע אַרטיקלען פונעם יונגן היסטאָריקער ב. פרומקין, געווידמעט דער ייִדישער סאָציאַליסטישער און אַרבעטער־באַוועגונג. אַקטועל האָט געקלונגען די סעריע אַרטיקלען פון דובנאָוון וועגן דעם פינצטערן פּעריאָד אינעם לעבן פון דעם רוסלענדישן ייִדנטום אין די 80־ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט. אין די באַדינגונגען פון דער אָנוואַקסנדיקער כוואַליע פון דער אַנטיסעמיטישער רעאַקציע אינעם ערעוו־רעוואָליוציע־פּעריאָד פון רוסלאַנד, וועלכע האָט זיך אַמבוילעטסטן פאַרקערפּערט אינעם ביילים־פּראָצעס (1913), האָט דער זשורנאַל פאַרעפנטלעכט עטלעכע מאַטעריאַלן וועגן דער געשיכטע פון די אַלילאָס־דאַם־פּראָצעסן.

אין 1916, אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פּטירע פון שאָלעם־אַלייכעמען און שימען פרוגן, פאַרעפנטלעכט דער זשורנאַל זייערע בריוו צו דובנאָוון, ווי אויך זייַנע זיכרוינעס. די דאָזיקע מאַטעריאַלן שטעלן מיט זיך פאָר א באַדייַטנדיקן געזעלשאַפטלעך־ליטעראַרישן אינטערעס. «Еврейская старина» דרוקט גערן מעמואַרן און זיכרוינעס פון קאַנטאָניסטן. צווישן אַנדערע דאָקומענטן, וועלכע זייַנען פאַרעפנטלעכט אינעם זשורנאַל, האָט דער לייענער זיך באַקאַנט מיט דעם געהיימען צירקוליאַר פונעם צאַרישן מיניסטער פּלעווע וועגן ציוניזם. עס האָבן ביז היינט ניט פאַרלוירן זייער באַדייַטונג די קאָרעספּאָנדענצן פון דער פּעריפעריע, וועלכע דערציילן וועגן די דענקמעלער פון דער ייִדישער קולטור.

אין אָנהייב פון דער וועלט־מילכאָמע זייַנען אייַנגעפירט געוואָרן נייַע צענזור־באַגרענעצונגען. עס זייַנען איבערגעריסן געוואָרן די פאַרבינדונגען מיט א היפּשער צאָל מעכאַברים.

לויט זייַן אָריענטאַציע האָט דער זשורנאַל אין פאַר־אָקטיאַברישן פּעריאָד געהערט צו דער דעמאָקראַטישער ריכטונג אין דער רוסלענדישער היס־

[1] וואַד (העבר.) — ראַט, קאָמיטעט.

7—1608

טאָריאָגראַפיע. די פאָרשונגען, וואָס זײַנען אין אים געדרוקט געוואָרן, האָבן זיך, אַלס קלאַל, אויסגעטיילט מיט וויסנשאַפטלעכער אָביעקטיווקײַט און זײַנען פרײַ געווען פון אַפאָלאָגעטישע טענדענצן.

שימען דובנאָוו איז געווען די צענטראַלע פיגור אין דער ייִדישער היסטאָריאָגראַפיע אין מעשעך פונעם סאָף XIX און פון די ערשטע יאָרצענדליקער פון דעם XX יאָרהונדערט, ביז זײַן טראַגישן טויט אין 1941 אָדער 1942 אַפן פאַרשנייטן פלאַץ אין ריגער געטאָ, אַף וועלכן עס האָבן אים, לויט אייניקע ידיעס, דערהאַרגעט די פאַשיסטן.

אַן אָפּשטאַמיקער פון דעם באַוווּסטן קאַבאַליסט פון XVIII יה. יויסעף דובנאָ, האָט ש. דובנאָוו באַקומען אַ טראַדיציאָנעלע ייִדישע בילדונג. די דערציִונג אין גײַסט פון קאַבאָלע און מיסטיק און דאָס ריינע קינדערשע גלויבן האָבן זיך אייגנאַרטיק איבערגעפלאָכטן באַם היסטאָריקער אין דער רײַפער עלטער מיט די פאָזיטיוויסטישע יעסוידעס, גענומענע בא פיאָטער לאַווראָוון און ניקאָלײַ מיכײַלאָווסקין — די „הערשער איבער די מויכעס פון דער רעוואָלוציאָנערער יוגנט אין דער נאָך־רעפאָרמעדיקער עפּאָכע". פונדאַנען, קאָן זײַן, גייט זײַן „ערשטע ליבע" — דער כאַסידיזם — אַ טיף־באַגײַסטערטע רעליגיעז־געזעלשאַפטלעכע באַוועגונג, וועלכע דובנאָוו האָט געפאָרשט פון פאָזיטיוויסטישע פאָזיציעס. אָבער אינטערעסאַנט איז דאָס, וואָס נאָך פריִער פאַר דעם אייגנאַרטיקן „סינטעז" פון ייִדישע און אייראָפּעיִשע יעסוידעס, דה. פון דעם מעלאַנכאָליש־אוטאָפּיסטישן קאַבאַליסטישן אַרט דענקען און פאָזיטיוויסטישן צוגאַנג, וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר די רײַפע יאָרן פון דובנאָוון, איז פאָרגעקומען זײַן יוגנטלעכער בונד. אין די אויגן פון די שטעטלדיקע ייִדן האָט דער יונגער פאָרשטייער פון ייִכעסדיקע אָוועס אויסגעזען ווי אַ נײַער אַכער[1], וואָס לייקנט אָפּ אייניקע ווערטן פון דער ייִדישער טראַדיציע. די ווענדונג צו דעם לײַבלעכן אַלטערטום האָט מיטגעהאָלפן אויפשטעלן דעם פאַרלוירענעם גלײַכגעוויכט.

אין די יאָרן 1888—1893 פובליקירט דער יונגער פאָרשער אין זשורנאַל «Восход» אַרטיקלען, אין וועלכע ער באַהאַנדלט די הויפּט־מאָמענטן פון דער געשיכטע פונעם כאַסידיזם. די דאָזיקע אַרבעט האָט אַרײַנגעפירט דובנאָוון אין דער געשיכטע פון די ייִדן אין רוסלאַנד. „דער ציל פון מײַן לעבן, — האָט ער פאַרשריבן אין זײַן טאָגבוך אין יאָר 1892, — האָט זיך אויסגעקלאָרט: פאַרשפרייטן היסטאָרישע וויסנשאַפטן וועגן ייִדנטום און ספעציעל פאַנאַנדעראַרבעטן די געשיכטע פון די רוסישע ייִדן. איך בין געוואָרן, קאָן מען זאָגן, אַ מיסיאָנער פון דער געשיכטע..."

[1] אחר (העבר.) — בוכשטעבלעך — אַן אַנדערער. אַ צונאָמען פון אַ פאַרצײַטיקן כאַכעם, וואָס אייניקע האָבן געהאַלטן פאַר אַן אַפיקוירעס, אַן אָפּטריניקן, און אַנדערע פאַר אַ מענטש, וואָס רופט צו פרײַהײַט.

אַף די היסטאָרישע אָנשויונגען פונעם יונגן געלערנטן האָט אַ שטאַרקע האַשפּאָע געהאַט גרעץ. פונקט ווי גרעץ, האָט דובנאָוו געזען אין דער געשיכטע פון די ייִדן בלויז די געשיכטע פונעם יודאַיִזם. שפּעטער אָבער האָט ער זיך אָפּגעזאָגט פון דעם דאָזיקן שטאַנדפונקט. דובנאָוו האָט פאָרגעשטעלט די ייִדישע געשיכטע אַלס פּראָצעס, אין וועלכן עס בײַט זיך די העגעמאָניע פון ייִדישע געמיינדעס פון פאַרשיידענע לענדער. די הויפּט־צענטערס פונעם ייִדנטום זײַנען געווען ערעץ־ייִסראָעל אין דער עפּאָכע פונעם ערשטן און צווייטן בייס־האַמיקדעש, ווי אויך אין פּעריִאָד פון מישנע, דה. ביזן סאָף פונעם II יה.: באָוול אין דער עפּאָכע פון די עקסילאַרכן, טאַלמודישע אַקאַדעמיעס און גאָאָנים (ביזן X יה.). דאָס אָרט פון באָוול האָט דערנאָך פאַרנומען שפּאַניע אין פּעריִאָד פון דער אַזויגערופענער „גאָלדענער טקופע" (ביז דעם XV יה.), און שפּעטער — דײַטשלאַנד. אין ווײַטערדיקן גאַנג פון דער געשיכטע, — האָט אָפּגעמערקט דובנאָוו, — איז דער וויכטיקסטער ייִדישער צענטער געוואָרן פוילן און דערנאָך אויך רוסלאַנד. אַזוי־אַרום, איז לויט דובנאָווס מיינונג דער צענטער פון דער ייִדישער ציוויליזאַציע געוואָרן יענע געמיינדע, וועלכע האָט אַמערסטן פאַרהיט די אינערלעכע אומאָפּהענגיקײַט, די אייגענע אינסטיטוטן פון זעלבסטפאַרוואַלטונג, די אייגענע אינטעלעקטועלע און גײַסטיקע ווירקונג. אויב גרעץ האָט געזען דעם אָנהייב פון דער נײַער עפּאָכע (אין דער געשיכטע פונעם ייִדנטום) אין דער טעטיקײַט פון מוישע מענדעלסאָנען (פון 1750 יאָר), האָט דובנאָוו אַזאַ אויסגאַנג־פונקט פאַרבונדן מיט דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציע (פון 1789 יאָר). ער באַטראַכט די ייִדישע געשיכטע אַלס אַן אָרגאַנישן טייל אין דעם אַלגעמיין־אייראָפּעיִשן און אַלוועלטלעכן היסטאָרישן פּראָצעס.

אין די נײַע באַדינגונגען, ווען עס איז באַדײַטנדיק געפאַלן די ווירקונג פון דער רעליגיע, — האָט געהאַלטן דובנאָוו, — דאַרף דאָס ייִדישע פאָלק, וואָס האָט אָנגעהויבן מיטאַרבעטן מיט די אומעס האָאוילאָם, אַנטוויקלען זײַן וועלטלעכע קולטור אין דער ייִדישער שפּראַך. דער היסטאָריקער האָט אָפּגעוואָרפן דעם ציִעניזם, באַזונדערס אין זײַן פּאָליטישער פאָרם, אָנרופנדיק זײַנע אָנהענגער „פאַנאַטישע געצנדינער פונעם נאַציאָנאַליזם". אין פּאָליטישן נאַציאָנאַליזם האָט ער אײַנגעזען אַ מין מאָדיפיקאַציע פון פסעוודאָמעשיכיזם. דובנאָוו האָט זיך קאַטעגאָריש געשטעלט אויך קעגן אַסימיליאַציע. דער דאָזיקער שטרעמונג האָט דער דענקער קעגנגעשטעלט די קאָנצעפּציע פון אווטאָנאָמיזם, וועלכע ער האָט גענוי באַשריבן אין אַ ציקל אַרטיקלען אונטערן אַלגעמיינעם קעפּל „בריוו וועגן אַלטן און נײַעם ייִדנטום" (1897 — 1902, «Восход»). נאָכן צווייטן כורבן פונעם בייס־האַמיקדעש איז דאָס פאָלק איבערגעגאַנגען צו דער העכסטער, דה. „קול־

טור־גײַסטיקער סטאַדיע פֿון זײַן היסטאָרישער אַנטוויקלונג". „די געשיכטע ווייסט אַ סאַך בײַשפּילן, ווען אייניקע נאַציעס זײַנען נעלעם געוואָרן אין רעזולטאַט פֿון אָנווערן זייער טעריטאָריע, — האָט געשריבן דובנאָוו, — און האָבן זיך צעזייט צווישן אַנדערע פֿעלקער, נאָר זי ווייסט בלויז איין בײַשפּיל, ווען אַן ערדלאָזיק און צעזייט פֿאָלק האָט זיך פֿאַרהיט. דער דאָזיקער אוניקום אין דער געשיכטע איז דאָס ייִדישע פֿאָלק".

די פֿאַרהיטונג פֿון דער ייִדישער נאַציע, — האָט געהאַלטן דובנאָוו, — באַזירט זיך אַף דער אויטאָנאָמער סטרוקטור, אַף דער זעלבסטפֿאַרוואַלטונג פֿון די ייִדישע געמיינדעס אין פֿאַרשיידענע לענדער. „דאָס ייִדישע פֿאָלק איז בעקויעך צו עקזיסטירן אַפֿילע אין דער דיאַספּאָרע אַלס אַן אייגנאַרטיקע קולטורעלע נאַציע".

דובנאָוו האָט אַרײַנגעטראָגן אַן אומבאַשטרײַטבאַרן צושטײַער אין דער פֿאָרשונג פֿון אַ רײ קנופּפֿראַגן אין דער געשיכטע פֿונעם רוסלענדישן ייִדנטום: כאַסידיזם; די פּאָליטיש־געזעלשאַפֿטלעכע לאַגע פֿון די ייִדן אין אוקראַיִנע אין דער מיט פֿון XVII יה.; די אינסטיטוטן פֿון זעלבסטפֿאַרוואַלטונג; די געזעלשאַפֿטלעך־רעכטלעכע לאַגע אין סאָף פֿון XIX יה. — דאָס איז ווײַט ניט קיין פֿול צעטל פֿון טעמעס, מיט וועלכע עס האָט זיך פֿרוכטבאַר פֿאַרנומען דער היסטאָריקער. דובנאָווס צענבענדיקע „אַלוועלטלעכע געשיכטע פֿונעם ייִדישן פֿאָלק" איז צום ערשטן מאָל דערשינען אויסער די גרענעצן פֿון זײַן היימלאַנד, אין „לאַנד פֿון דער קלאַסישער ייִדישער געלערנטקײַט" — אין דײַטשלאַנד (1925—1929), אין אַ דײַטשישער איבערזעצונג. די דאָזיקע מאָנומענטאַלע אַרבעט האָט אין דער פֿולער מאָס אַנטפּלעקט די קאָנצעפּציע, וועלכע דער פֿאָרשער האָט אָנגערופֿן „ביִאָסאָציִאַלע". „דאָס ייִדישע פֿאָלק, — מערקט ער אָפּ, — האָט אין אַלע לענדער, אומעטום און שטענדיק געפֿירט אַ גײַסטיק און געזעלשאַפֿטלעך לעבן און איז געווען דער סוביעקט, דער שעפֿער פֿון זײַן אייגענער געשיכטע". באַנאַנד מיטן סאָציִאַלן האָט די ייִדישע געשיכטע מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אויך אַ „ביִאָלאָגישן פּראָצעס". מיט דעם דאָזיקן באַגריף באַצייכנט דובנאָוו דעם קאַמף פֿונעם פֿאָלק פֿאַר זײַן עקזיסטענץ און אינדיווידועלקײַט.

דובנאָוו האָט באַטראַכט די געשיכטע פֿון זײַן פֿאָלק, שטייענדיק אַף ראַציִאָנאַליסטישע וועלטלעכע פּאָזיציעס. געשעענישן און פֿאַקטן האָבן בײַ אים געהאַט ערדישע סיבעס און פֿאָלגן. איבערנאַטירלעכס האָט קיינמאָל קיין אָרט ניט געפֿונען אין זײַנע פֿאָרשונגען. נאָר דער פֿאַקט אַליין, וואָס דאָס „אייביקע פֿאָלק" האָט אין די קאַטאַקליזמען פֿון יאָרטויזנטער פֿאַרהיט זײַן גאַנצקײַט, דאָס אַליין איז געבליבן פֿאַרן דענקער ווי אַ מין רעטעניש — אַן „אומגעהײַערע פֿאַרבאָרגענע געהיימניס". דער אונטערבאַוווּסטזיניקער קאָנפֿליקט צווישן דעם ראַציִאָנאַליסטישן דענקען פֿונעם געלערנטן און דעם מיסטישן נעשאָמע־צושטאַנד האָט צוגעגעבן זײַנע שאַפֿונגען אַ באַזונדערן בײַטאַם. די געשאַפֿענע קאָנצעפּציע בײַ איר גאַנצער ווידערשפּרעכלעכקײַט האָט געעפֿנט ברייטע מעגלעכקײַטן צו דערלערנען די געשיכטע פֿונעם פֿאָלק אין דער דיאַספּאָרע, באַגרײַפֿן די זעלבסטווערטיקײַט פֿון דער ייִדישער געשיכטע אין פֿאַרשיידענע לענדער. די ייִדישע היסטאָריקער אין רוסלאַנד האָבן באַקומען קאָנצעפּטועלע און מאָראַלישע יעסוידעס צו דערלערנען דעם ייִדישן אָוואַר אין אייגענעם לאַנד.

דובנאָווס כאַראַקטעריסטישער שטריך אַלס געלערנטער און מענטש איז געווען זײַן באַציִונג צו דער געשיכטע ווי צו לעבנס־דערפֿאַרונג. די געשיכטע אין איר סאַמע טיפֿן און עכטן זין האָט ער אויסגעדריקט אין די ווערטער פֿון די אוראַלטע כאַכאָמים — magistra vitae[1], זי איז די באַגלייטערן אין די טאָגטעגלעכע, זיטלעכע, פּאָליטישע פֿראַגן פֿון לעבן און טויט. און ווען ס'איז געקומען די גרויסע קאַטאַסטראָפֿע, וועלכע האָט ווי דער ביבלישער מאַבל געדראָט פֿאַרפֿלייצן די וועלט, האָט ער ניט געמאַכט קיין שריט אַף זיך צו ראַטעווען. דאָס לעבן פֿונעם פֿאָלק איז געווען זײַן לעבן, דער אומקום פֿון מיליאָנען ייִדן איז געווען אויך זײַן אומקום.

די ברייטקײַט פֿון דעם געלערנטנס אָנשויונגען אַנטפּלעקן זיך אין דער באַציִונג צו דעם שטענדיק וויכטיקן פֿאַרן ייִדנטום סטאַטוס פֿון שפּראַך. דובנאָוו איז, באַזירנדיק זיך אַף דער אַנטישער און מיטלאַלטערלעכער ייִדישער געשיכטע, אַרויסגעטראָטן פֿאַר דער גלײַכבאַרעכטיקונג אין דער בילדונג און אין דער קולטור פֿאַר אַלע דרײַ שפּראַכן: העברעיִש — „אונדזער אוראַלטע נאַציִאָנאַלע שפּראַך", ייִדיש — „מאַמע־לאָשן" און די שפּראַך פֿון דעם לאַנד, מיט וועלכן עס זײַנען פֿאַרבונדן די גויראָלעס פֿון פֿיל דוירעס — די רוסישע שפּראַך. די דערפֿאַרונג און די אויספֿירן, וואָס דער פֿאָרשער האָט אַרויסגעטראָגן, דערלערנענדיק די געשיכטע פֿון זײַן פֿאָלק, האָבן זיך אייגנאַרטיק אָפּגעשפּיגלט אין זײַן געזעלשאַפֿטלעך־פּאָליטישער טעטיקײַט. אין דער צײַט פֿון דער ערשטער רוסישער רעוואָלוציע האָט דובנאָוו אַפֿילע אָרגאַניזירט אַ „ייִדישע פֿאָלקס־פּאַרטיי", וועלכע האָט געפּרייִדיקט די אידייען פֿון אויטאָנאָמיזם. זײַן פּאָליטישע טעטיקײַט האָט אָבער געהאַט ווייניק דערפֿאָלג.

דובנאָוו האָט ניט איין מאָל פֿאָרמולירט דעם געדאַנק, אַז ער אַרבעט „לעטויוועס די צילן פֿון פֿאָלקס־זעלבסטדערקענטעניש און ניט צוליב אינטעלעקטועלן ספּאָרט". ער איז געווען אַ טאַלאַנטפֿולער פּאָפּוליאַריזאַטאָר פֿון וויסנשאַפֿטלעכע קענטענישן וועגן דעם ייִדישן פֿאָלק, געלייענט אַ קורס פֿון ייִדישער געשיכטע אין לעסגאַפֿטס „פֿרײַען

[1] „אַ וועגווײַזער אין לעבן" (לאַט.).

אוניווערסיטעט" אין פעטערבורג, אַף די העכערע „קורסן פון מיזרעך־קענטענישן". דובנאָוו איז דער אווטאָר פונעם לערנבוך „ייִדישע געשיכטע פאַר דער יוגנט", וואָס האָט אויסגעהאַלטן עטלעכע אויסגאַבעס, ער איז ארויסגעטראָטן אַלס גלענצנדער פובליציסט. אין ביז־אָקטיאַבערישן פעריאָד האָט מען אָנגעהויבן און מע זעצט פאָר ביז היינט אין אויסלאַנד ארויסצוגעבן די שאַפונגען פונעם היסטאָריקער, וועלכער האָט מיט פולער רעכט זיך געקאָנט אָנרופן „מיסיאָנער אין דער געשיכטע".

אין די 900־טער יאָרן ווערט דער קרייַז פון וויסנשאַפטלעכע אינטערעסן בא די ייִדישע היסטאָריקער אַלץ מער פאַרשיידנאַרטיק, א רייע פראַגן ווערן מאָנאָגראַפיש ערנסט אויסגעפאָרשט, עס דערשייַנען פאַראַלגעמיינערטע אויסגאַבעס אין דער רוסלענדישער יודאַיִק, ס'באַווייַזן זיך נייַע נעמען.

היסטאָרישע אויספאָרשונגען און ווערטפולע דאָקומענטן פובליקירן זיך אין די ניי־אַנטשטאַנענע אויפלאַגעס, צווישן זיי די וואָכנשריפט «Будущ-ность» („צוקונפט"), וואָס גייט ארויס אין פעטערבורג (1899—1904) אונטער דער רעדאַקציע פונעם שרייַבער און געזעלשאַפטלעכן טוער סאַמויל גרוזענבערג. א באַדייַטנדיקן אינטערעס שטעלן מיט זיך פאָר די פיר יערלעכע וויסנשאַפטלעך־ליטעראַרישע בענדער — בייַלאַגעס צו «Будущ-ность», די בייַלאַגע „געשיכטע פון די ייִדן אין רוסלאַנד פון די אוראַלטע צייַטן ביז דער הערשאַפט פונעם צאַר אַלעקסיי מיכייַלאָוויטש".

אין די יאָרן 1910—1913 איז אין פעטערבורג דערשינען נאָך איין אויסערסט אינטערעסאַנטע אויסגאַבע (אונטער דער רעדאַקציע פון די היסטאָריקער סאַול גינזבורג און יולי געסען): פיר בענדער «Пережитое» („דאָס איבערגעלעבטע") — זאַמלביכער, וואָס זייַנען ספּעציעל געווידמעט דער „געזעלשאַפטלעכער און קולטור־געשיכטע פון די ייִדן אין רוסלאַנד". די זאַמלביכער «Пережитое» זייַנען געוואָרן אַן אייגנאַרטיקע שאַצקאַמער פונעם פאָלקס־זיקאָרן. עס זייַנען פובליקירט געוואָרן העכער פופציק מעמואַרישע און פאָרשערישע מאַטעריאַלן, גאַנצע קאָמפּלעקסן פון אַרכיוו־דאָקומענטן. ווי א שפור פון די אָפּגעגאַנגענע דורעס זייַנען פאַרבליבן די פובליקאַציעס פון פאַמיליען־מעסוירעס און פון מאַצייווע־אויפשריפטן, די קאָנטקענטעניש־פאַרצייכענונגען. אָנהייבנדיק פון דעם צווייטן באַנד, האָבן זיך געדרוקט אַרכיוו־מאַטעריאַלן פונעם היייליקן סינאָד וועגן דער „פאַרברענונג פונעם קאַפיטאַן־פּאָרוטשיק אַלעקסאַנדער וואָזניצין פאַר זייַן אַוועקגיין צו דער ייִדישער עמונע און פון באָרעך לייבאָוון, וועלכער האָט אים ארופגעפירט אַף דעם שלעכטן וועג" (1738 יאָר). כאַראַקטעריסטיש איז אויך די פּאָעמע פון רוּווים קולישער (באַנד 3) „אַן ענטפער דעם סלאַוו", געשריבן אין רוסיש (1849). איר מעכאַבער איז איינער פון די

ЕВРЕЙСКАЯ ЭНЦИКЛОПЕДІЯ.

Сводъ знаній о еврействѣ и его культурѣ въ прошломъ и настоящемъ.

Подъ общей редакціей д-ра Л. Каценельсона и барона Д. Г. Гинцбурга.

Томъ четвертый.

Бе-Абидамъ—Брес.

(Съ приложеніемъ фототипій, хромолитографій и иллюстрацій).

ИЗДАНІЕ
Общества для Научныхъ Еврейскихъ Изданій
и
Издательства Брокгаузъ—Ефронъ.

С.-ПЕТЕРБУРГЪ.

ערשטע סטודענטן־ייִדן אין רוסישן אוניווערסיטעט. א שוואַכע אין ליטעראַרישן הינזיכט, איז די פּאָעמע אייגנטימלעך די שטימונגען צווישן דער ייִדישער אינטעליגענץ פון דעם פאַר־רעפאָרמעדיקן פּעריאָד אין רוסלאַנד. די דעמאָלטיקע צענזור האָט ניט דערלויבט ארויסגעבן די פּאָעמע אין א באַזונדערער אויסגאַבע, און זי איז דערשינען שפּעטער, אין 1911.

אין ערשטן באַנד איז פאַרעפנטלעכט די גלענצנדע פאָרשונג פון ש. אַנ־סקין „ייִדישע פאָלקסשאַפונג". געבנדיק א ברייטע פאָרשטעלונג פון פאָלקסלידער, שפּריכווערטלעך, גלייַכווערטלעך, דערציילנדיק וועגן מינהאָגים און ריטועלע צערעמאָניעס, האָט אַנ־סקי ארייַנגעפירט דעם לייענער אין דעם אייגנאַרטיקן שטייגער פונעם ייִדישן שטעטל, וואָס האָט שוין געהאַלטן אין פאַרשווינדן.

סימפּטאָמאַטיש איז געווען דער אינטערעס צו די פאָרגעשריטענע געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען. דער ייִדישער סאָציאַליסטישער באַוועגונג זייַנען געווען געווידמעט די אַרטיקלען פון אי. ציִנבערגן און ב. פרומקינען. אַלס א נייַע דערשייַנונג אין דער ביז־אָקטיאַברישער יודאַיִק קאָנען באַטראַכט ווערן עטלעכע מאָנאָגראַפיעס וועגן דעם ייִדישן קולטור־געזעלשאַפטלעכן לעבן. א הויכע אָפּשאַצונג פאַרדינט בעלי־סאָפעק דער בוך פון דעם אומדערמידלעכן פאָרשער ייִסראָעל (סערגיי) ציִנבערג „די געשיכטע פון דער ייִדישער פּרעסע אין רוסלאַנד אין צוזאַמענהאַנג מיט די געזעלשאַפטלעכע באַוועגונגען" (פעטערבורג, 1916). דעם אווטאָר אינטערעסירט, „וויאַזוי די פּרעסע שפּיגלט אָפּ די בעהאַדראָגעדיקע דערוואַכונג פון דעם נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַוווסטזייַן". אָבער די דאָזיקע אַרבעט שפּאַנט אַריבער די אָנגעמערקטע ראַמען. דער

היסטאָריקער שילדערט אַן אייַנדרוקפולן בילד — די אַנטוויקלונג פון דער יידישער פּעריאָדיק אין דער העברעיִשער, יידישער און רוסישער שפּראַכן. ווענדנדיק זיך צו דער פּרעסע, האָט דער אוטאָר באַוויזן די גרונטיקע ריכטונגען און גייַסטיקע זוכונגען פון דער יידישער געזעלשאַפט אין סאָף XVIII יה. ביזן יאָר 1880. אַגעוו, דאָס געפיל פון היסטאָריזם פעלט צומאָל דעם פאָרשער. לעמאָשל, אַזעלכע אויסגאַבעס ווי „האַמאַגיד", «Рассвет» און «Сион» (סאָף 50־ער — אָנהייב 60־ער יאָרן פון פאָריקן יה.) פאַלן אַרויס בא ציַנבערגן פונעם קאָנטעקסט פון דער קאָנקרעטער עפּאָכע און ווערן אָפּגעשאַצט פון די פּאָזיציעס פון גאָר אַן אַנדער צייַט — אַלס אַסימילאַטאָרישע.

דער אַנטשטייונג און דער טעטיקייַט פון דער ערשטער קולטור־אויפקלערערישער אָרגאַניזאַציע ווידמעט אי. טשעריקאָווער זייַן בוך „די געשיכטע פון דער געזעלשאַפט פאַר פאַרשפּרייטן בילדונג צווישן די יידן פון רוסלאַנד" (פּעטערבורג, 1913). טשעריקאָווער האָט אָנגעשריבן די געשיכטע בלויז פון דעם ערשטן און אינטערעסאַנטן יאָרצענדליק (1863—1873) אין דער טעטיקייַט פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט. כראָנאָלאָגיש און טעמאַטיש רופט זיך איבער מיט דער אויבנדערמאָנטער מאָנאַגראַפיע די אַרבעט פון פּעטער מאַרעק „די געשיכטע פון דער אויפקלערונג בא די יידן אין רוסלאַנד" (מאָסקווע, 1909). די צייַט־גרענעצן פון דער פאָרשונג זייַנען באַצייכנט פּינקטלעך: 1844—1873. די אָנהייב־דאַטע — די עפענונג פון די יידישע קאַזיאָנע שולן, די סאָף־דאַטע — די רעאָרגאַניזאַציע פון די שולן אין לערער־אינסטיטוטן. דער פּעריאָד, וואָס דער אוטאָר האָט אויסגעקליבן, איז אָפּגעמערקט אַלס א צייַט, ווען ס'איז געגאַן דער קאַמף צווישן „צוויי דערציִונג־סיסטעמען" — רעליגיִעזער און וועלטלעכער, ווי אויך ווען ס'איז פאָרגעקומען א שאַרפע ענדערונג אין דער פּאָליטיק פון דער צאַרישער מאַכט אין דער דאָזיקער פראַגע. פון די פּרוּוון צו באַהעפטן דאָס יידנטום צו אייראָפּעיִשער בילדונג איז דער צאַריזם אין די 80־ער יאָרן איבערגעגאַנגען צו שאַפן א סיסטעם, וואָס זאָל ניט צולאָזן די יידן צו בילדונג.

דעם פּאָליטיש־רעכטלעכן טעמאַטישן דיאַפּאַזאָן זעען מיר בוילעט אין די שאַפונגען פונעם פרוכטבאַרן היסטאָריקער יולי געסען (זייַן צענטראַל ווערק „די געשיכטע פון די יידן אין רוסלאַנד". פּעטערבורג, (1916). די טעמאַטיק פון געסענס פאָרשונגען זייַנען, בא זייער געוויסער באַדייַטונג, פונדעסטוועגן א סאַך שמעלער, איידער עס האָבן צוגעזאָגט די קעפּלעך פון זייַנע ביכער. דאָס איז גיכער געווען די געשיכטע פון דער צאַרישער געזעצגעבונג וועגן יידן, איידער די אַלזייַטיקע געשיכטע פונעם לעבן פון דעם רוסלענדישן יידנטום.

וועגן דער פאַרשיידנאַרטיקייַט און רייַכקייַט פון דער ביז־אָקטיאַבערישער יודאַיִק זאָגן איידעס די אויסגאַבעס פון דער קאָלאָניזאַציע־געזעלשאַפט (EKO) און פון דעם אַלגעמיינעם אַרבעטער־בונד אין פּוילן („בונד"). די אויסגאַבעס, וואָס זייַנען דערשינען אונטער דער עגידע פון EKO, האָבן אין א געוויסער מאָס אַנטשפּרעכט דעם כאַראַקטער פון דער דאָזיקער אָרגאַניזאַציע — זאָרגן וועגן דעם וווילשטאַנד פון די יידישע מאַסן. זיי האָבן געהאַט קוידעמקאָל א פּראַקטישן ציל. פונדאַנען שטאַמט דער אינטערעס צו די סאָציִאַל־עקאָנאָמישע פראַגן: דעמאָגראַפיע און סטאַטיסטיק. די עקאָנאָמישע סיוזשעטן האָט פאַנאַנדערגעאַרבעט אי. אָרשאַנסקי, וועגן וועמען ס'איז שוין געגאַן א רייד, ווי אויך וו. נ. ניקיטין און א. פּ. סובאָטין.

דער שרייַבער און היסטאָריקער ניקיטין האָט געווידמעט זייַנע פאָרשונגען דער יידישער ערדאַרבעט אין רוסלאַנד. דאָס איז געווען א מענטש מיט א שווערן לעבנס־גורל, קינדווייַז האָט מען אים געכאַפּט פאַר א קאַנטאָניסט און אים געצווּונגען זיך טויפן. אַדאַנק דער אייַנגעשפּאַרטער מי האָט זיך אים אייַנגעגעבן פאַרנעמען א גאַנץ הויכן פּאָסט אינעם מיניסטעריום פון ערדאַרבעט און באַקומען א צוטריט צו א גרויסער צאָל אַרכיוו־דאָקומענטן. די דאָזיקע מאַטעריאַלן זייַנען געלייגט געוואָרן אין גרונט פון זייַן ברייטער פאָרשונג „יידן־ערדאַרבעטער: די היסטאָרישע, געזעצגעבערישע, אַרמיניסטראַטיווע און שטייגערישע לאַגע פון די קאָלאָניעס, אָנהייבנדיק פון זייער אַנטשטיין און ביז אונדזער צייַט (1807 — 1887)". (פּעטערבורג, 1887). דער אוטאָר האָט געגעבן פיל ידיִעס, אין זייער דינאַמיק, וועגן די יידישע ערדאַרבעטער־קאָלאָניעס. ער האָט פאָרגעשטעלט אַן אָביעקטיוו בילד פונעם קאַמף פון די יידישע מאַסן פאַר זייער עקזיסטענץ, אויפגעדעקט און דערקלערט די סיבעס פון דעם שווערן מאַצעוו פון פיל קאָלאָניעס און דעמאַסקירט די פאַרשיידענע אויסטראַכטענישן, וועלכע ס'האָט פאַרשפּרייט די רעאַקציִאָנערע פּרעסע וועגן דער קלוימערשטער אומפעיִקייַט פון די יידן צו פיזישער אַרבעט.

וויסנשאַפטלעכע אָרנטלעכקייַט האָט כאַראַקטעריזירט די אַרבעטן פונעם מערקווירדיקן רוסישן פאָרשער אַנדריי פּאַוולאָוויטש סובאָטין. ער האָט פּובליקירט זייַנע אַרטיקלען אונטערן אַלגעמיינעם טיטל „אין דעם יידישן טכום־האַמוישעוו. פראַגמענטן פון אַן עקאָנאָמישער פאָרשונג" (אויסגאַבע 1, 2, פּעטערבורג, 1880—1890). אין אָט דעם בוך איז אין לעבעדיקע בילדער פאָרגעשטעלט דאָס לעבן פון די יידישע אַרבעטער, ס'ווערן געגעבן פאַרשיידנאַרטיקע סטאַטיסטישע ידיִעס וועגן דעם אָנטייל פון די יידן אין אָרטיקן האַנדל, אין דער האַנטווערקערייַ, אינדוסטריע אאַוו. דער אוטאָר האָט בוילעט באַוויזן די אַנטוויקלונג פון די

קאפיטאליסטישע פארהעלטענישן און זייער באזונדערקייט אין טכום.

דער איניציאטאר פון א נייעם שטראם פארשונגען איז געווארן די „יידישע קאלאניזאציע־געזעלשאפט", וועלכע האט נאך דער פאלקסציילונג פונעם יאר 1897 באקומען א ברייטן סטאטיסטישן מאטעריאל, וואס א טייל זיינער איז אריין אין דער אויסגאבע „מאטעריאלן־זאמלונג וועגן דער עקאנאמישער לאגע פון די יידן אין רוסלאנד" (1, 2 בענדער. פעטערבורג, 1904). א פארטיפערטן אנאליז פון די דאזיקע אנגאבן אנטהאלטן די ארויסגעגעבענע מיצאד דער געזעלשאפט פיר העפטן „סטאטיסטיש־עקאנאמישע נאטיצן און פארשונגען". אין זיי ווערט באטראכט דער פראפעסיאנעלער באשטאנד פון דער יידישער באפעלקערונג, יעדיעס, וואס זיינען שייך דער טעריטאריעלער פאנאנדערטיילונג, און אנדערע דעמאגראפישע און קולטורעלע סימאנים.

די אויסגאבעס (לויט דער איניציאטיוו פון „בונד") האבן דעמאסקירט די פאגראם־פאליטיק פונעם צאריזם. ס'איז אויך געמאכט געווארן א פרווו צו באווייזן די יידישע ארבעטער־באוועגונג, וועלכע האט ארומגעכאפט אין סאף פונעם יארהונדערט א סאך שטעט און שטעטלעך פון דעם טכום. דער אויסלענדישער קאמיטעט פון „בונד" האט צוגעגרייט א בראשור „די געשיכטע פון דער יידישער ארבעטער־באוועגונג אין רוסלאנד און אין פוילן". זי איז ארויסגעגאן אין זשענעווע אין 1900 צום V קאנגרעס פונעם II אינטערנאציאנאל, אף וועלכן דער „בונד" האט צום ערשטן מאל געשיקט זיינע פארשטייער. אין איר האט זיך דערציילט וועגן פארשיידענע פארמען פון קלאסן־קאמף פונעם יידישן פראלעטאריאט: דעמאנסטראציעס, שטרייקן; וועגן דער פראגראם פון „בונד" און די רעפרעסיעס פונעם צאריזם; וועגן דעם „בונדס" צענטראלן פארטיי־ארגאן, דער צייטונג „ארבעטער־שטימע". צוליב טיימים פון קאנספיראציע זיינען אין דער בראשור ניט אנגעוויזן קיין נעמען און ס'האבן געפעלט א ריי וויכטיקע פאקטן. און דאך איז עס געווען די ערשטע ארבעט וועגן דער געשיכטע פון דער יידישער ארבעטער־באוועגונג. די בראשור איז געווען געשריבן אין יידיש. דער נאמען פונעם אווטאר איז ניט באוווסט.

די דערפאלגן פון דער פאטערלענדישער יודאיק האט דערמעגלעכט צוצוטרעטן צו קאלעקטיווע פאראלגעמיינערטע שאפונגען. א גרויסע געשעעניש האט געזאלט ווערן די אויסגאבע פון א פופצנבענדיקער „געשיכטע פונעם יידישן פאלק", וועלכע האט געדארפט ארויסגיין אין צוויי סעריעס: די ערשטע 10 בענדער — „די אלגעמיינע געשיכטע פון די יידן" און די צווייטע — „די געשיכטע פון די יידן אין רוסלאנד". אין 1914 איז אין מאסקווע ארויסגעגאן דער XI באנד פון דער אויסגאבע, וועלכער האט אנטהאלטן די געשיכטע פון די יידן אין פוילן און אין ליטע ביזן צעטיילן פוילן אין סאף פון XVIII יה.

די „געשיכטע פון די יידן אין רוסלאנד" האט פארזאמלט אף אירע זייטלעך א ריי באוווסטע היסטאריקער: מארעק, גינזבורג, דובנאוו, באלאבאן, ווישניצער, צינבערג און אנדערע. די רעדאקציע פון דער אויסגאבע האט אויסגעמיטן די טראדיציע צו אידענטיפיצירן די געשיכטע פונעם יידנטום אין רוסלאנד מיט זייער רעכטלעכער לאגע, מיט דער „יידישער פראגע". די זעקסהונדערטיאריקע געשיכטע פון יידן אין פוילן און אין ליטע איז פארגעשטעלט אין די סאמע פארשיידענע אספעקטן. עס איז באטראכט געווארן די פאליטישע און סאציאלע געשיכטע, די זעלבסטפארוואלטונג אין דער געמיינדע, אויך פראגן פון דעמאגראפיע, קונסט, שטייגער און זיטן. גלענצנד און טאלאנטפול זיינען אנגעשריבן די קאפיטלעך וועגן די געזעלשאפטלעך־רעליגיעזע שטרעמונגען: ראוויניזם, כאסידיזם און פראנקיזם. אבער אין דעם פארצייכענונגסארטיקן כאראקטער פון דער אויסגאבע איז געווען פארבארגן א גרויסער כיסארן. דאס צעדרויבלען דעם מאטעריאל אף באזונדערע זעלבשטענדיקע סיורזשעטן האט זי דערנעענטערט צום ענציקלאפעדיעטיפ. אזא סטרוקטור האט געהאלפן דעם לייענער בלויז זיך פאנאנדערקלייבן אין דער אדער יענער פראגע, נאר געשטערט צו זען דאס פאראלגעמיינערטע בילד פון דער עפאכע.

אן אנדער אויסגאבע, וואס האט מיט זיך פארגעשטעלט א מין פאראלגעמיינערטן סאכאקל פון דער ביז־אקטיאברישער היסטאריאגראפיע, איז געווען די «Еврейская энциклопедия» („יידישע ענציקלאפעדיע") — „א זאמלונג פון קענטענישן וועגן דעם יידנטום און זיין קולטור אין דער פארגאנגענהייט און אין דער קעגנווארט". די ענציקלאפעדיע באשטייט פון זעכצן בענדער (פעטערבורג, 1908—1913). זי אנטהאלט אריגינעלע ארטיקלען וועגן דער געשיכטע און דער לאגע פון די יידן אין רוסלאנד און אין פוילן, וועגן זייער ליטעראטור, קולטור און דעמאגראפיע.

די „יידישע ענציקלאפעדיע" האט ניט פארלוירן איר באדייטונג אויך אין אונדזער צייט, אלס א ווערטפולער קוואל פון קענטענישן און אן אויסנעמלעכער דענקמאל פון דער היסטאריאגראפיע.

באגלייך מיט דער יידישער היסטאריאגראפיע אין דער רוסישער שפראך, וואס האט אזוי שטורמיש פראגרעסירט אין מעשך פון יארצענדליקער, האט געלעבט און זיך אנטוויקלט די היסטאריאגראפיע אין העברעיש. זי האט אפט ניט צוגעצויגן די געהעריקע אויפמערקזאמקייט, און דאך קאן מען די היסטארישע ארבעטן אין העברעיש באטראכטן אלס א זעלבשטענדיקע צווייג אין די ראמען פון דער ביז־אקטיאברישער יידישער היסטאריאגראפיע.

די ערשטע אַרבעט אין העברעיִש וועגן דער געשיכטע פון די רוסלענדישע ייִדן איז געווען די מאָנאָגראַפיע פונעם באַוווסטן מאַסקל שמועל־יוסעף פון „קריה נאמנה" („די שטאָט פון טרײַהײַט", 1860), וועלכע איז געווידמעט דער ווילנער געמיינדע. אין דאָזיקן ווערק האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט די באַזונדערקײַטן, וואָס זײַנען מער אָדער ווייניקער כאַראַקטעריסטיש פאַר דער גאַנצער העברעיִשער ריכטונג, וועלכע האָט אַנטהאַלטן אַ גרויסע צאָל ווערטפולע היסטאָרישע קוואַלן. אין דעם בוך זײַנען פאָרגעשטעלט פראַגמענטן פון פּינקעסן, מאַציייווע־אויפשריפטן, גענעאַלאָגישע צעטלען פון ווילנער ראַבאָנים, ד.ה. היסטאָרישע קוואַלן פון דעם „ווילנער ירושאַלאַיִם". אין זעלבן „שליסל" זײַנען צונויפגעשטעלט די ביכער פון ש. פרידענשטיין „עיר גבורים" („די שטאָט פון העלדן", 1880 יאָר) וועגן דער גראָדנער געמיינדע און א. ל. פײַנשטיין „עיר תהלה" („שטאָט פון רום", 1886 יאָר) וועגן ברעסט־ליטאָווסק. אין די יאָרן 1887—1892 זײַנען דערשינען אי.־כ. גורליאַנדס פינף אויסגאַבעס אונטער אַן אַלגעמיין קעפּל — „לקרות אל ישראל" (צו דער געשיכטע „פונעם פאָלק ייִסראָעל"). אין אָט דעם ווערק געפינען מיר אַ ריי ווערטפולע קוואַלן וועגן די טראַגישע געשעענישן אין דער ייִדישער געשיכטע אויף אוקראַיִנע (XVII—XVIII יה.): כמעלניצקיס אויפשטאַנד, די אומאַנער שכיטע אין 1868 יאָר.

עס פאַרדינען אויך אויפמערקזאַמקײַט די פאָרשונגען פון שויעל־פּינכעס ראַבינאָוויטש (שעפער) און פון בענציִען קאַץ. ראַבינאָוויטשעס וויסנשאַפטלעכע אינטערעסן אַלס היסטאָריקער האָבן זיך געפונען אין אַ געוויסער מאָס אויסער דער רוסלענדיש־ייִדישער געשיכטע. אָבער מע קאָן נישט ניט אָפּמערקן, אַז ער האָט איבערגעזעצט און איבערגעאַרבעט דאָס אַכטבענדיקע ווערק פון גרעצן. די אַרבעט פון בענציִען קאַץ „לקורות היהודים ברוסיא, פולין וליטא" („צו דער געשיכטע פון די ייִדן אין רוסלאַנד. פוילן און ליטע") האָט אַרײַנגעטראָגן אין וויסנשאַפטלעכן געברויך „שאלות תשובות" („פראַגעס און ענטפערס") ד.ה., די ראַבאָנישע רעספּאָנסן. אין זיי געפינען מיר אוניקאַלע ידיעס, וועלכע זײַנען אין אַנדערע קוואַלן אומבאַוווסט, לעמאָשל, וועגן דער באַשעפטיקונג פון די ייִדן מיט באַרג־וועזן, אינעם אַרויסבאַקום פון אײַזנאַרץ, מעטאַל־שמעלצונג אין פוילן אין XVII יה., וועגן ייִדן, געפאַנגענע מיצאַד די קרימער טאָטערן בײַם זייערע אָנפאַלן אויף אוקראַיִנע און פוילן, וועגן דעם אָנטייל פון די ייִדן אין דער רוסיש־פּוילישער מילכאָמע אין אָנהייב XVII יה., אאוו. אָבער אויך דאָ האָבן די נײַע פאַרשיידנאַרטיקע פאַקטן ניט באַקומען קיין קאָנצעפּטועלע באַזיניקונג.

אַ ריי העברעיִשע אויסגאַבעס האָבן פּובליקירט היסטאָרישע מאַטעריאַלן, צום בײַשפּיל, דער „מאסף" (זאַמלונג) האָט אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל פון דעם באַוווסטן פאָרשער פון כאַסידיזם ש. א. גאָראָדעצקי וועגן דער געשיכטע פון די ייִדן אין דער שטאָט בערדיטשעוו, ווי אויך אויסצוגן פונעם פּינקעס פון לוצק, זיכרוינעס וועגן אַן אַלילאַס־דאַם אין סאַראַטאָוו.

די היסטאָריאָגראַפיע אין דער העברעיִשער שפּראַך בלײַבט אַ „ווײַסער פלעק" אין דער פאָרשונג פון דער ייִדישער גײַסטיקער און וויסנשאַפטלעכער אַנטוויקלונג. בעלי־סאָפעק זײַנען פאַראַן זעלטענע, פאַרגעסענע אָדער ווייניק צוטריטלעכע אויסגאַבעס, וואָס אַנטהאַלטן ניט ווייניק ווערטפולע ידיעס צו דער געשיכטע פון אונדזער פאָלק.

די פּאַטערלענדישע יודאַיִק האָט זיך אַנטוויקלט אין שווערע באַדינגונגען. פאַקטיש זײַנען ניט געווען קיין מעגלעכקײַטן צוצוגרייטן פּראָפעסיאָנעלע היסטאָריקער. די טעטיקײַט פון גאַנצע דורות ייִדישע היסטאָריקער האָט געטראָגן אַ מעסירעסנעפעשדיקן כאַראַקטער, זי פלעגט פאַרווירקלעכט ווערן בלויז אַדאַנק באַלע־צדאָקעס, פילאַנטראָפּן.

די ערשטע וועלט־מילכאָמע און דער בירגערקריג האָבן געבראַכט דערצו, אַז אייניקע וויכטיקע אַרבעטן זײַנען ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן. צווישן זיי די פאָרשונגען פון טשעריקאָווערן, ציִנבערגן, מאַרעקן, די פילבענדיקע „געשיכטע פונעם ייִדישן פאָלק"...

די היסטאָריקער פונעם ייִדנטום האָבן ניט געהערט צום היסטאָרישן מאַטעריאַליזם. נאָר ניט געקוקט אויף דעם, איז די ייִדישע היסטאָריאָגראַפיע דירעקט אָדער אומדירעקט באַווירקט געווען פון דעם מאַרקסיזם. זי האָט אָפּגעגעבן אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקײַט דעם עקאָנאָמישן אַספּעקט פון דער געשיכטע, באַטראַכט אַ סאַך פראַגן פונעם שטאַנדפּונקט פון דער סאָציאַלער דינאַמיק און פון די געזעלשאַפטלעכע ווידערשפּרוכן. ס'איז פּאַראַדאָקסאַל, וואָס דובנאָוו, וועלכער האָט זיך ביכלאַל סוימעך געווען אויף דעם פּאָזיטיוויזם, איז געקומען צום אויספיר, אַז דער סוביעקט פון דער געשיכטע, איר באַוועג־קראַפט איז ניט די „דענקענדיקע פערזענלעכקײַט", ווי עס האָבן באַהויפּטעט די פּאָזיטיוויסטן. אַלס שעפער פון דער געשיכטע טרעטן באַ דובנאָוון אַרויס די פאָלקסמאַסן. אַזאַ צוגאַנג האָט דערנעענטערט דובנאָווס קאָנצעפּציע צו דער מאַרקסיסטישער אויפפאַסונג פונעם היסטאָרישן פּראָצעס.

אַדאַנק דער מי פון צוויי דורות היסטאָריקער איז רוסלאַנד אין די ערשטע יאָרצענדליקער פונעם XX יה. געווען דער פירנדיקער צענטער פון ייִדישע פאָרשונגען אין דער וועלט. עס זײַנען אויפגעשטעלט געוואָרן (און אין אייניקע פאַלן זײַנען זיי געלייזט אויף אַ העכסט וויסנשאַפטלעכן ניוואָ) אַ ריי וויכטיקע היסטאָריאָגראַפישע פּראָבלעמען, געשאַפן געוואָרן אַ ברייטע היסטאָרישע באַזע מיט אײַנגעוואָרצלטע וויסנשאַפטלעכע טראַדיציעס.

# דער ייִדישער ייִשעוו אויף אוקראַיִנע אינעם נאָכמילכאָמע-פּעריאָד

אין דער שוין פאַרעפנטלעכטער פאַרצייכענונג „די הויפּט-עטאַפּן פון דער עטנישער געשיכטע פון די ייִדן אויפן שטעטעך פון אוקראַיִנע"[1] זײַנען די פּראָטים פון דער עטנאָדעמאָגראַפישער אַנטוויקלונג פונעם ייִדישן ייִשעוו פון דער אוקראַיִנישער סס"ר אין די לעצטע יאָרצענדליקער כאַראַקטעריזירט געוואָרן גאַנץ קורץ. אין דעם געגעבענעם אַרטיקל ווערט אונטערגענומען אַ פּרוּוו צו באַטראַכטן די דאָזיקע פּראָבלעם גרינטלעכער.

ערעוו דער צווייטער וועלט-מילכאָמע (אין 1939) האָבן אויף דער הײַנטצײַטיקער טעריטאָריע פון דער אוקראַיִנישער סס"ר געלעבט, לויט אונדזער אָפּשאַצונג, 2 מיליאָן 531 טויזנט ייִדן (ניט נעמענדיק אין אַכט די פּליטים פון מערעוו-פּוילן, וואָס איז אָקופּירט געוואָרן מיצאַד די נאַציס אין סעפּטעמבער 1939), ד. ה. 6,2% פון דער גאַנצער באַפעלקערונג אויף דער הײַנטצײַטיקער טעריטאָריע פון דער אוקראַיִנישער סס"ר און 52,4% פון דער גאַנצער ייִדישער באַפעלקערונג אין די איצטיקע גרענעצן פון פסס"ר. די געגעבענע אָפּשאַצונג באַזירט זיך סײַ אויף די מאַטעריאַלן פון דער פאָלקסציילונג פון פסס"ר אין 1939 (אין די גרענעצן ביז סעפּטעמבער 1939), סײַ אויפן איבערכוזשבענען די רעזולטאַטן פון די פאָלקסציילונגען פון פּוילן (1931), רומעניע (1930) און טשעכאָסלאָוואַקיע (1930) מיט אַן אַנטשפּרעכיקער אויספּאַריכטונג, וועלכע נעמט אין אַכט די אַנגאַבן וועגן דער נאַטירלעכער באַוועגונג און מיגראַציע פון דער אָרטיקער ייִדישער באַפעלקערונג אין די 30-ער יאָרן.

אינגיכן נאָך דער אָקופּאַציע פון אוקראַיִנע אין 1941 האָבן די נאַציס און זייערע אונטערהעלפער פּראַקטיש פולקום פאַרניכטעט די ייִדן, וועלכע האָבן ניט באַוויזן זיך עוואַקויִרן אין דער טיף פונעם לאַנד. ס'איז אוממעגלעך פעסטצושטעלן הײַנטצוטאָג די פּינקטלעכע צאָל אומגעקומענע אוקראַיִנישע ייִדן, אָבער די רייד קאָן גיין בעצל-סאָפעק וועגן אַמווייניקסטנס 1,4 מיליאָן נעפאַשעס, אויב זיך באַזירן אויפן פאַרגלײַך-אַנאַליז פון די אַנגאַבן וועגן דעם צאָלבאַשטאַנד פונעם ייִדישן ייִשעוו אויף אוקראַיִנע אין 1939 און אין 1959, ווי אויך פון זײַן גענעראַציע-סטרוקטור אין 1959. אויף אַזאַ אופן, פאַלט אויף די ייִדן עטוואָס ווייניקער פון אַ דריטלכיילעק פון אַלע פאַרלוסטן (4 מיליאָן 497 טויזנט נעפאַשעס) פון דער בירגערלעכער באַפעלקערונג פון אוקראַיִנע. כוץ דעם, זײַנען צענדליקער טויזנטער ייִדן פון אוקראַיִנע געווען צווישן די 200 טויזנט סאָוועטישע ייִדן-קריגסלײַט, וועלכע זײַנען געפאַלן אויף די פראָנטן פון דער גרויסער פאָטערלענדישער מילכאָמע. אינגאַנצן גענומען, האָבן דירעקטע פאַרלוסטן פון דער ייִדישער באַפעלקערונג פון אוקראַיִנע אין די מילכאָמע-יאָרן געקאָנט באַטרעפן, לויט אונדזער אָפּשאַצונג, ביז צו 1,5 מיליאָן נעפאַשעס, אָדער אַרום 60% פון איר פאַרמילכאָמעדיקן צאָלבאַשטאַנד. וואָס איז שײַעך די אומגעראָפענע אומדירעקטע פאַרלוסטן, וועלכע זײַנען פאַרבונדן מיט אַ שאַרפער פאַרקלענערונג פון געבורטיקײַט און אַ פאַרגרעסערונג פון שטערבלעכקײַט צווישן די עוואַקויִרטע, קאָן דאָ גיין די רייד וועגן נאָך 150 — 200 טויזנט נעפאַשעס אַמווייניקסטן.

אין די ערשטע נאָכמילכאָמע-יאָרן האָט די איבערוועגנדיקע מערהײַט עוואַקויִרטע און דעמאָביליזירטע זיך אומגעקערט אויף אוקראַיִנע. פונדעסטוועגן זײַנען ניט ווייניקער פון עטלעכע צענדליק טויזנט געבליבן אין רספסר, קאַזאַכסטאַן און אין די רעפּובליקן פון מיטל-אַזיע. נאָך עטלעכע צענדליק טויזנט ייִדן, וועלכע האָבן געהאַט פאַר דער מילכאָמע פּוילישע, רומענישע און טשעכאָסלאָוואַקישע בירגערשאַפט, האָבן זיך גלײַך נאָך דער מילכאָמע אָדער אין דער מיט פון די 50-ער יאָרן רעפּאַטריִירט אין די אַנטשפּרעכיקע לענדער.

אין די לעצטע יאָרצענדליקער פאַרקלענערן זיך באַשטענדיק סײַ דער אַבסאָליוטער צאָלבאַשטאַנד פון די ייִדן אין אוקראַיִנע, סײַ זייער כיילעק אינעם גאַנצן ייִדישן ייִשעוו פון פסס"ר. דערבײַ האָבן

[1] „סאָוועטיש היימלאַנד", 1988, נומ. 7.

די טעמפּן פון אָט דעם פּראָצעס א טענדענץ צו פארשנעלערונג. אזוי, אויב אין פעריאָד צווישן די פאָלקסציילונגען פונעם 1959 און 1970 האָט דער צאָלבאַשטאַנד פון דער ייִדישער באַפעלקערונג פון דער אוקראַיִנישער ססר זיך פארקלענערט אויף 7,5%, איז צווישן 1970 און 1979 — שוין אויף 18,4%. לויט אונדזערע אָפּשאַצונגען, וועט איינעם פעריאָד צווישן 1979 און 1989 די פארקלענערונג באַטרעפן בערעך 21,9%.

טאַבעלע 1. דינאַמיק פונעם צאָלבאַשטאַנד פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אויף אוקראַיִנע לויט די אָנגאַבן פון די פאָלקסציילונגען.

| יאָר | אַלגעמיינער צאָלבאַשטאַנד (טויזנטער נעפאַשעס) | צו דער גאַנצער באַפעלקערונג (%) | צו דער ייִדישער באַפעלקערונג פון פססר (%) |
|---|---|---|---|
| 1939 | [1]2531 | [1]6,2 | [1]52,4 |
| 1950 | [1]840 | [1]2,3 | [1]36,5 |
| 1959 | 840 | 2,0 | 37,0 |
| 1970 | 777 | 1,6 | 36,1 |
| 1979 | 634 | 1,3 | 35,0 |
| 1989 | [1]495 | [1]1,0 | [1]34,4 |

מיר וועלן זיך נאָך פראַקטימדיקער אָפּשטעלן אויפן אנאַליז פון יעדן איינעם פון די דריי גרונט פאַקטאָרן (נאַטירלעכער צוּוווּקס, מיגראַציאָנעלער סאַלדאָ, עטנישע פּראָצעסן), וועלכע דעטערמינירן די דינאַמיק פונעם צאָלבאַשטאַנד פון די ייִדן אויף אוקראַיִנע. פריִער איז קעדיי אָפּמערקן די באַזונ־דערקייטן פון זייער איסבאַזעצונג און די איקערדיקע סאָציאַלע כאַראַקטעריסטיקעס.

טאַבעלע. 2. שטאָטישע און דאָרפישער ייִדישע באַפעלקערונג פון דער אוקראַיִנישער ססר אין 1959—1979.

| יאָר | שטאָטישע באַפעלקערונג | | | דאָרפישע באַפעלקערונג | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | אַלגעמיינער צאָלבאַשטאַנד (טויזנטער נעפאַשעס) | צו דער גאַנ־צער ייִדישער באַפעלקערונג פון אוססר (%) | צו דער שטאָטישער באַפעלקערונג פון אוססר | אַלגעמיינער צאָלבאַשטאַנד (טויזנטער נעפאַשעס) | צו דער גאַנ־צער ייִדישער באַפעלקערונג פון אוססר(%) | צו דער גאַנ־צען דאָרפישער באַפעלקערונג פון אוססר (%) |
| 1959 | 810 | 96,4 | 4,2 | 30 | 3,6 | 0,1 |
| 1979 | 764 | 98,3 | 3,0 | 13 | 1,7 | 0,1 |
| 1979 | 627 | 98,9 | 2,1 | 7 | 1,1 | 0,0 |

ווי עס באַווייַזן די אָנגאַבן פון די פאָלקסציילונגען, לעבן די ייִדן אין זייער איבערוועגנדיקער מערהייט אין שטעט און יישובים. נאָך מער, אין 1959 זיינען 74% פון דער גאַנצער ייִדישער באַפעלקערונג געווען קאָנצענטרירט אין די שטעט מיט א באַפעלקערונג אריבער 100 טויזנט נעפאַ־שעס, אין 1970 איז דער דאָזיקער ציִיגער שוין אויסגעוואַקסן ביז 81%. אין די שפּעטערדיקע יאָרן האָט די דאָזיקע טענדענץ זיך אָפּגעהיט. לויט אונדזערע אָפּשאַצונגען, האָבן בלויז אין 9 גרעסערע שטעט פון אוקראַיִנע מיט א באַפעלקערונג אריבער 500 טויזנט נעפאַשעס (קיִעוו, כאַרקאָוו, דניעפּראָ־פּעטראָווסק, אָדעס, דאָנעצק, זאַפּאָראָזשיע, לוואָוו, קריוואָי ראָג און מאַריופּאָל) געלעבט ניט ווייניקער פון 60% פון די ייִדן פון דער רעפּובליק.

[1] אָפּשאַצונג (דה. אָנגאַבן, וועלכע דער אווטאָר האָט באַקומען אומדירעקט, דורך ספּעציעלע אויס־רעכענונגען).

טאבעלע 3. יידישע באפעלקערונג פון באזונדערע געגנטן און שטעט פון דער אוקראַיִנישער ססר לויט די אַנגאבן פון די פאָלקסציילונגען פון 1959, 1970 און 1979.

| געגנט, שטאָט | אלגעמיינער צאָלבאשטאנד (טויזנטער נעפאשעס) | | | צו דער גאנצער באפעלקערונג (אין פראָצענטן) | | |
|---|---|---|---|---|---|---|
| | 1959 | 1970 | 1979 | 1959 | 1970 | 1979 |
| 1 | 2 | 3 | 4 | 5 | 6 | 7 |
| קיִעווער | 168,3 | 164,3 | 141,8 | 5,9 | 4,7 | 3,5 |
| בעסויכעם: | | | | | | |
| קיִעוו | 153,5 | 152,0 | 132,2 | 13,8 | 9,3 | 6,2 |
| בעלאַיא צערקאָוו | 5,5 | 5,5 | ... | 7,8 | 5,1 | ... |
| אָדעסער | 121,4 | 117,2 | 92,2 | 6,0 | 5,0 | 3,7 |
| בעסויכעם: | | | | | | |
| אָדעס | 108,9 | 108,1 | ... | 16,3 | 12,1 | ... |
| כארקאָווער | 84,2 | 76,5 | 64,1 | 3,2 | 2,7 | 2,1 |
| בעסויכעם: | | | | | | |
| כארקאָוו | 81,5 | 74,6 | ... | 8,7 | 6,1 | ... |
| דניעפּראָפּעטראָווסקער | 73,3 | 69,3 | 61,0 | 2,6 | 2,1 | 1,7 |
| בעסויכעם: | | | | | | |
| דניעפּראָפּעטראָווסק | 53,4 | 50,4 | ... | 8,1 | 5,9 | ... |
| קריוואָי ראָג | 10,7 | 10,5 | ... | 2,3 | 1,8 | ... |
| דניעפּראָדזערזשינסק | 3,5 | 3,1 | ... | 1,8 | 1,4 | ... |
| וויניצער | 50,2 | 42,3 | 33,9 | 2,4 | 2,0 | 1,7 |
| בעסויכעם: | | | | | | |
| וויניצע | 16,6 | 17,1 | ... | 13,1 | 8,1 | ... |
| מאָהילעוו-פּאָדאָלסק | 4,5 | 4,4 | ... | 21,2 | 16,9 | ... |
| זשמערינקע | 3,2 | 2,6 | ... | 10,9 | 7,2 | ... |
| דאָנעצקער | 42,5 | 40,0 | 35,5 | 1,0 | 0,8 | 6,0 |
| בעסויכעם: | | | | | | |
| דאָנעצק | 22,3 | 23,3 | ... | 3,2 | 2,7 | ... |
| מאריוּפּאָל | 3,4 | 3,4 | ... | 1,2 | 0,8 | ... |
| טשערנאָוויצער | 42,1 | 37,5 | 22,3 | 5,5 | 4,5 | 2,6 |
| בעסויכעם: | | | | | | |
| טשערנאָוויץ | 37,6 | 34,6 | ... | 25,7 | 18,5 | ... |
| זשיטאָמירער | 42,0 | 35,7 | 29,0 | 2,6 | 2,2 | 1,8 |
| בעסויכעם: | | | | | | |
| זשיטאָמיר | 14,7 | 14,3 | ... | 13,9 | 8,9 | ... |
| קאָראָסטען | 6,8 | 6,2 | ... | 17,9 | 11,1 | ... |
| בערדיטשעוו | 6,3 | 5,7 | ... | 11,8 | 8,0 | ... |
| נאָוואָגראד-וואָלינסק | 3,3 | 2,7 | ... | 12,0 | 6,6 | ... |
| לוואָווער | 30,0 | 27,7 | 20,0 | 1,4 | 1,2 | 0,8 |
| בעסויכעם: | | | | | | |
| לוואָוו | 25,8 | 24,3 | ... | 6,3 | 4,4 | ... |
| קרימער | 26,4 | 25,6 | 22,6 | 2,1 | 1,5 | 1,1 |
| בעסויכעם: | | | | | | |
| סימפעראָפּאָל | 11,5 | 11,3 | ... | 6,2 | 4,5 | ... |
| סעוואַסטאָפּאָל | 3,1 | 3,2 | ... | 2,2 | 1,4 | ... |
| זאפּאָראָזשיער | 20,8 | 20,2 | 17,7 | 1,4 | 1,1 | 0,9 |
| בעסויכעם: | | | | | | |
| זאפּאָראָזשיע | 15,7 | 16,2 | ... | 3,6 | 2,5 | ... |
| ניקאָלייעווער | 20,3 | 18,0 | 15,3 | 2,0 | 1,6 | 1,2 |
| בעסויכעם: | | | | | | |
| ניקאָלייעוו | 15,4 | 14,7 | ... | 6,5 | 4,4 | ... |
| כמעלניצקער | 19,1 | 16,1 | 13,2 | 1,2 | 1,0 | 0,8 |

טאַבעלע 3 (פאָרזעצונג)

| 1 | 2 | 3 | 4 | 5 | 6 | 7 |
|---|---|---|---|---|---|---|
| בעסויכעם: | | | | | | |
| כמעלניצקי | 6,5 | 6,3 | ... | 10,4 | 5,6 | ... |
| וואָראָשילאָווגראַדער | 13,9 | 12,5 | 10,6 | 0,6 | 0,5 | 0,4 |
| בעסויכעם: | | | | | | |
| וואָראָשילאָווגראַד | 7,7 | 7,5 | ... | 2,8 | 2,0 | ... |
| טשערקאַסער | 13,1 | 10,6 | 8,7 | 0,9 | 0,7 | 0,6 |
| בעסויכעם: | | | | | | |
| טשערקאַס | 4,7 | 4,5 | ... | 5,6 | 2,9 | ... |
| טשערניגאָווער | 12,6 | 10,3 | 8,4 | 0,8 | 0,7 | 0,6 |
| בעסויכעם: | | | | | | |
| טשערניגאָוו | 6,6 | 6,5 | ... | 7,4 | 4,1 | ... |
| פּאָלטאַווער | 12,3 | 10,8 | 9,0 | 0,7 | 0,6 | 0,5 |
| בעסויכעם: | | | | | | |
| קרעמענטשוג | 5,5 | 5,2 | ... | 6,4 | 3,5 | ... |
| פּאָלטאַווע | 4,7 | 4,2 | ... | 3,3 | 1,9 | ... |
| טראַנסקאַרפּאַטער | 12,2 | 10,9 | 3,9 | 1,3 | 1,0 | 0,3 |
| בעסויכעם: | | | | | | |
| מוקאַטשעוו | 2,7 | 2,5 | ... | 5,9 | 4,4 | ... |
| אוזשגאָראָד | 1,8 | 2,0 | ... | 3,9 | 3,1 | ... |
| כערסאָנער | 10,4 | 10,1 | 9,0 | 1,3 | 1,0 | 0,8 |
| בעסויכעם: | | | | | | |
| כערסאָן | 8,5 | 8,6 | ... | 5,4 | 3,3 | ... |
| קיראָוואָגראַדער | 9,5 | 7,7 | 6,0 | 0,8 | 0,6 | 0,5 |
| בעסויכעם: | | | | | | |
| קיראָוואָגראַד | 5,7 | 5,2 | ... | 4,5 | 2,8 | ... |
| סומער | 6,3 | 4,7 | 3,5 | 0,4 | 0,3 | 0,2 |
| בעסויכעם: | | | | | | |
| קאָנאָטאָפּ | 1,9 | 1,4 | ... | 3,5 | 2,1 | ... |
| סומי | 1,3 | 1,2 | ... | 1,3 | 0,8 | ... |
| איוואַנאָ־פראַנקאָווסקער | 3,9 | 3,6 | 2,6 | 0,3 | 0,3 | 0,2 |
| בעסויכעם: | | | | | | |
| איוואַנאָ־פראַנקאָווסק | 2,1 | 2,2 | ... | 3,2 | 2,1 | ... |
| ראָוונער | 2,6 | 2,5 | 2,0 | 0,3 | 0,3 | 0,2 |
| בעסויכעם: | | | | | | |
| ראָוונע | 1,3 | 1,8 | ... | 2,3 | 1,5 | ... |
| טערנאָפּאָלער | 1,6 | 1,5 | 1,0 | 0,1 | 0,1 | 0,1 |
| בעסויכעם: | | | | | | |
| טערנאָפּאָל | 0,8 | 0,9 | ... | 1,6 | 1,1 | ... |
| וואָלינער | 1,5 | 1,5 | 1,0 | 0,2 | 0,1 | 0,1 |
| בעסויכעם: | | | | | | |
| לוצק | 0,8 | 0,8 | ... | 1,4 | 0,9 | ... |

די פאַנאַנדערטיילונג פון דער ייִדישער באַפעלקערונג צווישן שטאָט און דאָרף האָט געוויסע באַזונדערקייטן, אין פאַרשיידענע רעגיאָנען פון אוקראַינע, כאָטש סיי דער אַבסאָליוטער, סיי דער רעלאַטיווער צאָלבאַשטאַנד פון דער דאָרפישער ייִדישער באַפעלקערונג האַלט אומעטום אין קלענער ווערן. אַמערסטן אורבאַניזירט איז די ייִדישע באַפעלקערונג אין דער כאַרקאָווער און דאָנעצקער געגנטן. דאָ האָט שוין אין 1959 באַטראָפן דער ביילעק פון דער שטאָטישער באַפעלקערונג אַנטשפּרעכיק 99,5 און 99,4 פּראָצענט, און אין 1979 — 99,7%. אַ רעלאַטיוו פּילקעפּיקע דאָרפישע ייִדישע באַפעלקערונג איז אין 1959 געווען אין דער טראַנסקאַרפּאַטער און וויניצער געגנטן, אַנטשפּרעכיק 24,2 און 17,0 פּראָצענט. אין 1979 האָט דער ביילעק פון דער דאָרפישער ייִדישער באַפעלקערונג זיך פאַרקלענערט אין דער טראַנסקאַרפּאַטער געגנט ביז צו 8,2 און אין דער וויניצער — ביז 4,8 פּראָצענט.

וואָס איז שײַער דעם ביילעק פון די ייִדן אין דער באַפעלקערונג פון באַזונדערע שטעט און יישובים, אין ער איז 1959 געווען אַמערסטן באַדײַטנדיק (אַריבער 20%) אין טשערנאָוויץ און אין אַ ריי שטעט און שטעטלעך פון דער וויניצער געגנט (בערשאַד, שאַרגאָראָד, טאָמאַשפּאָל, מאָהילעוו-פּאָדאָלסק).

זײַענדיק אין זייער איבערוועגנדיקער מערהײַט שטאָט-אײַנוווינער האָבן די ייִדן אַף אוקראַיִנע אַ פאַרהעלטניסמעסיק הויכן בילדונגס-ניוואָ. שוין אין 1959 האָבן געהאַט הויכבילדונג און ניט-פאַרענדיקטע הויכבילדונג (צווישן יענע ייִדן, וואָס זײַנען עלטער פון אַכצן יאָר) 19,5% און מיטעלע ספּעציעלע בילדונג האָבן געהאַט 12,8%. אין 1970 האָבן צווישן די פאַרנומענע אין דער פאָלקס-ווירטשאַפט געהאַט הויכבילדונג און ניט-פאַרענדיקטע הויכבילדונג 32,1% ייִדן און מיטעלע ספּעציעלע בילדונג — 21,4%.

די קאָנצענטראַציע אין די שטעט, הויפּטזאַכלעך אין די גרעסערע שטעט, און דער גאַנץ הויכער בילדונגס-ניוואָ דעטערמינירן אין אַ סאַך פּראָטים די אייגנשאַפטן פון דער רעפּראָדוקטיווער אויפירונג פון די ייִדן אַף אוקראַיִנע. ווי עס האָבן באַוויזן פּילצאָליקע סאָציאָלאָגישע אויספאָרשונגען אין די לעצטע יאָרצענדליקער, זײַנען די רעפּראָדוקטיווע אײַנשטעלונגען (דהה. די באַדערפעניש צו האָבן קינדער) קוידעמקאָל אָפּהענגיק פונעם אָרט, וואָס די קינדער פאַרנעמען אין דער סטרוקטור פון די באַדערפענישן פון אַ באַזונדער פאַרפאָלק. פאַר אַ שטאָטישער מישפּאָכע האָט זיך אין די סאָציאַלע אומשטאַנדן פון פּסטר פון דער צווייטער העלפט XX-טן יה. אַרויסגעוויזן אַמערסטן אָפּטימאַל צו האָבן ניט מער פון איין-צוויי קינדער. טאַקע אַזאַ צאָל קינדער איז כאַראַקטעריסטיש פאַר די ייִדן פון אוקראַיִנע אין די לעצטע יאָרצענדליקער[1].

טאַבעלע 4. מיטעלע צאָל קינדער באַ די פּרויען פון אייניקע נאַציאָנאַליטעטן פון פּסטר לויט די אָנגאַבן פון די פאָרשונגען פון 1981 און 1985[2].

| דאָס יאָר פונעם כאַסענע האָבן | נאַציאָנאַליטעט | | |
|---|---|---|---|
| | רוסישע (שטאָט) | אוקראַיִנישע (שטאָט) | ייִדישע |
| 1945—1949 | 2,20 | 2,08 | 1,67 |
| 1950—1954 | 1,99 | 1,91 | 1,65 |
| 1955—1959 | 1,87 | 1,91 | 1,62 |
| 1960—1964 | 1,79 | 1,88 | 1,59 |
| 1965—1969 | 1,78 | 1,88 | 1,65 |
| 1970—1974 | 1,79 | 1,88 | 1,72 |
| 1975—1970 | 1,75 | 1,85 | 1,76 |
| 1980—1984 | ... | ... | 1,71 |

אין לעצטן סאַכאַקל ווערט אין פאַרלויף פון עטלעכע יאָרצענדליקער אַלץ קלענער די צאָל אוקראַיִנישע ייִדן. מיט דעם דאָזיקן פאַקטאָר זײַנען אין אַ גרויסער מאָס פאַרבונדן די טיפע נעגאַטיווע פאַרענדערונגען אין דער סטרוקטור פון דער ייִדישער באַפעלקערונג: עס האָט זיך פאַרקלענערט דער ביילעק פון קינדער און יונגעלײַט און עס איז באַדײַטנדיק אויסגעוואַקסן דער ביילעק פון באַיאָרטע און עלטערע מענטשן. אַזוי, איז אין כאַרקאָוו, לויט די אָנגאַבן פאַרן 1960, דער געבורט געווען באַ ייִדן אַף 15—25 פּראָצענט נידעריקער און די שטערבלעכקײַט — אין 1,8 מאָל העכער, איידער באַ דער גאַנצער באַפעלקערונג פון דער שטאָט[3].

---

[1] Пономарев А. П. Межнациональные браки в УССР и процесс интернационализации. Киев, 1983, с. 122.

[2] Белова В. А., Бондарская Г. А., Дарский Л. Е. Современные проблемы и перспективы рождаемости. Методология демографического прогноза, М., 1988, с. 65; Бондарская Г. А., Дарский Л. Е., Этническая дифференциация рождаемости в СССР. — Вестник статистики, 1988, № 12, с. 20.

[3] Курман М. В., Лебединский И. В. Население большого социалистического города. М., 1968, с. 127—128.

טאַבעלע 5. גענעראַציע־סטרוקטור פונעם ייִדישן יישעוו אין אוקראַינע לויט די אָנגאַבן פון די פֿאָלקסציילונגען פון 1959 און 1970 (אין %).

| עלטער | יאָר | |
|---|---|---|
| | 1959 | 1970 |
| 9—0 | 10,8 | 7,4 |
| 19—10 | 11,1 | 10,5 |
| 29—20 | 13,5 | 10,4 |
| 39—30 | 15,7 | 14,1 |
| 49—40 | 16,5 | 16,3 |
| 59—50 | 16,8 | 15,9 |
| 69—60 | 10,4 | 16,0 |
| 70 און עלטער | 5,2 | 9,4 |

די אָנגאַבן פון די טאַבעלעס 1, 4 און 5, דאָס אויסניצן פון די טיפּישע מאָדעלן פון שטערבלעכקייט, ווי אויך דער אַנאַליז פון די באַזונדערקייטן פון דער עטנישער אַנטוויקלונג און פון דער מיגראַציאָנעלער באַוועגלעכקייט (זע ווײַטער), גיבן אונדז אַ מעגלעכקייט צו אָפּשאַצן די ענדערונגען אינעם צאָלבאַשטאַנד פון דער ייִדישער באַפעלקערונג. מע דאַרף גלײַך וואָרענען, אַז איבערן מאַנגל פון דער נייטיקער אינפאָרמאַציע האָבן אָט די ציפערן אַ ריין אָריענטירונגס־כאַראַקטער.

טאַבעלע 6. ענדערונגען אינעם צאָלבאַשטאַנד פון די ייִדן אויף דער טעריטאָריע פון אוקראַינע אינעם נאָכמילכאָמעדיקן פּעריאָד (די צאָל אויף 1000 נעפּאַשעס).

| יאָרן | געבורטיקייט | שטערבלעכקייט | נאַטירלעכער צוּוווּקס |
|---|---|---|---|
| 1959—1950 | 13—11 | 10— 8 | 5—3+ |
| 1969—1959 | 10—9 | 12—11 | 2—1— |
| 1978—1970 | 9—8 | 14—13 | 6—4— |
| 1988—1979 | 8—7 | 20—18 | 12—10— |

אַ געוויסע ווירקונג האָבן געהאַט אויף דער דינאַמיק פונעם צאָלבאַשטאַנד און אויף דער גענעראַציע־סטרוקטור פונעם ייִדישן יישעוו פון אוקראַינע די באַזונדערקייטן פון זײַן עטנישער אַנטוויקלונג. עס גייט די רייד קודעמקאָל וועגן דער אַסימיליאַציע מיט דער אַרומיקער באַפעלקערונג. מיר וועלן זיך דאָ ניט אָפּשטעלן אויף די פּראָטים, וועלכע כאַראַקטעריזירן די קאָמפּליצירטע פּראָצעסן פון עטנישער טראַנספאָרמאַציע. דאָס איינציקע, וואָס מע דאַרף אָנווײַזן, איז דאָס, וואָס די אַסימיליאַציע קומט פאָר באַם בײַטן דעם עטנישן זעלבסטבאַוווּסטזײַן אָדער, אָפטער פאַר אַלץ, אַלס רעזולטאַט פון די צווישנאַציאָנאַלע הייראַטן.

וואָס איז שײַך דעם בײַטן פונעם עטנישן זעסלבסטבאַוווּסטזײַן, שפּילט אין דעם פּראָצעס אַ באַדײַטנדיקע ראָליע די טיפקײַט פון אַקולטוראַציע. סטאַטיסטיש ווערט די אינטענסיווקײַט פון אַקולטוראַציע אַרויסגעוויזן קודעמקאָל אויפן ניווא פון דער שפּראַכלעכער אַסימיליאַציע. אַ פּראַקטימדיקע, און, דעריקער, אַ פאַרגלײַכבאַרע אין דינאַמיק אינפאָרמאַציע וועגן דער שפּראַכלעכער אַסימיליאַציע, גיבן די מאַטעריאַלן פון די פאָלקסציילונגען. באַם דורכפירן אַלע נאָכמילכאָמעדיקע פאָלקסציילונגען האָט מען די מוטער־שפּראַך טראַקטירט אַלס עטנאָפּסיכאָלאָגישע קאַטעגאָריע, דה. אַלס באַשטאַנדטייל פונעם עטנישן זעלבסטבאַוווּסטזײַן פון די געפרעגטע („די שפּראַך, וועלכע אַליין דער געפרעגטער האַלט פאַר זײַן מוטער־שפּראַך")[1].

---

[1] Губогло М. Н. Современные этноязыковые процессы в СССР. М., 1984, с. 35—36.

ווי ס'איז צו זען פונעם אנאַליז פון די אָנגאַבן פון די פאָלקסציילונגען (טאַבעלע 7), גייט דורך די שפּראַכלעכע אַסימילאַציע פון די ייִדן אויף אוקראַיִנע ניט גלײַכמעסיק. אין די אײַנגעשלאָסענע אין באַשטאַנד פון ססר אין 1940—1945 מערבֿ־געגנטן, וווּ עס האָט זיך אָפּגעהיט אַ פאַרהעלטניס־מעסיק פילקעפּיקע אַלטגעזעסענע באַפעלקערונג (טשערנאָוויצער און טראַנסקאַרפּאַטער געגנטן), גייט די שפּראַכלעכע אַסימילאַציע רעלאַטיוו לאַנגזאַם. פונדעסטוועגן איז, אינגאַנצן גענומען, דער דאָזיקער פּראָצעס זייער אַ טיפער. בלויז פאַר צוואַנציק יאָר (1959—1979) האָט דער כּלל פון די ייִדן, וועלכע האָבן אָנגערופן ייִדיש אַלס זייער מוטער־שפּראַך, זיך פאַרקלענערט פּראַקטיש אין צוויי מאָל. דערבײַ איז די מערהייט פון די, ווער עס האָט אָגערופן אַלס מוטער־שפּראַך ייִדיש, געווען באַיאָרטע מענטשן. לאָמיר אויך אָפּמערקן, אַז אַ טאָכיקע אייגנשאַפט פון דער שפּראַכלעכער אַסימילאַציע פונעם ייִדישן יישובֿ פון דער אוקראַיִנישער ססר איז אַ טענדענץ אין דער ריכטונג פון רוסיש־שפּראַכיקייט.

טאַבעלע 7. די מוטער־שפּראַך פון די ייִדן פון אוקראַיִנע לויט די אָנגאַבן פון נאָכמילכאָמעדיקע פאָלקסציילונגען (%).

| אדמיניסטראטיוו אייַנס | ייִדיש | | | רוסיש | | | אוקראַיִניש | | |
|---|---|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | 1959 | 1970 | 1979 | 1959 | 1970 | 1979 | 1959 | 1970 | 1979 |
| 1 | 2 | 3 | 4 | 5 | 6 | 7 | 8 | 9 | 10 |
| די גאַנצע רעפּובליק | 16,9 | 13,1 | 9,0 | 79,9 | 84,2 | 88,9 | 2,8 | 2,3 | 2,0 |
| בעסויכעם: | | | | | | | | | |
| טשערנאָוויצער געגנט | 49,9 | 49,0 | 36,7 | 47,7 | 49,7 | 61,8 | 1,2 | 0,8 | 1,1 |
| טראַנסקאַרפּאַטער געגנט | 48,9 | 54,0 | 36,8 | 22,1 | 20,9 | 40,1 | 12,3 | 9,7 | 9,5 |
| וויניצער געגנט | 37,7 | 26,9 | 19,3 | 49,2 | 62,4 | 71,5 | 13,1 | 11,7 | 9,2 |
| איוואַנאָ־פראַנקאָווסקער געגנט | ... | 26,7 | 19,4 | ... | 68,7 | 75,3 | ... | 1,6 | 4,9 |
| זשיטאָמירער געגנט | 29,1 | 24,6 | 17,7 | 65,5 | 70,7 | 78,4 | 5,4 | 4,7 | 3,9 |
| כמעלניצקער געגנט | 26,1 | 25,2 | 20,4 | 63,6 | 67,3 | 73,2 | 10,3 | 7,5 | 6,4 |
| טשערקאַסער געגנט | 22,9 | 20,1 | 18,2 | 66,4 | 70,6 | 74,6 | 10,7 | 9,3 | 7,2 |
| ראָוונער געגנט | ... | 17,6 | 14,1 | ... | 77,4 | 79,7 | ... | 5,0 | 6,0 |
| טשערניגאָווער געגנט | 18,0 | 13,2 | 8,6 | 76,3 | 81,5 | 86,5 | 5,7 | 5,2 | 4,8 |
| לוואָווער געגנט | 16,7 | 15,5 | 10,7 | 82,0 | 82,3 | 87,1 | 2,0 | 1,8 | 2,1 |
| קיראָוואָגראַדער געגנט | 14,7 | 11,7 | 11,5 | 75,8 | 80,6 | 83,2 | 9,5 | 7,7 | 5,3 |
| קיִעווער געגנט | 14,5 | 9,2 | 6,5 | 83,8 | 89,3 | 92,1 | 1,7 | 1,5 | 1,4 |
| בעסויכעם: | | | | | | | | | |
| שטאָט קיִעוו | 13,0 | 8,0 | 5,6 | 86,4 | 91,0 | 93,5 | 0,5 | 1,0 | 0,9 |
| סומער געגנט | 12,9 | 9,4 | 7,2 | 84,0 | 86,3 | 88,5 | 3,1 | 4,2 | 4,3 |
| פּאָלטאַווער געגנט | 12,8 | 10,4 | 6,1 | 81,4 | 84,5 | 89,7 | 5,8 | 5,0 | 4,2 |
| אָדעסער געגנט | 12,6 | 9,2 | 6,8 | 86,7 | 89,8 | 92,8 | 0,6 | 0,5 | 0,4 |
| קרימער געגנט | 10,6 | 9,1 | 7,6 | 88,6 | 90,3 | 91,5 | 0,4 | 0,3 | 0,2 |
| ניקאָלײַעווער געגנט | 9,8 | 7,9 | 6,3 | 87,7 | 90,1 | 92,2 | 2,5 | 1,9 | 1,5 |
| כערסאָנער געגנט | 9,4 | 7,4 | 5,7 | 88,4 | 90,9 | 92,5 | 2,0 | 1,6 | 1,6 |
| וואָראָשילאָווגראַדער געגנט | 7,9 | 7,1 | 5,7 | 91,4 | 91,8 | 93,6 | 0,7 | 0,1 | 0,1 |
| כאַרקאָווער געגנט | 7,7 | 4,8 | 3,1 | 91,9 | 94,7 | 96,4 | 0,4 | 0,5 | 0,5 |
| דניעפּראָפּעטראָווסקער געגנט | 7,4 | 5,2 | 4,5 | 91,4 | 93,7 | 94,5 | 1,2 | 1,0 | 1,0 |
| דאָנעצקער געגנט | 6,6 | 5,0 | 4,1 | 92,9 | 94,3 | 95,3 | 0,5 | 0,6 | 0,5 |
| זאַפּאָראָזשיער געגנט | 5,8 | 5,7 | 4,6 | 92,8 | 93,2 | 94,3 | 1,4 | 0,1 | 0,1 |

ווען מיר שטעלן פעסט די עקסטרעמע מאָדרייגע פון דער אַקולטוראַציע פון די ייִדן אויף אוקראַיִנע, איז קעדײַ אָפּצומערקן, אַז די מאַסשטאַבן פון אַסימילאַציע, וועלכע ווערן סטאַטיסטיש פיקסירט בײַס די פאָלקסציילונגען, זײַנען אַ סך ווייניקער באַדײַטנדיק. דערויף זײַנען דאָ, יעדנפאַלס, צוויי סיבעס.

ערשטנס. דער נאַציאָנאַלער באַשטאַנד פון דער באַפעלקערונג ווערט בעשאַס די פאָלקסציילונגען באַשטימט אפן סמאַך פון אַרויסוויַיזן דעם נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַוווּסטזיַין פון די געפרעגטע. אינעם נאָכמילכאָמעדיקן פעריאָד האָט אין דער סטרוקטור פון דעם עטנישן זעלבסטבאַוווּסטזיַין פון די ייִדן היפּש זיך פאַרקלענערט די באַדיַיטונג פון אַזעלכע עלעמענטן, ווי די ייִדישע שפּראַך, די נאַציאָנאַלע גייַסטיקע און מאַטעריעלע קולטור — און כעזשבן פונעם ווּקס פון דער ראָליע פון עטנאָפּסיכאָלאָגישע איַינשטעלונגען.

טאַבעלע 8. אָנגאַבן וועגן צווישנאַציאָנאַלע הייראַטן פון די ייִדן אַף אוקראַיִנע.

| ציַיגערס | יאָרן 1959 | 1970 | 1979 |
|---|---|---|---|
| 1. פּראָצענט ייִדן אין צווישנאַציאָנאַלע הייראַטן | 10,2 | [1]16—13 | [1]21—18 |
| 2. פּראָצענט צווישנאַציאָנאַלע הייראַטן פון אַלע הייראַטן בא די ייִדן | [1]35—25 | [1]55—50 | [1]55—50 |
| בעסויכעם: קיִעווער, אָדעסער, דאָנעצקער, זאַפּאָראָזשיִער און טראַנסקאַרפּאַטער געגנטן | 14,2 | | 23,0 |
| כאַרקאָוו | [2]45,9 | | |
| 3. פּראָצענט פון מאַנצבלען, וועלכע זיַינען אַריַינגעטראָטן אין געמישטע הייראַטן | | [3]37,0 | |
| 4. פּראָצענט פון קינדער, געבוירענע דורך ייִדישקעס, בא וועלכער דער פאָטער איז פון אַן אַנדער נאַציאָנאַליטעט | [4]20,6 | [1]35—30 | 35—30 |
| בעסויכעם: אין שטעט | [4]20,4 | | |
| אין דערפער | [4]26,1 | | |
| 5. אינדעקס פון מאָנאָנאַציאָנאַלער פאַרהיַיראַטקיַיט צווישן איַיניקע עטנישע גרופּעס אַף אוקראַיִנע[4] | | | |
| ייִדן | | [3]66,3 | 65,2 |
| בעסויכעם: שטעט | | [3]64,9 | |
| שט. קיִעוו | | [5]56,1 | |
| דערפער | | [3]46,1 | 33,5 |
| אוקראַיִנער | | [3]34,3 | |
| רוסן | | [3]34,0 | 29,4 |
| פּאָליאַקן | | [3]21,1 | 19,8 |

[1] דער אינדעקס פון מאָנאָנאַציאָנאַלער פאַרהיַיראַטקיַיט ווערט אויסגערעכנט אַלס קעגנשטעלונג פון דער פאַקטישער אָפטקיַיט פון מאָנאָנאַציאָנאַלע הייראַטן מיט דער אָפטקיַיט, וועלכע איז טעאָרעטיש מעגלעך בא אַ ריַין צופעליקן אונטערקליַיב פון זיווּגים.

[2] 1960.

[3] 1969.

[4] 1958 — 1961.

[5] 1970.

Наулко В. Етнічний склад населення Української РСР. Київ, 1965, с. 110; Пономарев А. П. Межнациональные браки в УССР и процесс интернационализации. Киев, 1983, с. 83, 84; Курман М. В., Лебединский И. В. Население большого социалистического города. М., 1968, с. 126; Боярский А. Я. Страницы большой биографии. Известия, 1971, 7 мая, с. 2; Чуйко Л. В. Браки и разводы. М., 1975, с. 73.

צװייטנס. אַף דער נאַציאָנאַלער זעלבסטבאַשטימונג פֿון די געפֿרעגטע װירקט בײַס א פֿאָלקסציילונג ניט אַזױ זייער עטנישער זעלבסטבאַװוסטזײַן, װי די פֿאַרשרײַבונג אין פּאַס מיקױעך דער נאַציאָנאַלער אָנגעהעריקײַט[1].

אין אָט דעם צוזאַמענהאַנג קאָן מען מיט א געװיגנדיקער מאָס זיכערקײַט מאַכן א האַשאָרע, אַז דער ניװאָ פֿון אַסימיליאַציע בײַ ייִדן אַף אוקראַיִנע הענגט אין דער ערשטער ריי אָפּ פֿון דער צאָל צװישנאַציאָנאַלע הייראַטן, װײַל די מענטשן, װעלכע געפֿינען זיך אין צװישנאַציאָנאַלע הייראַטן, זײַנען מער אונטערגעגעבן דעם בײַט פֿונעם עטנישן זעלבסטבאַװוסטזײַן, און זיי זײַנען מער גענייגט צו פּראָקלאַמירן בײַס א פֿאָלקסציילונג זייער אָנגעהעריקײַט צו אַן אַנדערער נאַציאָנאַליטעט, װי אויך פֿאַרמירן בײַ די קינדער, װעלכע זײַנען געבוירן געװאָרן אין צװישנאַציאָנאַלע הייראַטן, א ניט־ייִדישן עטנישן זעלבסטבאַװוסטזײַן. בײַם באַקומען דעם פּאַס רופֿן די קינדער קימאַט טאָמיד אָן ניט־ייִדישע נאַציאָנאַליטעט[2].

צװישן די גרונט־סיבעס פֿונעם אופֿשטײַג פֿון דער צאָל צװישנאַציאָנאַלע הייראַטן בײַ די ייִדן אַף אוקראַיִנע אין דער צװייטער העלפֿט XX יאָרהונדערט דאַרף מען אָנרופֿן קוידעמקאָל דעם פֿולן פֿאַרלוסט פֿון קאָמפּאַקטקײַט, די פּראָגרעסירנדיקע אַקולטוראַציע, די הויכע מיגראַציאָנעלע באַװעגלעכקײַט פֿון דער יוגנט. אויב רעכענען לויט די אָנגאַבן פֿון דער פֿאָלקסציילונג פֿון 1939, האָט אין סאַך פֿון די 40־ער און אין דער ערשטער העלפֿט פֿון די 50־ער יאָרן געװירקט אויך דער פֿאַקטאָר פֿון די באַדײַטנדיקע דיספּראָפּאָרצן אין דער געשלעכטלעך־גענעראַציאָנאַלער סטרוקטור.

מע דאַרף אָפּמערקן דעם שטאַרקן װוּקס פֿון די צװישנאַציאָנאַלע הייראַטן קוידעמקאָל אין די 60־ער יאָרן, װי אויך געװיסן רעגיאָנעלע אונטערשיידן אין דער פֿאַרשפּרייטונג פֿון אָט די הייראַטן. עס מערקט זיך א געהעכערטער ניװאָ פֿון צװישנאַציאָנאַלע הייראַטן אין די דערפֿער און גרעסערע שטעט. פֿונדעסטװעגן, אינגאַנצן גענומען האָבן די צװישנאַציאָנאַלע הייראַטן ניט באַקומען בײַ די ייִדן אַזאַ ברייטע פֿאַרשפּרייטונג, װי בײַ אַנדערע עטנישע גרופּעס פֿון דער רעפּובליק.

א מערקבאַרע האַשפּאָע אַף דער פֿאַרקלענערונג פֿונעם צאָלבאַשטאַנד פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג פֿון אוקראַיִנע האָבן די מיגראַציאָנעלע פּראָצעסן. דער פֿאַרגלײַך־אַנאַליז פֿון די אָנגאַבן װעגן איר גענעראַציע־באַשטאַנד אין 1959 און 1970 דערלויבט מאַכן אַן אויספֿיר, אַז נאָר אָפּן כעזשבן פֿונעם נעגאַטיװן מיגראַציאָנעלן סאַלדאָ פֿון די צװישנרעפּובליקאַנער מיגראַציעס האָט דער צאָלבאַשטאַנד פֿון די ייִדן אין דער רעפּובליק זיך פֿאַרקלענערט אין די 60־ער יאָרן ניט װייניקער װי אַף 23 טויזנט נעפֿאָשעס. די מיגראַציע פֿון די ייִדן פֿון אוקראַיִנע קיין רספּסר, װי אויך אין בײַבאַלטיק און מיטל־אַזיע, איז פֿאָרגעקומען שוין אין די 50־ער יאָרן. דער דאָזיקער פּראָצעס װערט פֿאָרגעזעצט אויך אין די לעצטע 20 יאָר. לויט אונדזער אָפּשאַצונג, זײַנען אַן ערעך 100 טויזנט ייִדן אַרויסגעפֿאָרן פֿון אוקראַיִנע אין אַנדערע רעפּובליקן אין די יאָרן 1950—1988. דאָס זײַנען דאַסראָװ געװען יונגע מענטשן, װעלכע זײַנען געקומען אין אַנדערע שטעט פֿונעם לאַנד, קעדיי באַקומען הויכבילדונג, און נאָכן פֿאַרענדיקן די הויכשולן קערן זיי זיך שוין ניט אום צוריק.

אין די לעצטע צװיי יאָרצענדליקער האָט א קאָנטיקע װירקונג געהאַט אויך די עמיגראַציע קיין ייִסראָעל, פּשאַ און אַנדערע לענדער. לויט דער סטאַטיסטיק פֿון די לענדער פֿון דער אימיגראַציע, זײַנען פֿון אוקראַיִנע אַרויסגעפֿאָרן 62,8 טויזנט ייִדן אין 1968—1978 און נאָך 28,8 טויזנט אין 1979 — 1981[3], און פֿאַרן פּעריאָד 1979 — 1988 האָבן פֿון אוקראַיִנע עמיגרירט אָפּאָנעם אַן ערעך 40 טויזנט ייִדן.

פּונקט װי די צװישנרעפּובליקאַנער מיגראַציע, האָט די עמיגראַציע אָנגערירט קוידעמקאָל די יוגנט, װי אויך מענטשן אינעם אַרבעטספֿעיִקן עלטער און, אַנטשפּרעכיק, זייערע קינדער. אין רעזולטאַט, איז דער כיילעק פֿון באַיאָרטע און זקיינים צװישן די ייִדן אַף אוקראַיִנע נאָך מער אויסגעװאַקסן.

אינעם פּראָצעס פֿון דער פֿאַרקלענערונג פֿונעם ייִדישן ייִשעװ אַף אוקראַיִנע קאָן מען אויסטיילן דרײַ הויפּט־פֿאַקטאָרן: 1) דירעקטע דעפּאָפּוליאַציע[4]; 2) אַסימיליאַציע און 3) מיגראַציע. א קװאַנטיטאַטיװע אָפּשאַצונג פֿונעם גאַנצן פּראָצעס זעט אויס אַזוי:

---

[1] Козлов В. И. Национальности СССР. 2-е изд., М., 1982, с. 264.

[2] Пономарев А. П. Межнациональные браки в УССР и процесс интернационализации. Киев, 1983, с. 106.

[3] Altshuler M. Soviet Jewry sonce the Second World War. Population and Social Structure. N.-Y.—Westport—London, 1987, pp. 58, 62.

[4] דה. װען די שטערבלעכקײַט שטײַגט איבער די געבורטיקײַט.

טאבעלע 9. ווירקונג פון באזונדערע פאקטאָרן אף דער פארקלענערונג פונעם יידישן יישעוו אף אוקראַינע אין 1959 — 1988.

| יאָרן | אלגעמיינע פארקלענערונג (טויזנט נעפאשעס) | אָפּשאצונג פון באזונדערע פאקטאָרן (%) | | |
|---|---|---|---|---|
| | | דירעקטע דעפּאָפּוליאציע | אסימיליאציע | מיגראציע |
| 1969—1959 | 63 | 23—21 | 39—37 | 41—39 |
| 1978—1970 | 143 | 23—21 | 17—15 | 63—61 |
| 1988—1979 | [1]139 | 42—40 | 17—15 | 44—42 |
| 1988—1959 | [1]345 | 29—31 | 19—21 | 49—51 |

אין די 50־ער יאָרן איז די פארקלענערונג פונעם צאָלבאשטאנד געווען ניט קיין באדײַטנדיקע, קוידעמקאָל אדאנק דעם, וואָס דער געבורט האָט, זאָל זײַן אין א קליינער מאָס, איבערגעשטיגן די שטערבלעכקײַט. דער פאקטאָר האָט טיילווײַז קאָמפּענסירט די ווירקונג פון דער מיגראציע און אסימיליאציע.

אין די 60־ער יאָרן זעען מיר שוין די דירעקטע דעפּאָפּוליאציע פון דער יידישער באפעלקערונג. איבער דעם וווּקס פון די צווישנאַציאָנאלע הייראטן איז גרעסער געוואָרן די אסימיליאציע, האגאם די מיגראציע אין אנדערע רעפּובליקן האָט נאָך געשפּילט די ראָליע פון דער הויפּט־סיבע, וועלכע האָט געווירקט אף דער פארקלענערונג פונעם היגן יידישן יישעוו.

דער מיגראציע־פאקטאָר איז נאָך שטארקער געוואָרן אין די 70־ער יאָרן, דעריקער איבערן וווּקס פון דער עמיגראציע. דעריבער טאקע איז די האשפּאָע פון דער דירעקטער דעפּאָפּוליאציע געבליבן אין דער צײַט אן ערעך אף דעם זעלבן ניוואָ, ניט געקוקט אף דעם, וואָס איר אבסאָליוטער פארנעם איז שטארק אויסגעוואקסן.

אלס רעזולטאט פון דעם, וואָס דער כיילעק פונעם יונגן דאָר איז קלענער געוואָרן, איז די ווירקונג פון דער אסימיליאציע פארבליבן אויך א גענוג סטאבילע, כאָטש די דאָזיקע דערשײַנונג האָט פאָרגעזעצט זיך אינטענסיפיצירן. אין די 80־ער יאָרן האָט זיך פארקלענערט סײַ די עמיגראציע, סײַ די מיגראציע אין אנדערע רעפּובליקן. באנאנד מיט דער פארקלענערונג פון דער צאָל יוגנטלעכע האָט זיך פארהאלטן דער וווּקס פון אסימיליאציע. דעריבער טאקע איז נאָך קאָנטיקער געוואָרן די ווירקונג פון דער דירעקטער דעפּאָפּוליאציע, אין יעסאָד פון וועלכער ס'איז געלעגן א ביז גאָר שטארקע פארעלטערונג פונעם יידישן יישעוו.

אויב אָפּשאצן די פערספּעקטיוו פון עטנאָדעמאָגראפישער אנטוויקלונג פון דער יידישער באפעלקערונג פון אוקראַינע ביזן סאָף פונעם איצטיקן יאָרהונדערט, איז אמערסטן ווארשײַנלעך זיך ריכטן אף א ווײַטערדיקן וווּקס פון דירעקטער דעפּאָפּוליאציע באנאנד מיט דער סטאבילizירונג פון אסימיליאציע. אלס רעזולטאט פון דעם פּראָצעס וועט אוודע קלענער ווערן די צאָל יוגנטלעכע, און מיט דעם וועט אפּאָנעם זײַן פארבונדן א פארקלענערונג פון מיגראציע אין אנדערע רעפּובליקן. אינגאנצן גענומען, קאָן דער יידישער יישעוו פון אוקראַינע זיך פארקלענערן (ניט ארײַנרעכענענדיק די מעגלעכע עמיגראציע) אן ערעך אף 80—90 טויזנט נעפאשעס, אָדער אף 16—18 פּראָצענט. מער ווי א העלפט פון אָט דער פארקלענערונג וועט זײַן פארבונדן מיט דירעקטער דעפּאָפּוליאציע.

[1] אָפּשאצונג.

סטאטיסטיק

אין זאמלבוך „מי אין פסר", וועלכער איז דערשינען אין 1988 אינעם מאָסקווער פארלאג „פינאנסי אי סטאטיסטיקא", זײַנען פארעפנטלעכט אָנגאבן וועגן דעם נאַציאָנאלן באשטאנד פון סאָוועטישע ארבעטנדיקע מיט הויכבילדונג. מיקויעד יידן זײַנען געבראַכט געוואָרן פאָלגנדיקע ציפערן: 1960 יאָר — 427,1 טויזנט נעפאשעס; 1970 — 538,6; 1975 — 565,7; 1980 — 549,4; 1987 — 515,2.

# קינסטלער סטעלע זאק

טשארלי טשאפלין און אלבערט איינשטיין





סוידעס (פונעם ציקל „אלבערט איינשטיין")



אַן אילוסטראַציע צו שיקע דריזס לידער.



לויט די מאָטיוון פון „סייפער־אײִעוו"



## באָריס פּודאַלאָוו

געבוירן געוואָרן אין קאַליניִנגראַד אין 1962. פאַרענדיקט דעם היסטאָריש־פילאָלאָגישן פאַקולטעט פונעם גאָרקאָווער מעלוכע־אוניווערסיטעט, אַרבעט אַלס פאַרטרעטער פון דעם דירעקטאָר פונעם געגנטלעכן מעלוכע־אַרכיוו. וווינט אין גאָרקי.

# מאַטעריאַלן צו דער ביז־רעוואָלוציאָנערער געשיכטע פון דער ייִדישער געמיינדע אין ניזשני נאָווגאָראָד

די ייִדישע געמיינדע אין גאָרקי (ביזן 1932 יאָר — ניזשני נאָווגאָראָד) איז אויפגעקומען בעערך אין ערשטן דריטל פונעם XIX־טן יה. איר צאָלבאַשטאַנד האָט זיך ביז דער ערשטער וועלט־מילכאָמע געהאַלטן צווישן צוויי און דריי טויזנט נעפאַשעס — דעריקער סאָכרים, באַלמעלאָכעס, אויסגעדינטע סאָלדאַטן־קאַנטאָניסטן. נאָך עטלעכע ניט־גרויסע ייִדישע געמיינדעס האָבן עקזיסטירט אין אַנדערע אינדוסטריעלע און האַנדלס־שטעט פון דער ניזשעגאָראָדער גובערניע: אַרזאַמאַס, פּאַוולאָווע, ליס־קאָווע, גאָראָדעץ.

מיט וואָס האָט די ניזשעגאָראָדער גובערניע צוגעצויגן צו זיך די ייִדן? די אַרץ־גרובנס אין דעם דאָרף וויקסאַ, דער גרעסטער אין רוסלאַנד יאַריד (ביזן 1817 — אין דער שטאָט מאַקאַריעוו, שפּעטער — אין ניזשני נאָווגאָראָד), די יאַרידים און טאָרגעס אין די אויעזדן, די לעדער־אינדוסטריע אינעם דאָרף באָגאָראָדסקאָיע, די פּאָטאַש־אינדוסטריע אין דער שטאָט לוקאָיאַנאָוו, די אונטערנעמונגען און קוסטאַרישע וואַרשטאַטן איבער דער גאַנצער גובערניע, — דאָס אַלץ איז געווען אַ רעאַלע ספערע סײַ פאַר צולייגן קאַפּיטאַלן, סײַ צוליב אויסניצן די אינדוסטריעלע דערפאַרונג.

דער עלטסטער דאָקומענט וועגן ייִדן אין ניזשני נאָווגאָראָד געפינט זיך אין מעלוכישן אַרכיוו פון דער גאָרקער געגנט און איז דאַטירט מיטן 1822. צווישן די דאָקומענטן פון דער ניזשעגאָראָדער גײַסטלעכער קאָנסיסטאָריע האָט זיך פאַרהיט אַן איניען וועגן דעם, אַז דער פויער גאָראַכאָוו איז „פאַרפירט געוואָרן אין יודאַיִזם". גאָראַכאָוון האָט מען באַשולדיקט, אַז ער האָט געהאַט בעדייע זיך מעגײַער זײַן. די ייִדן־„פאַרפירער" סימאָן מייעראָוו־זילבער און בערקאַ דומטשי זײַנען געקומען אויף אַ לעדער־יאַריד און זיך אָפּגעשטעלט אין דאָרף באָגאָראָדסקאָיע. די באַשולדיקונג איז געווען בעפּייִרעש אויסגעטראַכט (ס'איז, אַפּנים, געווען אַ קאַוואָנע אויסצונאַרן כאַבאַר), דעריבער האָט מען דעם איניען אײַנגיכן פאַרמאַכט.

פונעם פּריִען פּעריאָד פון דער „ייִדישער געשיכטע" אויף דער ניזשעגאָראָדער ערד איז געבליבן נאָך איין אינטערעסאַנטע צײַגעניש, וועלכע האָט זיך פאַרהיט צווישן די דאָקומענטן פון דער קאַנצעלאַריע פונעם ניזשעגאָראָדער גובערנאַטאָר — די פאַראָרדענונג פונעם מיניסטער פון אינערן־איניאָנים „וועגן די אומגעזעצלעכע האַנדלונגען פונעם אַרזאַמאַסער גאָראָדניטשי" (1849). באַגלײַך מיט אַנדערע אָנקלאָגעס, האָט מען דעם גאָראָדניטשי באַשולדיקט, אַז ער האָט מיטגעהאָלפן דעם ייִדן סאָקאָליק (אָדער סאָקאָלין) און זײַנע שוטפים.

אַזוי־אַרום, האָבן די ייִדן אָנגעהויבן קומען אין דער ניזשעגאָראָדער גובערניע שוין אין דער ערשטער העלפט פון XIX־טן יה., דערבײַ פלעגן זיי זיך אָפּשטעלן ניט בלויז אין דעם גובערניע־צענטער, נאָר אויך אין די אַרומיקע אויעזדנע שטעט. די צאָל ייִדן, וועלכע האָבן זיך באַזעצט אויף שטענדיק, איז וואַרשײַנלעך געווען ניט קיין גרויסע. זייער אָנקומען האָט מען אויפגענומען רויִק, לעכאָלהאָפּאָכעס — אין קיין שום דאָקומענטן פלעג מען עס ספּעציעל ניט פיקסירן.



„אָשארא״ — א געוועזענער ייִדישער קוואַרטאַל אין ניזשני נאָווגאָראָד (פון אויבן); די געבײַדע פון א געוועזענער סינאַגאָגע אין באָלאָטאָוו־געסל (איצט גרוזינסקאַיא־גאַס)

**פאָטאָ** — מארק פאַוולאָווסקי



אָן אַנטשיידנדיקע ווירקונג אַף די גוירהלעס פון די רוסלענדישע ייִדן האָט געהאַט דער טרויעריק באַוווּסטער אוקאַז פונעם קייסער ניקאָלײַ I, לויט וועלכן ס'זײַנען באַשטעטיקט געוואָרן די אַזוי־גערופענע „טאַקאַנעס וועגן ייִדן“ (1835) און מע האָט אײַנגעפירט דעם טכום־האַמוישעוו (די ניזשעגאָראָדער גובערניע איז אין זײַנע גרענעצן ניט אַרײַן). די „טאַקאַנעס“ זײַנען גוט באַוווּסט, און מיר ברענגען דאָ בלויז אייניקע אויסצוגן, וועלכע האָבן אַ דירעקטע שײַכעס צום אופקום פונעם ניזשעגאָראָדער ייִדישן ייִשעוו:

„§ 7. אויסער די גרענעצן פון די שטענדיקע וווינערטער איז דערלויבט די ייִדן צו לעבן בלויז צײַטווײַליק: (...)

3) צוליב האַנדלס־איניאָנים און טאַרגעס וועגן פּאָדריאַדן, ליפערונגען און אײַנקויפן פאַר די מעקוימעס, וועלכע זײַנען באַשטימט אַלס ייִדישער טכום־האַמוישעוו.

...די פּאָליציי־נאַטשאַלסטווע קאָן אַליין דערלויבן די ייִדן וווינען אין מעשעך פון העכסטנס 6 וואָכן. דאָס ווײַטערדיקע זײַן, מאַכמעס ווענטלעכע סיבעס, איז אָפּהענגיק פון דער גובערניע־פאַרוואַלטונג, האַגאַם די גובערניע־פאַרוואַלטונג טאָר ניט דערלויבן קיין פאַרלענגערונג פונעם טערמין מער ווי אַף צוויי כאַדאָשים אָן אַ דערלויבעניש מיצאַד דער העכסטער נאַטשאַלסטווע. (...)

§ 51. ייִדן־סאָכרים פון דער 1־טער גילדיע, אַכוץ די אַלגעמיינע האַנדלס־רעכט, וועלכע זיי האָבן אין די גרענעצן פונעם טכום־האַמוישעוו, באַקומען אויך פאָלגנדע באַזונדערע רעכט: (...)

4) ס'איז זיי דערלויבט צו קומען אַף די יאַרידים: ניזשעגאָראָדער, אירביטסקער, קאָרענער, כאַרקאָווער און סומסקער — סײַ צוליב קויפן די סכוירע, סײַ צוליב הורט־פאַרקויפן. דער טערמין פון זייער זײַן אַף די יאַרידים איז באַגרענעצט מיטן דויער פון די עצעם יאַרידים“.

די זעלבע רעכט האָבן באַקומען אויך ייִדן־סאָכרים פון דער 2־טער גילדיע; זיי האָבן געקאָנט מיטנעמען מיט זיך אויסער דעם טכום ניט מער פון צוויי ייִדישע באַדינער.

„§ 59. ייִדן־פאַבריקאַנטן איז דערלויבט ברענגען, קעדיי צו פאַרקויפן אַף די יאַרידים, אויסאַרבעטונגען פון די פאַבריקן, וואָס זיי פאַרמאָגן, אַפן ניזשעגאָראָדער, אירביטסקער, קאָרענער, כאַרקאָווער און סומסקער יאַרידים...“

די הויפּט־אינטערעסן פון די ייִדן אין ניזשני נאָווגאָראָד זײַנען, אַזויאַרום, געווען פאַרבונדן מיטן יאַריד; דער יאַריד גופע און די באַדינגונגען פון זײַן אַפן יאַריד האָבן געהאַט אַ גרונט־ווירקונג אַפן סאָציאַלן באַשטאַנד פון דער ניזשעגאָראָדער ייִדישער געמיינדע.

אַפן ניזשעגאָראָדער יאַריד — דער גרעסטער זומערדיקער האַנדל־געשעעניש — האָבן די הויפּט־ראָליע געשפּילט די סאָכרים־סטאַראָאָבריאַדצעס. ייִדן זײַנען דאָ אָפּאָנעם געווען פאַרמיטלער אין די הורט־געשעפטן צווישן די צענטראַלע גובערניעס און די מײַרעוו־גובערניעס פון רוסלאַנד, און שפּעטער אויך מיט אייראָפּע. אויב אין 1883 זײַנען אַפן יאַריד געווען אַרום הונדערט ייִדן, איז אין 1911 די צאָל אויסגעוואַקסן ביז 3,5 טויזנט. דעם וווּקס האָט ניט אָפּגעשטעלט דער פּאָגראָם, וועלכער איז אין 1884 פאָרגעקומען אין ייִדישן קוואַרטאַל פונעם יאַריד־ייִשעוו (ס'איז ניט אויסגעשלאָסן, אַז דער ציל פונעם פּאָגראָם איז געווען צו באַזײַטיקן די האַנדל־קאָנקורענטן).

אַפן יאַריד פלעגן קומען ניט נאָר ייִדן־הענדלער. צווישן די אָנגעפאָרענע זײַנען געווען אויך אַקטיאָרן, וועלכע האָבן זיך באַטייליקט אין פאַרשיידענע פאַרווײַלונגען. אָט זײַנען די „אָנגאַבן וועגן דער צאָל ייִדן, וועלכע זײַנען געקומען אַפן יאַריד קיין ניזשני נאָווגאָראָד אין 1896 יאָר“. „פונעם 21־טן אַפּרעל ביזן 1־טן סענטיאַבער זײַנען געקומען 4397 ייִדן; פאַר דער זעלבער צײַט זײַנען אַרויסגעפאָרן 3064. צווישן די אָנגעקומענע: ייִדן, צוגעשריבענע צו די אינערלעכע גובערניעס פון רוסלאַנד, — 681, פערזאָנען מיט אַ פּראָפעסיאָנעלער בילדונג — 294, אַרויסלאָזניקעס פון העכסטע און מיטעלע לערן־אַנשטאַלטן — 101, אויסלענדער (דה. ייִדן — אויסלענדישע אונטערטאַנער) — 123, עקספּאַנענטן[1] און אַנדערע פערזאָנען, וואָס זײַנען פאַרבונדן מיט די איניאָנים פון דער אויסשטעלונג — 76, פאַרבײַפאָרנדיק: סאָכרים פון דער 1־טער און 2־טער גילדיע — 435, מעשטשאַנעס — 259... צוליב קויפן סכוירעס זײַנען אָנגעקומען: סאָכרים פון דער 1־טער גילדיע — 99, פון דער 2־טער גילדיע — 574, פּריקאַזטשיקעס — 435. צוליב פאַרקויפן סכוירעס זײַנען אָנגעקומען: סאָכרים פון דער 1־טער גילדיע — 76, פון דער 2־טער גילדיע — 42, פּריקאַזטשיקעס — 245; באַלמעלאָכעס... — 808, דערין שטרײַכערס — 287, שנײַדערס — 83, זייגערמאַכערס — 58, יוּוועלירן — 49, סטאָליערס — 34, שוסטערס — 15...; מוזיקאַנטן און זינגער — 157, איבערזעצער — 3, קאָרעספּאָנדענטן — 6, פאָטאָגראַפן — 2 און 1 ראָוו“.

אַלזאָ, דער יאַריד איז געווען דער הויפּט־פאַקטאָר, וואָס האָט געווירקט אַפן לעבן פון דער היגער ייִדישער געמיינדע. אַדאַנק דעם יאַריד איז שטענדיק געוואַקסן די צאָל פון דער ייִדישער באַפעלקערונג, ווײַל פיל קאָמיסיאָנערן פלעגן זיך נאָכדעם באַזעצן אין דער שטאָט, ווי אויך אין דער גובערניע. מיר ברענגען אייניקע אָנגאַבן וועגן דעם צאָלבאַשטאַנד פון דער ייִדישער באַפעלקערונג:

[1] די, וואָס עקספּאָנירן עפּעס (סכוירעס אדג.).

| יאָרן | 1870 | 1881 | 1913 |
|---|---|---|---|
| די צאָל ייִדן: | | | |
| אין ניזשני נאָווגאָראָד | 541 | 1153 | 2931 |
| אין דער ניזשעגאָראָדער גובערניע | 627 | 1261 | 4195 |

די ניזשעגאָראָדער ייִדן האָבן געהאַט אַ סינאַגאָגע, וועלכע די אויסגעדינטע סאָלדאַטן־קאַנטאָניסטן האָבן אויפֿגעשטעלט אין צענטראַלן כײַלעק פֿון דער שטאָט, אין באָלאָטאָוו־געסל (איצט — גרודזינסקאַיאַ־גאַס). די אייגנאַרטיקע געבײַדע פֿון דער סינאַגאָגע האָט זיך פֿאַרהיט ביז אונדזערע טעג (הײַנט געפֿינט זיך דאָרט אַ ווירטשאַפֿטלעכער אַנשטאַלט). צום באַדויערן, האָט דערווײַל קיינער נאָך ניט אויסגעפֿאָרשט איר אַרכיטעקטור, און ס׳איז שווער אָנצורופֿן דאָס יאָר, ווען זי איז אויסגעבויט געוואָרן (אַפֿאַנעם, ניט שפּעטער פֿון די 1880־ער יאָרן). נאָך איין סינאַגאָגע איז געשטאַנען אין קאַנאַווינאָ (אויף דער איצטיקער לונאַטשאַרסקי־גאַס; די געבײַדע האָט זיך ניט פֿאַרהיט). קלײנע באָטע־מעדראָשים זײַנען אויך געווען אינעם יאַריד־יישעוו.

צווישן די ניזשעגאָראָדער ייִדן זײַנען געווען 9 באַזיצער פֿון דרוקערײַען, 6 — פֿון וואַרשטאַטן, וווּ מע האָט אויסגעאַרבעט פֿאַרשיידענע שטעמפּלען, אַזאַ וואַרשטאַט אויף דער באָלשאַיאַ פּאָקראָווקאַ־גאַס (הײַנט — סווערדלאָוו־גאַס), הויז 7, האָט, אַגעוו, געהערט צו מוישע סווערדלאָוו, דעם פֿאָטער פֿון יאַקאָוו מיכײַלאָוויטש סווערדלאָוון. ווי ס׳איז צו זען, האָט אַ היפּשער טייל ייִדן געלעבט ניט פֿונעם יאַריד גופֿע, ניט פֿון מיסכער, נאָר פֿון מעלאָכע.

די אַרכיוו־דאָקומענטן האָבן פֿאַרהיט ניט ווייניק ידיעות וועגן פֿאַרשיידענע גזירעס קעגן די ייִדן. אַלס קולמינאַציע קאָן מען רעכענען דעם „יאַריד־איניען" (1911—1912), ווען דער ניזשעגאָראָדער גובערנאַטאָר א. נ. כוואָסטאָוו, אַ פֿאַרביסענער רעאַקציאָנער און אַנטיסעמיט, האָט באַשלאָסן אַרויסטרײַבן די ייִדן פֿונעם יאַריד. ביפֿראַט נאָך, אַז צו יענער צײַט איז שוין געווען אַ פּרעצעדענט דערצו — דאָס פֿאַרטרײַבן די ייִדן פֿון וואָלאָגדע. כוואָסטאָוו האָט זיך צוגעטשעפּעט צו אַ פֿאָרמעלן טערעץ: די טעריטאָריע פֿונעם יאַריד האָט זיך געפֿונען אין בײַשטאָט פֿון ניזשני נאָווגאָראָד, אָבער לויט די פּאַפּירן איז זי געווען אַ טייל פֿונעם באַלאַכנינסקער אויעזד, און ייִדן האָבן ניט געהאַט קיין רעכט צו פֿירן אַ האַנדל אין אַ דאָרפֿישער געגנט.

לויט כוואָסטאָווס באַפֿעל האָט מען אָנגעהויבן אַרויסשיקן די ייִדן, וועלכע זײַנען געקומען אויפֿן יאַריד. עס האָבן ניט געהאָלפֿן די פּראָטעסטן מיצאַד דעם יאַריד־קאָמיטעט און דעם פּאַרוואַלטער פֿון דער קאַזיאָנער פּאַלאַטע. דער רעזולטאַט איז געווען אַזאַ: אין 1911 האָט דער יאַריד זיך פֿאַרענדיקט קימאַט מיט אַ דורכפֿאַל. די העזייקעס זײַנען געווען אַזוי גרויס, אַז אַפֿילו די הויפּט־שטאָטישע צײַטונג „רעטש" פֿאַרן 9 (22) נאָיאַבער 1911 האָט אויסגעלאַכט כוואָסטאָווס אידיי צו פֿאַרבײַטן ייִדן אויף דײַטשן. די פּראָגרעסיווע גובערניאַלע צײַטונג „ניזשעגאָראָדסקי ליסטאָק" האָט אין דער זעלבער צײַט אָפּגעדרוקט אַן אַרטיקל וועגן דער שווערער לאַגע פֿון די ייִדן־באַלמעלאָכעס. אַדאַנק אַזאַ שטיצע מיצאַד דער געזעלשאַפֿטלעכער מיינונג האָט זיך אײַנגעגעבן פּויעלן, מע זאָל אַראָפּנעמען כוואָסטאָוון (עמעס, מע האָט אים אָפּגערופֿן אין פּעטערבורג, וווּ ער האָט פֿאַרנומען נאָך אַ העכערע שטעלע, און אין אַ צײַט אַרום איז ער אַפֿילו געוואָרן דער מיניסטער פֿון אינערן־איניאָנים).

אין 1912 איז אויפֿן יאַריד ווידער אָנגעקומען אַ היפּשע צאָל ייִדן — 3630, און אַפֿילו דעם יאַריד־וועגווײַזער „יאַרמאַראָטשני טעלעגראַף" האָט צום ערשטן מאָל אָנגעהויבן אַרויסלאָזן אַ ייִד, דער סויכער גוטמאַן.

די ניט־גלײַכבאַרעכטיקטע לאַגע פֿון די ייִדן אין דער רוסלענדישער אימפּעריע, די שטענדיקע פּאָגראָם־העצע און די גזירעס פּלעגן ברענגען די ייִדן, קוידעמקאָל די יונגע, צו דער רעוואָליוציאָנערער באַוועגונג. פֿונעם סאָף XIX־טן יה. הייבן אָן די ייִדישע פֿאַמיליע־נעמען זיך אַלץ אָפֿטער באַווײַזן אין די פּאָליציי־דאָקומענטן. א. גורעוויטש (1891), ר. גינזבורג (1892), וו. איזראַילסאָן (1896), א. שטיינבערג (1897), ס. לייבאַזאָן (1904), כ. מינסקי (1904), ר. לעווי (1905), פּ. באָורשעווראָוו (1905)... ניט ווייניק פּאָליצייִשע „איניאָנים" זײַנען געווידמעט די ברידער סווערדלאָוו, וועלכע האָבן אָנגעפֿירט מיט דער ניזשעגאָראָדער „פֿאַרייניקטער גרופּע פֿון סאָציאַל־דעמאָקראַטן און סאָציאַליסטן־רעוואָליוציאָנערן". דער עלטערער ברודער יאַנקל (יאַקאָוו, דער פּסעוודאָנים „מאַליש") האָט שפּעטער אָנגעפֿירט מיט דער אָרגביוראָ (סעקרעטאַריאַט) פֿונעם צק פֿון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי, און אַלס נאָענטסטער מיטקעמפֿער פֿון וו. אי. לענין איז ער געוואָרן דער ערשטער פּאַרזיצער פֿונעם וציק (דה. דער פּרעזידענט) פֿון סאָוועטן־רוסלאַנד. דער צווייטער ברודער, וועניאַמין (זײַן פּסעוודאָנים — „סוסליק"), איז געווען אַ מענשעוויק, אין 1918 איז ער אַרײַנגעטראָטן אין דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי, האָט געאַרבעט אין דער קאָלעגיע פֿונעם פֿאָלקס־קאָמיסאַריאַט פֿון קאָמוניקאַציעס. אין 1940 איז ער אומגעקומען אין די סטאַלינישע רעפּרעסיעס. דער דריטער ברודער, זינאָווי („זאָלאָטאָי") איז געווען אַ דרייסטער רעוואָליוציאָנער און אַ טאַלאַנטפֿולער קינסטלער. ער איז אויסגעוואַקסן אין דער מישפּאָכע פֿון א. מ. גאָרקין. אין די ווײַטערדיקע יאָרן איז אים באַשערט געווען צו ווערן אַ גענעראַל פֿון פֿראַנקרײַך.

אינעם „איבערזיכט פֿון די וויכטיקסטע פּאָרויסיקע אויספֿאָרשונגען, וועלכע זײַנען דורכגעפֿירט

געוואָרן אין די זשאַנדאַרמישע פֿאַרוואַלטונגען אין 1902" (סאַנקט־פּעטערבורג, 1905) לייענען מיר אינעם אַפּטייל „ניזשעגאָראָדער גובערניע" וועגן „לובאָצקין וואָלף מאָווּשעוון, 19 יאָר אַלט, א ייִד, א מעשטשאַנין, האָט זיך געלערנט אין דער ניזשעגאָראָדער גימנאַזיע, דעם קורס פֿון וועלכער ער האָט ניט פֿאַרענדיקט". אין דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי איז וו. מ. לובאָצקי געווען מער באַוווּסט אַלס וולאַדימיר מיכײַלאָוויטש זאַגאָרסקי, סעקרעטאַר פֿונעם מאָסקווער שטאָטקאָם פֿון דער פּאַרטיי, אומגעקומען אין 1919 פֿון אַן אַנאַרכיסטישער באָמבע. זײַן נאָמען טראָגט די שטאָט זאַגאָרסק, פֿריִער — טראָיִצע־סערגיִעווער פּאָסאַד.

די רעאַקציע, וועלכע איז שטאַרקער געוואָרן נאָכן דערשטיקן די רעוואָליוציע פֿון 1905—1907, האָט געבראַכט אַף דער וועלט פּילצאָליקע שוואַרצמייעדיקע אָרגאַניזאַציעס. זייערע קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע אַרויסטרעטונגען פֿלעגן טאָמיד באַגלייט ווערן מיט אויפֿרופֿן צו ייִדישע פּאָגראָמען. אַזוי איז געווען ניט בלויז אין ניזשני נאָווגאָראָד — אויך אין אַרזאַמאַס (1907), באַלאַכנע (1908). אַף די שוואַרצמייעניקעס האָט זיך געשטיצט כוואָסטאָוו בעשאַס זײַנע „יאַריד־רעפּאָרמען". אָבער ניט געקוקט אַף אַזאַ לאַגע האָבן די ייִדן זיך געסטאַרעט ניט בלײַבן אין א זײַט פֿון די געזעלשאַפֿטלעכע פּראָצעסן, וועלכע פֿלעגן פֿאָרקומען אין דער שטאָט.

אין 1912 האָט דער אָרטיקער טוישעוו אוראָם קליינאַרד געעפֿנט א מוזיקאַלישע שול מיט א פּיִנפּיאַריקן לערן־דויער. נאָך דער רעוואָליוציע האָט די שול באַקומען דעם סטאַטוס פֿון א מוזיקאַלישן טעכניקום, אַפֿן יעסאָד פֿון וועלכן ס'איז שפּעטער געשאַפֿן געוואָרן די איצטיקע גאָרקאָווער קאָנסערוואַטאָריע.

די ערשטע וועלט־מילכאָמע האָט אין א באַדײַטנדיקער מאָס געענדערט דעם באַשטאַנד און די לאַגע פֿון דער היגער ייִדישער געמיינדע. פֿון די מײַרעוו־געגנטן האָט זיך קיין ניזשני נאָווגאָראָד א לאָז געטאָן א פּליטים־שטראָם — פּאָליאַקן, ליטווינער, ייִדן, לעטן. לויט אייניקע, גענוג געהיטע אָפּשאַצונגען, איז די גובערניע פֿאַר די יאָרן 1914—1917 געוואָרן א מאָקעם־מענוכע פֿאַר ניט ווייניקער, ווי 500 טויזנט בעזשענצעס. גאַנצע זאַוואָדן, פֿירמעס, לערן־אַנשטאַלטן האָבן זיך עוואַקויִרט און אָנגעהויבן אַרבעטן אַפֿן נײַעם אָרט (דער ריגער זאַוואָד „פֿעלזער" האָט געלייגט דעם יעסאָד פֿונעם גאָרקאָווער זאַוואָד „דער מאָטאָר פֿון דער רעוואָליוציע", דער גאָרקאָווער מעלוכע־אוניווערסיטעט „שטאַמט" פֿונעם עוואַקויִרטן וואַרשעווער אוניווערסיטעט אאַוו.).

שווער צו זאָגן, וואָס פֿאַר א צאָל ייִדן עס האָט איבערגעוואַנדערט קיין ניזשני נאָווגאָראָד, ס'גייט א רייד וועגן צענדליקער טויזנטער. ייִדן־פּליטים האָבן זיך באַזעצט דעריקער אין דער סלאָבאָדע קאַנאַווינאָ (איצט — דער קאַנאַווינער ראַיאָן פֿון גאָרקי), ווו ס'האָט זיך געשאַפֿן א היפּשע לאַנדסמאַנשאַפֿט, וועלכע האָט אַף לאַנג צוגעגעבן דער סלאָבאָדע סימאָנים פֿון א ייִדיש שטעטל.

דער געמיינזאַמער שווערער גוירל האָט קאָנסאָלידירט די פּליטים פֿון פֿאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן. אַפֿן אָרט פֿון די פֿאַרשיקטע קיין סיביר ניזשעגאָראָדער רעוואָליוציאָנערן זײַנען געקומען געניטע אונטערערדלער פֿון דער בײַבאַלטיק און פֿון די מײַרעוו־גובערניעס — כאָטש אינדערעמעסן איז דאָס לעבן גופֿע געווען דעמלט דער בעסטער אַגיטאַטאָר. עס האָט אָנגעגרײַפֿט א נײַער סאָציאַלער אויפֿרײַס.

די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע איז אין ניזשני נאָווגאָראָד דורכגעגאַן אָן בלוטפֿאַרגיסונג: די רויט־גוואַרדייער, בעראָש מיט איוואַן ראָמאַנאָוו, יאַקאָוו וואָראָביאָוו (קאַץ) און קאַרל קאַלנינשן, האָבן פֿאַרכאַפּט דעם קרעמל. אין דער געשיכטע פֿון דער ניזשעגאָראָדער ייִדישער געמיינדע האָט זיך אָנגעהויבן א נײַער פּעריאָד.

<u>נײַס פֿונעם ייִדישן קולטור־לעבן</u>

## א נײַער קלוב פֿון ייִדישער קולטור

אין גאָרקי איז געשאַפֿן געוואָרן א קלוב פֿון ייִדישער קולטור. די גרינדונגס־פֿאַרזאַמלונג האָט געעפֿנט דער פּראָפֿעסאָר זאַלמען ליבינזאָן, וועלכער האָט גערעדט וועגן דער דוירעסדיקער געשיכטע פֿונעם ייִדישן פֿאָלק, וועגן דעם אויפֿבלויז פֿון ייִדישער קולטור אין ראַטנפֿאַרבאַנד נאָך דער אָקטיאַבער־רעוואָליוציע און דעם פּראָצעס פֿון ליקווידירן די ייִדישע קולטור אין די יאָרן פֿון סטאַלין־קולט. אייניקעם מיטן אויפֿשטעלן די לעבנישע נאָרמעס אין אַלע געביטן פֿונעם לאַנד ווערן איצט געשאַפֿן באַדינגונגען פֿאַר אַנטוויקלען און אָפּהיטן אונדזערע נאַציאָנאַלע ווערטן.

די פֿאַרזאַמלונג האָט אָנגענומען א סטאַטוט, אויסגעוויילט א ראַט בעראָש מיט זאַלמען ליבינזאָנען. מיט א באַגריסונג איז אַרויסגעטראָטן די ייִדישע שרײַבערין שירע גאָרשמאַן. עס זײַנען געווען פֿאָרגעלייענט פּילצאָליקע באַגריסונג־טעלעגראַמעס פֿון ווילנע, מינסק, קעשענעוו, לוואָוו, מאָסקווע, קיִעוו, טשערנאָוויץ.

עליע ביידער,
שטעלפֿאַרטרעטער פֿון דעם פֿאָרזיצער פֿונעם ראַט פֿון ייִדישער קולטור

# בריוו פון די יונגע און וועגן זיי

ס'איז א מערקווירדיקע דערשײַנונג, וואָס אין דער לעצטער צײַט שטײַגט דער צופלוס פון בריוו אין רעדאַקציע ביכלאַל און פון דער יוגנט — ביפּראַט. די אויפוואַכונג פון דער יידישער קולטור אין סאָוועטנפאַרבאַנד, וועלכע איז בעלי־סאָפּעק דירעקט פאַרבונדן בא אונדז מיט דער איבערבויונג און מיט דעם פּליוראַליזם, סטימולירט דעם דראַנג צו דער מוטער־שפּראַך, צום וואָרט, צום געוויינלעכן און צום קינסטלערישן. די יונגע מענטשן גיבן זיך אָפּ אַליין קלאָרער און קלאָרער א דין־וועכעזשבן אין דעם, אז מאַמע־לאָשן, א פאַרייביקטס אין קינסטלערישע ווערק, שטעלט מיט זיך פאָר דעם שוירעש, דעם אורגרונט און, פאַרשטייט זיך, דעם היטער פונעם פאָלקס־גײַסט. קענטיק, דערפאַר, אין דער ערשטער ריי, ציט זיך דער יונגער דאָר אזוי האַסטיק צו יידיש. אזוי וואָלט געדאַרפט זײַן שוין פון לאַנג, אזוי איז טיילווײַז געווען, אזוי וועט עס געוויס זײַן אַף ווײַטער. די קוואַלן זײַנען שטענדיק פּריש און בעריישיסדיק.

צווישן די קולטור־ווערטן, וועלכע אונדזער פאָלק האָט געשאַפן, פאַרנעמט א בעקאָוועדיק אָרט די ליטעראַטור. דעריבער איז קיין וווּנדער ניט, וואָס צום טרעגער פון דער קינסטלערישער ליטעראַטור אַף יידיש בא אונדז אין לאַנד, צום איין־און־איינציקן זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד", ציִען זיך די מענטשן מיט א וואַכן נאַציאָנאַלן באַוווּסטזײַן.

מע קומט צו אונדז מיט קאָלערלייִקע געפילן. און אויך דאָס איז נאַטירלעך. האָגלען פון די שווערע רעפּרעסיווע און סטאַגנאַציע־צײַטן האָבן אונדז איבערגעגנוג געשמיסן. אײַנהאַלטן זיך אַף די פּיס איז געווען ניט לײַכט. אייניקע ווילן עס ניט פאַרשטיין, אנדערע קאָנען עס ניט פאַרשטיין. אזוי אָדער אנדערש, נאָר ס'איז אומעגלעך אין דער נײַגעשאַפענער סיטואַציע פאַרבײַגיין אזא מין ניט־אָרדינאַרע דערשײַנונג ווי „סאָוועטיש היימלאַנד". כאָטש די קעגנער און אומפרײַנט ליגן אײַן די וועלט, קעדיי פאַרמינערן די ווערט און די אויפטוען פונעם זשורנאַל, איז די שטרעבונג צו אים א גרויסע, פון אַלע זײַטן.

ס'וועט ניט זײַן קיין גוזמע, אויב מיר וועלן זאָגן, אז דאָסראָוו וועגדונגען צו אונדז מיצאַד די יונגע איז פאַרבונדן מיט זייער דראַנג צו דערלערנען יידיש. איז לאָמיר טאַקע הײַנטיקן בריוו־איבערזיכט ווידמענען אָט דעם איניען.

מירן דערמאָנען, אז ער איז ניט קיין פּאָנעם־כאַדאָשעס אַף די שפּאַלטן פון „סאָוועטיש היימלאַנד". די פּראָבלעם פון באַהערשן יידיש בא אונדז אין לאַנד איז א ביז גאָר אָנגעווייטיקטע. העכער פופציק יאָר האָבן ניט עקזיסטירט קיין שולן, ווו די אונטעריכטונג זאָל געווען גיין אַף דער מוטער־שפּראַך. דער הויפּט־מעטאָד פון דערלערנען יידיש — דער אזויגערופענער היימישער, דער שטוביקער, אין די מישפּאָכע־ראַמען — האָט זיך ניט באַרעכטיקט: ביז גאָר ווינציק יידישע קינדער — ייִנגלעך און מיידלעך — האָבן אַף אזא מאַניר זיך דערנעענטערט צו דער שפּראַך פון אונדזערע אָוועס. איצט איז שוין באַשײַמפּערלעך קלאָר, אז די איבערוועגנדיקע מערהײַט פונעם מיטעלן דאָר סאָוועטישע יידן איז אַנטווײַנט געוואָרן פון דער פאָלקס־שפּראַך. אויך א גאָר גרויסע צאָל איצט עלטערע מענטשן, וואָס האָבן נאָך אין דער ווײַטער קינדהײַט באַוויזן צו פאַרזוכן דעם טאַם פון לימודים אַף יידיש אין די עקזיסטירנדיקע דעמאָלט יידישע שולן, זײַנען יאָרנלאַנג געווען אָפּגעזונדערט פון דער אומגאַנגשפּראַך. אפילע אינדערהיים פלעגן זיי אויסמײַדן צו קאָנטאַקטירן צווישן זיך און צו האָבן א באַריר מיט די שכיינים אַף יידיש. וועגן דעם אונטערוואַקסנדיקן דאָר גייט קיין רייד ניט ביכלאַל. צומאָל פלעגן די קינדער און די יוגנט זיך צופעליק דערוויסן, אז זייערע עלטערן און די עלטערן פון זייערע עלטערן האָבן אמאָל באַהערשט א רײַכע שפּראַך, אַף וועלכער מע האָט געקאָנט אויסגיסן די נעשאָמע, אַף וועלכער מע פלעג זיך אנערקענען אין ליבע, אַף וועלכער עס האָבן געקלונגען וויגלידער, אַף וועלכער מע פלעג באַגלייטן צו קווורע.

עס איז אַוודע אַ גרויסער בראָך, וואָס אַנדערהאַלבן מיליאָן ייִדן אין סאָוועטנפאַרבאַנד באַהערשן ניט דאָס לאָשן פון די אָוועס. דאָס באַטרעפט עטוואָס ווייניקער ווי פינף און אַכציק פּראָצענט פון דער ייִדישער סאָוועטישער באַפעלקערונג. איז דען אַ כידעש, וואָס אין מעשעך פון די קנאַפּע דרײַ יאָרצענדליקער זינט עס איז טעטיק „סאָוועטיש היימלאַנד" הערט ניט אויף די פּראָבלעם פון דערלערנען ייִדיש פּערמאַנענט צו בײַזײַן אַף די זײַטלעך פונעם זשורנאַל — אין דער פאָרם פון אַרטיקלען, אין דער פאָרם פון לימודים פאַר די ווייניק איווּרעדיקע און סטאַם אַנאַלפאַבעטן, אין דער פאָרם פון קאָלערלײַקע דיסקוסיעס. אויך די פּאָטשט פון „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט ניט אויסגעמיטן די דאָזיקע פּראָבלעם.

די פּאָטשט פון „סאָוועטיש היימלאַנד", וועלכע מיר בלעטערן איצט, האָט איר באַזונדערן בײַטאַם. אײַנגאַנצן גענומען, איז זי אַ מונטערע, אָפּטימיסטישע. ס'וואָלט געווען דרייסט צו זאָגן, אַז פון איר זײַנען ראַפּטום פאַרשוווּנדן די טײַנעס, די אָנקלאָגעס, די פאָרוואורפן. נעגאַטיווע דערשײַנונגען, צום באַדויערן, זײַנען נאָך פאַראַן אין אונדזער לעבן איבערגענוג. וועגן דעם זײַנען אײדעס, אַשטייגער, צוויי בריוו פון איין שטאָט — פון וואָראָשילאָווגראַד. אונדזערע קאָרעספּאָנדענטן קענען ניט איינער דעם אַנדערן, זיי ביידע האָבן געשריבן די בריוו פולקום זעלבשטענדיק. ליובאָוו טרובאַקאָווא דערציילט, אַז ווען איינמאָל איז אין איר שטאָט געקומען צו פאָרן אַ ייִדישער טעאַטער, האָט אַ כאַווער פון דער טרופּע אַגיטירט דעם אוילעם, מע זאָל זיך אַבאָנירן אַף „סאָוועטיש היימלאַנד". אַ סאַך לאַנדסלײַט אירע האָבן זיך דעמלט אונטערגעשריבן אָפן זשורנאַל, סײַ באַיאָרטע מענטשן, סײַ יונגעלײַט. „איך האָב זיך אויך אַבאָנירט, — טיילט מיט די כאַווערטע טרובאַקאָווא מיט אַ געוויסער מאָס הומאָר. — איך האָב, לערנענדיק זיך אין שול, אויסגעצייכנט באַהערשט די דײַטשישע שפּראַך, און איך בין געווען איבערצײַגט, אַז ייִדיש, אויב אַזוי, קאָן איך שוין אויך. נאָר, ווי מע זאָגט, כאַלוימעס. אַך, ווי ס'איז פאַרדריסלעך, וואָס איך האָב אין וואָראָשילאָווגראַד ניט געקאָנט אָפּזוכן אַ לערער פון דער ייִדישער שפּראַך". איר זעמליאַטשקע גאַלינאַ סאָבאָל, אַן עלטערער וויסנשאַפטלעכער מיטאַרבעטער אין אַ מאַשינבוי־אינסטיטוט, האָט שטאַרק כאַראָטע, וואָס אַדהײַנעם האָט זי זיך נאָך ערנסט ניט פאַרנומען מיט דערלערנען ייִדיש, כאָטש זי וואָלט וועלן באַהערשן די שפּראַך, און זי האָט שוין אַפילע פּאָרויס זיך אַבאָנירט אַף אונדזער כוידעשלעכער אויסגאַבע. „איך האָב צו אײַך אַ דרינגלעכע באַקאָשע, זײַט אַזוי גוט, און זאָגט מיר אונטער, איך בעט אײַך, מיט וואָס פאַר אַ ליטעראַטור זיך באַנוצן, קעדיי דערלערנען ייִדיש", — פּאָדערט פון אונדז צוגעלאָזן גאַלינאַ אַבראַמאָוונאַ, און זי וויל גלייבן, אַז אַזאַ ליטעראַטור וועט זי קריגן, ווי נאָר זי וועט זיך ווענדן צו אונדז. זי רעדט וועגן דעם איניען גאַנץ פּאָשעט: „די זאַך באַשטייט אין דעם, וואָס ניט נאָר איך, אַ סאַך אַזעלכע, ווי איך, האָבן בעדײַע צו דערלערנען די שפּראַך פון אונדזערע פאָרגייער, אַלנפאַלס, פיל מײַנע פרײַנט און כאַווײרים טרוימען וועגן דעם". און ווײַטער אינפאָרמירט אונדז די קאָרעספּאָנדענטקע, אַז אָפּגעלעבט אַף דער וועלט האָט זי שוין פערציק יאָר, און ס'איז אַוודע אַ ביזאָיען, וואָס זי באַהערשט ניט איר מאַמע־לאָשן. פערציק יאָר — נאָך אַ גאָר יונגער מענטש. פאַרוואָס טאַקע איר ניט העלפן, זי זאָל האָבן אַ מעגלעכקײַט גענישן דעם פאַרגעניגן סײַ פון דער קינסטלערישער ליטעראַטור, וועלכע עס איז געשאַפן געוואָרן פאַר די יאָרן, וואָס זי האָט אָפּגעלעבט אויסער דער ייִדישער סוויווע, סײַ פון דער קונסט, באַזונדערס פונעם ייִדישן מעלאָס, סײַ פון די דאָר־דוירעסדיקע פילאָסאָפישע ווערטן?

מײַלע, וואָראָשילאָווגראַד האָט קיינמאָל ניט פּרעטענדירט אַף דעם שעם פון אַ ייִדישער שטאָט, אָבער — ווינניצע! וויפל ייִדישיסטן זײַנען דאָרט געווען אין אַלע צײַטן! איז אָט האָט איר אַ רוף צו הילף פון אַ יונגער נעשאָמע: „איך וויל זייער שטאַרק דערלערנען מײַן מאַמע־לאָשן — די ייִדישע שפּראַך", — איז זיך מודיע מאַריע וואָלעצקאַיאַ אין איר בריוו צו אונדז. לאָזט זיך אויס, אַז אַפילע אין ווינניצע איז דאָס דערווײַל אַ פּראָבלעם: „צו מײַן גרויסן באַדויערן, איז בײַ אונדז אין שטאָט ניטאָ קיין מעגלעכקײַט פאַרווירקלעכן אַזאַ, דוכט זיך, באַשיידענעם טרוים. קיין קורסן אַף דערלערנען ייִדיש זײַנען ניטאָ, קיין לערן־ליטעראַטור איז אויך ניטאָ — ניט אין די ביכער־קראָמען, ניט אין די ביבליאָטעקן. העלפט מיר, אויב איר זײַט בעקוויעך!"

טאָמער צווייפלען די לייענער, צי עס איז טאַקע אַזוי ניט שיין די לאַגע אין ווינניצע איז נאָט אײַך נאָך איין סיגנאַל פון דאָרטן. מיר לייענען: „עס שרײַבט צו אײַך אַ יונגע מישפּאָכע. בײַ אונדז זײַנען פאַראַן צוויי טעכטערלעך, מײַן ווײַב איז אַלט 26 יאָר, איך בין אַלט — 28! מיר וואָלטן זיך גערן אַבאָנירט אַף אײַער זשורנאַל. ווײַדליק מיר פאַרשטייען לויטן רוסישן אינהאַלט אַף דער הילע און לויט דעם רעזומע, דאַרף ער זײַן אַ ביז גאָר אינטערעסאַנטער", — אַזוי שרײַבן אונדז די יונגעלײַט, וועמענס פאַמיליע איז קושניר, דאָס הייסט, שרײַבן שרײַבט דער ראָש פון דער מישפּאָכע, אַ שאָד, וואָס מיר ווייסן ניט זײַן נאָמען. אינעם בריוו האָט ער ניט מיטגעטיילט זײַן נאָמען, ווײַזט אויס, אַז די מישפּאָכע קושניר פון ווינניצע איז אַזאַ איינהײַטלעכע, אַז קיין נעמען ברויכן זיי ניט, אַלע זײַנען זיי — קושנירן, און אויס. — „איז בײַ אונדז אָבער אַ טיפּישע פאַר דער סאָוועטישער יוגנט סיטואַציע, — זעצט פאָר קושניר דער עלטערער. — מיר קאָנען ניט די שפּראַך. עמעס, די פרוי מײַנע פאַרשטייט יאָ אַ ביסל די מינדלעכע שפּראַך. איך בין ביכלאַל אַ גראָבער־יונג. קיין שום קרײַזלעך אַף דערלערנען ייִדיש זײַנען אין ווינניצע ניטאָ, ווער ווייסט, צי זיי וועלן געשאַפן ווערן אין דער נאָענטער צײַט. מיר וואָלטן אײַך זײַן שטאַרק דאַנקבאַר, ווען איר זאָלט אונדז עפענען די אויגן: וווּ קריגט מען ליטעראַטור אַף דערלערנען די מוטער־שפּראַך? און נאָך בעטן מיר אײַך אונדז מיטיילן, צי קאָן מען זיך אַבאָנירן אַף „סאָוועטיש היימלאַנד" אינ־

מיטן יאָר? אָדער עפּשער גאָר איז פֿאַראַן אַף דער וועלט אַן אַנאַלאָגישער כּוידעשניק אַף רוסיש?“ אָט אַזוי טײַנעט צו אונדז די וויניצער יוגנט.

מערע גלאַדניקאָווא פֿון דער שטאָט זעליאָנאָדאָלסק, וואָס געפֿינט זיך אין דער טאָטערישער אויטאָנאָמער רעפּובליק, שרײַבט אַ סאַך קירצער: „איך בעט מיר אַרויסשיקן אַ בוקוואַר אַף ייִדיש מיט נאָכצאָל“.

אַפֿן רעדאַקציאָנעלן טיש ליגט אויך אַ בריוו פֿון כערסאָן. וואַלענטינאַ סאָקאָריאַנסקאַיאַ רופֿט זיך אָפּ וועגן ייִדיש אויסדריקלעך: מײַן לײַבלעכע אויסלענדישע שפּראַך“. ס'איז אַוודע אַ צאַר צו הערן אַזעלכס. ס'איז אָבער אויך פֿריידיק דאָס, וואָס גאָר ניט ווייניק מענטשן אַזעלכע, ווי וואַלענטינאַ סאָקאָריאַנסקאַיאַ, זײַנען געקומען צום אויספֿיר, אַז אָט די „לײַבלעכע אויסלענדישע שפּראַך“ מוז מען באַהערשן, וויִאַזוי עס זאָל ניט זײַן שווער. „דאָ ניט לאַנג צוריק, — דערציילט אונדזער כערסאָנער קאָרעספּאָנדענטקע, — איז אין מײַנע הענט דאָס ערשטע מאָל אַרײַנגעפֿאַלן דער זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“. כ'האָב אָבער געקאָנט איבערלייענען דאָס ערשטע זײַטל פֿונעם... סאָף. איז עס דען אַ נאָרמאַלע זאַך? דער אינטערעס צום זשורנאַל איז אַ גרויסער, צו „סאָוועטיש היימלאַנד“ ווי אַ טרעגער פֿונעם ייִדישן וואָרט. אָט גיט איר אַף די זײַטלעך פֿונעם זשורנאַל לימודים פֿון ייִדיש. איז דאָך גוט. אָבער פֿאַרוואָס זשאַלעוועט איר פּאַפּיר אַף טראַנסקריבירן די טעקסטן? איצט באַקומט זיך אַזוי, אַז לערנען זיך מיט דער הילף פֿונעם זשורנאַל האָבן אַ מעגלעכקײַט בלויז די, וואָס האָבן שוין אַן אָנונג וועגן דער שפּראַך. נאָר אַזעלכע גליקלעכע מענטשן זײַנען דאָך אַ זעלטנהײַט“.

וועגן דער אָפּוועזנהײַט פֿון טראַנסקריפּציעס פֿון די טעקסטן, וואָס ווערן אויסגענוצט אין דער דערווײַל נאָך קנאַפּער לערן־ליטעראַטור, סיגנאַליזירט אויך די מאָסקווער אײַנוווינערן פֿאַניע פּערמאַנאָווא. „וויִאַזוי זיך באַניצן מיט אַזאַ מין פֿײַנער אויסגאַבע, ווי דער קורצער ייִדיש־רוסישער ווערטערבוך, אויב אין אים זײַנען ניטאָ קיין טראַנסקריפּציעס פֿון די ווערטער? — קלאָגט זי זיך. — מע רעדט אין מאָסקווע, אַז אינגיכן וועט דערשײַנען אַ געשפּרעך־בוך. האַלעווײַ וואָלט עס געווען עמעס! אָך, ווי עס נייטיקן זיך אין אַזאַ מין הילפֿס־ליטעראַטור הונדערטער מענטשן! באַ מיר וואַקסט אַ זון. שוין צײַט מיט אים לערנען ייִדיש, נאָר ווי־אַזוי?“

אין מאָסקווע, זעט אויס, איז אויך ניט אַלץ קעשורע מיט דערלערנען ייִדיש. מיר וואָלטן געקאָנט ציטירן נאָך בריוו — אומרויִקע, זאָרגפֿולע. נאָר ניט דאָס זײַנען מיר אויסן. אַזעלכע בריוו זײַנען געווען איבערגענוג אויך אין די פֿאַרגאַנגענע יאָרן. דאָסראָוו בריוו פֿון דער לעצטער צײַט פֿאַרמאָגן אַ גאָר אַנדערע טאָנאַלקײַט.

ליובע פּוטליק פֿון ריגע דערציילט אין איר בריוו צו אונדז, אַז די פּראַגע וועגן אויפֿשטעלן די ייִדישע שול און, פֿאַרשטייט זיך, די ייִדישע שפּראַך, איז אַ ביז גאָר אַקטועלע אין לעטלאַנד. „עס גייט שוין אַף אַ דערעך, — באַהויפּטעט אונדזער קאָרעספּאָנדענטקע. — ביז אַלץ וועט זיך דערלייזן, פֿיר איך אַ קרײַזל פֿאַר דערלערנען ייִדיש מיט קינדער און אַ באַזונדער קרײַזל פֿאַר דערוואַקסענע. קינדער האָב איך אין קרײַזל 26, דערוואַקסענע — 29. מיר האָבן זיי צעטיילט אין צוויי גרופּעס: די, וואָס פֿאַרשטייען ייִדיש, און די, וואָס רעדן ייִדיש, אין איין אונטערגרופּע, און די, וואָס ניט זיי פֿאַרשטייען און ניט זיי רעדן ייִדיש, — אין אַ צווייטער גרופּע. מיט די קינדער פֿאַרנעם איך זיך שוין צוויי כאַדאָשים, מיט די דערוואַקסענע האָבן מיר ערשט אָנגעהויבן“.

אָפּטימיסטישע קלאַנגען לאָזן זיך הערן אין קלאָרע פֿאַקטאָראָוויטשעס בריוו. „אַ גרויסן דאַנק אײַך פֿאַר דעם ווערטערבוך, וואָס איך האָב באַקומען אײנײנעם מיטן ערשטן נומער פֿונעם זשורנאַל פֿאַרן 1989, — שרײַבט אָט די געטרײַע לייענערן אונדזערע און קאָרעספּאָנדענטקע פֿון דער שטאָט קאָראַסטען. — דאָס איז זייער אַ ווערטפֿול ביכעלע אין פּראַט פֿון פֿאַרשפּרייטן די ייִדישע שפּראַך. איך האָב שוין אַוועקגעשיקט דעם ווערטערבוך אין דער שטאָט פּעטראָזאַוואָדסק. דאָרט האָב איך אַ פֿרײַנט, אַ דרײַצניאָריק ייִנגעלע — מענאַקער גערמאַן. ער טרוימט דערלערנען ייִדיש. אַגעוו, דעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“ האָב איך אים שוין פֿאַרפּריִער אויסגעשריבן. וויִאַזוי האָט באַם באַרמיצווע־באָכערעץ אויפֿגעפּלאַמט דער כײשעק שטודירן די מוטער־שפּראַך? זייער פּאָשעט. ער, גערמאַן, קאָלעקציאָנירט קאַלענדאַרלעך. האָב איך אים איבערגעפּעקלט דאָס טראַדיציאָנעלע ייִדישע לועכל, וואָס דערשײַנט אין זשורנאַל אין אָנפֿאַנג־כוידעש יעדעס יאָר. פּלוצעם באַקום איך אַן ענטפֿער: „כ'וויל באַהערשן ייִדיש!“ כ'מיין, אַז אין פּעטראָזאַוואָדסק וואַקסט אונטער אַ קינפֿטיקער לייענער פֿון דעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“.

„מיר האָבן אין וויטעבסק אָרגאַניזירט אַ קרײַזל צו דערלערנען די ייִדישע שפּראַך“, — טיילט אונדז מיט לייב יודאָווין, אַ לאַנגאָניקער אַבאָנענט פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד“. וועגן דעם דערציילט אויך מיט גרויס היספּײַלעס דער וויטעבסקער דיכטער דאָוויד סימאַנאָוויטש. ער פֿאָדערט דערבײַ, מיר זאָלן זיך מאַטריִער זײַן און פֿאַרעפֿנטלעכן אין זשורנאַל אַ לערן־פּראָגראַם.

יויסעף זשערעבקער פֿון אָדעס באַרימט זיך אַ ביסל אין זײַן בריוו: „איך לערן זיך לייענען אַף ייִדיש. און עס באַקומט זיך דאַפֿקע נישקאָשע. דערפֿאַר, וואָס איך ווייס די ייִדישע פֿאָלקס־שפּראַך. איך וויל און איך האָף נאָך אויסלערנען לייענען און שרײַבן אַף ייִדיש מײַנע קינדער. כ'מיין, אַז דאָס וועט זיך מיר אײַנגעבן“.

מיט אַן אויסשעפּלעכער און אויפֿמונטערנדיקער אינפֿאָרמאַציע באַזאָרגן אונדז די קיִעווער קאָרעספּאָנדענטן. זיי דערציילן, אַז אין קיִעוו זײַנען געגרינדעט קורסן אַף דערלערנען ייִדיש — פֿאַר אַ סימבאָלישער פּרײַז. דער באַשטאַנד פֿון די צוהערער איז אַן אײַגנאַרטיקער — פֿאַראַן קליינע קינדער, פֿאַראַן באַיאָרטע מענטשן, אַפֿילע פּענסיאָנערן. „די אײנציקע מעניע — ווײַטלעך צו פֿאָרן אַף די לימודים, — באַדויערן אונדזערע קיִעווער לייענער דאָוויד שנײַדערמאַן און זײַן פֿרוי ליובע. — עס

וואָלט געווען גוט, מע זאָל אויסשטעלן פֿאַר די ייִדיש־קורסן נאָך אַ פּאָר לערן־ערטער. די 146־טע שול פֿון דניעפּראָווער ראַיאָן איז טאַקע אַ פֿײַנע, די טאַלמידים פֿילן זיך דאָרטן, ווי אינדערהיים, אָבער ניט יעדערן איז באַקוועם זיך דערקלײַבן אַהין. די סטאַנציע פֿון מעטראָ „דאַרניצע“, לעם וועלכער עס געפֿינט זיך די שול, איז, פֿאַרשטייט זיך, ניט דער צענטער. נאָר מײלע, אַ דאַנק פֿאַר דעם, וואָס עס איז דאָ“. עמעס, אונדזערע קאָרעספּאָנדענטן גיבן צו, אַז עס איז שוין צײַט צו לייזן די פֿראַגע וועגן דערלערנען ייִדיש אַף אַ העכערן שטאַפּל. פֿאַרוואָס טאַקע ניט אײַנפֿירן קיין פֿאַקולטאַטיווע לימודים אין עטלעכע קיִעווער מיטלשולן? אין אַזאַ שטאָט ווי קיִעוו וואָלטן אַזעלכע פֿאַקולטאַטיוון געהאַט אַ שעם. „מיסטאָם ווייסט איר שוין, אַז בײַ אונדז זײַנען שוין טעטיק עטלעכע טעאַטראַלע קאָלעקטיוון, — זעצן פֿאָר זייער בריוו דאָוויד און ליובע שנײַדערמאַן, — דאָס וועקט דעם אינטערעס צו ייִדיש“.

די בריוו, וועלכע קומען אָן די לעצטע צײַט אין רעדאַקציע פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד“, זאָגן אײדעס וועגן דעם, אַז דער פֿאַל מיט אַלעקסאַנדער בעלאָוסאָוו איז ניט קיין אויסשליסלעכער. ביכלאַל איז דאָס אַ מערקווירדיקער פּרעצעדענט: ווער ווייסט ניט בײַ אונדז אין לאַנד און אין אויסלאַנד דעם דיכטער אַלעקסאַנדער בעלאָוסאָוו פֿון דער שטאָט קויבישעוו? דעם רוס, וועלכער פֿאַרפֿאַסט פֿײַנע לידער אַף ייִדיש? לעצטנס האָט פֿון דער שטאָט כאַרקאָוו אונדז צוגעשיקט אַ בריוו שוועדסקאַיאַ טאַניאַ. אָט וואָס זי שרײַבט: „לויט דער נאַציאָנאַליטעט בין איך אַן אוקראַינער, נאָר מיך אינטערעסירט זייער די ייִדישע קולטור. צווישן מײַנע פֿרײַנט און באַקאַנטע זײַנען פֿאַראַן אַ סך ייִדן. דאָס איז ניט מײַן קאַפּריז — אַזוי האָט זיך שוין באַקומען. מיט אַ כוידעש צוריק האָב איך צום ערשטן מאָל צעעפֿנט דעם זשורנאַל „סאָוועטיש היימלאַנד“. איך דערלערן ייִדיש. איך טרוים אפֿילע מיט דער צײַט ווערן אַ לערערן פֿון ייִדיש. טאַלמידים וועלן זײַן בײַ מיר גענוג: צום באַדויערן, זײַנען ווײַט ניט אַלע ייִדן ייִדיש־איווערדיקע, אָבער אַ סך יונגע און ניט נאָר יונגע שטרעבן פֿאַריכטן דעם שווערן מאַצעוו, אין וועלכן עס איז אַרײַנגעפֿאַלן ייִדיש מאַכמעס די פֿינצטערע קולט־יאָרן און די יאָרן פֿון ברעזשנעווס באַלעבאַטעווען“.

די לייענער פֿון אונדזער זשורנאַל ווייסן שוין, אַז אין פֿאַרשיידענע רעגיאָנען פֿון סאָוועטנפֿאַרבאַנד ווערן געשאַפֿן ייִדישע קולטור־געזעלשאַפֿטן. מיר קאַרגן ניט קיין אָרט אַף די שפּאַלטן פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד“, קעדיי אינפֿאָרמירן די אַבאָנענטן וועגן אָט דער דערשײַנונג אַף דער ייִדישער גאַס בײַ אונדז אין לאַנד. אַלעמאָל באַקומען מיר בריוו מיט נײַע מיטיילונגען. אירמע אַמבורג פֿון דער שטאָט קאַזאַן איז אונדז מודיִע, אַז אין זײַן שטאָט — אין דער הויפּט־שטאָט פֿון דער טאָטערישער אויטאָנאָמער רעפּובליק, איז אויך אָרגאַניזירט געוואָרן אַ ייִדישע קולטור־געזעלשאַפֿט. אין מאַרט כוידעש 1989 האָבן זיך אין אַ סטודענטישער גאָרקיך צונויפֿגעזאַמלט בײַ 200 מענטשן. די ייִדישע קולטור־געזעלשאַפֿט איז, קענטיק, ווי אומעטום אופֿגעקומען סטיכיייִש. ס'איז געווען אַ קאָנצערט, עס האָט געשפּילט אַן עסטראַדע־אָרקעסטער בעראָש מיט לעאָניד סאָנצן, אַלץ איז פֿאָרגעקומען בײַ געדעקטע מיט ייִדישע מײַכאָלים טישן. ייִדישע קולטור־געזעלשאַפֿטן זײַנען שוין פֿאַראַן אין דאָנעצק, כאַרקאָוו, זאַפּאָראָזשיע. אין דער שטאָט אָדעס האָט מען דער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפֿט צוגעאייגנט דעם נאָמען פֿון נאָטע לוריע.

בײַ אונדזערע לייענער איז אַ גוטע שטימונג, און דאָס באַקומט אַן אָפּשפּיגלונג אין דער פּאָטשט פֿון „סאָוועטיש היימלאַנד“. אַ קאָלעקטיוון דאַנקבאַר־בריוו האָבן צו אונדז אַרײַנגעשיקט די מיטגלידער פֿון דער קיִעווער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפֿט קאָגאַן, אָסטראָווסקאַיאַ, געכמאַן, פֿוקס, באָבערמאַן און אַנדערע כאַווײרים. זיי זײַנען שטאַרק צופֿרידן, וואָס דער זשורנאַל האָט די ערשטע בײַלאַגע פֿאַר הײַנטיקס יאָר געווידמעט דער ייִדישער שפּראַך — אַ טײַערע מאַטאָנע האָבן באַקומען די לייענער, די איצטיקע און די קינפֿטיקע. זיי שטעלן אַרויס אַ ריי באַקאָשעס. מע וויל, אַשטייגער, אַז דער זשורנאַל זאָל אָפּטער פּובליקירן די טעקסטן פֿון פֿאַרשיידענע באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע פֿאָלקסלידער. מע וואָלט וועלן, אַז די פּובליקאַציעס וועגן דער געשיכטע פֿונעם ייִדישן פֿאָלק, וועלכע באַווײַזן זיך איצט אין זשורנאַל אַלץ אָפּטער און אָפּטער, זאָלן אַנטהאַלטן אין זיך מיפֿן, לעגענדעס, אויסצוגן פֿון קאָלערליי קלוגע ספֿאָרים. „מיר וואַרטן מיט אומגעדולד, אַז עס זאָלן פֿאַר אונדז אַרויסגעגעבן ווערן די נייטיקע לערנביכער, — פֿאַרענדיקן דעם בריוו די קיִעווער טוישווים, זײַענדיק איבערצײַגט אין דעם, אַז זיי פֿאָדערן דאָס מעגלעכע. — מיר מוזן באַקומען כרעסטאָמאַטיעס, זעלבסטלערער, הילפֿס־ביכער“.

די שטימונג איז אַ גוטע ניט נאָר בײַ די לייענער. מיר זײַנען צופֿרידן, וואָס מיר האָבן איבערגעגעבן דעם לייענער אין די הענט דעם קליינעם, אָבער וויכטיקן ווערטערבוך, מיר האָבן האַנאָע פֿון דעם, וואָס דער לייענער האָט אינײנעם מיטן זעקסטן נומער פֿונעם זשורנאַל באַקומען אַ געלונגענעם קורס לימודים פֿון ייִדיש. מיר זײַנען גליקלעך, וואָס די ליבהאָבער פֿון ייִדיש קאָנען זיך אין הײַנטיקן נומער באַקענען מיט דער פּראָגראַם פֿון דערלערנען ייִדיש. מיר זײַנען זיך מודיע, אַז עס איז אוואַדע אַ מעכײַע צו באַקומען גוטע בריוו פֿון די לייענער, און ניט נאָר דערפֿאַר, וואָס אין זיי באַגעגענען מיר זיך מיט הויכע אָפּשאַצונגען פֿון אונדזער אַרבעט. ס'איז פֿריידיק קוידעמקאָל דערפֿאַר, ווײַל די בריוו פֿאַרזיכערן אונדז, אַז עס גייט ניט פֿאַרפֿאַלן סטאַם אונדזער טירכע לעטויוועס דעם פֿאָלק. אָט וואָס עס איז פֿאַר אונדז וויכטיק, אָט וואָס עס מאַכט אונדז גליקלעך. וואַרעמע געפֿילן האָט בײַ אונדז אַרויסגערופֿן דער בריוו פֿון דעם כאַווער וו. רײַזבאַום, וואָס וווינט אין דער שטאָט קאַלאַטש (וואָלגאָגראַדער געגנט). ס'איז טאַקע אָנגענעם, כאָטש מיר לײַדן לאַכלוטן ניט פֿונעם כעט, וועלכער הייסט: „פֿאַרײַסן די נאָז“, באַקומען פֿון אַן אופֿריכטיקן פֿרײַנט אַזאַ מין אָנערקענונג: „אַ דאַנק אײַך פֿאַרן ייִדישן אינדזעלע, וואָס איר האָט לאַנגע יאָרן ניט

געלאָזט אינגאַנצן פאַרוואַקסן ווערן מיט ווילדגראָז".

עס איז אומעגלעך גלײַכגילטיק לייענען אינעם בריוו פונעם קעשענעווער מוזיק-לערער גריגאָרי פּאָלאָנסקי אַזאַ שורה: „כ'וויל, איר זאָלט וויסן, אַז דער כּיישעק מײַנער דערלערנען יידיש איז אַן אומגעהײַער גרויסער, כ'וויל געניו באַהערשן מאַמע-לאָשן און פרײַ לייענען אײַער זשורנאַל". ס'וואָלט געווען ניט שיין אינעם הײַנטיקן איבערזיכט פאַרבײַגיין די מילדע בריוו, וועלכע עס האָבן אונדז צוגעשיקט שולאַמיס גרינפעלד פון דער שטאָט סאָליגאָרסק, איטע באַסײַטע פון כערסאָן, וועלכע איז גליקלעך, וואָס זי האָט שוין דורכגעמאַכט די ערשטע טריט איבער דער סטעזשקע צו אונדזער מאַמע-לאָשן און האָט שוין דערלעבט צו דער שאָ, ווען זי האָט געקאָנט אָנשרײַבן איר בריוול אויף יידיש.

באַזונדערס ווילן מיר אָפּמערקן דעם בריוו, וואָס עס האָט אַרײַנגעשיקט אין רעדאַקציע אווראָם קאַץ פון דער שטאָט קויבישעוו. אינטערעסאַנט איז דאָס, וואָס ער ווענדט זיך צו אונדז „אין נאָמען פון די יידישע קינדער". וואָס זשע איז ער אויסן? „שוין אַריבער מער ווי אַ יאָר, זינט דער הויפּט-רעדאַקטאָר פון „סאָוועטיש היימלאַנד" האָט אויף דער באַראַטונג פון יונגע יידישע שרײַבער געזאָגט פאָלגנדעס: „פון אייביק אָן זעט די יידישע ליטעראַטור אַ שיינעם כאָלעם, אַז זי פאַרמאָגט שוין אַ נאָרמאַלע דעמאָגראַפיע". זײַן רעדע האָט דער הויפּט-רעדאַקטאָר דעמלט פאַרענדיקט מיט אַן אויפרוף: „לאָמיר מעכאַדעש זײַן דעם העמשעך!" — אַזאַ איז די פּרעאַמבולע פונעם בריוו. און ווײַטער גייט אַ רייד וועגן דעם, אַז פון יענער צײַט איז ניט ווייניק אָפּגעטאָן געוואָרן לעטויוועס דעם העמשעך פון דער יידישער קולטור. „עס זײַנען שוין טעטיק עטלעכע יידישע אַנסאַמבלען, — שרײַבט אונדזער קאָרעספּאָנדענט. — אין דער יידישער סאָוועטישער ליטעראַטור זײַנען פאַראַן נעמען פון נײַע שרײַבער, דיכטער... אָבער לייענער? מיט לייענער האַלט עס אַזוי: ערשטנס, אָט די זעלבע יונגע ליטעראַטן לייענען דערווײַל איינער דעם אַנדערן. דאָס איז אַוואַדע גוט. צווייטנס, זײַנען טאַקע צוגעקומען נאָך יונגע לייענער, ניט קיין סאַך, דאָך צוגעקומען, עס מאַכט ניט אויס, וואָס אין יעדער שטאָט קאָן מען זיי איבערציילן אויף די פינגער. צי האָט זיך דערמיט נאָרמאַליזירט די דעמאָגראַפיע, וועגן וועלכער עס איז געגאַנגען אַ רייד אויף דער באַראַטונג פון די יונגע יידישע שרײַבער? פאַרשטייט זיך, אַז ניין. עמעס, עס זײַנען נאָך פאַראַן זקיינים — ביז הונדערט מיט צוואַנציק! — וואָס האָבן נאָך ניט פאַרגעסן יידיש. אָבער זקיינים האָבן אַ באַדײַטנדיקן „כיסאָרן": זיי זײַנען אַלט אַלס לייענער, און פון זיי איז קליין דער נאַכעס, די אויגן זעען שוין שלעכט, און אַז זיי נעמען שוין יאָ לייענען, ווערן זיי אַנשלאָפן, אָדער הייבן אָן דרעמלען, און דאַן זעען זיי כאַלוימעס, לעמאָשל, אַזאַ כאָלעם, אַז די יידישע ליטעראַטור פאַרמאָגט שוין אַ נאָרמאַלע דעמאָגראַפיע..." דער אויספיר, וועלכן אווראָם קאַץ מאַכט, איז אַ קאַטעגאָרישער: „אַ בוים וואַקסט ניט אָן וואָרצלען. בעקיצער, אויב מע וויל, אַז די שפּראַך זאָל בײַ אונדז ניט פאַרגעסן ווערן, אַז עס זאָלן זײַן לייענער, ווי אויך יונגע שרײַבער, איז דערצו דאָ אַ גאַנץ פּאָשעט מיטל, אַ פּראָסטער רעצעפּט. אפילע מײַן באָבע האָט נאָך געוווּסט דעם רעצעפּט, כאָטש זי איז ניט געווען קיין פּראָפעסאָר, אַ פּאָשעטע יידענע איז זי געווען. אָט איז ער — דער רעצעפּט: אַ קינד דאַרף מען לערנען. ניט די באַיאָרטע יידן, וואָס האָבן פאַרגעסן, ווער זיי זײַנען, און ניט אפילע די יוגנטלעכע, שוין אויך שפּעט. פריִער פאַר אַלץ דאַרף מען לערנען די קליינע קינדערלעך — קוידעמקאָל דערפאַר, ווײַל די קינדהײַט איז די בעסטע צײַט אויף צו לערנען אַ שפּראַך". און ערשט נאָך אָט דעם קאַטעגאָרישן אויספיר שטעלט אַרויס דער כאַווער אווראָם קאַץ זײַן לאַנגאָניקע טײַנע: „פרעגט זיך אַ קאַשע, פאַרוואָס שרײַבן אונדזערע כאָשעווע מיטגלידער פונעם שרײַבער-קאָלעקטיוו נאָר פאַר דערוואַקסענע און קימאַט גאָרניט פאַר קינדער?" אונדזער קאָרעספּאָנדענט מאָלט אַזאַ מין בילד: „עס קומען צו לויפן קינדער און בעטן, מע זאָל מיט זיי לערנען יידיש, זיי ווילן קאָנען באָבע-לאָשן. דער טאַטע מיט דער מאַמען זײַנען ניט קעגן, זיי וואָלטן אויך גערן געלערנט די מוטער-שפּראַך. אָבער די באָבע... זי האָט אַלץ מוירע, אַז דאָס קענען יידיש וועט שאַטן צום שידעך. אָבער אַז אַ קינד בעט, ווי קאָן מען עס אים אָפּזאָגן? בלײַבט אַ פּראָבלעם, ווו נעמט מען לערנביכער? דעם כומעש אויסנוצן, צי איוורע-טײַטש, אָדער גאָר צענע אורענע? טאַקע גוטע ספאָרים, אָבער געדרוקט זײַנען זיי מיט קליינע אויסיִעס און מיט אַ פאַרעלטערטער אָרטאָגראַפיע..."

אונדזערע לייענער רעאַגירן לײַדנשאַפטלעך אויף פאַרשיידענע אומנאָרמאַלקײַטן. דער כאַווער אַנאַטאָלי גרינפעלד פון דער שטאָט טשעליאַבינסק האָט צוגעשיקט אין רעדאַקציע אַן אומרויִקע ווענדונג. אָט וואָס ער שרײַבט: „אַ גרויסן טייל פון מײַנע דרײַסיק יאָר בין איך געווען דערצויגן אין גײַסט פון אינטערנאַציאָנאַליזם. די לעצטע געשעענישן זאָגן איידעס וועגן דעם, אַז טראָץ אַלע שיינע דעקלאַראַציעס וועגן דער אָפּוועזנהײַט פון אַנטיסעמיטיזם בײַ אונדז אין לאַנד, איז עס ווײַט ניט אַזוי. איך האָב ניט אין זינען דעם שטייגערישן אַנטיסעמיטיזם. מיט דעם וועלן מיר זיך יאַקאָס אַן אייצע געבן. עס זײַנען אָבער פאַראַן אַזעלכע דערשײַנונגען אין אונדזער ווירקלעכקײַט, וועלכע רופן אַרויס אומרו. באַזונדערס האָט מיך דערשיטערט דער אַרטיקל פון איינעם אַ מ. אוסטינאָוון, וועלכן עס האָט אָפּגעדרוקט אין זײַן דריטן נומער פאַרן 1989 דער מאָסקווער זשורנאַל „מאָלאָדאַיאַ גוואַרדיִאַ". עס איז מיר דערווידער איבערצוכאַזערן די נידערטרעכטיקײַטן, וואָס אָט דער אַרטיקל אַנטהאַלט אין זיך. איך מיין אָבער, אַז מיר טאָרן ניט שווײַגן. דער ציל פון מ. אוסטינאָוון — דאָס איז העצע קעגן די יידן. איך האַלט, אַז מ. אוסטינאָוון דאַרף מען אויפרופן צו קרימינעלער פאַראַנטוואָרטלעכקײַט".

פאַרבײַגייענדיק אַזאַ מין אינפאָרמאַציע האָבן מיר ניט קיין רעכט. דער קאַמף קעגן דער אַנטיסעמיטישער פּעסט איז פאַרלייגט אין יעסאָד פון אונדזער רעוואָליוציאָנערער צײַט.

• • •



## דאָס נײַן־און־זיבעציקסטע קאַפּיטל

### די באַסמאַלקע

מיט סאַשעס אָפּפאָרן האָבן זיך געענדיקט אַלע יאָמטויוויום און עס האָבן אײַנגעטראָטן די פּריִערדיקע געוויינלעכע וואָכעדיקע טעג.

עמעס, דאָס לעבן האָט זיך ניט שטאַרק איבערגעאַנדערשט. די אייגענע שטוב, וואָס פּריִער — אַ שטוב פון קאַלטוווּ, און דער אייגענער טיש — אַ טיש, פול מיט מענטשן, — אַלץ אַזוי ווי פּריִער. עס איז שוין אָבער ניט געווען די לעבעדיקײַט, וואָס פּריִער. עס האָט זיך געפילט, אַז עפּעס פעלט, אַז עמעצער גייט אָפּ.

---

פאָרזעצונג. אָנהייב זע „סאָוועטיש היימלאַנד" נומ. 7—12, 1988, נומ. 1—6, 1989.

דער „עמעצער" איז געווען סאשע.

פונדעסטוועגן איז בא איר אָפּפאָרן (אונדזער פּאָפּאָוו־ראַבינאָוויטש האָט דאָס גוט באַמערקט) ניט פאַרגאָסן געוואָרן קיין טרער. קיינער האָט ניט אַרויסגעלאָזט אַפילע קיין זיפץ. און אויב עמעצער אין דער דאָזיקער שטוב איז יאָ אַרומגעגאַנגען א צעמישטער, זיך קיין אָרט ניט געקאָנט געפינען — איז דאָס געווען ניט קיין אַנדערער, נאָר „גליוק".

עס איז געווען בעעמעס א גאַטס ראַכמאָנעס א קוק צו טאָן אַף דעם דאָזיקן הונט! פאַר גרויס צאָרעס האָט ער זיך פאַרקליבן צום רוסישן רעפּעטיטאָר אין כיידער אַריַין און דאָרט האָט ער זיך אויסגעצויגן אַף אַלע פיר, געקוקט אים אין די אויגן אַריַין, פול מיט בענקעניש. „ניטאָ זי... ווידעראַמאָל נישטאָ!.." — האָט זיך דער הונט געקלאָגט פאַרן ייִדן אָן ווערטער, און דער ייִד, וואָס האָט שוין מער קיין ברעקל מוירע ניט געהאַט פאַרן הונט, האָט זיך אַראָפּגעלאָזט צו אים, געשענקט א גלעט מיט דער האַנט איבער דער וואַרעמער גלאַטער שטאָל־קאָלירענער פעל, גליַיך ווי ער וואָלט אים וועלן טרייסטן: „איך פיל דיר מיט, גליוק, איך וויים, נאָך וועמען דו בענקסט... נישקאָשע, פאַראַן נאָך עמעצער, וואָס בענקט אָט דאָ, אין דער דאָזיקער שטוב..."

אין זיקאָרן לעבט איבער אונדזער הערשל פּאָפּאָוו נאָכאַמאָל אַלע יענע גליקלעכע מאָמענטן פון די לעצטע פאָר וואָכן, וואָס זיַינען איבערגעפלויגן פאַר אים אַזויוויי א כאָלעם, אַזויוויי א שיינע מיַיסע, איינע פון יענע שיינע קישעפדיקע מיַיסעס, וואָס ער האָט זיך אָנגעהערט אין זיַינע ייִנגלשע יאָרן, נאָך אַז ער האָט געלערנט אין כיידער. דאָס זיַינען מיַיסעס, וואָס מע ווייסט ניט, וועמענס פאַנטאַזיעס האָט זיי באַשאַפן און פונוואַנען זיי האָבן זיך גענומען. עפשער טאַקע דאָ אין דעם פינצטערן כיידער זיַינען זיי געבוירן געוואָרן? דערציילט ווערן זיי געוויינלעך אין דער ציַיט פון ביין מינכע לעמײַרעוו, ווען דער רעבע איז אין שול, און אין כיידער איז שטאָק־פינצטער, כאָטש נעם זיך אַרויס אַן אויג, און כיידער־ייִנגלעך האָבן זיך צונויפגעשלאָגן אַלע אין איין ווינקעלע, ווי די שעפעלעך, און מע האָרכט צו מיט קאָפּ, און איינס א ייִנגל, אַן עלטערערס, מיט גרויסע פאַרטראַכטע אויגן, הייבט אָן שטיל און גלאַט, ווי א לויפנדיק וואַסער:

— וואָס זשע פאַר א מיַיסע, ווילט איר, זאָל איך איַיך היַינט דערציילן, קינדער? אויב איר וועט מיך בעטן, וועל איך איַיך דערציילן א מיַיסע מיט א באַסמאַלקע פונעם לאַנד פון „אופיר". דאָס לאַנד פון „אופיר" דאַרף איַיך זיַין באַקאַנט פון פּאָסעק. דאָס לאַנד איז א לאַנד, וואָס געפינט זיך העט־העט אַף יענער זיַיט סאַמבאַטיען, אַזש הינטער די האָרע־כוישעך. דאָרט איז, ווי איר ווייסט, פאַרבליבן די רעשט פון די אָסאָרע האַשוואָטים, וואָס גאָט האָט זיי געבענטשט מיט א בראָכע, זיי זאָלן קיינמאָל ניט קראַנק זיַין אַף קיין איוועך, און זיי זאָלן ניט וויסן פון קיין שום צאָרעס, גזיירעס, דיַיגעס־פּאַרנאָסע און נאָך אַזעלכע זאַכן. דעריבער זיַינען זיי דאָרט אַלע גווירים, און געלט וואַלגערט זיך בא זיי ווי מיסט; די גאַסן זיַינען אויסגעפלאַסטערט מיט די טיַיערסטע שטיינער, וואָס הייסן קאַדקוד; און אַף פערל וויל דאָרט קיינער ניט קוקן אַפילע, וואָרעם זיי שטייען סטערטעסוויַיז, אַזויוויי בא אונדז היי. דערוויַיל האָט זיך געטראָפן א מיַיסע: געווען בא זיי א מאַלעך פונעם שיוועט לוי, איז ער געשטאָרבן און איבערגעלאָזט נאָך זיך צוויי זין מיט איין טאָכטער א גרויסע יעפאַס־טויאַר. האָבן זיך די זין ניט געקאָנט איַינטיילן מיט דער יערושע, ביידע האָבן געוואָלט אַרוף אַף דעם שטול געוועלטיקן. האָבן זיי א לאַנגע ציַיט מילכאָמע געהאַלטן צווישן זיך, פאַרגאָסן בלוט אָן א שיר. האָבן זיך מעיאַשעוו געווען די אָסערעס האַשוואָטים איינמאָל אין א שיינעם פרימאָרגן און האָבן געכאַפּט ביידע ברידער און געבונדן זיי הענט און פיס און אויסגערופן אַף א קאָל: „וואָס טוט מען מיט צוויי ברידער, וואָס ס'איז זיי ענג די וועלט און קאָנען זיך ניט געפינען קיין אָרט אַף דער ערד?" רופט זיך אָפּ איינער: „באַדאַרף מען זיי שיקן אַפן הימל, עפשער וועט זיי דאָרטן זיַין געראַמער. לאָז מען נעמען א בוים פופציק איילן די הייך און לאָז מען זיי ביידע אופהענגען". און מע האָט טאַקע אַזוי געטאָן, און ס'איז געוואָרן שטיל, און פון דעמלט אָן איז ניטאָ בא זיי קיין מײַלעך. וואָס זשע טוט מען מיט זייער שוועסטער, מיט דער באַסמאַלקע? רופט זיך אָפּ איינער: „איר ווייסט ניט וואָס מע טוט? לאָז מען זי נעמען און פאַרפירן וויַיט־וויַיט אַף א ווינספע אינמיטן יאַם און לאָז זי זיך דאָרט לעבן הונדערט און צוואַנציק יאָר און לאָז מען ניט זאָגן אַף אונדז, אַז מיר האָבן פאַרגאָסן אומשולדיק בלוט". און מע האָט טאַקע אַזוי געטאָן, און מע האָט גענומען די באַסמאַלקע און מע האָט זי פאַרפירט העט וויַיט אַף א ווינספע אינמיטן יאַם, אויסגעבויט דאָרט פון אירעטוועגן א פּאַלאַץ פון סאַמע קרישטאָל מיט גינגאָלד געדעקט, איר איבערגעלאָזט פולע שאַפעס מיט קאָלטוווו — „נאַ, זיץ, עס און טרינק און לאָז דיר וויל זיַין". זיצט זי זיך דאָרט, די באַסמאַלקע די יעפאַס־טויאַר, איינע אַליין אַף דער ווינספע אינמיטן יאַם און וואַרט אַף איר אויסלייזער, טאָמער וועט עמעצער אַהין פאַרבלאָנדזשען, וועט ער זי נעמען און וועט זי ברענגען צוריק אינעם לאַנד פון „אופיר", און דאָרט וועט ער מיט איר שטעלן א כופּע און וועט זיך אַוועקזעצן אַף איר פאָטערס שטול און וועט געוועלטיקן אַף די אָסערעס

האשוואַטים. דערווײַל האָט זיך געטראָפן א מײַסע: איינער א טאָנע און א גרויסער באַל־מויפּעס פון אונדזערע קאַנטן איז געוווער געוואָרן אַלפי רועך האַקוידעש פון דער אוילע, וואָס די אַסערעס האַשוואַטים זײַנען באַגאַנגען קעגן זייער מאַלכעס, וואָס זיי האָבן אויפגעהאַנגען זײַנע צוויי זין, און וואָס קולאָם קעגן דער באַסמאַלקע די יעפאַס־טויאַר, וואָס איז נעבעך גאָט די נעשאָמע שולדיק, האָט ער געשיקט רופן צו זיך איינעם פון די בעסטע באַכערים, וואָס זיצן אין בעסמעדרעש און לערנען, און רופט זיך אָן צו אים: „מאַ שמעכאָ, וויאַזוי רופט מען דיך?" זאָגט ער: „קאַר וועקאַר אַזוי און אַזוי", זאָגט צו אים דער טאָנע: „הער נאָר אויס, מײַן קינד, וואָס איך וועל דיך פרעגן: אַשטייגער, מע זאָל דיר זאָגן: גיי אַף יענער זײַט סאַמבאַטיען, הינטער די האָרע־כוישער, אינעם לאַנד פון „אופיר", דאָרט איז פאַרבליבן די רעשט פון די אַסערעס האַשוואַטים און דיזן אָן א מײַלער, נעם געוועלטיק איבער זיי — וואָס וואָלסטו געזאָגט דערויף?" פאַרטראַכט זיך דער באַכער און שווײַגט. א סימען, אַז ער איז מאַסקים. רופט זיך אָן צו אים דער באַל־מויפּעס נאָכאַמאָל: „און ווי איז דער דיין, אַז מע מוז פריִער זיך אָוועקלאָזן אַפן יאַם. דאָרט איז דאָ א ווייספּע, און אַף דער ווייספּע — א פּאַלאַץ פון קרישטאָל מיט גינגאָלד געדעקט, וואָס דאָרט זיצט די באַסמאַלקע די יעפאַס־טויאַר און וואַרט אַף איר אויסלייזער?" שווײַגט ווידער דער באַכער — א סימען, אַז ער איז דערויף אויך מאַסקים. רופט זיך אָן צו אים דער באַל־מויפּעס ווײַטער: „און ווי נאָר דו ברענגסט זי צו פירן אינעם לאַנד פון „אופיר", אַזוי נעמסטו זי מיט כופּע וועקידושן קידאַס מוישע וועיִס־ראָעל. וואָס וועסטו דערויף זאָגן?" ווערט דער באַכער רויט פּאַר בושע, א סימען, אַז ער זאָגט זיך ניט אָפּ פון קיין זאַך. מאַכט צו אים דער באַל־מויפּעס: „אויב אַזוי, מײַן קינד, נאַ דיר מײַן שטעקן מיט מײַן פּאַטשיילע, מיט מײַן פּושקעלע און גיי און זײַ מאַצליעך..." וווּהין צו גיין — זאָגט ער אים ניט. און איבערפרעגן אים וווּהין — איז ניט שייעך. אַזאַ מענטש, אַז ער זאָגט גיי — גייט מען. ביפראַט, אַז ער גיט אים זײַן שטעקן, מיט זײַן פּאַטשיילע, מיט זײַן פּושקעלע...

און דאָ הייבט זיך ערשט אָן די רעכטע מײַסע, וויאַזוי דער באַכער לאָזט זיך אין וועג אַרײַן, און די צאָרעס און יעסורים, וואָס ער שטייט אויס, און די באַגעגענישן, וואָס ער האָט אין וועג, און די ניסים וועניפלאָעס, וואָס עס באַווײַזן זיך נאָכדעם אַרויס פּונעם צאַדיקס שטעקן, מיט דער פּאַטשיילע, מיטן פּושקעלע, — איטלעכע זאַך אין איר צײַט, געבונדן און געקייטלט איינס מיט דאָס אַנדערע — ביז צו דער באַסמאַלקע איז נאָך אַלץ ווײַט. עס זעט אויס, אַז דאָס ייִנגל מיט די פאַרטראַכטע אויגן, וואָס דערציילט די דאַזיקע שיינע מײַסע מיט דער באַסמאַלקע, וועט צו דער באַסמאַלקע אַזוי גיך ניט צוקומען, ער זאָל אפילע דערציילן א יאָר קאַסיידער — און דאָס איז זייער אָן אַוויירע, אַט באַלד קומט אָן דער רעבע, — און הערשלען ווילט זיך אַקוראַט וויסן, וואָס איז מיטן באַכער? צי האָט ער געטראָפן צו דער באַסמאַלקע די יעפאַס־טויאַר, צי ניין? אים ווײַזט זיך אויס, אַז יאָ. און זײַן אייגענע פאַנטאַזיע דערמאָלט שוין דאָס איבעריקע, און ער שטעלט זיך פאַר די פאַרוואָרפענע ווייספּע, וואָס אינמיטן יאַם, און דעם קרישטאָלענעם פּאַלאַץ מיטן גאָלדענעם דאַך, און די באַסמאַלקע די יעפאַס־טויאַר מאָלט זיך אויס אין זײַן קוייעך־האַדימיען מיט אַלע פּישטשעוו־קעס אַזוי שאַרף און אַזוי בוילעט, אַז ער קען זי, דאַכט זיך, אויסגעבונדן, אַזוויוי ער קען זיך אַליין. ער ווייסט אפילע, וואָסערע אויגן זי האָט, וואָסערע האָר, און ווי זי גייט אָנגעטאָן, און אפילע וואָס פאַר א קאָל זי האָט, און וויאַזוי זי רעדט, און וויאַזוי זי לאַכט, — אַלצדינג, אַלצ־דינג... און ער שטעלט זיך פאַר, אַז דאָס איז ער אַליין טאַקע, אָט איינער באַכער, וואָס האָט זיך אַוועקגעלאָזט אויפזוכן די באַסמאַלקע די יעפאַס־טויאַר, און אָט ער אַליין איז דאָס טאַקע איר באַ־שערטער און זי איז דאָס זײַן באַשערטע, און אַז ער פאָרט מיט איר איבערן יאַם צוריק אינעם לאַנד פון „אופיר", און אַז ער קומט אַהין בעשאָלעם, שטעלט ער מיט איר א כופּע קידאַס מוישע וועיִיסראָעל... און אָט וואָס אים איבעראַשט אין דער דאַזיקער מײַסע: אים איבעראַשט, וואָס די באַסמאַלקע די יעפאַס־טויאַר, וועלכע ער האָט זיך פאַרגעשטעלט אין דער מאַכשאָווע, איז אים געקומען איצט פאַר די אויגן א לעבעדיקע, א רעאַלע — אינעם געשטאַלט פון סאַשען...

דער דאַזיקער פאַקט, אַז ער האָט דאָס מיידל געקענט נאָך איידער ער האָט זי געזען, מאַכט אים שיר מעשוגע און ער ווערט א פאַטאַליסט און ער הייבט אָן צו גלייבן אין אַלע גרעסטע אומעג־לעכקייטן, און ער דערלאָזט זײַן פאַנטאַזיע, זי זאָל אים אופהייבן העכער און העכער און פליִען מיט אים קימאַט ביזן זיבעטן הימל און מאָלן זיך די שענסטע און ליכטיקסטע בילדער, וואָס קענען נאָר געמאָלט זײַן אַף דער וועלט... און ער פרעגט בא זיך אַליין: „ניט שוין זשע וועט מעקויעם ווערן דאָס, וואָס ער האָט אַמאָל, שוין לאַנג, געזען אין כאַלעם? ניט שוין זשע איז דאָס מעגלעך אַף דער וואָר?.." נאָר ניין. ער וויל דערפון איצט ניט קלערן. ער וויל גאָר ניט וויסן, וואָס עס קאָן זײַן, וואָס עס וועט זײַן, ער איז צופרידן מיט דעם, וואָס איז געווען.

וואָס זשע איז געווען? אָט וואָס ס'איז געווען.

* * *

ס'איז געווען אָן אָוונט. מע האָט געשפּילט אין פאַנטן. ס'איז אים אויסגעקומען צו זיצן ווײַט אין סאַמע עק זאַל. ניט אַליין, אינצווייען איז ער געזעסן — מיט סאַשען — א שטול נעבן א שטול. און דאָרט, אין צווייטן זאַל, איז געזעסן דער גאַנצער איבעריקער אוילעם. מע האָט געשפּילט אין פאַנטן. דאָס ערשטע מאָל, אַז ער זיצט נעבן איר אַזוי נאָענט. ער האָט געהערט איר אָטעם. ער האָט געפּילט איר רייעך. נאָר ער איז געזעסן ווי ווײַט מעגלעך רויק: „וואָס גייט אים אָן, וואָס זי זיצט נעבן אים אַזוי נאָענט? ס'איז דאָך מער ניט ווי א שפּיל, א פאַנטן־שפּיל...״

— גריגאָרי איוואַנאָוויטש, וואָס זענט איר אַזוי אַנגעכמורעט? איך האָב ניט ליב אַנגעכמורעטע, איך האָב ליב, אַז מע איז פריילעך.

דאָס האָט געזאָגט צו אים סאַשע איינפּאַך, אָן א שום איראָניע, אָן א ברעקל קאָקעטערײַ, נאָר פּאַשעט, ווײַל סאַשע האָט טאַקע ליב, אַז מע איז פריילעך.

— איר טראָגט עפּעס אָף דער נעשאָמע, — זאָגט זי צו אים ווײַטער ערנסט און באַשענקט אים מיט א קוק פון אירע שײַנע אויגן, פאַר וועלכן ער איז גרייט צו שטאַרבן יעדע מינוט. נאָר ער האַלט זיך ווי א גיבער. „פונוואַנען נעמט זי דאָס, אַז ער טראָגט עפּעס אָף דער נעשאָמע?״ — פונוואַנען? ניט שוין זשע ווייסט ער נאָך ניט, וואָס פאַר א בריע זי איז צו לייענען יענעמס געדאַנקען, ווי פון א בוך? — ענטפערט אים סאַשע הויך אָף א קאָל, בייגט זיך אַריבער איבערן שטול און צעלאַכט זיך מיט איר פריילעך הילכיקן געלעכטער, פון וועלכן עס ווערט אי גוט, אי אומעטיק אָפן האַרצן, פון וועלכן עס גלוסט זיך אי לאַכן, אי וויינען, וואָרעם אַז ער וויל, איז דאָס גלאַט א געלעכטער פון גוטמוט, פון פולן האַרצן, און אַז ער וויל, הערט זיך אין דעם געלעכטער עפּעס אַנדערש... פונוואַנען ווייסט ער, אַז דאָ שמעקט ניט א וועלן אָפּשפּעטן, א כויזעק מאַכן?.. נאָר ניין, לאָז זי לאַכן. לאָז זי לאַכן!..

און נאָך:

עס איז געווען א נאַכט, א קאַלטע, א שנייִיקע ווינטער־נאַכט. די שטאָט האָט זיך אײַנגעהילט אין ווײַסן. די מישפּאָכע באַרדאָ־בראַדאָווסקי איז געגאַנגען פון טעאַטער. געגאַנגען, ניט געפאָרן — ס'איז שוין נימעס געוואָרן דאָס שליטלען זיך. אין טעאַטער איז מען געזעסן אין דרײַ לאָזשעס. אין איין לאָזשע דער פאָטער מיט דער מוטער מיט דער טאָכטער און מיט פּיערן, אין די איבעריקע צווײ לאָזשעס — דער לערער־פּערסאָנאַל און גריגאָרי איוואַנאָוויטש פּאָפּאָוו־ראַבינאָוויטש אויך בעסויכעם. נאָר זײַן נעשאָמע איז געווען דאָרט, אין דער ערשטער לאָזשע. ער האָט געליטן כיבוט האַקיוווער ניט אַזוי פון דעם, וואָס ער איז דאָרט ניטאָ, ווי פון דעם, וואָס דאָרט זיצט דאָס „אָפּיצערל״, וועלכן ער קאָן אַזוי ניט אָנקוקן. ער האָט קוים דערלעבט דעם סאָף און איז געווען גליקלעך, וואָס דער פּיער האָט זיך אָפּגעזעגנט און איז אוועק מיט א קאָמפּאַניע אָפּיצערן אין קלוב, און די מישפּאָכע באַרדאָ־בראַדאָווסקי האָט אָפּגעשיקט די פערד אַהיים און געלאָזט זיך צופוס איבערן האַרטן סקריפּענדיקן שניי פאַרלעכווײַז. פאָרנט זײַנען געגאַנגען, אײַנגעהילט אין סויבלען, פּעאָקטיסט פּעדאָסייִטש מיט זײַן נאַדיעזשדאַ פּעאָדאָראָוונאַ, דערנאָך די לערער מיט די לערערנס, די פריילינס מיט די גוווערנאַנטקעס, און גאַנץ הינטן סאַשע מיטן רוסישן רעפּעטיטאָר. סאַשע האָט געהאַלטן אין איין רעדן און אין איין לאַכן, און דער רעפּעטיטאָר האָט מער געהערט און געשוויגן.

— ווי געפעלט אײַך דער קניאַז? — טוט אים פּלוצעם א כאַפּ סאַשע, ווי איר שטייגער איז, איבערגייענדיק פונעם גרעסטן געלעכטער צום גרעסטן ערנסט.

— וואָסער קניאַז?

סאַשע האָט אופגעהויבן די אויגן אָף אים און אַזש אָפּגעשטעלט זיך אָף א ווײַלע... נאָר דאָ האָט זיך אַרײַנגעמישט איינער פון די פאָרויסגייענדיקע און דער שמועס איז איבערגעריסן געוואָרן... „איז פּיער, הייסט עס, א קניאַז? ער זאָל עס אָנהייבן צו וויסן... אַצינד זײַנען אים שוין פאַרענטפערט א סאַך, א סאַך זאַכן...״ און זײַן פאַנטאַזיע כאַפּט אים אוף און ער מאָלט זיך א בילד, א געוויינלעך בילד פון דעם, וואָס ווערט אָנגערופן „מײַסים בעקאָל יוים״, א געוויינלעכע געשיכטע, וואָס מע קאָן איבערגעבן אין דרײַ ווערטער: די עלטערן האָבן ליב זייער טאָכטער, זיי ווילן זי זען וואָס גליקלעכער, אַלקיין באַדאַרף מען זי פאַרשלייערן פאַר אַן אָפּיצערל א גאָרנישט מיט א נישט, דערפאַר ווײַל ער איז א מעיוכעס, א קניאַז... אי טאָמער איז איר האַרץ גאָר ניט צום קניאַז — דאָס ווילן די עלטערן ניט וויסן... אַזוי איז דאָס געווען פון קאַדמוינים און אַזוי וועט דאָס נאָך לאַנג זײַן... אַן אַלטע פּראָבלעם, אַלט ווי די וועלט!

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

אין דער זעלבער נאַכט האָט דער געמאַכטער פּאָפּאָוו געשריבן א בריוו צו זײַן כאַווער, צום עמעסן פּאָפּאָוו, און אויסגעגאָסן פאַר אים זײַן נעשאָמע, ווי אַלעמאָל, ווען דאָס האַרץ איז אים געע־

9*

ווען פויל. ניט גלייך האָט ער אים געשריבן און ניט אָנגערופן קיין נעמען געווינלעך (גרישע פּאָפּאָוו צו אים פון זיין ראָמאַן האָט אויך געשריבן האַלבע ווערטער). ער האָט זיך אים נאָר מוידע געווען, אז איצט זעט ער ארויס, אז ער איז געווען א נאַר, אז ער האָט געקאָנט אים, גרישען, זאָגן מוסער, לעמיי ער שפּילט זיך מיט פייער, לעמיי ער איז פאַרקאַכט ניט אין זיין גלייכן... איצט זעט ער, ווי נאַריש דאָס איז, אז דער קאָפּ נעמט זיך דיקטירן דעם האַרץ און אז דער סייכל וויל גיוווער זיין די נעשאָמע... און לאָזן לאָזט ער אויס דעם בריוו אזוי:

„— — — געדענקסטו, גרישע, איך האָב דיר אמאָל געהאַט דערציילט וועגן א באַסמאַלקע א יעפּאַס-טויאַר, וואָס איך האָב געקענט און וואָס האָט געוועלטיקט איבער מיר יאָרנלאַנג, כאָטש איך האָב זי קיינמאָל ניט געזען? נו, האָב איך מיך דערקענט מיט איר איצט אָף דער וואָר... און ווייסטו, וואָס איך וועל דיר זאָגן, גרישע? דאָס לעבן איז גאָר ניט אזוי מיעס, ווי עס האָט זיך מיר פאַרגעשטעלט ביז אהער, און אז ס'איז קעדיי, וואָס מע לעבט אָף דער וועלט, כ'לעבן ס'איז קע־דיי, ס'איז קעדיי, ס'איז קעדיי!..״

דאָס אכציקסטע קאַפּיטל

## זיינע אקציעס שטייגן

דער ווינטער האָט זיך דעם יאָר אָוועקגעשטעלט א קאַלטער ווינטער און א לאַנגער, לענ־גער ווי אַלע יאָר — און דאָך איז די צייט ניט געשטאַנען, וואָכן זיינען געגאַנגען און דער טאָג־לויער, פאַרלירנדיק א בלעטל נאָך א בלעטל, האָט זיך צוגערוקט אַלץ נעענטער און נעענטער צו פּייסעך־צו.

די מישפּאָכע באַרדאָ־בראַדאָווסקי האָט אָפּגעציילט די זיבן וואָכן פונעם גרויסן טאָגעס און האָבן אַלע מיטן גאַנצן פּערסאָנאַל און מיט אַלע דינסטן זיך מיסוואַדע געווען (געגאָוועיעט), ווי עס פּירט זיך בא פּראַוואָסלאַוונע רוסישע לייט. נאָר איינער אין דער דאָזיקער שטוב האָט דאָס דורכגעלאָזט פאַרביי. דאָס איז געווען דער רוסישער רעפּעטיטאָר גריגאָרי איוואַנאָוויטש פּאָפּאָוו, אייגנטלעך, דער ייִד ראַבינאָוויטש, וואָס האָט זיך פון דער דאָזיקער רעליגיעזער צערעמאָניע גליקלעך ארויסגעדרייט נאָך אדאַנק דעם, וואָס אים איז דאָ געגאַנגען, ווי ס'רעדט זיך, דורך טיר און דורך טויער. ער האָט גאָר אַליין אזויפיל ניט געוווסט, ווי הויך זיינע אקציעס שטייען אין דעם דאָזיקן הויז. אויסער דעם, וואָס ער איז דאָ אַלעמען געפעלן, איז געוועלט בא יעדן באַזונדער, פונעם קלענסטן ביזן גרעסטן („ס'איז זעלטן צווישן היינטיקע סטודענטן אזא יונגערמאַן״, — האָט פּעאַקטיסט פעדאָסייטש געזאָגט. — „אזא סימפּאַטישער יונגערמאַן״, — האָט נאַדיעזשדא פּעאָדאָ־ראָוונא צוגעלייגט) — אויסער דעם, האָט אים דאָס גליק אזוי געשפּילט, אז פּעאַקטיסט פעדאָסייטש האָט זיך באַדאַרפט באַגעגענען ערגעץ אָף א באַל מיטן רעקטאָר פון אוניווערסיטעט און אים דאַנקען פאַרן רעפּעטיטאָר, וואָס ער האָט אים צוגעשיקט.

— א פיינער יונגערמאַן, זייער א פיינער. איך בין צופרידן. זייער צופרידן! — און פּעאַקטיסט פעדאָסייטש האָט אים וואַרעם געקוועטשט די האַנט. און דער רעקטאָר איז צעגאַנגען פאַר טייַנעג, וואָס ס'איז אים געראָטן אָפּצודינען א גוטן־פריינט.

— איר האָט א גוטן כוש־הארייעך. איר זענט א מייוון אָף א מענטשן, — האָט אים באַרדאָ־בראַדאָווסקי געשענקט א קאָמפּלימענט און נאָכאַמאָל א קוועטש געגעבן אים די האַנט און געוואָלט שוין אָפּגעזעגענען זיך מיט אים, איז אָבער דער רעקטאָר געווען אזוי גערירט פונעם קאָמפּלימענט, אז ער האָט אים געגומען אונטער דער האַנט, א ביסל צוגעבויגן אים צו זיך און מיט א שמייכל וואָס האָט זיך צעגאָסן איבער ביידע באַקנבאַרדן, א פרעג געגעבן:

— ווייסט איר אָבער, ווער דער סטודענט איז?

— ווער?

— איך וועל אייַך זאָגן ווער, נאָר מיט א טנאַי: איר וועט מיר געבן אייַער וואָרט, אז צווישן אונדז וועט עס בלייבן... איך אַליין האָב אויך געגעבן מיין וואָרט, אז... ס'איז, פאַרשטייט איר מיך,

א קאַפּריז, א וועטאָ... א סאָד, א פאַמיליִען־סאָד... און שמייכלענדיק ניט נאָר מיט די באַקנבאַרדן, נאָר מיטן גאַנצן פּאָנעם, און רעדנדיק שטיל, האָט דער רעקטאָר אויסגעלייליקט א פרעמדן סאָד און באַם צעשיידן זיך דערמאָנט נאָכאַמאָל, אַז צווישן זיי באַדאַרף עס בלײַבן, וואָרעם ער האָט געגעבן דאָס וואָרט, „און א וואָרט דאַרף מען האַלטן".

פאַרשטייט זיך, אַז פּעאַקטיסט פּעדאָסייִטש האָט דעם סאָד ניט דערציילט קיינעם, אויסער זײַן ווײַב, און נאַדיעזשדאַ פּעאָדאָראָוונא האָט דאָס נאָכדעם איבערגעגעבן בעסאָד דער טאָכטער, און די טאָכטער דעם קניאַז, און דער קניאַז האָט דאָס איבערגעגעבן גאַנץ הויך אין קלוב פאַר זײַנע כאַווײרים די אָפּיצערן און אויסגעלאָזט אַזוי:

— ווען ניט דאָס, וואָלט איך זיך וועטן, שטעלן טויזנט פאַר איינעם, אַז ער איז א „זשיד"... גיי טרעף, אַז דאָס איז אַן עכטער פּאַפּאָו, פון די פּאַפּאָווס, וועלכע...

— שפּילט ער אין באַקאַרא?

— וועלכער רועד!

— אויב אַזוי שיק אים אָפּ צום...

* * *

פּאַפּאָו־ראַבינאָוויטש האָט קיין טאָעס ניט געהאַט, וואָס דאָס האַרץ האָט אים געזאָגט, אַז דער קניאַז („פּיער") — דאָס איז א כאָסן. אַלע אין דער דאָזיקער שטוב האָבן עס געוווסט, נאָר קיינער האָט דערפון ניט גערעדט. און אויב מע האָט גערעדט דערפון, איז סײַדן בעסאָד־סוידעס, אי דאָס ניט די יונגעלײַט, נאָר זייערע פאָטער און מוטער, וואָס האָבן געוואָלט דעם שידעך, און מער פון אַלע האָט געוואָלט „פּיערס" פאָטער, דער אַלטער קניאַז, דער גענעראַל־לייטענאַנט שיריי־ניעפּיאַטאָוו, מיכאַיִל אַנדרייִטש, נאָך גאָר א בראַווער קאַוואַליער מיט שפּאָרן און מיט געדיכטע גראָווע וואָנצעס, און זײַן אַלטיטשקע יוליִא וולאַדימיראָוונא, אַן אַלטע כורווע און א רוכניעס, הערט ניט די וועלט און רעדט דורך א טרײַבל.

די צוויי אַלטע לײַט האָבן ליב געהאַט סאַשען, מאַמעש אויסגעגאַנגען נאָך אירע טריט און ניט געהאַט קיין גרעסערן ווונטש, ווי האָבן זי פאַר זייער פּיערן פאַר א קאַלע. פאַרשטייט זיך, ניט אַזוי גיך: סאַשע איז נאָך צו יונג, און פּיער דאַרף נאָך מאַכן זײַן קאַריערע — און ער וועט זי, אימירצעהאַשעם, מאַכן. דערווײַל באַדאַרף מען זען, אַז די קינדער זאָלן זיך נעענטער באַקענען און צוליב דעם, ווי נאָר סאַשע קומט אַהיים אָף א יאָמטעוו, שרײַבט אויס דער אַלטער קניאַז אויך פּיערן פון שטאַב, ער זאָל א ביסל זיך „אויסרוען". און כאָטש פּיערן גלוסט זיך ניט אַזוי שטאַרק שלעפּן זיך אַהיים (אין שטאַב איז א סאַך פריילעכער), נאָר אַז דער פאָטער הייסט — דאַרף מען פאָלגן. פּיער איז טאַקע א בעניאָכיד און א ציטעריקער, אָבער נאָר בא דער מאַמען. דער טאַטע איז א שטרענגער גענעראַל פון אַלטן שניט און האַלט פון דיסציפּלין. ער האָט אָנגעשריבן דעם זון נאָר דרײַ ווערטער: „קום אָף ראָזשדיעסטוואָ", — איז ער געקומען. איצט גייט צו פּייסעך, וועט ער אים שרײַבן: „קום אָף פּייסעך", — וועט ער קומען. און ווי אָף „ראָזשדיעסטוואָ", אַזוי אויך אָף פּייסעך וועט פּיער מיסטאַמע די גאַנצע צײַט פאַרברענגען מער בא די באַרדאָ־בראַדאָווסקיס, איידער בא זיך אינדערהיים. די אַלטע גענעראַלשע, יוליִא וולאַדימיראָוונא, וועט זשעדנע זײַן ווי אַלעמאָל רעכט אָנצושפּיגלען זיך אין איר טאָכשיט דעם קראַסאַוועץ, וועלכער איז איר פון דרײַ געבליבן איינער און א וווילער, א געטרײַער און א פאָלגעדיקער. אָט וועט ער קומען צו פאָרן אָף פּייסעך, וועט ער זיך צעקושן מיט איר און אוועקגיין צו דער קאַלע — מער וועט זי אים ניט זען, און זי וועט גאָט בעטן, טפילע טאָן פאַר זיי ביידן. אוי, די אַלטיטשקע לעבט אין טאָעס: זי מיינט, אַז פּיער שטאַרבט נאָך דער קאַלע אַזוי ווי זי, זײַן אַלטע מאַמע, וואָס גייט אויס נאָך סאַשעס טריט. זי מיינט, אַז פּיער זיצט דאָרט גאַנצע טעג מיט גאַנצע נעכט, און אַז ער גייט גאָר ניט אין קלוב, און אַז ער שפּילט גאָר ניט אין באַקאַרא, און אַז דער אַלטער גענעראַל צאָלט ניט זײַנע אייגענע און דעם זונס כויוועס שטילערהייט טאַקע פון דער גענעראַלשעס אימעניִעס, וואָרעם דער אַלטער גענעראַל אַליין בימכילעס קווידוי האָט אויך ניט פײַנט קיין קערטל, כאָטש ער שפּילט ניט מיטן זון בא איין טיש — גאָט באַהיט! ער איז דאָך פונעם אַלטן שניט און האַלט פון דיסציפּלין... דער אַלטער שפּילט אויך אין באַקאַרא, נאָר באַזונדער, מיט זײַנע אַלטע קאָלעגן...

נאָך אַזאַ אָפּטריט אָף א זײַט וועט גרינג זײַן צו פאַרשטיין, אַז אפן פּייסעך, דאָס הייסט אָף סאַשעס קומען צו פאָרן אָף פּייסעך, האָט דער רעפּעטיטאָר גריגאָרי איוואַנאָוויטש פּאַפּאָו אַרויסגעקוקט א סאַך מער ווי איר כאָסן פּיער. דער רעפּעטיטאָר האָט ניט נאָר אַרויסגעקוקט, ער האָט געציילט די וואָכן און די טעג און די שאָען. מיט יעדן בלעטל, וואָס ער האָט אָפּגעריסן פונעם

לועך, איז אים אַראָפּ אַ מאַסע פֿונעם האַרצן, געוואָרן מיט אַ טאָג נעענטער צו... צו וואָס? פֿרעגט אים ניט, אַז ער אַליין פֿרעגט זיך ניט, אַז ער אַליין ווייסט ניט, וואָס ער טוט... אָט עפֿנט ער אויף דאָס שופֿלאָדל פֿונעם שרײַבטיש, וואָס אין דער רעכטער האַנט, און ער נעמט אַרויס פֿון דאָרט אַ בוך, אַ גאַנץ געוויינלעכן בוך, אָן אַן אײַנבונד אַפֿילע, און לייגט אַוועק דעם בוך בײַ זיך צוקאָפּנס און קלײַבט זיך שלאָפֿן.

נאָר אײדער ער לייגט אַוועק דעם בוך צוקאָפּנס, טראָגט ער אים צו פֿריִער צום האַרצן, דערנאָך צו די ליפּן און טוט אים אַ קוש, אַ געשמאַקן קוש, — און לייגט אים אַוועק צוקאָפּנס אונטערן קישן.

וואָס איז מיט אונדזער הערשל ראַבינאָוויטש? איז ער אַראָפּ פֿונעם זינען? און וואָס איז דאָס פֿאַר אַ בוך, וואָס ער קושט אים און לייגט אים אַוועק צוקאָפּנס?..

דאָס איז „אַנאַ קאַרענינאַ", דער באַרימטער ראָמאַן פֿון טאָלסטאָי, „אַנאַ קאַרענינאַ" — אַ קלייניקייט! נאָר ניט דאָס, וואָס ס'איז „אַנאַ קאַרענינאַ", און ניט דאָס, וואָס ס'איז דער באַרימטער ראָמאַן פֿונעם גרויסן לעוו טאָלסטאָי. דאָ איז פֿאַראַן אַן אַנדער סאָד: דעם ראָמאַן האָט געבראַכט צו פֿירן מיט זיך אַהער סאַשע. פֿאַרנדיק אַהערצוווּעגס נאָך אויף ראָזשדיעסטוואָ, האָט זי געלייענט דעם דאָזיקן ראָמאַן — סאַשע האָט געלייענט אָט דעם ראָמאַן. איר פֿאַרשטייט? סאַשעס הענט האָבן געהאַלטן אָט דעם בוך. אירע פֿינגער האָבן געמישט אָט די בלעטלעך. איר קאָפּ איז געווען פֿאַרנומען מיט די געדאַנקען, וואָס טאָלסטאָי האָט אַרײַנגעלייגט אינעם דאָזיקן בוך. איר האַרץ האָט געפֿילט די פֿריידן און ליידן פֿון דער העלדין אַנאַ קאַרענינאַ, — און איצט איז דער בוך בײַ אים! זי אַליין האָט אים געגעבן. ער האָט זי געבעטן, האָט זי אים געגעבן. ניט שוין זשע וועט איר אים ניט פֿאַרגינען דאָס דאָזיקע פֿאַרגעניגן?.. איר וועט זאָגן — ס'איז נאַריש. נאָר ווער פֿון אײַך — דערמאָנט אײַך נאָר — ווער פֿון אײַך האָט ניט געקושט, אַז איר זענט געווען יונג און ליב געהאַט? דאָס נאָזטיכל, אָדער דאָס הענטשקעלע, אָדער אַ בלום, וואָס אײַער געליבטע האָט אומגערן אַראָפּגעלאָזט?..

איר וועט זאָגן, אַז דאָס איז אַ מין אָווידע־זאַרע? ס'איז אָבער זיס. דינען צו דער אָווידע־זאַרע איז זיס...

נאָך מער. ער ווייסט, אַז סאַשע ווייסט אַזוי פֿיל פֿון דעם, וואָס בײַ אים אויף דער נשמה טוט זיך, פּונקט ווי די אָווידע־זאַרע ווייסט, ווער עס בוקט זיך פֿאַר איר, — און דאָך איז ער גרייט, ווען ער זאָל זיך ניט שעמען פֿאַר זיך אַליין, נעמען דעם בוך — סאַשעס בוך — אַוועקשטעלן אין דער הייך ווי אַן אָפּגאָט און זיך קניִען און זיך בוקן פֿאַרן דאָזיקן אָפּגאָט, און אָסער אויב זי אַליין וועט אַפֿילע ווען־ס'ניט־איז אָנהייבן צו וויסן, אַז ער האָט אָפּגעטאָן אַזאַ זאַך. דאָס וועט קיינער קיינמאָל ניט וויסן, אַז הערשל ראַבינאָוויטש, וועלכער הייסט איצט גרישע פּאָפּאָוו, איז געווען אַזוי מעסוקן קראַנק, אַז ער האָט אַזש געדינט צו דער אָווידע־זאַרע...

## דאָס איין־און־אַכציקסטע קאַפּיטל

# ער קאָן ניט שלאָפֿן

ווער ווייסט, וואָס נאָך פֿאַר נאַרישקײַטן אונדזער געמאַלעטער פּאָפּאָוו וואָלט אָפּטאָן, ווען מע זאָל אים לאָזן גיין זײַן וועג און ניט אָפּשטעלן אַלעמאָל, פֿון איין זײַט, זײַן עלטערער ברודער, דער מאָרעשכוירעניק אַוורעם־לייב ראַבינאָוויטש, מיט זײַנע אַ ביסל צו אָפּטע און צו מאָרעשכוירעדיקע גריסן פֿון דער היים, און פֿון דער אַנדערער זײַט, זײַן כאַווער, דער עמעסער פּאָפּאָוו, מיט זײַנע נאַיִווע, קימאַט קינדערשע וויקוכים, פּילפּל און פֿלאָפּלערײַ.

די צוויי האָבן זיך ווי אָנגערעדט, זיי זאָלן אים דערגיין די יאָרן. איינער — דער ברודער — מיט זײַנע שטענדיקע בסורעס פֿון נײַע צאָרעס, גזיירעס און רעדיפֿעס אויף ייִדן און מיט זײַנע אײדעלע אָנצוהערענישן אויף הײַנטיקע יונגעלײַט, וואָס „צוליב אַ מונדיר מיט קנעפּלעך זײַנען זיי

גרייט אָפּצוזאָגן זיך פון טאַטע־מאַמע און פון גאָט און פון אַלצדינג". דער אַנדערער — גרישע — מיט זײַן אָפּטן פילאָסאָפירן איבער „די אייביקע פּראָבלעמען פונעם אייביקן פאָלק"...

זײַן ברודער אווראָם־לייבן האָט גאָט צוגעשיקט אַ געשיכטע, אַ גאַנצע טראַגעדיע פון עפּעס איינעם אַ ייִדיש גימנאַזיסטל, אַן אָרעמער אַלמאָנעס אַ זונדל פון אַ קליין שטעטל, ניט ווײַט פון זיי, וואָס האָט צוליב אַרײַנטרעטן אין אוניווערסיטעט, גענומען און אָפּגעשמאַדט זיך, געווייַנלעך שטילערהייט, אַז די מאַמע די אַלמאָנע זאָל ניט וויסן. וואָרעם ווי וועט זי קאָנען אַריבערטראָגן אַזאַ ביזאָיען?..

„מיילע, — אַזוי שרײַבט אווראָם־לייב ראַבינאָוויטש אין זײַן בריוול, — האָסט זיך איבערגעקערט — געזונטערהייט! זאָל דער קרענקען, ווער עס וועט נאָך דיר קאַדיש זאָגן, אָדער קריע רײַסן, אָדער פאַרגיסן אַ טרער... איז אים אָבער קאַרג, דעם שיינעם באָכער, איז ער זיך מעיאַשעוו און שרײַבט אויס צו זיך אַ שוועסטערל, אַ ייִנגערע פון אים, און דאַפקע אַ שיין מיידל אַזוי ווי גאָלד, אויך געענדיקט גימנאַזיע, זי זאָל שטודירן אויף אַ גרויסע זאַך, אַזש אויף אַן אַקושאָרקע! האָט זי דאָך ניט קיין שום פּראַוואָזשיטעלסטווע, ווײַל מען זי, מיסטאָמע, ניט פאַר קיין ייִדן געדאַכט, אַרויסשיקן. גיט איר דער אָכי אַן אייצע, ווי אַ ברודער און ווי אַ גוטער־פרײַנט, טאָן דאָס אייגענע, וואָס ער... ווײַל זי ניט, זי האָט ראַכמאָנעס, זאָגט זי, אויף דער מאַמע; אַן אַלטע ייִדענע, זאָגט זי, און אַ קראַנקע, זי וועט דאָס, כאָלילע, ניט איבערטראָגן... איז זיך מעיאַשעוו דער געטרײַער ברודער און מאַכט צו איר אַזוי: אויב זי וועט דאָס ניט טאָן, שרײַבט ער באַלד אַוועק אַ בריוו צו דער מאַמע און איז זיך מוידע, אַז אַזוי און אַזוי... וואָס טויג דיר — ער האָט זי איבערגערעדט, אַ מיידל, וואָס ווייסט זי? נאָר וואָס דען? באַלד ווי זי האָט דאָס אָפּגעטאָן, אַזוי האָט זי שוין כאַראָטע געקריגן אויף דער מײַסע און צווישן איר מיטן ברודער זײַנען אַרויס מאַכלויקעסן. מיסטאָמע האָט זי אים עפּעס געזאָגט, האָט ער איר געענטפערט, אַ וואָרט פאַר אַ וואָרט — האַקיצער, זי האָט גענומען און האָט זיך אָפּגעסאַמט. איז געקומען צו פליען די מאַמע די אַלמאָנע קראַנקערהייט און אָפּן אָרט איז זי מיסטאָמע געוווּר געוואָרן דעם גאַנצן עמעס, איז זי געקומען אַהיים, ניט געמאַכט קיין לאַנגע שיִעס, גענומען און געשטאָרבן".

„נו, וואָס ווילסטו עפּעס זאָגן, הערשל, אויף דײַנע לײַט? — אַזוי לאָזט אויס אווראָם־לייב זײַן בריוול. — איאָ ס'איז קעדײַ?.. צעפּרעג זיך נאָר דאָרט אַקוראַט אויף דעם שיינעם טאַכשיט, ער הייסט לאַפּידוס, און איז אַ געלער, און געהער אונדז אָן טאַקע אַ שטיקל קאָרעוו; זײַן מאַמע און אונדזער שוואָגער וועלוול דעם שלימאַזלס מאַמע זײַנען געווען אייגענע גליד־שוועסטערקינדער — דעם ווײַס פערדס בײַטש שוואַרץ שטעקעלע..."

הערשל האָט דעם ברודער, פאַרשטייט זיך, אויף דעם בריוו גאָרניט געענטפערט, נאָר דער ברודער האָט אים ניט געלאָזט צורו. אין יעדן בריוו האָט ער אים דערמאָנט און איבערגעכאַזערט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל די אייגענע מײַסע און נאָכגעפרעגט זיך, אויב ער האָט זיך שוין באַגעגנט דאָרט מיט דעם פײַנעם קאָרעוו, מיט לאַפּידוסן? און ווי זעט ער אויס? און וואָס זאָגט ער?.. אווראָם־לייב האָט אים אַזוי לאַנג דערקוטשעט, ביז הערשל האָט אים געמוזט אָפּענטפערן און בעטן ראַכמים, ער זאָל אים אָפּהערן דולן אַ קאָפּ מיט עפּעס אַ דער רועך ווייסט אים וואָס פאַר אַ קאָרעוו, אַ לאַפּידוס, וואָס ער האָט קיינמאָל ניט געהערט אַפילע דעם נאָמען זײַנעם! און אויסגעלאָזט האָט ער דעם בריוו שוין אַ ביסל ווייכער: „אַז ער איז ניט דער ערשטער, ער איז ניט דער לעצטער... אָן אַן אומגליק, טאָמער וועט זײַן ווינציקער מיט אַ ייִדן..."

נאָר אין האַרצן האָט אים די דאָזיקע מײַסע געקאַלופּעט. „וועלכער רועך האָט געטראָגן דעם לאַפּידוסן, ער זאָל אויסשרײַבן צו זיך אַ שוועסטערל?.. און וואָס האָט זיך אים געוואָלט דאַפקע מאַכן זי פאַר אַן אַקושאָרקע? און ביכלאַל, וואָס פאַר אַ גליק איז ענדיקן אויף אַקושאָרקע? ווינציק אַקושאָרקעס באַ אונדז? אַקושאָרקעס און דאַנטיסטקעס ווי זאַמד און שטערן!.."

אָט אַזוי קערעוועט ער אַוועק זײַנע געדאַנקען מיט אַ קיוון אין אַן אַנדער זײַט, ביכדיי ער זאָל ווינציקער טראַכטן וועגן דעם, פונקט וועגן דעם, וואָס דער לאַפּידוס האָט אָפּגעטאָן, וואָס עגבערט אים דעם מויעך און לאָזט ניט שלאָפן זײַן געוויסן...

ווי אַ פאַרבײַסונג צו דעם זײַנען פאַר אים זײַן כאַוועך גרישעס בריוולעך. אַפּאָנעם, אַז דער עמעסער פּאַפּאָוו, וואָס שפּילט די ראָליע פון אַ ייִדן, האָט זיך אונטערגענומען ניט אויף קאַטאָוועס צו שטודירן און צו פאַרענטפערן די ייִדישע פראַגע פון אַלע זײַטן. אַלעמאָל, אַלעמאָל קומט ער מיט אַן אַנדער זאַך.

די ערשטע צײַט האָט דער עמעסער גרישע פּאַפּאָוו ניט געקאָנט פאַרשטיין בעשום־אויפן, וואָס זײַנען מיר פאַר אַ פאָלק, וואָס מיר האָבן ניט אין זיך קיין טראָפּן אַמביציע און לאָזן זיך טרעטן מיט די פיס, שפּײַען אין פּאָנעם, באַליידיקט ווערן אויף יעדן שריט און טריט, באַשער וואָס איז? מיר האָבן זיך אײַנגעאַקשנט, מיר ווילן בלײַבן ייִדן, אין דער צײַט, ווען מיט איין שריט ווערן

מיר פּאַטער פון אַלע צאָרעס, באַפרײַען זיך מיט קינדער און קינדס־קינדער פון דעם אומענדלעכן גאָלעס...

„איז דען ניט גלײַכער טויזנט מאָל — לאָזט ער אויס זײַן בריוו, — אַז איר זאָלט זיך אַליין מיט אײַער אייגענעם ווילן נעמען און באַפרײַען, איבערבײַטן אײַער אויסווייניקסטע פיזיאָנאָמיע און שענקען אונדזער לאַנד עטלעכע מיליאָן פעיִקע, נוצלעכע גלײַכבארעכטיקטע בירגער, איידער אונ־טערגיין אָט אַזוי אָפּ אַזאַ קלאָגעדיקן דערעך ביסלעכווײַז אין אַ מעשעך פון הונדערטער יאָרן?.. וועמען ווילט איר באַווײַזן אַ בעריעשאַפט? וועמען ווילט איר אָנלערנען?..“

דערויף האָט אים דער עמעסער ראַבינאָוויטש אָפּגעענטפערט, ווי עס ענטפערט געוויינלעך יעדער ייִד, אַז מע הייבט אים אָן זינגען דאָס געוויסע לידל וועגן „באַפרײַען זיך“...

„זאָלסט זיך נאָר ניט זאָרגן צופיל פאַר אונדז — ייִדן זײַנען אויסגעשטאַנען גרעסערע צאָרעס... און אַזוי ווײַטער“.

דערנאָך האָט דער געמאַכטער ראַבינאָוויטש גענומען אַ נײַעם טאָן. אים איז געפעלן, שרײַבט ער, די אידיי פונעם דאָקטאָר הערצל. „ציאָן“ איז, נאָך זײַן מיינונג, דער איינציקער וועג פאַר אונדז. באַנײַען די אַלטע ייִדישע אומע מיט אַ נײַער מעלוכע אויף אַלטן באָדן אינעם אַלטן לאַנד פון די אָוועס אַווויסיינו — וואָס קאָן זײַן שענער און העכער און פּראַקטישער דערפון? ער פאַרשטייט נאָר ניט, שרײַבט ער, פאַרוואָס דער דאָזיקער דערהויבענער רײַען האָט נאָך ניט דורכגעדרונגען און אַרומגענומען אַלע ייִדן פון דער גאַנצער וועלט? ער פאַרשטייט ניט, פאַרוואָס אויף אָרט פון שטאַרבן צו אַ זעלבשטענדיק לעבן זײַנען מיר זיך מאַקריוו צוליב אַזעלכע נאַרישקײַטן ווי אַ גאַל־דענע מעדאַל, אַ דיפּלאָם און נאָך אַזעלכע זאַכן...

„ניט שוין זשע, — לאָזט ער אויס זײַן בריוו צו זײַן פרײַנט, — ניט שוין זשע ביסטו ניט קיין ציִעניסט אין האַרצן? ווײַבאַלד אַזוי, וואָס פאַר אַ ייִד ביסטו?.. אַ! ווען איך זאָל זײַן דו! ווען איך זאָל זײַן אַן עמעסער, ניט קיין געמאַכטער ראַבינאָוויטש, וואָלט איך מיך געשטעלט אויבנאָן פון אַזאַ שיינער באַוועגונג און וואָלט דורכגעפירט דעם דאָזיקן הייליקן געדאַנק פריִער פון אַלץ אינעם יונגוואַרג, צווישן די, וואָס שטודירן, און דערנאָך שוין אין גאַנצן פאָלק. אָ! איך וואָלט באַוויזן דער וועלט, וואָס ייִדן זײַנען און אָף וואָס ייִדן זײַנען פעיִק!..“

דערויף האָט ער באַקומען פון דעם עמעסן ראַבינאָוויטש אַזאַ מין ענטפער:

„ליבער טײַערער גרישע!

„פון דײַנע לעצטע בריוו איז צו זען, אַז דו געפינסט זיך אונטערן אײַנפלוס פון כאָווירים ציִעניסטן. איך דאַרף דיך אָבער אָפּקילן, מײַן טײַערער פרײַנט, און זאָגן דיר דעם גאַנצן עמעס, אַז דײַנע כאָווירים זײַנען נאַראָנים, אויב זיי מיינען, אַז ציאָן איז דער איינציקער וועג פאַר מײַנע אומגליקלעכע ברידער. דאָס באַווײַזט, אַז זיי זײַנען טאַקע הייסע פּאַטריאָטן פון זייער פאָלק, נאָר זיי ווייסן ניט, אַז דאָס דאָזיקע פאָלק איז ניט גלײַך צו אַלע אַנדערע פעלקער. אין דער צײַט, ווען די סאָציאָלאָגיע לערנט אונדז, אַז אַ פאָלק באַשטייט פון דרײַ יעסוידעס: אַ לאַנד, אַ מעלוכע און אַ שפּראַך, באַגייט זיך אונדזער פאָלק אָן אַ לאַנד און אָן אַ מעלוכע שוין אַזויפיל הונדערטער יאָרן. ווייסטו פאַרוואָס? טאַקע ווײַל מיר האָבן נישט ניט קיין לאַנד און ניט קיין מעלוכע. מיר האָבן קיין מוירע ניט פאַר קיינעם. וואָס וועט מען אונדז טאָן? אַוועקנעמען דאָס לאַנד, וואָס מיר פאַר־מאָגן ניט? צעשטערן די מעלוכע, וואָס מיר האָבן ניט? מיר זײַנען, אויב דו ווילסט וויסן, אַן עקסטעריטאָריִעל פאָלק, אַ פאָלק אָן אַ באָדן, אָן גאַשמיִעס, אָן מאַטעריִאַליזם, סאַמע רוכניעס, סאַמע גײַסט, סאַמע אידיי — און אַן אידיי לעבט אייביק, האָט קיין מוירע ניט פאַר צעשטערן — האָסטו עס רעכט צעקײַעט?“

אַזוי האָט ער געשריבן צו זײַן פרײַנט גרישע.

אין האַרצן אָבער בא זיך האָט ער געפילט, אַז דאָס איז פּיזעם, ניט מער ווי אַ פּשאַטל, און אַז ער זאָל זײַן אַזאַ ייִד, ווי זײַן כאַווער גרישע שטעלט זיך פאָר, וואָלט ער ניט באַדאַרפט וואַרטן, ביז זײַן כאַווער דער גאָי וועט אים דערמאָנען אָן ציאָן...

עס האָט אים אַי אויסגעזען קאָמיש צום לאַכן, אַי עס איז אים צו גלײַכער צײַט געווען אַ ביזאָיען, אַ ביזאָיען פאַר זיך אַליין, אַ ביזאָיען פאַר די דאָזיקע פיר ווענט...

און ער ליגט אויס נעכטווײַז אָף זײַן ווייכן געלעגער אין זײַן גרויסאַרטיקן שיינעם כיידער, מיט אַ זײַדענער קאָלדרע אײַנגעדעקט, און ער קאַטשעט זיך פון איין זײַט אָף דער אַנדערער, און קאָן ניט שלאָפן. — — —

— ווייסט איר ניט עפּעס אַ מיטל קעגן ניט קאָנען שלאָפן?..

## אַן אומגעריכטע דיסקוסיע

עס איז שוין לאַנג אַוועקגעגאַנגען דער ווינטער.

דער ליבער יאַמטעוו פּייסעך, אויף וועלכן פּאַפּאָוו־ראַבינאָוויטש האָט אַזוי אַרויסגעקוקט, איז אײַנגעטראָטן. און די, וועלכע האָט „געוועלטיקט אין זײַנע בעסטע כאַלוימעס", איז געקומען צו פאָרן.

די שטוב פון באַרדאָ־בראַדאָווסקי האָט שוין ווידער אויפגעלעבט. און גליוק, דער הונט, איז שוין ווידער מעשוגע געוואָרן פון סימכע און פון היספּײַלעס. און ווײַ־ווײ, וואָס עס טוט זיך דאָרט! מע באַקט, און מע קאָכט, און מע פּוצט, און מע רייניקט, און מע ברענגט צו פירן אַלעמאָל אַלץ נײַע און נײַע פּעק פונעם מאַרק, און מע גרייט זיך, מע גרייט זיך צום הייליקן פריילעכן יאַמטעוו.

אַלעמענס פּנעמער שײַנען. אַלעמענס אויגן לײַכטן, און מער פון אַלע שײַנט און לײַכט ווי אַלעמאָל סאַשע. העכער פון אַלעמען לאָזט זיך הערן סאַשעס קאָל. הילכיקער פון אַלעמען לאָזט זיך הערן איר געלעכטער. און מאַטאָנעס האָט סאַשע אָנגעבראַכט צו פירן אַן אַ שיר. מער פון אַלעמען, געוויינלעך, פאַר די ברידערלעך די קונדייסים, פּעטיע און סעריאָזשע — אַ גאַנצן אַרסענאַל פון האַרמאַטן, ביקסן, סאָלדאַטן, טעלעפאָנען, גראַמאָפאָנען, פאָטאָגראַפישע אַפּאַראַטן און אַעראָפּלאַנען.

דערנאָך דעם לערער־פּערסאָנאַל, איטלעכן באַזונדער אַן אַנדער זאַך צום אָנדענקען: וועמען אַ גאָלדן אײַלע, וועמען אַ ציגאַרן־שפּיץ, וועמען אַ הערצל־מעדאַליאָן און וועמען אַ זײַדענעם שאַרף פון דער לעצטער מאָדע (דעם רוסישן רעפּעטיטאָר „גאַנץ טאָלסטאָי" רײַך געבונדן — גריגאָרי איוואַנאָוויטש איז דאָך טאָלסטאָיִס אַ כאָסיד). און דערנאָך פאַר די דינסטן — אַ גאַנצע קראָם פון גאַלאַנטעריי און שניט־סכוירעס — קיינעם ניט פאַרגעסן. און אַך! וויפל פרייד, וואָס פאַר געלעכטערן עס זײַנען געווען באַם אויסטיילן פון די מאַטאָנעס! פאַרשטייט זיך, אַז אין סאַמע רעכטן האַרמידער האָט זיך אַרײַנגעמישט אויך גליוק, וואָס כאָטש ער האָט ניט באַקומען פונעם גאַסט גאָרנישט, אַכוץ אַ גלעט מיטן הענטל איבער דער פעל, פונדעסטוועגן איז ער געווען גליקלעכער פון אַלעמען און אַרויסגעוויזן זײַן פרייד מער פון אַלעמען. פאַר זײַן אַרײַנמישן זיך האָט ער אָבער שיר ניט געכאַפּט זײַן פּסאַק: פאַר די אויערן — און מאַרש!

מיט איינעם וואָרט, די שטוב האָט שוין ווידער באַקומען די אייגענע פיזיאָנאָמיע, וואָס דעמלט ווינטער, באַם ערשטן קומען צו פאָרן פון סאַשען, און עס האָבן זיך אָנגעהויבן ווידער יענע לעבעדיקע פריילעכע יאָמטעוודיקע טעג מיט זייערע טויזנטערליי שפּילן, אַרויספאָרן, מוזיק, טענץ, פאַנטן און אַנדערע פאַרווײַלונגען און צײַט־פאַרטרײַבונגען. נאָר ווו איז אַהינגעקומען דער רוסישער רעפּעטיטאָר? ווו איז גריגאָרי איוואַנאָוויטש? פאַרוואָס זעט מען אים ניט? אָט קומט ער צו גיין אויף אַ ווײַלע, נאָר צום טיש, שוואַרץ ווי די נאַכט, ענטפערט אייניס איבער צען, שמייכלט קלוימערשט, נאָר מע זעט, אַז ער זיצט קוים אײַן, און אָט איז מען אויפגעשטאַנען פון טיש — אַזוי איז ער שוין נישטאָ. ניין, מיט אים איז עפּעס ניט גלאַט... — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

וויפל דער געמאַכטער פּאַפּאָוו האָט זיך ניט אויסבאַהאַלטן פון ייִדן און ייִדישקײַט; וויפל ער האָט זיך ניט געפלײַסט, ער זאָל זײַן ווײַט אָפּגעשיידט פון דער ייִדישער וועלט; וויפל ער האָט זיך ניט געמוטשעט, ער זאָל פאַרגעסן, כאָטש אויף אַ קורצער צײַט, אַז ס'איז פאַראַן אַ זאַך, וואָס הייסט „ייִדישער גאָלעס", וואָס אַ ייִד קאָן זיך פון אים ניט באַפרײַען אין ערגעץ, סײַדן אויף יענער וועלט, — אומזיסט געווען זײַן מי אַרויסגעוואָרפן, ווי נאָר עס איז אַרופגעשווומען דער בילבל פון אַלילאַס דאַם אויפן יאַם פון דער פּרעסע...

דעם עמעס דאַרף מען זאָגן, אַז דער עמעסער הערשל ראַבינאָוויטש האָט קיינמאָל ניט אויפגעהערט צו זײַן אַ ראַבינאָוויטש אַפילע אויף קיין מינוט. ווי יעדער ייִד, אַז ער נעמט נאָר אַ רוסישע בלאַט אין די הענט, איז דאָס ערשטע, וואָס זײַנע אויגן זוכן און געפינען, איז דאָס וואָרט „יעווריי". אַזוי האָט אויך הערשל פּאַפּאָוו אַלע טאָג, ווי נאָר אַ בלאַט־צײַטונג איז אַרײַן צו אים אין די הענט, דאָס ערשטע געזוכט מיט די אויגן דאָס דאָזיקע פאַרקישעפטע וואָרט און אַלעמאָל, אַז ער האָט דאָס געפונען, האָט ער געפילט אַ קלאַפּ אין האַרצן, נאָר זײַנע אויגן האָבן עס קלוימערשט איבערגעהיפּערט און דערנאָך, אַז קיינער פון דער זײַט האָט ניט געזען, האָט ער זיך אומ־

געקערט צוריק צום אייגענעם וואָרט און דורכגעלייענט ביגנייווע אַלצדינג, וואָס דאָרט שטייט געשריבן און וואָס דאָרט רעדט זיך וועגן ייִדן, נאַטירלעך, אַלטע, באַקאַנטע, א סאַך מאָל איבער־געקייַעטע נייַס: וועגן ייִדישער פּראָצענט־נאָרמע, ייִדישע ארויסשיקענישן, ייִדישע ארויסטרייַבעכצן, ייִדישע באַגרענעצונגען אין דער אַרמיי, אין די שקאָלעס, אין דער יוריספּרודענץ און אַזוי ווייַטער און ווייַטער, — אַלץ אַזעלכע זאַכן, וואָס א ייִד איז שוין געוווינט געוואָרן און א גאַי האָט זיך עס צוגעגעסן...

פילן האָט ער זיך בייסמייַסע געפילט טאַקע ניט אַזוי פריגלדיק, ווי עס דאַרף זיך פילן יעדער מענטש, וואָס ווערט געזידלט, נאָר ער האָט זיך אָנגעטאָן א קויעך, ער זאָל עס ניט ארויסבאַווייַזן און פאַרגעסן, ווארעם ניט ער קאָן העלפן און ניט פון נעמען זיך צום האַרצן וועט אים גרינגער ווערן. ביפראַט, אַז מע טראָגט א שטענדיקע מאַסקע אַפן פּאָנעם און מע האָט מירע ארויסגעבן דעם אינקאָגניטאָ, אַנטפּלעקן דעם סאָד...

דאָס זעלבע איז געווען אויך, בייס ער האָט דורכגעלייענט צום ערשטן מאָל די מייַסע־נוירע, וואָס איז אָפּגעטאָן געוואָרן מיטן קריסטלעכן ייִנגל אין דער גרויסער שטאָט אין דער „טשערטאַ" אַאון וואָס מע איז כוישעד, אַז דאָס איז א ייִדיש שטיקל אַרבעט... עס איז אים נאָר געווען א ביזאָיען, מער ניט, ווארעם אַלס א ייִד ווייסט ער דאָך, אַז ס'איז דאָ אַזא פאַרבלענדעניש, א מין ווילדע טיפּשעס אַזעלכע אַף דער וועלט, וואָס מע רופט עס „אַלילאַס־דאַם" און וואָס מע באַשולדיקט אין דעם זייַנע ברידער פון קאַמע וועקאַמע יאָרן, ער ווייסט אָבער דאָס אויך, אַז ייִדן לאַכן זיך אויס פון דעם, ווארעם ווער נאָך ווייסט אַזוי, וואָס פאַר א נאַרישער פאַרפירטער שקער דאָס איז, ווי א ייִד?...

דאָס אייַנציקע, וואָס אים איז יאָ געבליבן אין זיקאָרן, איז געווען נאָר דאָס, וואָס דער פּאַקט איז געשען פונקט אין יענער שטאָט, ווו עס געפינט זיך זייַן פרייַנט גרישע פּאָפּאָוו אונטער זייַן,



ראַבינאָוויטשעס, נאָמען, — און ס׳איז געבליבן בא אים, אז ער וועט האלטן בא שרײַבן צו גרישען א בריוו, זאָל ער אָנפרעגן בא אים אף דעם דאָזיקן איניען. נאָר ס׳איז געקומען צום שרײַבן, האָט ער וועגן דער מײַסע גראָד פאַרגעסן.

ווי איבעראַשט אָבער איז ער געווען, אז וועגן דער געשיכטע האָט אים דערמאָנט ניט קיין אַנדערער, נאָר פעאָקטיסט פעדאָסייִטש באַרדאָ־בראַדאָווסקי!

פעאָקטיסט פעדאָסייִטש, וואָס האָט פײַנט פּאָליטיק, און ווער שמועסט בא זיך באַם טיש, האָט זיך פאַרגונען איינמאָל, און דאפקע באַם טיי טרינקען, באַרירן די דאָזיקע מײַסע, נאָר אין אזא טאָן, גלײַך ווי ער וואָלט דערציילט וועגן א פערד, וואָס האָט געוואונען דעם ערשטן פּריז, אָדער וועגן א נײַעם אַטלעט, וואָס דאַרף קומען צו פאָרן פון לאָנדאָן, אָדער וועגן א דיריזשאַבל, וואָס איז דורכגעפלויגן איבער דער שטאָט, אָדער וועגן אַן אַנדער זאַך, וואָס געהער זיך אָן מיט ספּאָרט. נאָר אינעם טאָן איז געווען צו זען, אז סײַ דער באַלעבאָס אליין, סײַ די אַלע, וואָס זײַנען דאָ באַם טיש, זײַנען איבערצײַגט, אז די מײַסע איז טויער־עמעס.

דער איינציקער, וואָס האָט אַרויסבאַוויזן א שטיקל ספק, איז געווען דער פראַנצויזישער לערער, מעסיע דיובואַ. האָט אים אָבער זײַן דײַטשישער קאָלעגע, הער פּריש, גאַנץ ערנסט, כאָטש אפילע מיט א ברייטן שמייכל אף די גלאַנצנדיקע רויטע באַקן, געגעבן צו פאַרשטיין, אז די רוסישע ייִדן זײַנען ניט גלײַך צו די פראַנצויזישע אָדער דײַטשישע ייִדן, און אז די רוסישע, און דערהויפּט די „פּאָלנישע” ייִדן, זײַנען נאָך אַזוי ווילד, אז זיי מוזן נאָך האָבן א „קאָרבן־פּייסעך”... און אויסגעלאָזט האָט ער זײַנע רייד מיט א ווונק צו זײַן קאָלעגע „גרעגואַר איפּאַנאָפיש”, פון וועלכן ער האָט דערוואַרט, אז יענער, אלס רוסישער סטודענט, דאַרף עס וויסן בעסער פון אַלעמען...

גריגאָרי איוואַנאָוויטש, וואָס איז אַזוי אויך געזעסן אף הייסע קוילן, האָט דערפילט, אז נאָך א ביסל ווערט אים צעזעצט די גאַל. האָט ער אויסגעלאָזט זײַן ביטער האַרץ צום דײַטשס קאָפּ. ער האָט זיך ניט געוווּנדט גלײַך צו אים. ער האָט נאָר געפרעגט א קאַשע ביכלאַל: ווי איז דאָס מעגלעך, אז הײַנטיקע צײַטן זאָלן מענטשן אייראָפּייער, דאַכט זיך, ציוויליזירטע, קאָנען גלייבן אין אַזעלכע ווילדע, נאַרישע, שוין לאַנג אָפּגעלעבטע זאַכן, וואָס שמעקן מיט שימל פון פאַרצײַטן, מיט פינצטערן פאַנאַטיזם, מיט גראָבע אַמעראַצעס? ווי קאָנען מענטשן נאָך ברענגען פאַרן מויל אַזעלכע ווערטער, וואָס איז גאָר א ביזאָיען אין א לײַטישער שטוב צווישן לײַטישע מענטשן צו הערן, וואָס איז אַן אַוויירע, א פאַרברעכן דאָס איבערצוכאַזערן פאַר ניט דערוואַקסענע קינדער?..

די דאָזיקע אומגעריכטע הייסע רעדע פונעם רוסישן סטודענט, וואָס האָט זיך פּלוצעם אָנגענומען די קריוודע פון ייִדן, האָט איבעראַשט דעם גאַנצן עולם, און מער פון אַלע איז געווען איבעראַשט פעאָקטיסט פעדאָסייִטש, וואָס האָט אויפגעשטעלט די אויגן אפן רוסישן רעפּעטיטאָר.

„דאַכט זיך, אזא שטילער באָכער, — האָט ער זיך געטראַכט, — אזא באַשיידענער, און פּלוצעם גאָר — וואָסערע שאַרפע ציין!.. און איבער וואָס? איבער ייִדן... א מאָדנע זאַך!..” — פעטיע און סעריאָזשע האָבן אים אויך אָנגעקוקט מיט גרויסע אויגן: וואָס איז דאָס מיט זייער לערער? זיי האָבן אים נאָך קיינמאָל ניט געזען אַזעלכן... און אפילע גליוק, וואָס איז געהאַט געלעגן בא די פיס פונעם סטודענט און וואָס האָט שוין אַוודע גאָרניט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר, האָט אָפּגענעם אויך מיט זײַן אײדעלן כוש־האַרייעך דערפילט, אז זײַן נײַער פרײַנט ברענט, האָט ער זיך אויפגעהויבן, אויסגעצויגן און אַריבערגעטראָגן זיך צו אַן אַנדערן... און אָט אַזוי האָט זיך דער גאַנצער טיש פאַראינטערעסירט מיט דער דאָזיקער אומגעריכטער דיסקוסיע. קימאַט אַלע האָבן געהאַלטן מיטן דײַטש. אף גריגאָרי איוואַנאָוויטשעס זײַט איז געווען נאָר איין פראַנצויז, מעסיע דיובואַ, וואָס איז גלאַט געווען אַנציקט פונעם רוסישן רעפּעטיטאָרס הייסן טעמפּעראַמענט, און די גוטע נאַדיעזשדאַ פעאָדאָראָוונאַ, וואָס האָט געוואָלט מאַכן א שטיקל פשאָרע, האָט זיך אָנגענומען אין דער קריוודע פונעם רוסישן רעפּעטיטאָר, נאָר אַזוי, אז דער דײַטש זאָל אויך ניט אויסקומען אינגאַנצן אומגערעכט, און זי האָט זיך אָנגערופן:

— איך געפין, אז גריגאָרי איוואַנאָוויטש האָט רעכט. רוידעפן מענטשן דערפאַר, וואָס זיי געהערן צו אַן אַנדער גלויבן, איז טאַקע ניט אָנשטענדיק... נאָר, — האָט זי זיך געוווּנדט צום רוסישן רעפּעטיטאָר, — איך וואָלט וועלן וויסן, גריגאָרי איוואַנאָוויטש, איין זאַך: איר קענט זיי פערזענלעך, אָט די?.. איר קענט כאָטש איין ייִדן? אך! זיי דאַרפן זײַן שרעקלעך!..

דרײַ עמער קאַלט וואַסער, ווען מע גיסט אויס אף אים, וואָלטן זיכער ניט געקאָנט אַזוי גיך אָפּקילן דעם צעהיצטן סטודענט ווי דאָס האָבן געטאָן די דאָזיקע עטלעכע ווייכע נאַיִווע ווערטער פון דער גוטער נאַדיעזשדאַ פעאָדאָראָוונאַ. וואָס האָט ער איר געהאַט דערויף צו ענטפערן? „ער קען ניט, פאַרשטייט זיך, אז ער קען ניט קיין ייִדן — פונוואַנען זאָל ער קענען? — ער איז אָבער גוט

באַקאַנט מיט זייער היסטאָריע, מיט זייער ליטעראַטור, און ער האָט אין ערגעץ ניט באַגעגנט קיין וואָרט, קיין ווונק, קיין סימען אַפילו פון דעם, וואָס די גאַזעטן פּלאַפּלען..."

ער פילט, אַז אינווייניק בא אים קאָכט, אַז דאָס קאָל ציטערט אים, נאָר ער האַלט זיך אײַן ווי ווײַט מעגלעך, רעדט רויִק און מיט אַ שמייכל, גלאַט אַזוי זיך, ווי עס רעדט אַ מענטש אַ זײַטיקער, ווי עס רעדט אַ דורכגייער, וואָס האָט דערזען אַן אַוולע, קאָן ער ניט לײַדן... נאָר ער פילט, אַז זײַנע ווערטער זײַנען אַרויסגעוואָרפן, און עפּשער נאָך איבעריק אויך? עפּשער האָט ער דאָס אויך ניט באַדאַרפט? און ער האָט כאַראָטע אַזויווי הינט עסן אים — צו וואָס האָט אים גענוצט זיך זאַטשעפּען מיט דעם דאָזיקן דײַטש? דער רוער האָט אים געבראַכט צו טראָגן!.. נאָר אים קומט צו הילף ניט קיין אַנדערער, נאָר טאַקע דער דײַטש אַליין, וואָס איז אַרויס מיט זײַן צעבראָכענעם צעהאַרגעטן רוסיש:

— ווי אָשין קאַראַשאָ סקאַזאַל, גאַדיעשדאַ טעאָדאָראָוונאַ, אַי ווי אָשין קאַראַשאָ קאַפּאַריל, גרעגוואַר איפּאַנאָפּיש, — האָט דער דײַטש אַרויסגעגעבן זײַן האַסקאָמע און געבעטן, מע זאָל אים דערלויבן דערציילן אַן אַנעקדאָט. און האַגאַם עס האָט זיך אָנגעקערט אַהער זייער ווינציק, און דער אַנעקדאָט אַליין איז געווען פּלאַטשיק, איינער פון יענע אַנעקדאָטן, וואָס רופן אַרויס גיכער אַ גענעץ, איידער אַ שמייכל, נאָר ווי די מײַסע איז — אַ רעפּוע איז דאָס געווען זייער אַ ווילע אַף צו פאַרײַבן, פאַרגלעטן און פאַרגעסן די אומגעריכטע דיסקוסיע.

## דאָס דרײַ־און־אכציקסטע קאַפּיטל

# זי האָט פאַר זיי מוירע

צו דעם דאָזיקן אומאָנגענעמען שמועס האָט מען זיך אין דער דאָזיקער שטוב מער ניט אומגעקערט, ביז סאַשע איז ניט געקומען צו פאָרן אַף פּייסעך אַהיים.

און אַז סאַשע איז געקומען צו פאָרן אַף פּייסעך אַהיים, האָט מען באַם טיש די געשיכטע נאָכאַמאָל אויפגעמישט (ווידער דער דײַטשישער לערער הער פּריש) און אָנגעוויזן, אַז גרעגוואַר איפּאַנאָפּיטש וויל האָבן, אַז די גאַנצע געשיכטע מיטן ריטואַל־מאָרד איז ניט מער ווי אַ לעגענדע, וואָס די גאַזעטן האָבן אויסגעטראַכט — כאָ־כאָ־כאָ!

— ווער זאָגט דאָס? — האָט אַ פרעג געגעבן פּיער, וועלכער איז אויסגעוואַקסן אַפן צווייטן טאָג נאָך סאַשעס קומען צו פאָרן און געזעסן באַם טיש, לעבן סאַשען פון דער לינקער האַנט.

— איך זאָג עס! — האָט זיך אָנגערופן גריגאָרי איוואַנאָוויטש הויך, ווײַל ער איז געזעסן ווײַט פון פּיערן און מוירע געהאַט, טאָמער וועט ער אים ניט דערהערן... ער האָט זיך אָנגענומען מיט האַרץ, וואָס ס'וועט זײַן וועט זײַן, ער וועט איין מאָל פאַר אַלע מאָל אַרויסזאָגן אַלצדינג, וואָס האָט זיך אָנגעזאַמלט בא אים אַף דער נעשאָמע פאַר דער גאַנצער צײַט, וואָס ער איז דאָ און קומט אָפּ כיבעט האַקייווער און געהענעם און קאַפּעקאַלס... ביזוואַנען וועט ער שווײַגן? צײַט שוין צו רעדן אַ וואָרט! צײַט שוין צו עפענען זיי די אויגן, ווײַזן די דאָזיקע זאַטע, גליקלעכע, געזיכערטע מענטשן, אַז אַוועקמאַכן מיט דער האַנט אַ גאַנץ פאָלק, וואָס צאַפּלט, גייט אָפּ מיט בלוט, ראַנגלט זיך מיטן מאַלעכהאַמאָוועס און חיל נאָך לעבן, און וויל נאָך זײַן צו לײַטן גלײַך, — איז אַ פאַרברעכן!.. און, אַגעוו, האָט זיך אים זייער געוואָלט אָנרײַבן אַ ביסל דעם דאָזיקן „אָפּיצערל", וואָס ער קאָן זײַן פּאָנעם ניט אָנקוקן. אים האָט זיך געוואָלט ווײַזן פאַר אַלעמען (און דערהויפּט פאַר סאַשען), וואָס פאַר אַן אַמאָרעץ ער איז, אָט דער דאָזיקער געשליפענער פּאָלירטער קניאַז מיט זײַנע אַריסטאָקראַטישע מאַנירן. ער האָט שוין לאַנג געזוכט אַ געלעגנהײַט אים אָנכאַפּן באַם גאָרגל... האָט אָבער פּיער קיין כיישעק ניט געהאַט אַפּאָנעם זיך אָנצוהייבן מיט דעם דאָזיקן „שוואַרצן סטודענט", וואָס האָט אַ טעמפּעראַמענט פון אַ גרוזין און אַ פּאָנעם פון אַ „זשיד", אָדער פון אַן „אַרמיאַנין", כאָטש ער איז דעם ט—ר פּאָפּאָוס אַ זונדל... פּיער האָט אים אַפילו ניט באַערט מיט אַ קוק און האָט זיך אָנגעבויגן צו סאַשען, וועלכע האָט דערהערט דעם רעפּעטיטאָרס „איך זאָג עס!" און האָט זיך פאַרינטערעסירט. האָט זי זיך געווענדט גלײַך צום סטודענט:

— גריגאָרי איוואַנאָוויטש, וועגן וואָס רעדט איר דאָרט?

גריגאָרי איוואַנאָוויטש האָט אויפֿגעלעבט, אַ מאָדנע וואַרעמקייט האָט ער דערפֿילט און דאָס האַרץ האָט גענומען קלאַפּן. „הערסטו, אָט דאָס האָט ער דאָך געוואָלט! אויסהערן איר מיינונג — דאָס אַליין, וואָס איז ווערט?..״ און, אַגעוו, האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז אין איר, דאַפֿקע אין איר וועט ער געפֿינען אַ שוץ און אַ כּאוועד און אַ מיטפֿילערן, אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אַזאַ פֿיינע איידעלע נעשאָמע, ווי סאַשע איז, מוז סימפּאַטיזירן גיכער מיט אים, ווי מיט אָט דעם פּוסטן קניאַז, וואָס האָט ניט אין קאָפּ גאָרניט, אַחוץ שיין אויספּוצן זיך און אויסציִען זיך ווי אַ סטרונע און קלינגען מיט די שפּאָרן — אַך, ווי פֿייַנט ער האָט אים!..

און גריגאָרי איוואַנאָוויטש ציט אויס דעם קאָפּ פֿונווייַטן צו סאַשען און, ווי ווייַט מעגלעך רויִק און פֿעסט אַרויסרעדנדיק איטלעכס וואָרט, ווענדט ער זיך צו איר:

— דאָ רעדט מען וועגן ייִדן, אַלעקסאַנדראַ פּאָקטיסטאָוונאַ, וועגן ייִדן רעדט מען און וועגן...

— אַך, ניין! ניין! רעדט ניט וועגן די דאָזיקע... די דאָזיקע... איך האָב פֿאַר זיי מוירע!

און סאַשע האָט פֿאַרוואָרפֿן דעם קאָפּ אַהינטער און גענומען אָפּטרייסלען זיך מיט ביידע הענט, ווי מע טרייסלט זיך אָפּ פֿון עפּעס אַ מיִעסקייַט... נאָר עס איז אויסגעקומען אַזוי קינדעריש נאַיִוו און מיט אַזויפֿיל כיין, אַז דער גאַנצער טיש האָט זיך צעלאַכט. פֿריִער פֿון אַלע האָט זיך צעלאַכט דער פּראַנצויזישער לערער מעסיע דיובואַ, וואָס האָט אייגנטלעך פֿאַרשטאַנען ווינציקער פֿון אַלע־מען. נאָר העכער פֿון אַלעמען האָט געלאַכט דער דייַטשישער לערער הער פּריש. דער האָט פֿאַרוואָרפֿן דעם קאָפּ אַרויף, די אָדערן פֿונעם פּעטן האַלדז האָבן זיך אים אָנגעצויגן, דאָס גלאַנצנדיקע פּאָנעם, וואָס איז אַזוי אויך געווען געוויינטלעך רויט פֿון ביר, איז אים געוואָרן נאָך רויטער, און מע האָט גע־קאָנט מוירע האָבן פֿאַר דעם דאָזיקן נעפֿעש, אַז מיט אַזאַ קאָמפּלעקציע, ווי ער, זאָל ער, כאָלילע, ניט דעם שלאַק באַקומען...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַז גריגאָרי איוואַנאָוויטש איז גלייַך מיט אַלעמען אַרויס פֿון טיש, האָט ער געפֿילט, ווי עס רוישט אים אין קאָפּ, און אַ רויך איז אים געשטאַנען פֿאַר די אויגן, און אין די אויערן האָבן אים געקלונגען סאַשעס ווערטער: „רעדט ניט פֿון די דאָזיקע — איך האָב פֿאַר זיי מוירע!..״

זי האָט פֿאַר זיי מוירע?.. און איר מוטער, די גוטע נאַדיעזשדאַ פּעאָדאָראָוונאַ, האָט דעמלט געזאָגט: „זיי דאַרפֿן זייַן שרעקלעך!״ אַך, וואָס פֿאַר אַ טהאָם! וואָס פֿאַר אַ טיפֿער אָפּגרונט צווישן מענטשן־ברידער, אַז אַזעלכע גוטע, איידעלע נעשאָמעס, ווי די צוויי, קאָנען זיך אַזוי אויסדריקן!.. אַזעלכע גוטע, איידעלע הערצער, וואָס קאָנען ניט הערן קיין בייז וואָרט, וואָס קאָנען ניט זען קיין קרום פּאָנעם!.. און ער קוקט פֿון דער מוטער אויף דער טאָכטער און פֿון דער טאָכטער אויף דער מוטער און דערמאָנט זיך אַ מייַסע, ווי ער אַליין האָט געזען, וויאַזוי די ביידע האָבן אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך — די מוטער צוויי רינגען בריליאַנטענע און די טאָכטער אַ טייַערן בראַסלעט — און אָפּ־געגעבן פּיִערן, ער זאָל עס אַוועקטראָגן צום פּאַטער, צום אַלטן קניאַז, וואָס קלייַבט נעדאָוועס פֿאַר די הונגעריקע...

„וואָס וואָלטן געזאָגט, — טראַכט ער זיך, — אָט די צוויי גוטע איידעלע נעשאָמעס, ווען זיי זאָלן וויסן, וויפֿל הונגעריקע, עלנטע, דערשלאָגענע, דערנידעריקטע און פֿאַרגעסענע עס געפֿינען זיך דאָ בײַ אונדז אין לאַנד, וואָס הונגערן זייער גאַנצן לעבן, זשעדנע אַ שטיקל ברויט? און ניט נאָר אַ שטיקל טרוקן ברויט זייַנען זיי זשעדנע, זיי זייַנען זשעדנע פּאָשעטע מענטשלעכע רעכט; זיי זייַנען זשעדנע אַ גוט וואָרט, עמעצער זאָל פֿאַר זיי זאָגן; זיי זייַנען זשעדנע אַ שטראַל פֿון דער זון, אַ ביסל פֿרישע לופֿט, אַ לויט בילדונג, אַ רוסישן אַלעפֿבייס, אַ פּראָסטן רוסישן אַלעפֿ־בייס...״

און נאָך אַ פֿאַקט דערמאָנט ער זיך, וואָס ער אַליין איז געווען דערבייַ.

דאָס איז געווען שוין לאַנג. אין אָנהייב ווינטער איז געווען אַ געשיכטע. באַם גליטשן זיך אָפּן אייַז. אַלע זייַנען דאָרטן געווען. גריגאָרי איוואַנאָוויטש אויך. ער איז געשטאַנען פֿונדערווייַטנס און געקוקט, ווו סאַשע גליטשט זיך מיטן פֿראַנצויזישן לערער מעסיע דיובואַ מיט די פֿאַרדרייטע וואָנצעס, מיטן דייַטשישן לערער הער פּריש מיט די רויטע גלאַנצנדיקע באַקן, און מיט פּיִערן, וואָס ער קאָן אים ניט אָנזען... גליוק איז אויך געווען אָפּן אייַז — ווי קאָן זייַן אַ סימכע אָן גליוקן?.. מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט אַ טומל, אַ געפֿילדער — הימל עפּן זיך! עס האָבן זיך צונויפֿגעגאָסן אײנײנעם אַ קוויטשערייַ פֿון אַ סאַך הינט און אַ געשריי פֿון אַ סאַך מענטשן... עמעצער האָט געכאַלעשט... עס האָט גענומען גוטע צוויי מינוט, ביז מע האָט געקאָנט אַרויס, זען, וואָס דאָרט האָט זיך אָפּגעטאָן, עס האָט זיך אָפּגעשפּילט אַף אַ ווייַלע אַ קלײנע טראַגעדיע.

דער העלד אין דער טראַגעדיע איז געווען גליוק. און נאָך העלדן זייַנען געווען, אויך אַזעלכע קלאָווים, ווי ער, נאָר אַ סאַך קלענערע פֿון אים. איינער איז געווען צווישן זיי גאָר אַ קלייניקער, אַ מעכייַעדיקער, אַ ציטערדיקער, גאָר פֿון די געצייכנטע, פֿון די געהויבענע, וואָס מע האַלט צו

זיי א באַזונדערן מענטשן און מע באָדט זיי שיר ניט אין שאַמפּאַניער־ווײַן. א פּעלכל האָט דאָס אַף זיך א ווײַס, הערעלעך — זײַד, אייגעלעך — שוואַרצינקע, בייזע, פּיסלעך — טרייסלענדיקע, א מאָרדעלע פון א מאַלפּע, די ציינדלעך אין דרויסן, — פאַר אזא צאַצקע, וויפל מע גיט אוועק, איז ווינציק. פונדעסטוועגן, אז ס'איז באַשערט אַן אומגליק, איז אַרויס צווישן די הינט א סיכסעך, א מין מיספאַרשטענדעניש, און די קלאָווים זײַנען אַרײַנגעפאָרן איינס דאָס אַנדערע מיט די ציין אין די סאַמע ערטער, וווּ עס טוט רעכט וויי, און מער פון אַלע האָט זיך אויסגעצייכנט גליוק, וואָס האָט דעם קליינעם מעיוכעס אַזוי צעיושעט, אז מע האָט אים קוים אָפּגעמינטערט... גליוק אַליין האָט זיך גאָר אַף אַזויפיל ניט געריכט. דאָס האָט מען געקאָנט אַרויסזען נאָכדעם פון זײַן שטיין און פון זײַן באַלעקן זיך און פון זײַן קוקן מיט מאָדנע אויגן, גלײַך ווי ער וואָלט וועלן זאָגן: „עס קאָן זייער געמאָלט זײַן, אז איך בין דאָ באַגאַנגען א נאַרישקײַט, נאָר פאַרפאַלן...“ ווי די מײַסע איז — נאָר די באַלעבאָסטע פונעם געשעדיקטן הינטל — א דייסטוויטיעלני סטאַטסקי סאַוועטניקס א טאָכטער — איז נעבעך געפאַלן כאַלאָשעס, און סאַשע, וואָס האָט געהאַלטן דאָס צעיושעטע הינטל, האָט געוויינט, געוויינט שטילערהייט, מיט טרערן... און נאָכדעם, אז זי האָט איבערגעגעבן דער מוטער די דאָזיקע טראַגעדיע, האָט מען געקאָנט זען טרערן אַף די אויגן בא זיי ביידן...

וואָס האָט ער זיך פּלוצעם דערמאָנט אָן דער דאָזיקער געשיכטע?.. ער זוכט מיט די אויגן סאַשען און דערזעט, ווי זי שטייט באַם פאָרטעפּיאַן מיטן פראַנצויז. דער פראַנצויז בעט, זי זאָל עפּעס שפּילן, סאַשע זאָגט זיך אָפּ... „ווי וואָלט זײַן, אשטייגער, — אַזוי טראַכט זיך פּאַפּאָו־ראַבינאָוויטש, — וואָס פאַר אַן עפעקט וואָלט דאָס געמאַכט, ווען ער רופט זי אָפּ אַף א זײַט, אַף צוויי ווערטער, מער ניט ווי אַף צוויי ווערטער: ער בעט בא איר, זי זאָל אים מוחל זײַן, וואָס ער האָט דאָס איר ניט אופגעדעקט ביז אַהער, — ער האָט ניט געקאָנט, — איצט זאָגט ער איר אויס דעם גאַנצן עמעס, איצט דעקט ער איר אויף א סאָד — און נאָר איר, ווײַטער קיינעם ניט, — אז ער איז איינער פון יענע, וואָס זי האָט פאַר זיי מוירע...“ נאָר אָט גייט זי אים אַנטקעגן מיט איר טאָמיד ליכטיק פריילעך פּאָנעם און מיט איר טאָמיד פרײַנטלעכן שמייכל:

— גריגאָרי איוואַנאָוויטש, איך וויל מיט אײַך שפּילן אין טריק־טראַק.

דאָס פיר־און־אכציקסטע קאַפּיטל

## א קלאַפּ נאָך א קלאַפּ

ווו איז געווען זײַן סייכל? ווו זײַנען געווען זײַנע אויגן? וווּהין האָט ער געקוקט און וואָס האָט ער געזען?

ער האָט פאַרשטאַנען, אז דאָס, וואָס איז געווען ביז אַהער, איז געווען א כאָלעם, א מײַסע מיט א באַסמאַלקע אינעם לאַנד פון „אופיר“...

ער האָט פאַרשטאַנען, אז ער האָט געקוקט דורך געדיכטע אײַזערנע גראַטעס אין א פרעמדן גאָרטן אַרײַן, ווו דורך געדיכטע גרויסאַרטיקעביימער און שיינע שמעקנדיקע בלומען קוקן אַרויס קוים־קוים סימאָנים פון א פּרעכטיקן פּאַלאַץ, און דאָס איבעריקע — ווי זעט אויס דער פּאַלאַץ און די גליקלעכע מענטשן, וואָס וווינען דאָרטן, — דאָס אַלצדינג האָט אים שוין דערמאָלט זײַן אייגענע פאַנטאַזיע. די זעלבע פאַנטאַזיע, וואָס האָט אים געהאָלפן צו דערמאָלן יענע שיינע פּרינצעסן, וואָס געוועלטיקט בא אים אינעם לאַנד פון „אופיר“...

ער האָט פאַרשטאַנען, אז ווען ניט דער גליקלעכער צופאַל, וואָס די אַלע האָבן זיך דאָ אַרויסגעכאַפּט מיטן עמעס און וואָס האָט אים געעפנט די אויגן, ער זאָל וויסן, ווו ער האַלט מיט זיי, וואָלט ער אַצינד שוין אָנגעשפּאַרט ווייס איך ווו... ער וואָלט פאַרפלויגן אַהין, פונוואַנען עס איז ניט אַזוי גרינג צוריק צו קומען... און ער האָט באַשולדיקט ניט קיינעם, נאָר זיך אַליין.

בעשום־אויפן האָט ער ניט געקאָנט מויכל זײַן זיך, וואָס ער האָט געהאַנדלט ווי א יינגל פּונעם ערשטן טאָג אָן, וואָס ער איז אַרײַנגעטראָטן אין דער דאָזיקער פרעמדער וועלט. וואָרעם אָנ־

שטאָט דעם, ער זאָל ווי אַ געטרײַער זון פֿון זײַן פֿאָלק אויסניצן אַזאַ געלעגנהייט און ווי אַ ווײַט מעגלעך פֿאַרענטפֿערן זײַנע ברידער, פֿאַרשפּרייטן ליכט און צעטרײַבן די שאָטנס, איז ער געשטאַנען ווי אַ זײַטיקער צוקוקער, געזעסן ווי אַ גאַסט און ניט פֿאַרבראָכט קיינעם מיט פֿײַער פֿון זײַן מויל און ניט פֿאַרסאַמט קיינעם מיטן גיפֿט פֿון זײַן צעבלוטיקטער נשמה. און אַפֿילו אַז ער האָט שוין אַמאָל יאָ געפּרוּווט אַרויסשטעלן זיך מיט עטלעכע ווערטער, האָט ער דערנאָך באַלד כאַראַטע געקריגן, מוירע געהאַט, טאָמער וועט מען אים כּושעד זײַן אין דעם, וואָס ער פֿאַרמאָגט, טאָמער וועט מען מיינען אױף אים, אַז ער איז דאָס, וואָס ער איז... — — — — — — — — —

ער האָט ניט געקאָנט מויכל זײַן זיך, וואָס אין דער אייגענער צײַט, וואָס ער האָט געגאַרט פֿרעמדע מענטשן, וועלכע האָבן געגלייבט אין אים, האָט ער געגאַרט אויך זײַנע אייגענע, געשריבן זיי אַלעמאָל נײַע שקאָרים, איין שעקער גרעסער פֿונעם אַנדערן, אָפּגעלייגנט דעם אַלטן באַיוון טאַטן, אַז ער זאָל קיין פֿאַריבל ניט האָבן, וואָס ער קומט ניט אױף יאָמטעוו אַהיים, ווײַל אין דער „זובאָוראַטשעבנע“, וווּ ער לערנט אױף דאַנטיסט, איז די רעכטע אַרבעט פּייסעך־צײַט, און אַז ער זאָל גאָר קיין יעסורים ניט האָבן פֿאַר אים, ער איז שוין באַשטעלט אױף פּייסעך צו ביידע סיידערס אין צוויי געהויבענע ערטער, די גרעסטע יידישע הײַזער אין שטאָט, און אַז ער מעג זײַן גאַנץ רויִק, אַז עס וועט, כאָלילע, ניט אַרײַן צו אים קיין ברעקל כאָמעץ אין מויל אַרײַן. — אָ! ווען דער פּראָסטער ערלעכער רעב מוישע ראַבינאָוויטש זאָל וויסן, וואָס זײַן זון האָט הײַנטיקן פּייסעך געגעסן, וווּ זײַן זון איז אױף געווען אין דער נאַכט פֿון דעם „מוירעדיקן שאַבעס“ קעגן דעם „ליכטיקן זונטיק“, בייס די גלעקער פֿון די פֿערציק מאָל פֿערציק האָבן געקלונגען, און דערנאָך אינדערפֿרי, וויאַזוי ער האָט זיך געקושט מיט איטלעכן באַזונדער, פֿונעם מעגושעמדיקן פּאָקטיסט פּעדאָסייִטש ביזן גרויסן געגאָלטן דזשענטלמען וואָס בײַ דער טיר, — און דאָס אַלצדינג צוליב וואָס? צוליב אַ יינגלשן שפּאַס און צוליב אַ כאָלעם, צוליב אַ פֿאַנטאַזיע מיט אַ באַסמאַלקע פֿונעם לאַנד פֿון „אופֿיר“... ניין, איר דאַרפֿט אים מויכל זײַן — ער איז שוין זײַנס אָפּגעקומען, ער האָט שוין זײַן שעקער אָפּגענומען בעקייפֿל קעפֿלײַם... ווײַל דעם האָט שוין געזאָרגט די האַזשגאָכע אַליין, אַז מיט יעדן טאָג זאָל דאָס פֿײַער פֿונעם געהענעם ווערן גרעסער און שטאַרקער, וואָרעם יעדער טאָג האָט אים געבראַכט אַ נײַעם סיורפּריז, אַ בראָך נאָך אַ בראָך, אַ קלאַפּ נאָך אַ קלאַפּ, איין באָמבע גרעסער פֿון דער אַנדערער.

פֿריִער האָבן אים די צײַטונגען מעכײַע געווען אַלע טאָג מיט אַן אַנדער נײַס און מיט אַן אַנדער פּייִרעש וועגן דעם באַרימטן אַלילאָס־דאַם, וואָס אין דער גרויסער שטאָט פֿון דער „טשערטאַ“.

די דאָזיקע שיינע יעדיִעס, ווי ביטער זיי זאָלן ניט זײַן פֿאַר אים, וואָלט ער נאָך ווי־עס־איז אַראָפּגעשלונגען און פֿאַרשוויגן. האָט אים גאָט צוגעשיקט אַ גוטן־פֿרײַנט אַ דײַטש, דעם הער פּריש, וואָס האָט בעטעווע ליב סענסאַציעס, קרימינאַל־געשיכטעס, האַריגעס און אַנדערע פֿאַרברעכנס. ער האָט אַלעמאָל אויפֿגעמישט די דאָזיקע מיִעסע געשיכטע באַם טיש, ווענדנדיק זיך צום באַלעבאָס אױף זײַן געהאַרגעטער רוסישער שפּראַך: „שטאָ ווי שיטײַל, פּאָקטיסט פּאָדאָסייִטש, פּאָ פּאָוואָדו שרעקליכע ריטואַל־מאָרד?“

פּעאָקטיסט פּעדאָסייִטש, וואָס האָט בעסער ליב רעדן פֿון פֿריילעכערע זאַכן, האָט אָדער אָפּגעשוויגן, אָדער גענומען רעדן פֿון עפּעס אַנדערש. האָט אָבער דער צווייטער גוטער־פֿרײַנט פֿונעם רוסישן רעפּעטיטאָר (פֿיער) אונטערגעהאַלטן דעם דײַטש, אַז ער איז איבערצײַגט, אַז ניט הײַנט איז מאָרגן וועט מען אויפֿדעקן די גאַנצע זשידאָווסקע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט זיך פֿאַרשפּרייט איבערן גאַנצן לאַנד און וואָס פֿאַרנעמט זיך נאָר מיט „אַזעלכע זאַכן“...

אך! ווי גוט עס וואָלט געווען, — טראַכט זיך פּאָפּאָוו־ראַבינאָוויטש, — ווי גוט עס וואָלט זײַן אַצינד וואַרפֿן אָט דעם „אָפּיצערל“ אָט דאָס בײַכיקע פֿלעשל ווײַן גלײַך אין פּאָנעם אַרײַן, אים צעבײַלן, צעקאַרדאַשען די אויסגעפּוצטע פּיזיאָנאָמיע, אַרויסזעצן אַן אויג, שפּאַלטן דעם מויעך, אָפּצווייען צעשפּאַלטן!..

— גריגאָרי איוואַנאָוויטש! — דערהערט ער פֿונעם אַנדערן עק טיש סאַשעס קאָל, וואָס קלינגט אים אין די אויערן ווי די בעסטע מוזיק, — גריגאָרי איוואַנאָוויטש! וואָס האָט איר אויפֿגעהאַנגען די נאָז אױף דער קווינטע? וועלכע פֿליג האָט אײַך אַ ביס געגעבן? איר זעט אויס ווי אַ מענטש, וואָס קאָן בעשום־אויפֿן ניט דערמאָנען זיך, וואָס אים האָט זיך געכאָלעמט...

אַלע לאַכן, און גריגאָרי איוואַנאָוויטש בעסויכעם, נאָר וואָס ער פֿילט בייסמײַסע, — דאָס ווייסט נאָר ער און סײַדן גאָט און ווײַטער קיינער ניט...

אַ פֿאַרבײַסונג צו דעם איז געקומען די נײַס, אַז דאָרט, אין יענער שטאָט, וווּ ס'איז פֿאָרגעקומען דער „ריטואַל־מאָרד“, ריכט מען זיך אױף אַ „פֿריילעכן יאָמטעוו“ און אַז יידן לויפֿן... אַ לאַנגע צײַט שוין, אַז ער האָט ניט געהערט דאָס דאָזיקע ליבע וואָרט און ניט באַגעגנט געדרוקט דאָס וואָרט „פּאָגראָם“ אין ערגעץ ניט...

אין וועסטיביול בא די באַרדאָ־בראַדאָווסקיס איז דאָס געווען. דאָרט ליגן אָנגעוואָרפֿן גאַנצע פּעק מיט צײַטונגען פֿון אַלערליי לענדער אויף אַלערליי לעשוינעס. יעדער קומט און יעדער נעמט זיך וואָס אים געפֿעלט. דאָרט האָט ער געטראָפֿן דעם פֿראַנצויז מעסיע דיובואַ, און דעם דײַטש הער פּריש, און די ענגלישע מיס טאָקטאָן — יעדער בא זײַן צײַטונג — און אויך סאַשע איז דאָ געווען, אָנגעטאָן אויף צו שפּאַצירן גיין, נאָר דערווײַל פֿאַנאַנדערגעעפֿנט און דורכגעקוקט אַלערליי איליוסטרירטע בלעטער און זשורנאַלן.

עס איז געווען אַ שיינער פֿרימאָרגן, פֿון די ערשטע שיינע טעג, וואָס גיבן זיך אויס פֿייסעך־צײַט.

ער וויל אַוועקלייגן די בלאַט און קאָן ניט. ער לייענט:

„...דאָ רעדט מען שטאַרק וועגן אַ פּאָגראָם. ייִדן לויפֿן אין די טויזנטער. דער פּאַכעד איז גרויס...” און עס קומט אים אַפֿן זינען אַ בילד, וועלכעס ער האָט נאָך אייגנטלעך אויף קיין מינוט ניט פֿאַרגעסן און וועט דאָס ניט פֿאַרגעסן קיינמאָל:

— — — אַ קליין שטעטל... טכילעס ווינטער... ער, אַ באַר־מיצווע־באָכערל פֿון אַריבער דרײַצן, כאַזערט ביגנייווע געאָגראַפֿיע אויף אויסווייניק... זײַן עלטערער ברודער אַווראָם־לייב, אויך אַ באָכער און אַ טשיקאַווע באָכער, ברענגט אַלעמאָל צו טראָגן פֿון שטאָט נײַעס: „ייִדן רעדן... ייִדן לויפֿן... מע זאָגט, עס וועט שוין זיכער זײַן... אַ סוואָרע, אַז עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן...” — וואָס זשע טוט מען? „מע דאַרף לויפֿן...” — „וווּהין?..” — „וווּהין די אויגן טראָגן...” און עס הייבט זיך אָן אַ דינגעניש: אַווראָם־לייב גיט אויף אַ פּלאַן, אַז ביידע שוועסטער זאָלן זײַן באַם נאַטשאַלניק סטאַנציע. ער מיטן טאַטן באַם גאַלעך. און די מאַמע מיט הערשלען באַם פּריסטאַוו, דאָס הייסט בא דער פּריסטאַווושע, אַ ווױלע גױע... זי האָט צוגעזאָגט... וויל אָבער ניט די מאַמע: „מעשוגע אירע סאָנים? אָט וועט זי גיין פֿאַרטרויען דעם נאַטשאַלניק סטאַנציע אירע טעכטער!..” זאָגט אַווראָם־לייב (בא אים פֿויעלט מען, וואָס מע וויל): „אויב אַזוי, טאָ לאָז די מאַמע מיט הערשלען זײַן באַם נאַטשאַלניק סטאַנציע, ביידע שוועסטער באַם גאַלעך און ער מיטן טאַטן באַם פּריסטאַוו, דאָס הייסט, בא דער פּריסטאַווושע, אַ גוטע גױע, זי האָט צוגעזאָגט...” רופֿט זיך אָן ווידער די מאַמע: „יאָ נו, אָט פּליט זי באַלד מיט אירע טעכטער צום גאַלעך!..” זאָגט אַווראָם־לייב (בא אים פֿויעלט מען אַלצדינג): „וויבאַלד אַזוי, טאָ לאָז מען איבערקערן דעם פּלען: ער מיטן טאַטן צום נאַטשאַלניק סטאַנציע, די מאַמע מיט הערשלען צום גאַלעך און ביידע שוועסטער צום פּריסטאַוו, דאָס הייסט צו דער פּריסטאַווושע, אַ ווױלע גױע, זי האָט צוגעזאָגט...”

דער שפּיץ איז געווען, אַז ניט דער נאַטשאַלניק סטאַנציע, ניט דער גאַלעך און ניט דער פּריסטאַוו, דאָס הייסט די פּריסטאַווושע, האָט זיי ניט אַרײַנגעלאָזט — ס'איז בא זיי שוין אַזוי אויך געווען פֿול... און זיי האָבן זיך אַלע, דער טאַטע מיט דער מאַמע מיט אַלע קינדער, אײַנגעבעטן צו אַ שאָכן אַ גױ אין אַ שטאַל אַרײַן, און דאָרט האָט מען זיי פֿאַרשלאָסן פֿון דרויסן, און זיי האָבן געהערט אַלצדינג, וואָס אין שטעטל טוט זיך...

און ער דערמאָנט זיך, וויאַזוי אַווראָם־לייב האָט זיך געמאָרדעוועט, ווי אַ כײַע אין אַ שטײַג, אַלץ געטײַנעט, שטילערהייט געווײנלעך, לעמײַ מע האָט אים גענומען אין געפֿענקעניש? בעסער וואָלט ער געבליבן אינדערהיים, וואָלט ער כאָטש געגעבן עמעצן מיט אַ שײַט האָלץ איבערן קאָפּ. „מימאָנעפֿשעך, מיר אַ טויט דיר אַ טויט!..” אַזוי האָט געטײַנעט אַווראָם־לייב, און די מאַמע האָט אים אײַנגעשטילט, געבעטן, ער זאָל ראַכמאָנעס האָבן אויב ניט אויף זיך, איז כאָטש אויף די איבעריקע קינדער... און דער טאַטע האָט שטילערהייט געדאַוונט די גאַנצע נאַכט... און דאָרטן אין עק שטאַל אין אַ ווינקל איז עמעצער געלעגן און געקרעכצט עפּעס אַזוי שווער, ניט „אוי!” נאָר „אָ!” אָדער „אָהאָ!”, עפּעס ווי געקרעכצט און געקוויקט זיך צו גלײַכער צײַט: „אָ!.. אָ!..” אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז דאָס דאַרף זײַן אַן אַלטער מאַן, אַ זאָקן, מיט אַ ווײַסער לאַנגער באָרד, מיט אַ געל געקנייטשט פּאָנעם, אָן איין צאָן אין מויל, די ליפּן אַראָפּגעהאַנגען, די אויגן פֿאַרגלעזערט, אַ קראַנקער, אַ נויטע לאַמאָווס, און עפּשער — טראַכט ער זיך אין גרויסן שרעק — איז ער גאָר אַ גויסעס?.. אונטערן טאַטנס שטילן דאַוונען און אונטערן קרעכצן: „אָ! אָהאָ! אָ!, וואָס ער ווייסט ניט פֿונוואַנען דאָס גייט, ווערט סאָפּקאָלסאָף אונדזער הערשל אַנשלאָפֿן (צוקאָפּנס האָט אים די מאַמע צונויפֿגעשאַרט אַ ביסל אונטערגעפֿוילט שטרוי און איבערגעדעקט האָט זי אים טאַקע מיט איר שאַל), און אַז ער כאַפּט זיך אויף, איז שוין לאַנג טאָג, און ער דערזעט, אַז דער, וואָס האָט אַזוי מאָדנע געקרעכצט און געקוויקט זיך, איז ניט קיין זאָקן און ניט קיין גויסעס, נאָר, איך בעט איבער אײַער קאָוועד, אַ דאָווראַכער... „און דאָ האָט דער טאַטע געדאַוונט? — האָט ער זיך דעמלט געטראַכט. — אַ גאַנצע נאַכט געדאַוונט!..”

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— גייען מיר שפּאַצירן? — דערהערט ער אַ קענטלעך קאָל... ער טוט זיך אויס אַ וואָרף און דערזעט סאַשען, ווי זי ציט אָן די הענטשקעלעך אויף אירע קליינע הענטלעך...

„פּאַרדאָן! ער איז געווען אַזוי פאַרטיפט אין פּאָליטיק, אַז ער האָט גאָר פאַרגעסן, אַז זי איז דאָ...״

---

דאָס פינף־און־אַכציקסטע קאַפּיטל

## דער אוועקפאָר

דער רעקטער קלאַפּ איז ערשט געקומען נאָכדעם, אַז גריגאָרי איוואַנאָוויטש פּאַפּאָוו איז געוויר געוואָרן, וועמען מע איז כוישעד אין דער שיינער געשיכטע פונעם אויגערופענעם „ריטואַל״. דאָס איז געווען אין אַ שיינעם פרימאָרגן, איז מיט אַ ברייטן שמייכל איבער די פעטרויטע באַקן זיין קאָלעגע, דער דייטש הער פריש, אַרויסגעקומען אַקעגן אים מיט אַ בלאַט־צייטונג אין האַנט און מיט אַ געדולע אויף זיין געמוטשעטער רוסישער שפּראַך אָנגעזאָגט דעם „הער גרעגואַר איפאַנאַפּיש״ אַ בסורע, אַז מע האָט שוין געפּאַקט דעם ריטואַל־מערדער און אַז ער איז דאַפּקע אַן אינטעליגענט, אַ דאַנטיסט, און אַז מע רופט אים ראַבינאָוויטש (געשטעלט די טראַפּ אויפן „בי״).

גריגאָרי איוואַנאָוויטש האָט געמוזט זוכן אַ שטול אויף צוצוזעצן זיך, אַניט וואָלט ער זיכער אומגעפאַלן. ער האָט גענומען באַם דייטש די צייטונג און אַליין מיט זיינע אויגן איבערגעקוקט פון אָנהייב ביזן סוף, און ניט איין מאָל, נאָר צוויי מאָל. ער האָט זיך אָבער ניט פאַרלוירן. ער האָט קיין איבעריק וואָרט ניט אַרויסגעלאָזט, קיין איינציקע האַוויע ניט געמאַכט. אַדרעבע, ער האָט געפילט אַ מאָדנע ליכטיקייט אין קאָפּ און אַ זעלטענע קלאָרקייט אין די געדאַנקען און ס׳איז אים באַלד אַלצדינג פאַרענטפערט געוואָרן, פאַרוואָס ער האָט אַזאַ צייט פון זיין כאַוער גרישע קיין איינצונקטע פעגן ניט, — און עס האָבן זיך אָנגעהויבן וועבן בא אים אין קאָפּ אַלערליי פּלענער, וואָס ער זאָל טאָן, אום אַרויסצוראַטעווען זיין אומשולדיקן כאַוער פון דער פאַרפלאָנטעריש... ניט נאָר דאָס איז זיין כויוו. נאָר פון דער באַשרייבונג האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ער איז דער איינציקער, וואָס קאָן אים ראַטעווען...

פאַרשטייט זיך, אַז ער באַדאַרף וואָס גיכער פאָרן אַהין אין יענער שטאָט, ווו זיין אומגליקלעכער כאַוער געפינט זיך, — זען אויפן אָרט, וואָס ער האָט צו טאָן. און ביכדיי צו פאָרן אַהין, באַדאַרף מען אַרויסבאַקומען פון אוניווערסיטעט אַ דאָקומענט — דאָס איז דאָס ערשטע. און ער האָט ניט געמאַכט קיין לאַנגע שיעס, ניט געוואַרט אפילע אויפן אינדערפרייִדיקן טיי־טרינקען און איז אַוועק אין אוניווערסיטעט, גאַרנישט פילנדיק די ערד אונטער זיך.

„אַציַנד איז אים שוין פאַרענטפערט אַלצדינג... אַציַנד איז אים שוין קלאָר, פאַרוואָס ער האָט ניט פון דער הַיים קיין שום יעדיִע. ווײ־ווײ, וואָס וועט זיין, אַז זיי וועלן דאָרטן איבערלייענען די אייגענע געשיכטע?.. און וואָס וועט מען זיך טראַכטן באַם כאַוער גרישען אינדערהיים, וואָס ס׳איז ניטאָ אַזאַ צייט קיין בריוו פון אים? אַדער עפּשער האָט ער, גרישע אַליין הייסט עס, שוין געגעבן צו וויסן זיין פאַטער, איוואַן איוואַנאָוויטשן, ווו ער האַלט און וואָס מיט אים טוט זיך?.. נאָר ניין — ער קען גרישען. דאָס וועט גרישע ניט טאָן פאַר קיין געלט אין דער וועלט. ער וועט, וואָס דאָרטן טוט זיך? ווער ווייסט, וואָס זיין כאַוער נעבעך טראַגט דאָרטן איבער? ווער ווייסט, וואָס זיין גאַנצער קאָפּ טראַכט דאָרטן וועגן דעם... און וואָס זיין צונג קאָן דאָרטן אָנפּלאָנטערן? ניין, מע דאַרף פאָרן, פאָרן, וואָס גיכער פאָרן!..״

געקומען צו גיין אין דער קאַנצעליאַריע נאָך די דאָקומענטן, האָט מען אים איבערגעגעבן, אַז דער הער רעקטאָר פרעגט זיך נאָך אויף אים — ער דאַרף אים נייטיק האָבן... אים? אויף וואָס קאָן ער עס אים אַזוי נייטיק דאַרפן? ניט שוין ווער וועגן דער זעלבער געשיכטע?.. און ער איז אוועק צום רעקטאָר.

גייענדיק, האָט ער געכאַפּט אַ פּאָר ווערטער פון צוויי באַקאַנטע כאַווירים־סטודענטן יידן, פון וועלכע ער האָט זיך שטענדיק געהאַלטן פונדערווייטנס, מורע געהאַט, מע זאָל ניט אָנשמעקן,

ווער ער איז... די צוויי האָבן געהאַלטן א בלאַט־צײַטונג און געלייענט, נאָר דרעזען פּאַפּאַוו, האָט מען די בלאַט באַהאַלטן און איינער האָט א זאָג געטאָן דעם אַנדערן אױף ייִדיש (ער האָט גאַנץ גוט געהערט):

— דאַבער ניט, יעהודי, ס'א ביזאַיען פאַרן אַרל...

ער האָט גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, וועגן וואָס די צוויי רעדן דאָ... און אים האָט זיך נאָך קיין מאָל אַזוי ניט געוואָלט דאַפּקע אָפּשטעלן זיך אָט דאָ מיט די דאָזיקע כאַווירים און דורכוואָרפן זיך מיט זיי מיט א פּאָר ווערטער, און דאַפּקע אױף ייִדיש, וועגן דעם דאָזיקן מאָדנעם אייסעק, וועלכער איז בעעמעס „א ביזאַיען פאַר אַן אַרל"... א ביזאַיען און א ווייטיקו... בא זיי וואָלט ער עפּשער מער נײַס געוואָויר געוואָרן — וואָס שרײַבט מען? וואָס זאָגט מען? וואָס טראַכט מען? ווער נאָך ווייסט אַזוי, ווי נאַריש דאָס איז, ווי א ייִד ווייסט? נאַריש און ביטער... און א ייִד מיט א ייִדן, אַז מע רעדט זיך דורך, ווערט פּאַרט א ביסל גרינגער... נאָר ער האַלט זיך אײַן און גייט פאַרבײַ קלוימערשט רויק, קוקט ניט אין זייער ווינקל.

אָפּגעטראָטן פון זיי, שלאָגט ער זיך אָן אױף א גרופּע פון האַלבּ־ייִדישע סטודענטן, געוויזענע ייִדן... זיי האָבן אויך געהאַט געשמועסט עפּעס צווישן זיך; נאָר דרעזען פּאַפּאַוו, זײַנען אַלע מיט אַמאָל אַנשוויגן געוואָרן... ער וואָלט געמעגט שווערן, אַז אויך דאָ האָט מען גערעדט וועגן יענער מײַסע — און ער איז שיר ניט פאַרברענט געוואָרן פאַר בושע, וואָס אַפּילע די דאָזיקע, וואָס האָבן זיך אָפּגעריסן פון ייִדישקײַט און לעבן זיך אין זייער אייגן וועלטל, אַפּילע די דאָזיקע, וועלכע ער האָט בעעצעם זייער פײַנט, ווי א גאַי א ייִדן, אַפּילע די דאָזיקע, וואָס זעען אויס אין זײַנע אויגן ניט אַנדערש ווי פּראַוואָקאַטאָרן, אינטערעסירן זיך פונדעסטוועגן מיט דער דאָזיקער געשיכטע, וואָס פאַרשוואַרצט אונדז אַלעמען דאָס פּאָנעם, מאַכט אונדז מיעס אין די אויגן פון די פעלקער — און נאָר ער איינער, קלוימערשט גריגאַרי איוואַנאָוויטש פּאַפּאַוו, נאָר בעעמעס הערשל ב"ר מוישע ראַבינאָוויטש, שטייט פונדערווײַטנס, ווי א זײַטיקער, גלײַך ווי ניט אים מיינט מען, וואָרעם ער האָט זיך דאָך די גאַנצע צײַט ביז צום הײַנטיקן טאָג אַרומגעטראָגן מיט זײַנע גאָלדענע כאַלוימעס אױף דער וואָר, געבויט לופט־שלעסער, געפאַנטאַזירט פון א באַסמאַלקע פונעם לאַנד „אָפיר", געדינט צו דער אווידע־זאַרע, אין דער צײַט, ווען זײַן כאַוער, דער עמעסער פּאַפּאַוו, קאָן זײַן, קומט אָפּ פאַרן ייִדן, איז א קאָרבן פאַר א פרעמד פאָלק — „שמיץ ביסטו ווערט, הערשל, הענגען באַדאַרף מען דיך!.."

* * *

דער רעקטאָר פון אוניווערסיטעט האָט אים באַגעגנט מיט דער זעלבער ברייטער פרײַנטלעכקײַט וואָס טאָמיד. ער בעט אים זיצן, ער איז צופרידן, וואָס ער זעט אים געזונט און מונטער און ער האָפט, אַז בא אים איז אַלצדינג אין דער בעסטער אָרדענונג. דאַנקען גאָט, ער רעדט ניט מיט אים פון יענער געשיכטע... נאָר אָט שטייט ער אויף, גייט צו צום טיש, נעמט א דעפּעש, עפנט זי אויף און לייענט אים איבער, אַז זײַן פאָטער, איוואַן איוואַנאָוויטש פּאַפּאַוו, פרעגט זיך נאָך אױף זײַן זון גריגאָרי, וואָס ער מאַכט און ווו ער וווינט און פאַרוואָס ער שרײַבט ניט.

— פאַרשטייט איר מיך, מײַן ליבער פרײַנט, — מאַכט צו אים דער רעקטאָר, גלעטנדיק די באַקענבאָרדן און קוקנדיק אױף אים פון אונטן אַרויף, — דאָס, וואָס אײַער פאָטער ווייסט ניט, ווו איר וווינט, — דאָס איז גרינג צו פאַרשטיין: ספּאָרט, כאַ־כאַ, א קלייניקײַט? נאָר דאָס, וואָס איר שרײַבט ניט, — דאָס איז שוין ניט אַזוי רעכט, יונגערמאַן, דאָס איז שוין... ע־ע־ע...

דער סטודענט האָט דערפילט א טרוקנקײַט אין מויל. ער האָט גיכער אַרויסגעהוסט ווי אַרויסגערעדט:

— האָט איר אים געענטפערט?

— נו, פאַרשטייט זיך! נאָך נעכטן האָב איך אים געענטפערט, מיט א דעפּעש נאַטירלעך. בײַם סטודענט האָט איין קני גענומען ציטערן.

— מיט א דעפּעש? אַז וואָ־וואָס?

דער רעקטאָר האָט זיך ברייט צעלאַכט.

— אַז וואָס? כאַ־כאַ... אַז איר זענט געזונט און שטאַרק, האַלעווײַ אױף אַלעמען... און אײַער אַדרעס אים אויפגעגעבן... אָבער נאָר אײַער אַדרעס אַליין, מער ניט... דאָס, וואָס מע דאַרף וויסן, לאָזט מען וויסן. און דאָס, וואָס א סאָד, באַדאַרף זײַן א סאָד, כאַ־כאַ, און א וואָרט איז הייליק... איאָ, מיר פאַרשטייען זיך אײנס דאָס אַנדערע, יונגערמאַן, וואָס?..

אַט דאָס איז גאָר? דרײַ פּוד מאַסע איז אים אַראָפּ פון די פּלייצעס, און ווײַבאַלד אַזוי, האָט ער דאָך געטאָן ווי אַ כאָכעם, וואָס ער האָט זיך צוגעגרייט אין וועג אַרײַן — און איז אַוועק מיט די דאָקומענטן צוריק אַהיים. נאָר דאָ האָט אָף אים געוואַרט אַן אַנדער סיורפּריז.

— איר האָט אַ דעפּעש, — גייט אים אַנטקעגן דער הויכער געגאָלטער דזשענטלמען, וואָס בא דער טיר און וואָס זעט אויס מער ווי אַ גובערנאַטאָר איידער אַ שווייצאַר, און דערלאַנגט אים אָף אַ זילבערן טעצעלע אַ פאַרכאַסמעטע טעלעגראַמע. דאָס איז געווען די ערשטע קאָרעספּאָנדענץ, וואָס דער רוסישער רעפּעטיטאָר האָט פאַר דער גאַנצער צײַט אָט דאָ באַקומען אָף זײַן נאָמען.

די דעפּעש איז געווען פון גרישע פּאָפּאָווס שוועסטער און איז באַשטאַנען אינגאַנצן פון דרײַ ווערטער:

כ'פאָר מיטן קוריער. ווערא".

אין אַ האַלבער שאָ אַרום האָט שוין דאָס גאַנצע הויז געוווּסט, אַז גריגאָרי איוואַנאָוויטש האָט אַ דעפּעש און אַז ער פאָרט אַהיים. וואָס אין דעפּעש שטייט, — האָט קיינער ניט געפּרוּווט זיך אים אַ פרעג טאָן. נאָר נאָך זײַן כאַפּן זיך פּאַקן אין וועג אַרײַן און נאָך זײַן בלאַס פּאָנעם איז געווען צו זען, אַז מיסטאָמע האָט געמוזט פּאַסירן אַן אומגליק, אַז אַ מענטש אײַלט זיך אַזוי אַהיים. אַלע האָבן אים מיטגעפילט, אַפילע די, וואָס האָבן פון אים ניט אַזוי שטאַרק געהאַלטן. אַשטייגער, פּיער, זײַן בלוטיקער סוינע. פּיער האָט זיך צוגעלאָזט צו אים, מיטאַמאָל געוואָרן ווייך ווי טייג, מעכאַבעד געווען אים מיט אַ ציגאַר און אַ פרעג געגעבן פרײַנטלעך:

— איר פאָרט אַוועק פון אונדז?

— איך פאָר ניט אַוועק, — האָט ער אים געענטפערט מיט אַ שטאָך, — נאָר איך פאָר זיך דורך אַהיים...

דאָס האָט באַדאַרפט הייסן:

„זײַ נאָר ניט אַזוי פרייליך, מײַן ליבער קנאַיז, מיר וועלן זיך נאָך זען..."

מער פון אַלע האָט אַרויסבאַוויזן אינטערעס צו זײַן אָפּפאָרן די פרוי באַרדאָ־בראַדאָווסקע. עס איז געווען צו זען, אַז די גוטע נאַדיעזשדאַ פּעאָדאָראָוונא האָט בעעמעס ראַכמאָנעס אָף אים און עס טוט איר באַנג, וואָס דער רעפּעטיטאָר פאָרט אַוועק, כאָטש אַפילע ניט אָף לאַנג.

— סאַשע, — האָט זי זיך אָנגערופן צו דער טאָכטער, וועלכע האָט זיך נאָרוואָס אַרויסבאַוויזן פון איר צימער, — גריגאָרי איוואַנאָוויטש וואַרפט אונדז אַוועק.

— נאָך עפּעס! עס קאָן ניט זײַן! — און זי באַשענקט אים מיט אַ קוק פון אירע זעלטן־שיינע אויגן, אַז ער איז גרייט פאַרגעסן זײַן כאַווערס שוועסטער, וואָס קומט צו פאָרן, און זיך אַליין איז ער גרייט צו פאַרגעסן אין דער מינוט, און אַזויווי ער שטייט אָט דאָ פאַר איר מוטער אין די אויגן, זיך אַ וואָרף געבן פאַר איר אָף דער ערד, קושן די טריט און אויסזאָגן דעם עמעס.



„שווער צו זײַן אַ ייִד" („דער בלוטיקער שפּאַס") אין ניו־יאָרקער „יידישן קונסט־טעאַטער"

דעם גאַנצן עמעס — און לאָז זיך זײַן, וואָס עס וויל זיך! זיי ביידע זײַנען אַזעלכע גוטע, איידעלע, געטרײַע, אַז זיי וועלן אים מוחל זײַן, וואָס ער האָט זיי ניט אויסגעזאָגט דעם סוד, אַז ער געהערט צו יענעם פאָלק, פאַר וועלכן זיי האָבן אַזוי מורא... זיי וועלן אים פאַרשטיין, אַז ניט ער איז שולדיק, וואָס ער איז געבוירן אַ פאַרמישפּעטער צו זײַן אַרויסגעשטויסן פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, אַ סטראַשידלע פאַר די, וואָס האָבן וועגן אים אַן איבערגעטריבענע מיינונג... אַז ניט ער איז שולדיק אין די זינד פון זײַנע עלטערן, וואָס האָבן געהאַט אַ האַזע אָנצוצינדן דאָס ערשטע ליכט פון גאָטהײַט, וואָס איז גוט און וואָס איז שלעכט...

— דאָס קאָן ניט זײַן! — זאָגט נאָכאַמאָל סאַשע, און די מוטער גיט איר צו פאַרשטיין, אַז ניט אַף טאָמיד פאָרט ער אַוועק, נאָר אַף עטלעכע טעג — ער האָט אַ דעפּעש. — דאָס איז עפּעס אַנדערש! — ציט אויס סאַשע און צעלאַכט זיך מיט איר פריילעכן געלעכטער, און עס מאָלט זיך אים אויס, אַז די גאַנצע וועלט לאַכט מיט, און ער הערט שוין גאָרניט, וואָס אַרום אים טוט זיך. עפּעס דרייען זיך אַרום אים מענטשן, אַ סאַך באַקאַנטע פּנעמער, ער דריקט אַלעמען די הענט. אַלע דריקן אים די האַנט, ער הערט באַקאַנטע קולעס. פּעטיע און סעריאָזשע וואַרפן זיך אים אַפן האַלדז. דער הונט וויל אויך מיט אים צעקושן זיך. „גליוק! בלײַבסט רויִק...״ — זאָגט צו אים פּעאָקטיסט פּעדאָסײַטש און שלעפּט אים אַפּ מיט זײַן גרויסער מעגושעמדיקער האַנט פאַרן האַלדזבאַנד, נאָר דער הונט האָט זיך אײַנגעשפּאַרט — ער וויל דאַפקע צו זײַן פרײַנט, צום רוסישן רעפּעטיטאָר אַפן פּאַיעטאָן. עס וועט גאָרניט העלפן, מע וועט אים מוזן בעטן מעכילע און פאַרשליסן אין שטוב — לאָז ער גראַבלען דערנאָך מיט די לאַפּעס די טיר וויפל זײַן האַרץ גלוסט... און די גוטע נאַדיעזשדאַ פּעאָדאָראָוונאַ געזעגנט זיך מיטן רעפּעטיטאָר, ווי אַ מאַמע, ווי אַ געטרײַע מאַמע, זי צײלעמט אים איבער... צופיל אוילעם האָט זיך צונויפגעקליבן אַרויסבאַגלייטן דעם רוסישן רעפּעטיטאָר, צו אַ גרויסער טאַראַראַם. אַף קיין איין מינוט קאָן ער ניט בלײַבן מיט סאַשען אַליין, ער זאָל איר קאָנען זאָגן כאָטש אַ וואָרט, כאָטש איין וואָרט...

שוין אין דרויסן, אין דער צײַט, ווען מע האָט געהאַט צו טאָן מיטן הונט, איז אים געראָטן שטיין לעבן סאַשען אַזוי נאָענט, אַז ער האָט איר געקאָנט אַרײַנוואַרפן אַ פּאָר ווערטער:

— זײַט געזונט, עס קאָן זײַן, מיר וועלן זיך שוין מער קיינמאָל ניט זען... — און עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז איבער סאַשעס ליכטיק פּנים איז דורכגעפלויגן אַ קליין וואָלקנדל און אירע לאַכנדיקע אויגן האָבן ווי אַ ציטער געגעבן אונטער אירע שיינע געדיכטע ברעמען, און פּיער, וועלכער איז צוגעגאַנגען צו איר אין דער מינוט און עפּעס אַ פרעג געגעבן בײַ איר, איז געבליבן, ווי אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אָן אַן ענטפער... אַ מיצווע! קיין יוּוודוי!.. אָט דאָס אָפּיצערל וועט ערשט פילן נאָכדעם, אַז ער, גריגאָרי איוואַנאָוויטש, וועט שוין זײַן ווײַט, און סאַשע וועט אַרומגיין ווי אַ שאָטן, זיך קיין אָרט ניט קאָנען געפינען. נאָר קיין בען־אָדאָם וועט ניט וויסן, נאָך וועמען סאַשע בענקט אַזוי, ביז...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

— ווידער כאַלוימעס? ווידער פאַנטאַזיעס? ווידער די באַסמאַלקע פּונעם לאַנד „אופיר״? — רײַסט ער זיך אַליין איבער זײַנע מאַכשאָוועס, זיצנדיק אין פּאַיעטאָן און לויפנדיק צו דער באַן אַזוי גיך, ווי עס איז נאָר מעגלעך פאַר פּעאָקטיסט פּעדאָסײַטשעס ברענענדיקע פערד.

נאָר אין אַ האַלבער שאָ אַרום איז ער שוין געזעסן אין וואַגאָן, וואָס האָט אים געטראָגן ניט קיין ט..., ווי מע האָט געמיינט בײַ די באָרדאָ־בראַדאָווסקיס אין הויז, נאָר אין דער גרויסער שטאָט פון דער „טשערטאַ״ — צו ראַטעווען זײַן כאַווער, דעם עמעסן גריגאָרי איוואַנאָוויטש פּאָפּאָוו.

(פאָרזעצונג קומט)

פּראָפ. נ. מ. ניקאָלסקי

# דאָס אוראַלטע פֿאָלק ייִסראָעל

## 11. די ליטעראַטור בא די אוראַלטע בני־ייִסראָעל

ווען די ייִדישע שוואָטים האָבן אײַנגענומען דאָס לאַנד קנאַאַן, האָבן די אָרטיקע אײַנוווי־נער שוין געקענט לייענען און שרײַבן. אױף די ערטער, ווו ס׳זײַנען געשטאַנען די אוראַלטע פֿאַר־לעסטינישע בורגן, האָבן די איצטיקע געלערנטע געפֿונען בא די אויסגראָבונגען גרויסע זאַמלונגען פֿון ליימענע טאָוולען, פֿאַרשריבענע מיטן קסאַוו, וואָס הייסט Keilschrift. דער אינהאַלט פֿון די טאָוולען איז אַ גאַנץ פֿאַרשיידנאַרטיקער: גרעסטנטיילס זײַנען עס בריוו און באַריכטן, וועל־כע די קנאַאַנישע פֿירשטן פֿלעגן שיקן זייער הערשער, דעם פּאַרע פֿון מיצראַיִם. נאָר אױף אייניקע טאָוולען האָט מען געפֿונען גאָר אַן אַנדער אינהאַלט: מע האָט געפֿונען אייניקע טאָוולען מיט דער באַוולשער דערציילונג וועגן דעם מאַבל, מע האָט געפֿונען אַ באַוולשע דערציילונג וועגן דעם ערשטן מענטשן, אַדאַפּאַ, און וועגן דעם, וויאַזוי ער האָט, אַדאַנק זײַן נאַרישקייט און אומפֿאַר־שטענדלעכקייט פֿאַרלוירן זײַן אומשטערבלעכקייט. אָט דער אַרט שרײַבן אױף ליימענע טאָוולען מיט דעם קײַלשריפֿט איז געווען איבערגענומען בא די באַוולער: פֿאַר באַוול איז אַזאַ אַרט צו שרײַבן געווען זייער באַקוועם, וואָרט איז ניט געווען אַזאַ פּאַפּירוס, ווי אין מיצראַיִם, קיין ראָר־שטעקלעך, פֿון וועלכע מע פֿלעגט אין מיצראַיִם אויסאַרבעטן אַ שרײַב־מאַטעריאַל, — ענלעך צו אונדזער פּאַ־פּיר, נאָר דערפֿאַר איז דאָרט געווען זייער פֿיל ליים, די ליים פֿלעגט מען אויסניצן אױף ביניאָנים, פֿון אים פֿלעגט מען מאַכן ציגל אױף צו בויען די קאָלאָסאַלע קיניגלעכע פּאַלאַצן און טעמפּלען; פֿון דעם זעלבן ליים פֿלעגט מען אויך מאַכן טאָוולען צום שרײַבן, די טאָוולען זײַנען געווען גלײַכעקיקע פֿון פֿאַרשיידענער גרייס, פֿון סאַמע קליינע, גרויס ווי אַ הײַנטיקע וויזיט־קאַרטע פֿון אַ קליינעם פֿאָרמאַט, ביז גרויסע ווי אַ בויגן שרײַב־פּאַפּיר. שרײַבן אױף אַזעלכע טאָוולען האָט מען געמוזט אױף אַזאַ אויפֿן, וועלכער איז קלאָל ניט ענלעך צו דעם, ווי מע שרײַבט אױף פּאַפּירוס אָדער פּאַפּיר: מע האָט נישט באַניצט ניט קיין פֿעדער, ניט קיין טינט אָדער פֿאַרבן, נאָר מע האָט באַניצט שטעקלעך מיט עקן מיט קײַלפֿאָרמיקע צייכנס, דער שרײַבער פֿלעגט נעמען אַ פֿײַכטן, אַקאָרשט געמאַכטן טאָוול, צוערשט פֿלעגט ער דורכפֿירן אױף אים גלײַכע ליניעס, אױף אַ גלײַכן מע־האַלעך איינע פֿון דער צווייטער, און דערנאָך פֿלעגט ער נעמען די נייטיקע שטעקלעך און אויס־

פּאָרזעצונג. אָנהייב זע נום. 1—6, 1989.



אזוי האָבן געאַרבעט די שרײַבער פון יענער טקופע

קוועטשן מיט זיי קײַלפאָרמיקע צייכנס; נאָר צווישן די גאָר אַלטע באַוולשע שרײַב־צייכנס זײַנען געווען ניט נאָר קײַלצייכנס, נאָר אויך קײַלעכדיקע, אָוואַלע, האַלבקײַלעכדיקע און צייַלעמפאָרמיקע. נאָכדעם פלעגט מען די טאָוולען מיט אָנגעשריבענע צייכנס אויסטריקענען און ברענען; נאָך די דאָזיקע אָפעראַציעס פלעגט די ליים ווערן האַרט ווי שטיין, און צענדליקער טויזנטער אַזעלכע טאָוולען האָבן געקאָנט אָפליגן אין אַ מעשעך פון טויזנטער יאָרן, ביז הײַנטיקע צײַטן; פיל פון זיי האָבן זיך אַזוי גוט דערהאַלטן, פונקט ווי זיי וואָלטן ערשט געמאַכט געוואָרן.

דער באַוולשער שריפט האָט געהאַט די מײַלע, וואָס מ׳האָט געקאָנט מיט אים שרײַבן אַף פאַרשיידענע שפּראַכן; ער האָט פאַרמאָגט אַ סאַך אַזעלכע צייכנס, וועלכע באַטײַטן גאַנצע ווערטער און גאַנצע טראַפן, דעריבער איז מיט די דאָזיקע צייכנס זייער לײַכט געווען צו שרײַבן אַף יעדער שפּראַך און פאַרשטיין די אויפשריפטן, וועלכע זײַנען געמאַכט געוואָרן ערגעץ ווײַט אין דער פרעמד. אונדז וועט לײַכט זײַן צו פאַרשטיין די באַקוועמלעכקײַט פון אַזאַ מײַלע, ווען מיר וועלן זיך פאָרשטעלן, אַז די איצטערדיקע אייראָפּעיִשע פעלקער האָבן צוגעטראַכט אַזעלכע צייכנס, וועלכע באַטײַטן גאַנצע ווערטער; אויב, לעמאָשל, דעם צייכן, וואָס באַטײַט דאָס וואָרט „הויז“, וועט דערזען אַ פראַנצויז, וועט ער אים גלײַך פאַרשטיין און איבערלייענען La maison, דער דײַטש וועט איבערלייענען Das Haus, דער ענגלענדער the house אאַוו. דער צייכן איז איינער און דער זעלבער, דער באַטײַט איז אויך איינער און די זעלבער, פאַרשיידן איז מער ניט ווי די אויסשפּראַך. דאָס איז די סיבע, פאַרוואָס אַלע פעלקער האָבן אַזוי לײַכט איבערגענומען דעם קײַלשריפט: אי די אײַנוווינער פון פאַלעסטינע, אי די אַשורער, די אַראַמעיער, די מידיִער און פערסן. אַזאַ באַטײַט האָבן אויך געהאַט די צייכנס אינעם עגיפּטישן שריפט, נאָר דאָרט זײַנען געווען זייער אָריגינעלע צייכנס, וועלכע מע האָט געמוזט ניט אַנדערש, ווי מאָלן, דעריבער איז דער עגיפּטישער שריפט ניט פאַרשפּרייט געווען, און אַפילע די פאַרעס פון מיצראַיִם האָבן אין זייערע באַציִונגען מיט פרעמדע לענדער זיך באַניצט מיטן מער באַקוועמען און מער פאַרשפּרייטן קײַלשריפט.

דעם דאָזיקן קײַלשריפט האָבן איבערגענומען אויך די בנײ־יִסראָעל. קימאַט ביזן סאַמע נײַנטן יאָרהונדערט פאַר דער קריסטלעכער צײַט איז דער דאָזיקער שריפט געווען דער אייציקער שרײַב־אויפן, וועלכן מע האָט באַניצט אין פאַלעסטינע. מיט דעם שריפט פלעגט מען שרײַבן קיניגלעכע פאַראָרדענונגען, קיניגלעכע כראָניקעס, אָפּמאַכן און קאָנטראַקטן. אין געזער האָט מען געפונען צוויי קאָנטראַקטן אָנגעשריבן מיט דעם קײַלשריפט; מע דאַרף, הייסט עס, רעכענען, אַז אויך אַלע אַנדערע דאָקומענטן, וועלכע האָבן געהאַט אַ היסטאָרישע און אָפיציעלע באַדײַטונג, זײַנען געשריבן געווען אַף ליימענע טאָוולען מיט דעם קײַלשריפט. נאָר פון נײַנטן יאָרהונדערט האָט זיך דער דאָזיקער שרײַב־אויפן אין פיל צופאַלן אָנגעהויבן אַרויסצוווײַזן זיך פאַר אומבאַקוועם. די אומבאַקוועמלעכקײַט איז באַשטאַנען דערין, וואָס דער קײַלשריפט האָט געהאַט זייער פיל צייכנס, און מע האָט געמוזט אַ לאַנגע צײַט זיך לערנען, קעדיי צו באַהערשן די קענטעניש צו שרײַבן מיט דעם קײַלשריפט. יעדע שפּראַך האָט דאָך זייער פיל טראַפן און נאָך מער ווערטער; און ווי מע האָט זיך ניט באַמיט פאַשעטער צו מאַכן דעם קײַלשריפט, מאַכנדיק קלענער די צאָל פון די צייכנס, איז נאָך אַלץ פאַרבליבן זייער פיל צייכנס. נאָך אַ שוועריקײַט איז באַשטאַנען דערין, וואָס איינער און דער זעלבער צייכן האָט געהאַט אָפּטמאָל פאַרשיידענע באַטײַטן: אַמאָל פלעגט ער באַטײַטן אַ וואָרט און אַמאָל אַ טראַף. דער לייענער האָט געמוזט זײַן אַ גרויסער באָקי און זייער געניט, קעדיי גלײַך צו פאַרשטיין דעם באַטײַט פון יעדן צייכן. די דאָזיקע אומבאַקוועמלעכקײַטן האָבן די ערשטע דערפילט די פיניקיִער; ווי האַנדלס־לײַט, האָבן זיי געוווּסט, אַז צײַט איז געלט, און זיי האָבן ניט געהאַט אַזויפיל פרײַע צײַט, ווי די קויהאַנים אָדער סאָרים, וועלכע האָבן פון קיינע דרינגענדיקע עניִאָנים ביכלאַל ניט געוווּסט, וועלכע האָבן געלעבט אַף אַלעם פאַרטיקן און געהאַט די מעגלעכקײַט יאָרנלאַנג צו גריבלען זיך אין די ווערטערביכער און צייכנס פון דעם קײַלשריפט, דעריבער האָט זיך אין פיניקיִע באַוויזן אַן אַנדער אויפן אַף צו שרײַבן, דער אויפן,

וועלכן ס'האָבן בא די פיניקיער נאָכדעם איבערגענומען די גריכן און די רוימער און וועלכער האָט זיך פארשפרייט איבער דער גאנצער וועלט. די פיניקיער האָבן אָנגעהויבן צו באניצן אן אלפעבייס, דאָס הייסט, שרײַבן מיט צייכנס, וועלכע באטײַטן קלאנגען. קלאנגען האָט די שפראך ווייניק, דעריבער דארף מען אויך ווייניק צייכנס, נאָר דערפאר קאָן מען פון די דאָזיקע צייכנס צוזאמענשטעלן וואָס פאר א ווערטער מע וויל, עמעס, דער פיניקיישער שרײַב־אופן איז אויך ניט געווען אָן כעסרוינעס; אין אלעפבייס האָבן אויסגעפעלט וואָקאלן, וועלכע דער לייענער האָט שוין געמוזט אליין ארײַנשטעלן באם לייענען; כוץ דעם, האגאם מיט דעם אלעפבייס האָט מען געקאָנט שרײַבן ווערטער פון יעדער שפראך, נאָר דאָס אָנגעשריבענע האָט שוין געקאָנט פארשטיין מער ניט ווי אזא מענטש, וועלכער קען די שפראך, אף וועלכער ס'איז אָנגעשריבן, דאָך האָט זיך דער ארט שרײַבן ארויסגעוויזן פאר אזא באקוועמען, אז ער האָט זיך אײַנגיכן פארשפרייט אין גאנץ פאלעסטינע און איז ארײַנגעדרונגען אפילע אין סיריע. ס'זײַנען פארבליבן א סאך דענקמעלער, אָנגעשריבענע מיט דעם דאָזיקן שריפט. פון די ייִדישע דענקמעלער איז דער אינטערעסאנטער די אזויגערופענע אופשריפט פון שילאָאך[1] (קסיוועס האשילאָאך). די אופשריפט איז געמאכט געווען באם קוואל שילאָאך ניט ווײַט פון יערושאָלאיִם, פון דעם דאָזיקן קוואל האָט יעכעזקיאָהו דורכגעפירט וואסער קיין יערושאָלאיִם. באם אָנהייב פון דער וואסערלייטונג, אף דער וואנט פון טונעל איז געמאכט געוואָרן די דאָזיקע אופשריפט, ביזן 1880 יאָר האָט מען פון איר קיין אָנונג ניט געהאט; נאָר אין דעם יאָר האָט זי א ייִנגל צופעליק אנטדעקט בײַסן באָדן זיך. די אופשריפט איז אויסגעקריצט אף א שטיין און, צום באדויערן, זײַנען א סאך ווערטער און אויסיִעס אָפגעריבן דורכן וואסער, און אינגאנצן רעסטאווירן דעם טעקסט האָט זיך ניט אײַנגעגעבן. דאָרט איז אָנגעשריבן בערערך אָט וואָס (די ווערטער, וועלכע מע דארף צוגעבן לויטן אינהאלט, זײַנען גענומען אין קלאמערן): „א דורכגעבויערטער קאנאל, און דאָס איז געווען דער ארײַנגאנג אין קאנאל... דער ברעך־אײַזן פון אייניקע (ארבעטער איז געווען) אנטקעגן (דעם ברעך־אײַזן) פון די אנדערע, און אז ס'איז געבליבן דורכבויערן נאָך דרײַ איילן (האָט מען דערהערט), די שטים פון אײנעם, וועלכער האָט גערופן צום צווייטן, ווײַל ס'איז (דורכגעהאקט געווען א דורכגאנג) פון דאָרעם און פון צאָפן; און אינעם טאָג, (ווען ס'איז פארענדיקט געוואָרן) דאָס בויערן, האָבן די שטיינהאקער א קלאפ געטאָן איינער אנטקעגן דעם צווייטן, א ברעך־אײַזן אנטקעגן א ברעך־אײַזן; דאן האָט זיך א גאָס געטאָן דאָס וואסער פון קוואל אין א וואסער־האלטער פון 1200 איילן די ברייט. און דער פעלדן איז געווען אף 100 איילן הויך איבערן קאָפ פון די שטיינהאקערס". ווי דער לייענער קאָן זען, זײַנען די צייכנס פון דער דאָזיקער אופשריפט ניט גלײַך צו די איצטיקע פירקאנטיקע ייִדישע אויסיִעס. די לעצטע פאָרם האָט זיך אויסגעארבעט שפעטער, נאָך גאָלעס־באָוול, דורך דער מאָדיפיצירונג פונעם אוראלטן שריפט. מיט דעם זעלבן שריפט ווי די אופשריפט פון שילאָאך זײַנען געמאכט געוואָרן די אופשריפטן אף אייניקע שטעמפלען פון ייִסראָעל און יעהודע, לעמאָשל, די שטעמפלען פון יעראָוואָאם דעם צווייטנס צײַטן און אויך אנדערע. פון די נאָענטסטע שכיינים פון די בניי־ייִסראָעל האָבן מיט דעם זעלבן שריפט געשריבן די בניי־מויעוו, זייער קיניג מעשע, וועלכער האָט געלעבט אין איין צײַט מיט אכאָוון (אין דער ערשטער העלפט פון 8־טן יאָרהונדערט), האָט אף א שטיינערנער ברעט געמאכט אן אופשריפט, וועלכע האָט זיך דערהאלטן אדהײַנט און וועלכע רעכנט זיך פאר דעם אוראלטסטן דענקמאָל פון פאלעסטינישן אויסיִעס־שריפט[2]. דער אינהאלט פון דער אופשריפט איז זייער אינטערעסאנט פאר אלע, וואָס אינטערעסירן זיך מיט דער ייִדישער געשיכטע, מיר געפינען דאָרט דערציילונגען וועגן די זעלבע קיניגן, וועגן וועלכע ס'דערציילט אויך דער טאנאך: וועגן אָמרי און זײַן זון אכאָוו, וועגן דעם, ווי מעשע האָט געקעמפט מיט זיי, און זײַן גאָט קאמאָש האָט געקעמפט מיט יאהווע, דעם גאָט פון ייִסראָעל, ער האָט אָפגעדאנקט דעם גאָט קאמאָשן פאר דער הילף און האָט אים געבויט א טעמפל, און ייִסראָעל איז אף אייביק אומגעקומען (!), וועגן דעם, וויאזוי מעשע און אכאָוו האָבן געבויט איינער אנטקעגן דעם אנדערן פעסטונגען און שטעט אאוו...

מעשאס אופשריפט שטעלט מיט זיך פאָר א מוסטער פון די כראָניקעס דיוורי־האיאָמים, וועלכע ס'האָבן דאן געפירט די פאלעסטינישע סאָרים און קיניגן. יעדער פון זיי האָט געהאט זײַן געלערנטן מאזכיר, וועלכער האָט געקענט שרײַבן מיט דעם קײַלשריפט און מיט אויסיִעס; אָט דער מאזכיר פלעגט שרײַבן די בריוו און פלעגט פירן די כראָניקעס פון די מײַסים פונעם קיניג, וועלכן ער האָט געדינט; וועגן אזעלכע כראָניקעס רעדט שטענדיק דער סייפער „מעלאָכים" פון טאנאך, נאָר, צום באדויערן, ווערן דאָרט זייער זעלטן געבראכט פראגמענטן פון די דאָזיקע כראָניקעס. אָנשטאָט דעם, ווערט פאָשעט געזאָגט: און דאָס איבעריקע, וואָס דער און דער קיניג

---

1 געפינט זיך אין מוזיי פון קאָנסטאנטינאָפאָל.
2 געפינט זיך אין פאריזש, אין לוווּר.

האָט אופגעטאָן, איז פאַרשריבן אין די כראָניקעס פון יעהודע אָדער יִסראָעל. די מעכאַברים פון „מעלאָכים" האָבן שטענדיק געהאַט פאַר זייערע אויגן די דאָזיקע כראָניקעס און געקענט זיי אויסניצן, און מיר איצטער קאָנען מער ניט ווי מאַכן האַשאָרעס וועגן זייער פאָרם און אינהאַלט. די מײַסע וועגן די גוווּרעס פון קיניג האָבן זיך אַוואַדע אָנגעהויבן אַף אַזאַ אויפן, ווי ס'הייבט זיך מיט שטאָלץ אָן די גדאָלעסדיקע מעשאַס אופשריפט: איך, מעשאַ דער זון פון קמושעגעד, דער קיניג פון מויעוו, פון דיוואָן. מײַן פאָטער האָט געקיניגט איבער מויעוו דרײַסיק יאָר, און איך האָב געקיניגט נאָך מײַן פאָטער און האָב געבויט דעם דאָזיקן טעמפּל פאַר קאַמאָש אין קאַרכאַ, אַ טעמפּל פאַר דער הילף אַזוי. אַזעלכע קיניגלעכע כראָניקעס האָט מען מיסטאַמע געשריבן ניט אַף שטיינערנע אָדער ליימענע טאָװלען, נאָר גיכער פאַר אַלץ אַף פּאַפּירוס, וועלכן מע פלעגט ברענגען צו פירן פון מיצראַיִם, זינט ס'האָט זיך אַנטוויקלט דער האַנדל אין פּאַלעסטינע. וואָלטן זיי געווען פאַרשריבן אַף שטיין אָדער ליים, וואָלטן וואָסערע־ניט־איז פראַגמענטן פון זיי זיך דערהאַלטן ביז אונדזערע טעג; נאָר אויב זיי זײַנען געווען אָנגעשריבן אַף פּאַפּירוס, זײַנען זיי מיסטאַמע פאַרברענט געוואָרן באַם כורבן פון שאָמרוין און יערושאָלאַיִם, ווען די אַשורער און באָוולער האָבן אײַנגענומען די דאָזיקע שטעט. ס'קאָן זײַן, אַז זיי זײַנען ניט פאַרפאַלן געגאַנגען באַם אײַנעמען די שטעט, נאָר זײַנען שפּעטער אין גאָלעס פאַרניכטעט געוואָרן פון די קויהאַנים, וועלכע האָבן צונויפגעשטעלט די ספאָרים „שמועל" און „מעלאָכים". ווען די ספאָרים זײַנען געווען צונויפגעשטעלט, האָבן זייערע מעכאַברים געקאָנט מיינען, אַז די כראָניקעס זײַנען שוין מער ניט נייטיק און זיי האָבן אופגעהערט צו זאָרגן וועגן זיי, און פאַרן לייענער איז דאָך פיל באַקוועמער און אָנגענעמער געווען צו לייענען גאַנצע ליטעראַטור־ווערק, איידער איינצלנע כראָניקעס.

דעם קײַלשריפט האָט מען באַניצט אין די אָפיציעלע דאָקומענטן; אים האָבן גוט געקענט די קיניגלעכע סאָפרים און עפשער אויך די קויהאַנים, וועלכע האָבן אָפּט צוזאַמענגעשטעלט די געזעצן, נאָר די סאָפרים, וועלכע האָבן צונויפגעשטעלט די ערשטע ליטעראַטור־ווערק, האָבן זיך באַניצט מיט איויִעס־שריפט, האַגאַם זיי האָבן, ווי געבילדעטע מענטשן פון זייער צײַט, אַוואַדע אויך געקענט לייענען דעם קײַלשריפט און גוט באַקאַנט געווען מיט דעם אינהאַלט פון די באָוולשע לעגענדעס און מעסוירעס. ווער זײַנען געווען די ערשטע סאָפרים, ווייסן מיר ניט; מיר ווייסן נאָר, וועלכע ביכער זיי האָבן אָנגעשריבן. דאָס זײַנען „דער בוך פון די מילכאָמעס פון יאַהווע" (סייפער מילכאָמעס יאַהווע) און „דער בוך פון דעם גערעכטיקן" (סייפער האַיוישער). אין די דאָזיקע ביכער זײַנען געזאַמלט די לעגענדעס וועגן די אוראַלטע יִדישע גיבוירים און העלדן. די דאָזיקע לעגענדעס פלעגן געשאַפן ווערן פון די פאָלקסמאַסן גופע, אַזוי ווי ס'זײַנען געשאַפן געוואָרן די לעגענדעס וועגן איליאַ מוראָמעץ און אַנדערע העלדן אָדער די גריכישע לעגענדעס וועגן די העלדן פונעם טראָיאַנישן קריג און וועגן די פּאַסירונגען פון אָדיסײ. אַ גרויסער שאָדן, וואָס די דאָזיקע ביכער זײַנען ניט דערגאַנגען צו אונדז; פון די פראַגמענטן זייערע, וועלכע געפינען זיך אין פאַרשיידענע ספאָרים פון טאַנאַך, קאָן מען זען, אַז לויט דער רײַכקײַט פון די פּאַסירונגען און לויט זייער פּאָעטישן גײַסט שטייען זיי ניט נידעריקער פאַר די רוסישע און גריכישע לעגענדעס. דאָס ערשטע אָרט, דאַרף מען מיינען, פאַרנעמען די לעגענדעס וועגן די ערשטע אַנטדעקער פונעם קופּערנעם און אײַזערנעם געווער. דאָס זײַנען געווען מעכטיקע העלדן, די אָפּשטאַמער פון קאַיִנען. קאַיִן האָט זיך דער ערשטער אויסגעבויט אַ שלאָס, און זײַנע קינדס־קינדער האָבן די ערשטע אַנטדעקט דאָס, וואָס איז אַזוי טײַער און ליב געווען דעם האַרץ פון דעם יִדישן פּירשט און קריגסמאַן. יוּוואַל האָט געשאַפן די מוזיקאַלישע אינסטרומענטן, די ציטרע און דעם פײַפיאַל, און איז געווען דער שטאַמפאָטער פון אַלע מוזיקאַנטן, וועמענס שפּיל ס'האָבן אַזוי ליב געהאַט צו הערן די יִדישע קיניגן און פּירשטן; טוּוואַל־קאַיִן האָט געפונען די קונסט צו שמידן שווערדן און אַנדער געווער פון קופּער און איז געווען דער שטאַמפאָטער פון אַלע שמידן און געווער־מאַכערס; און נאָך איינער פון קאַיִנס אָפּשטאַמער, לעמעך, האָט דער ערשטער אָנגעהויבן מיט געווער אין די הענט פאַרטיידיקן זיך און זײַן קאָוועד און האָט דער ערשטער אײַנגעפירט דעם מינהעג פון בלוטיקער נעקאָמע, צוליב וועלכן ס'איז געפירט געוואָרן אין די אוראַלטע צײַטן אַזויפיל בלוטיקע מילכאָמעס. די יִדישע פּירשטן האָבן ליב געהאַט איבערצוכאַזערן זײַן ליד, וואָס איז פאַרשריבן אין כומעש:

אָדע און צילע, הערט אויס מײַנע רייד,
איר, פרויען פון לעמעך, פאַרנעמט מײַן וואָרט:
אַ דערוואַקסענעם טייט איך פאַר אַ וווּנד
און אַ קינד פאַר אַ שראַם!
זיבן מאָל ווערט געקומען נעקאָמע פאַר קאַיִנען
און זיבן און זיבעציק מאָל פאַר לעמעכן.



א סטעלע פון בײת־שעאן. XIV יה. פאר אונדזער ערע

דערנאָך זײַנען געגאַנגען לעגענדעס וועגן די העלדן־גיבוירים, אונטער וועמענס אָנפירונג די בנײ־יִסראָעל האָבן אײַנגענומען דאָס לאַנד קנאַאן. יעדער שייוועט האָט געהאַט זײַנע גיבוירים און זײַנע לעגענדעס, נאָר לויט אַלע לעגענדעס איז דער אָנפירער און דער העלפער פון אַלע גיבוירים אײנער און דער זעלבער גאָט יאַהווע. די גיבוירים קעמפן מיט די קנאַאַנישע פירשטן, די שלאַכטן צווישן די בנײ־יִסראָעל און די קנאַאַנים קומען פאָר אױף דער ערד. אין דער זעלבער צײַט פירט דער ייִדישער גאָט יאַהווע מילכאָמע מיט די קנאַאַנישע געטער. און די שלאַכטן פון די געטער קומען פאָר אױפן הימל. איר געדענקט ווי עס שטײט געשריבן אין דווירעס שיר:

גע‌קומען זײַנען מעלאָכים מילכאָמע געהאַלטן,
דאַמאָלסט געשלאָגן האָבן זיך די מעלאָכים
פון קנאַאן —
אין רויב, אָבער, זילבער האָבן זײ ניט
באַקומען!
פון הימל געשלאָגן האָבן זיך די שטערן,
פון זײערע שטעגן געשלאָגן זיך מיט סיסראַן.

אין דעם סײפער זײַנען געוועזן לעגענדעס וועגן יעשוע, דעם זון פון נון, דעם ערשטן אָנפירער פון די ייִדן באַם אײַנעמען דאָס לאַנד קנאַאן, ס'זײַנען געוועזן לידער וועגן דווירען, גידעאָנען, ייִפטאַכן. נאָך די לעגענדעס וועגן די גיבוירים און שאָפטים זײַנען געוועזן לידער וועגן די ערשטע קיניגן. די לעגענדעס האָבן געשילדערט די גווורעס פון שויעלן און דערנאָך די רויבערישע און קריגערישע גווורעס פון דאָווידן. דער „סײפער־האַיוישער" האָט זיך מיסטאָמע פאַרענדיקט מיט דאָווידס ליד אױפן טויט פון שויעלן און יאָנאַטאַנען, וועלכע איז שוין אויך באַקאַנט די לײענער. דער „סײפער מילכאָמעס יאַהווע" איז, אַפּאָנעם, צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן אין די קיניגלעכע קרײַזן. די קיניגן און סאָרים האָט פאַרשאַפט פאַרגעניגן צו זאַמלען די לידער וועגן די גווורעס פון זײערע אורעלטערן און נאָך מער פאַרגעניגן האָבן זײ געהאַט פון אויסהערן, ווי מע זינגט די לעגענדעס אונטערן אַקאָמפּאַנעמענט פון א האַרפע. פאַר שויעלן איז דאָווידס זינגען און שפּילן געוועזן דאָס בעסטע מיטל פון דער גײַסטיקער קראַנקהײַט, וועלכע האָט אים געפּײַניקט. דער „סײפער האַיוישער" האָט אַוודע געהאַט דעם זעלבן אינהאַלט, נאָר אונטער אַן אַנדער נאָמען, און עפּשער האָט ער זיך א ביסל אָפּגעשײדט לויט זײַן צוזאַמענשטעלונג; די אַלע ציטאַטן, וועלכע ווערן געבראַכט אין טאַנאַך פון „סײפער האַיוישער", זײַנען לעכאָלהאָפּאָכעס אויך אַזוי קריגעריש לויט זײער אינהאַלט, ווי די ציטאַטן פון „סײפער מילכאָמעס יאַהווע".

אויסער די לעגענדעס, האָבן די קיניגן פון דאָווידס הויז זיך באַמיט צו זאַמלען, אױף וויפל ס'איז נאָר געווען מעגלעך, אַלע פאָלקס־דערציילונגען וועגן די קיניגן פון דאָווידס הויז, וועגן דאָווידן גופע און וועגן שלוימען. אַזעלכע פאָלקס־דערציילונגען זײַנען געווען זײער א סאַך, און פיל פון זײ זײַנען טכילעס אויך מיסטאָמע געווען פאָלקסלידער. פון די אַלע דערציילונגען זײַנען אין ירושאָלאַיִם צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן דרײַ גרויסע ביכער. אין דעם ערשטן בוך ווערט דערציילט די געשיכטע פון דאָווידן ביז ער איז אויסגעקליבן געוואָרן פאַר א קיניג, דער צווייטער בוך דערציילט וועגן דעם, ווי־אַזוי דאָוויד האָט געקיניגט, און דער דריטער בוך שילדערט די צײַט פון שלוימעס מעלוכע, דערציילט וועגן זײַנע ביניאָנים, זײַן גדוילע און זײַן אויסערגעוויינלעכער כאָכמע. וועגן דעם אינהאַלט פון די דאָזיקע דרײַ ביכער ווייסן מיר א סאַך מער, ווי וועגן דעם אינהאַלט פון „סײפער מילכאָמעס יאַהווע" און דעם „סײפער האַיוישער", ווײַל די מעכאַברים פון די ספאָרים „שמועל" און „מעלאָכים" האָבן איבערגעשריבן פון די דאָזיקע ביכער גאַנצע שטיקער. אין יענע צײַטן האָט מען צוזאַמענגעשטעלט די ביכער ניט אַזוי ווי אין הײַנטיקע צײַטן; מע האָט גאָר ניט געהאַלטן פאַר קײן ביזאָיען בוכשטעבלעך איבערצושרײַבן אַלטע ביכער, אַרײַנטראָגנדיק נאָר קלײנע ענדערונגען און הויסאָפעס; אַזוי פלעגן אויך טאָן אין די אוראַלטע צײַטן אַפילע די באַרימטסטע גריכישע און רוימישע שרײַבער, לעמאָשל, די היסטאָריקער טיט ליווי און דיאָניסי פון האַליקאַרנאַס.

אַדאַנק דעם האָבן די מאָדערנע געלערנטע געהאַט די מעגלעכקייט צו צעגלידערן די היסטאָרישע ספֿאָרים פֿון טאַנאַך.

ווען ס'זײַנען צונויפֿגעזאַמלט געוואָרן די לעגענדעס און פֿאָלקס־דערציילונגען, האָבן זיך די געבילדעטע מענטשן אין יעהודע און עפֿראַיִם פֿאַרטראַכט וועגן אַט דער פֿראַגע: און וואָס איז געשען מיט דעם פֿאָלק, איידער עס האָט זיך באַזעצט אין לאַנד קנאַאַן, פֿונוואַנען שטאַמט עס, ווער זײַנען זײַנע שטאַמפֿאָטערס, וואָס האָט עס איבערגעלעבט און וויאַזוי האָט עס אויסגעקליבן דאָס לאַנד קנאַאַן פֿאַר זײַן וווינאָרט? ענטפֿערן אויף די פֿראַגן איז געווען אַ גאַנץ שווערע זאַך, ווײַל בײַ די ייִדישע שוואָטים, ווי אויך בײַ איטלעכן פֿאָלק, איז פֿאַרבליבן זייער ווייניק זיכרוינעס פֿון זייער לעבן אין די אוראַלטע צײַטן. דאָס, וואָס ס'איז געלונגען צו זאַמלען, איז זייער ווינציק געווען, און קיין געשיכטע מיט אַ סיידער קאָן מען דערפֿון ניט מאַכן. וואָס פֿאַרט טוט מען? די ייִדישע שרײַבער האָבן געטאָן דאָס זעלבע, וואָס ס'פֿלעגן טאָן די שרײַבער פֿון אַנדערע פֿעלקער, ווען זיי פֿלעגן דאַרפֿן שרײַבן די געשיכטע פֿון אַזעלכע צײַטן, פֿון וועלכע זיי האָבן ווייניק־וואָס געוווּסט. דאָס, וועגן וואָס מע ווייסט ניט, קאָן מען דאָך מעמיילע זײַן מיט אייגענע אײַנפֿאַלן און האַשאָרעס און עפּעס קאָן מען דאָך אויך נעמען פֿון די באַווּלשע און עגיפּטישע לעגענדעס, און אויף אַזאַ אויפֿן איז צום סאָף פֿון אַכטן אָדער אָנהייב פֿון זיבעטן יאָרהונדערט שוין בײַ ייִסראָעל געווען צוויי ביכער, וועלכע האָבן דערציילט, וויאַזוי און פֿונוואַנען האָט זיך גענומען דאָס ייִדישע פֿאָלק, וועגן די ערשטע צײַטן פֿון זײַן לעבן, איידער עס האָט זיך באַזעצט אין קנאַאַן. איין בוך איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן אין דאָרעם־פּאַלעסטינע, אין יערושאָלאַיִם, דער צווייטער בוך אין צאָפֿן־פּאַלעסטינע, אין עפֿראַיִם. די ביכער זײַנען צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן פֿון די קויהאַנים; די מעכאַברים האָבן זיך באַמיט צו דערווײַזן, אַז דער גוירל פֿון ייִסראָעל איז נאָך פֿון לאַנג אָן באַשטימט געווען דורכן ראַצוין פֿון גאָט. אין כומעש געפֿינען מיר אַ סאַך פֿראַגמענטן פֿון דעם בוך, וואָס איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן אין יעהודע, און פֿיל ווייניקער פֿראַגמענטן פֿון דעם, וואָס איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן אין עפֿראַיִם; דעריבער קאָן מען פֿעסטשטעלן קימאַט דעם גאַנצן אינהאַלט פֿון דעם בוך פֿון יעהודע.

דער מעכאַבער פֿונעם יעהודישן בוך וועגן דער אָפּשטאַמונג פֿון די בנייִ־ייִסראָעל איז געווען אַן איבערגעגעבענער אָנהענגער פֿון יאַהווע, און ער האָט, אַזוי ווי די נעוויִים, געהאַלטן, אַז יאַהווע האָט באַשאַפֿן די ערד און דעם הימל; די הײַנטיקע געלערנטע רופֿן אים דעריבער אָן „יאַהוועסט". זײַן בוך האָט ער אָנגעהויבן מיט דער מײַסע, וויאַזוי גאָט האָט באַשאַפֿן דעם הימל, די ערד און דעם מענטשן, ווי ער האָט באַזעצט דעם מענטשן אין אַ וווּנדערבאַרן גאָרטן, און ווי דער מענטש האָט געזינדיקט קעגן יאַהווע און, זײַענדיק אָנגערעדט פֿון דער שלאַנג, האָט ער פֿאַרזוכט פֿון דער פֿאַרבאָטענער פּרוכט פֿון די אייץ־האַדאַאַס. דערפֿאַר האָט יאַהווע פֿאַרטריבן דעם ערשטן מענטשן, אָדאָמען, מיט זײַן פֿרוי כאַווע פֿון דעם וווּנדערבאַרן גאָרטן, האָט אָפּגענומען בײַ זיי די אומשטערבלעכקייט און זיי האָבן אין שווייס געמוזט באַאַרבעטן די ערד. דערפֿאַר, וואָס די מענטשן האָבן ווײַטער געזינדיקט, האָט יאַהווע אָנגעשיקט אויף זיי אַ מאַבל; געראַטעוועט זיך פֿון דעם מאַבל האָט נאָר דער פֿרומער נויעך מיט זײַנע דרײַ זין, סים, כאַם און יאַפֿעט; און זיי זײַנען געוואָרן די שטאַמפֿאָטערס פֿון אַלע פֿעלקער פֿון דער ערד. אַלע מענטשן האָבן טכילעס גערעדט אויף איין שפּראַך, נאָר דערפֿאַר, וואָס זיי האָבן געוואָלט בויען אַ טורעם ביזן הימל די הייך און אַראָפּוואַרפֿן די געטער פֿון די הימלען, האָט יאַהווע צעמישט זייערע לעשוינעס, זיי האָבן אויפֿגעהערט צו פֿאַרשטיין איינער דעם צווייטן און זײַנען זיך פֿאַנאַנדערגעגאַנגען אין פֿאַרשיידענע לענדער. די אָפּשטאַמער פֿון סים האָבן פֿאַרנומען פּאַלעסטינע, סיריע און מעסאָפּאָטאַמיע; הייסט עס, אַז אַלע פֿעלקער, וואָס לעבן אין די דאָזיקע לענדער, זײַנען קרויווים איינער מיט דעם צווייטן. אָט אַזוי שטעלט זיך פֿאָר דער יאַהוועיִסט די אוראַלטע געשיכטע פֿון דער מענטשהייט. ער האָט צונויפֿגעשטעלט זײַן געשיכטע דערהויפּט לויט די באַווּלשע לעגענדעס. צום בײַשפּיל, די באַווּלשע מײַסע וועגן דעם מאַבל האָט ער מער ניט ווי פֿאַרקירצט און איבערגעביטן די נעמען, די דערציילונג וועגן בויען דעם טורעם פֿון באָוול האָט ער איבערגעכאַזערט קימאַט בוכשטעבלעך און די ייִדישע לעגענדעס וועגן דעם וווּנדערבאַרן פֿאָטערלאַנד פֿון די מענטשן האָט ער פֿאַרפּוצט מיט פֿאַרשיידענע באַווּלשע מאָטיוון. עפּעס האָט ער אויך אַרויסגענומען פֿון דעם „סייפֿער מילכאָמעס יאַהווע", צום בײַשפּיל, די מײַסע מיט קאַיִנען און זײַנע אָפּשטאַמער.

נאָך דער אוראַלטער געשיכטע פֿון דער מענטשהייט, גייט דער יאַהוועיִסט איבער צו דער געשיכטע פֿון דעם ייִדישן פֿאָלק און פֿון זײַנע ערשטע אָוועס. ער זאָגט, אַז ייִסראָעל און די קלײנע און קרויווישע פֿעלקער, מויעוו, אַמוין, עדאָם, האָבן געהאַט אַן אַלגעמיינעם שטאַמפֿאָטער טערעך, אווראָמס פֿאָטער, — און דעריבער זײַנען די אַלע פֿעלקער קרויווים איינער מיטן אַנדערן. דאָס לאַנד קנאַאַן איז געווען דאָס אָנפֿאַנגלעך וווינאָרט פֿון אווראָמען, אים האָט גאָט אַליין אָנגעוויזן דאָס דאָזיקע לאַנד. אווראָם, זײַן זון ייִצכאָק און זײַן אייניקל יאַנקעוו אָדער ייִסראָעל

האָבן נאָך פון אוראַלטע צײַטן געוואַנדערט איבער קנאַאַן. אין פאַרשיידענע ערטער, ווו זיי פלעגן זיך אָפּשטעלן רוען, פלעגט זיך פאַר זיי אַנטפּלעקן יאַהווע; אַף די דאָזיקע ערטער פלעגן די אָוועס בויען מיזבייכעס און די ערטער פלעגן פאַרהייליקט ווערן — אַף אַזאַ אויפן דערקלערט דער יאַהוועיִסט, פונוואַנען עס נעמען זיך די אוראַלטע הייליקײַטן פון ייִסראָעל. יאַנקעוו־ייִסראָעל איז געווען דער שטאַמפּאָטער פון אַלע ייִדישע שוואָטים, ער האָט געהאַט צוועלף זין, וועלכע דער יאַהוועיִסט האָט אָנגערופן מיט די נעמען פון די ייִדישע שוואָטים: רעווען, גאַד, שימען, יעהודע, בינימין אאַזוו., ווו יעדער זון איז געווען דער שטאַמפּאָטער פון אַ געהעריקן שייוועט. נאָר וויאַזוי איז עס געשען, אַז די בניי־ייִסראָעל האָבן געמוזט אײַנעמען דאָס לאַנד קנאַאַן, אויב אין דעם לאַנד האָבן נאָך פון אוראַלטע צײַטן געלעבט זייערע אָוועס? דאָ האָט זיך דער יאַהוועיִסט דערמאָנט, אַז ס'איז געווען עפּעס אַן אומקלאָרע לעגענדע וועגן דעם, אַז די בניי־ייִסראָעל פלעגן באַם וואַנדערן אַרײַנקומען אין מיצראַיִם. מיצראַיִם איז געווען באַרימט מיט זײַן וווּנדערבאַרער פּרוכטבאַרקײַט, און פּאַלעסטינע איז געווען אַן אָרעם לאַנד און דאָרט פלעגן אָפט זיך טרעפן אומגערעטענישן, און דער יאַהוועיִסט האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז די מײַסע איז אַוודע פאַרגעקומען אַזוי: אין קנאַאַן איז געווען אַ הונגער, און יאַנקעוו מיט זײַן הויזגעזינד האָט צײַטווײַליק איבערגעוואַנדערט קיין מיצראַיִם, און דאָרט האָבן די פּאַרעס פון מיצראַיִם זיי געפּײַניקט מיט שווערער אַרבעט; יאַהווע האָט דערהערט דאָס קרעכצן פון די בניי־ייִסראָעל און האָט זיי געשיקט אַן אויסלייזער, דעם נאָווי מוישע. ביז דער צײַט האָט דער יאַהוועיִסט געקאָנט שעפּן גענוג מאַטעריאַל פון פאַרשיידענע פאָלקס־גלויבונגען און לעגענדעס, נאָר וועגן מוישען, וועלכער האָט אויסגעלייזט די בניי־ייִסראָעל פון מיצראַיִם, איז זייער ווייניק באַוווּסט געווען; מע האָט מער ניט ווי דערציילט, אַז אין די גאָר אוראַלטע צײַטן איז געווען אַזאַ כאָכעם און נאָווי; קעדיי צו דערציילן געני פון מוישעס לעבן, האָט דער יאַהוועיִסט אויסגעניצט די וווּנדערבאַרע מײַסעס וועגן דעם עגיפּטישן גאָט אָזיריס. פּונקט ווי דעם גאָט אָזיריס האָט געוואָלט טייטן זײַן סוינע, דעם גאָט סעט, אַזוי האָט אויך מוישען, ווען ער איז נאָך געווען אַ זויגקינד, געוואָלט טייטן זײַן סוינע, דער פּאַרע פון מיצראַיִם; פּונקט ווי סעט, מיינענדיק, אַז ער האָט געהאַרגעט אָזיריסן, האָט אײַנגעבאַלזאַמירט זײַן קערפּער, אַרײַנגעלייגט אין אַ קאַסטן און האָט אים אַרײַנגעוואָרפן אין טײַך נילוס, אַזוי האָט אויך מוישעס מוטער, וועלכע האָט מוירע געהאַט פאַר פּאַרעס רעדיפעס, געמוזט אַרײַנלייגן דעם אָקאָרשט געבוירענעם מוישען אין אַ קערבל, פאַרגיסן מיט פּעך און אַספאַלט און אַרײַנוואַרפן אין נילוס; אָזיריסן, אַפּצולאָכעס סעטן, האָט געפונען די געטין איזידאַ, האָט אים אַרויסגענומען פון קייווער, געמאַכט אים ווידער לעבעדיק און כאַסענע געהאַט מיט אים; מוישען, אַפּצולאָכעס פּאַרען, האָט געפונען זײַן אייגענע טאָכטער, געראַטעוועט דאָס קינד פון אומפאַרמײַדלעכן טויט, עס גענומען צו זיך אין פּאַלאַץ און אויסגעלערנט אַלע מיצרישע כאָכמעס. אַזוי איז מוישע אויסגעוואַקסן; און ווען יאַהווע האָט, באַווײַזנדיק זיך צו מוישען אין אַ ברענענדיקן דאָרן, אים גערופן אויסצולייזן דאָס פאָלק ייִסראָעל, האָט מוישע אָנגעשיקט אַף מיצראַיִם אומגעהערטע ביז אַהער מאַקעס דערפאַר, וואָס פּאַרע האָט ניט געוואָלט אַרויסלאָזן די בניי־ייִסראָעל. ער האָט פאַרוואַנדלט דאָס וואַסער פון נילוס אין בלוט, אָנגעשיקט פרעש, וועלכע האָבן אויפגעגעסן דאָס גאַנצע גראָז און האָבן אָנגעפילט די הײַזער פון די מיצרים, דערנאָך האָט ער אָנגעשיקט קינים (אינזעקטן), אַ פּעסט אַף פי, דערנאָך אַ האָגל, אַ היישעריק. דאָס זײַנען אַלץ ניט קיין אויסגעטראַכטע מאַקעס: מיצראַיִם האָט שטענדיק געליטן פון אַזעלכע אומגליקן. נאָר פּאַרע האָט אַלץ ניט געוואָלט נאָכגעבן; ערשט דאַן, ווען ס'איז אָנגעקומען די זיבעטע (צענטע?) מאַקע, ווען גאָט האָט אַרויסגעשיקט איבער מיצראַיִם דעם גײַסט פון אַ מאַגייפע, וועלכער פלעגט טייטן אַלע באָכערים אין מיצראַיִם, ערשט דאַן האָט זיך פּאַרע דערשראָקן און האָט אַרויסגעלאָזן די בניי־ייִסראָעל. פערציק יאָר האָבן זיי געוואַנדערט איבערן מידבער צווישן מיצראַיִם און פּאַלעסטינע אונטער דער אָנפירונג פון מוישען; באַם באַרג סינײַ זײַנען זיי אַ לאַנגע צײַט געשטאַנען. אַף דעם דאָזיקן באַרג, דעם אוראַלטן וווינאָרט פון יאַהווע, איז מוישע אַרויף און האָט באַקומען פון יאַהווע די אַסערעס האַדיברעס, וועלכע יאַהווע האָט אַליין אויסגעקריצט אַף צוויי שטיינערנע לוכעס און דעם בוך פונעם בונד (סייפער האַבריס). נאָך פערציק יאָר וואַנדערן איז מוישע געשטאָרבן, אַף זײַן אָרט האָט יאַהווע באַשטימט יעשוע, דעם זון פון נון, און אונטער זײַן אָנפירונג האָבן די בניי־ייִסראָעל אָנגעהויבן אײַנעמען דאָס לאַנד קנאַאַן. מיט דער דערציילונג וועגן יעשוע דעם זון פון נון ענדיקט זיך דער בוך פון דעם יאַהוועיִסט.

דער אינהאַלט פון דעם בוך, וואָס איז צונויפגעשטעלט געוואָרן אין עפראַיִם, איז אונדז ניט אַזוי באַקאַנט, ווײַל דער כומעש האָט פון אים גאָר ווייניק דערציילונגען גענומען, דאָרט ווערט דערציילט בעערעך דאָס זעלבע, וואָס אין דעם בוך פון דעם יאַהוועיִסט, נאָר דער מעכאַבער ענדערט פיל אַף זײַן שטייגער. אַ באַזונדערע אויפמערקזאַמקײַט ווענדט ער אַף דער געשיכטע פון עפראַיִמס אָפּשטאַמונג. עפראַיִם און מענאַשע, ווערט דערציילט אין דעם דאָזיקן בוך, זײַנען גע־

ווען זין פֿון יוסף דעם שיינעם, יאַנקעוווס זון; יוסעפֿס ברידער האָבן אים ניט ליב געהאַט דערפֿאַר, וואָס ער איז געווען באַליבט פֿון גאָט און האָט געזען נעווייִשע כאַלוימעס. ער האָט געזען אין כאַלעם, אַז די זון, די לעוואָנע און די שטערן, דאָס הייסט, זײַן פֿאָטער, מוטער און ברידער, בוקן זיך צו אים: און דער כאַלעם האָט באַטײַט, אַז יוסף וועט זײַן דער ערשטער בא ייִסראָעל. די ברידער האָבן אים פֿון קינע פֿאַרקויפֿט פֿאַר א קנעכט קיין מיצראַיִם, נאָר אַדאַנק דעם, וואָס ער האָט געקאָנט פֿאַרשטיין א כאַלעם און אים פּויסער צו זײַן, איז ער אין מיצראַיִם דערהויבן געוואָרן: ער האָט פּויסער כאַלעם געווען פּאַרען זײַנע פֿאַרבאָרגענע כאַלוימעס, וועלכע ס'האָבן ניט געקאָנט דערקלערן די כאַכאָמים פֿון מיצראַיִם, דערמיט האָט ער מאַציל געווען מיצראַיִם פֿון א הונגער און האָט באַקומען פֿון פּאַרען גרויסע מאַטאָנעס און איז אויִלע לעגדוילע געוואָרן אין פּאַרעס הויף. זײַן פֿאָטער און ברידער האָבן זיך געמוזט בוקן צו יוסעפֿן, ווען געיאָגטע פֿון הונגער זײַנען זיי געקומען קיין מיצראַיִם און געבעטן דאָרט ברויט. מיט אַזעלכע דערציילונגען האָבן זיך די בניי־עפֿראַיִם, וועלכע האָבן געפֿילט, אַז זיי שטייען העכער פֿאַר די אָרעמע און אומאַנטוויקלטע בניי־יעהודע, באַמיט צו דערווײַזן זייער ייִכעס און זייער רעכט צו פֿאַרנעמען דאָס ערשטע אָרט בא ייִסראָעל. נאָר אויך דער מעכאַבער פֿון דער מײַסע מיט יוסעפֿן האָט זיך ניט געקאָנט באַגיין אָן דעם, ער זאָל עפּעס ניט נעמען פֿון דער עגיפּטישער ליטעראַטור. קעדיי צוזאַמענצושטעלן זײַן מײַסע מיט יוסעפֿס פּאַסירונגען אין מיצראַיִם, האָט ער אויסגעניצט דעם אינטערעסאַנטן עגיפּטישן ראָמאַן וועגן דעם העלד־האַלבגאָט באַט.

אָט אַזעלכע זײַנען געווען די פּאָעטישע און די דערציילערישע ליטעראַטור בא די אוראַלטע בניי־ייִסראָעל; אָט די גאַנצע ליטעראַטור קאָן מען אָנרופֿן וועלטלעכע; נאָר כוץ דעם, איז נאָך געווען א רעליגיִעזע ליטעראַטור. מיט אייניקע ווערק פֿון דער רעליגיִעזער ליטעראַטור זײַנען מיר שוין באַקאַנט: דאָס זײַנען די ספֿאָרים פֿון די נעוויִים און די מײַסעס וועגן זיי, נאָר אויסער דער ליטעראַטור פֿון די נעוויִים, איז געווען נאָך א ליטעראַטור פֿון די קויהאַנים. די קויהאַנים פֿון בייס־האַמיקדעש פֿלעגן פֿאַרפֿאַסן מיזמוירים און טפֿילעס צו יאַהווע; איצטער טראָגן די מיזמוירים און טפֿילעס דעם נאָמען פּסאַלמען (קאַפּיטלעך טילים). זאַמלען די פּסאַלמען אין איין סייפֿער, וואָס הייסט איצט „טילים", האָט מען אָנגעהויבן ערשט נאָך דעם, ווי מע האָט זיך צוריקגעקערט פֿון גאָלעס־באָוול; דעמלט אָבער זײַנען מער אָנגעגאַנגען מיזמוירים, און דעריבער האָט זיך ביז אונדזערע טעג דערהאַלטן גאַנץ ווייניק אַלטע מיזמוירים;[1] ס'האָט זיך דערהאַלטן, לעמאָשל, דער מיזמער, וועלכער איז צוזאַמענגעשטעלט געוואָרן לעקאָווד דעם, וואָס יערושאָלאַיִם איז אין 701־טן יאָר ניצל געוואָרן פֿון סאַנכעריווס כאַיאָלעס. „לאָז זיך פֿרייען דער באַרג ציִאָן, און לאָזן זיך פֿרייען די טעכטער פֿון יעהודע צוליב דעם מישפּעט פֿון יאַהווע, רינגלט אַרום ציִאָן, ציילט זײַנע טורעמס, קוקט אױף זײַנע מויערן, גייט זיך דורך איבער זײַנע פּאַלאַצן — איר וועט דערציילן דעם צוקינפֿטיקן דאָר, אַז אונדז האָט געהאָלפֿן יאַהווע, אונדזער גאָט! אייביק וועט ער זײַן אונדזער פֿירער!" (טילים, קאַפּ. 48). ס'איז פֿאַרבליבן א מיזמער, פֿאַרפֿאַסט לעקאָווד דער כאַסענע פֿון עפּעס א קיניג — דאָס איז דאָס קאַפּיטל 48", — און נאָך אייניקע. אָט די אַלע ספֿאָרים, סײַ רעליגיִעזע, סײַ וועלטלעכע, זײַנען געווען אָנגעשריבן אױף לאַנגע בלעטער פּאַפּירוס: די בלעטער פֿלעגט מען אָנוויקלען אױף צוויי וואַלצן און באַם לייענען פֿלעגט מען אָפּוויקלען פֿון איין וואַלץ אױף דעם צווייטן. דעריבער האָבן די ביכער געהייסן מעגילעס.

די אַלע ליטעראַרישע ווערק דריקן אויס די פּאָעטישע גערונישקײַט פֿון דעם אוראַלטן פֿאָלק ייִסראָעל אין איר גאַנצער שײַנקײַט. האַגאַם מיר קאָנען איצט באַקאַנט ווערן נאָר מיט פֿראַגמענטן פֿון די דאָזיקע ווערק, און דאָס אויך פֿאַרדאָרבענע און פֿאַרדרייטע דורך די מעכאַברים פֿון די ספֿאָרים פֿון טאַנאַך און דורך די שפּעטערדיקע מעפֿאַרשים, דאָך קאָנען מיר מיט דער גאַנצער רעכט זאָגן, אַז די פּאָעטן און שרײַבער פֿון ייִסראָעל זײַנען אין פֿיל פּראָטים טאַלאַנטפֿולער און גרעסער פֿון זייערע ראַביִים, די באַוולער אַפֿילע, און שטייען ניט נידעריקער פֿאַר די בעסטע פּאָעטן און שרײַבער פֿון אוראַלטן גריכנלאַנד. דערפֿאַר אָבער האָבן די בניי־ייִסראָעל גאָרנישט ניט געשאַפֿן קיין אָריגינעלס אױפֿן געביט פֿון וויסנשאַפֿט און קונסט. אין יענע צײַטן איז געווען נאָר איין וויסנשאַפֿט — כאָכמעס באָוול, ווי זי האָט דאַן געהייסן; די גאַנצע דעמאָלטיקע קולטורעלע וועלט האָט געשטודירט די דאָזיקע וויסנשאַפֿט, געשטודירט האָבן זי אויך די בניי־ייִסראָעל.

(פֿאָרזעצונג קומט)

---

[1] ווער ס'וויל זיך גענויער באַקאַנען מיט די פּסאַלמען, קאָן איבערלייענען מײַן בראָשור „דער קיניג דאָוויד און די פּסאַלמען", אויסגאַבע פֿון פֿאַרלאַג „פּיראַמידאַ".

## נײַס פון לענינגראַד

שוין עטלעכע כאַדאָשים טרעט אַרויס מיט זייַנע קאָנצערטן דער לענינגראַדער אַנסאַמבל פון דער יידישער ליד „כאַווײרים”. אין דער פּראָגראַם זײַנען אײַנגעשלאָסן יאָמטעוודיקע, שאַבעסדיקע און כאַסידישע לידער, אין וועלכע ס'איז פאַרקערפּערט אַ מאַראַלישע קראַפט, וואָס האָט געהאָלפן דעם פאָלק אויסצושטיין, פאַרהיטן די ווירדע אין שרעקלעכן דאַלעס, אין דער פּריידלאָזער וואָכעדיקײַט, פול מיט צאָרעס און דערנידעריקונגען.

אַ באַזונדער אָרט פאַרנעמען אינעם רעפּערטואַר די כאַסידישע לידער. זיי פאַרמאָגן ניט נאָר הויכע עסטעטישע, קינסטלערישע מײַלעס און אַ היסטאָרישע ווערט, נאָר אויך אַ קאָלאָסאַלן אָנלאָד פון ענערגיע, וואָס מאַכט אים פעיִק צו פאַרכאַפּן אַ באַליביקן צוהערער. מיט דעם, וואָס גראָד אָט דער שיכט פון דער פאָלקסשאַפונג, וועלכער איז נאָך ווייניק באַקאַנט דעם הײַנטצײַטיקן צוהערער, איז געוואָרן דער יעסאָד פון דער פּראָגראַם, קאָן מען דערקלערן דעם קאָלאָסאַלן אינטערעס צום אַנסאַמבל.

ס'איז שווער איבערצושאַצן די באַמיִונגען פונעם וואָקאַלן קאָלעקטיוו, ווי ס'געהער צו זײַן אינטערפּרעטירן און העלפן צו דערלערנען די יידישע קולטור — די שפּראַך, די טראַדיציעס פונעם שטייגער און רעליגיעזן געברויך, די יאָמטויווים, די געשיכטע. גראָד דאָס וויסן, וואָס עס שטייט „הינטער דער ליד”, דערנעענטערט די אויספילער (אין דער מערהייַט — יוגנטלעכע!) צום טאָך, צו דער נעשאָמע פון דער יידישער מוזיק און רופט אַרויס אַ שטורמישע דאַנקבאַרקייַט בײַ די צוהערער.

דאָס אַלץ באַטײַט ניט, אַז בײַם אַנסאַמבל זײַנען ניטאָ קיין ניט־געלייזטע פּראָבלעמען. דער ניט סטאַבילער אויספילערישער באַשטאַנד, דערפון — די ניט־ענלעכקײַט פון דער געזאַנג־מאַניר בײַ אייניקע סאָליסטן, די פראַגמענטאַרישקײַט פון דער אינסטרומענטאַלער פּאַרטיע (האָגאַם אינעם אַנסאַמבל זײַנען פאַראַן שטאַרקע אינסטרומענטאַליסטן), די ניט־גענוגנדיקע אײנהײַטלעכקײַט פון דער פּראָגראַם פונעם קאָנצערט אַלס גאַנצעס. עס גיבן אויך וועגן זיך צו וויסן די דעפעקטן פון דער ניט פולקומער עסטראַדע־טעכניק.

דעם אַנסאַמבל שטייט פאָר צו לייזן די דאָזיקע מוזיקאַליש־טעכנישע אויפגאַבן און צוזאַמען דערמיט — פאָרזעצן און פאַרטיפערן די קענטענישן פון די סאָליסטן אין געביט פון דער נאַציאָנאַלער קולטור.

איצט אַרבעט דער קאָלעקטיוו איבער אַ ציקל קאָנצערטן, געווידמעט פאַרשיידענע געזאַנג־זשאַנרען, פאַקטיש — אַ ציקל לעקציעס־קאָנצערטן. דאָס איז צוזאָגנדיק פאַר דער צוקונפט, ווײַל בלויז אַזאַ קעסיידערדיקע און באַדאַכטע אַרבעט קאָן געבן אַן אויפלעבונג אָף אָט דעם פאַראָרעמטן נאַציאָנאַלן באָדן, וועלכע מיר האָבן באַקומען בעירושע פון די פאַרגאַנגענע יאָרצענדליקער.

מאַרינע ווײַנשטיין

●

אין דעם לענינגראַדער קולטור־פּאַלאַץ פון אײַזנבאַנער איז דורכגעגאַן „אַ וואָך פון געוויסן”, אין וועלכער עס האָבן זיך באַטייליקט היסטאָריקער, פּובליציסטן, שריפטשטעלער, סטודענטן. די אַקטיוויסטן פון דער געזעלשאַפט „מעמאָריִאַל” האָבן אײַנגעאָרדנט אויסשטעלונגען פון קונסטווערק מיט אַנטיסטאַליניסטישער טעמאַטיק, „רונדע טישן”, דורכקוקן פון דאָקומענטאַלע פילמען.

די זיצונגען פונעם 8 אַפּרעל זײַנען געווען געווידמעט דער „כראָניק פונעם סטאַליניסטישן גענאָציד”. אין אָט דעם טאָג איז דערציילט געוואָרן וועגן די נאַציאָנאַלע טראַגעדיעס פון די פינער און וועפּסן, יידן און אַרמענער, דײַטשן פון בײַוואָלגע און אודמורטן. וועגן די סטאַליניסטישע רעפּרעסיעס בענעגייע די יידן, וועגן דעם קאַמף קעגן „קאָסמאָפּאָליטיזם”, וועגן דעם „איניען פון די דאָקטוירים” האָט גערעדט די פירנדיקע וויסנשאַפטלעכע מיטאַרבעטערין פונעם אינסטיטוט פון עטנאָגראַפיע בײַ דער וויסנשאַפט־אַקאַדעמיע פון פסםר, דאָקטאָר פון היסטאָרישע וויסנשאַפטן נ. וו. יוכניאָוואַ. זי האָט אויך באַוויזן דעם גענעזיס פון די אַנטיסעמיטישע מיפן פון „פּאַמיאַט” און גערופן די אָנטיילנעמער פון דער פאַרזאַמלונג צו קעמפן קעגן אַלע אַנטפּלעקונגען פון אַנטיסעמיטיזם. דער אינזשעניער ס. פּ. פרומקין האָט דערציילט וועגן דער גרופּע רעפּרעסירטע לענינגראַדער ליטעראַטן, וועלכע האָבן געשריבן אָף איווריט, און צווישן זיי באַזונדערס וועגן דעם מערקווירדיקן פּאָעט כאַיִם לענסקי, וואָס איז אומגעקומען אין 1942 אין אַ סטאַליניסטישן לאַגער. ס. פרומקין האָט דורכגעלייענט אַן אויסצוג פון כאַיִם לענסקיס לעצטער פּאָעמע „אין אַ שנייִקן טאָג” אין דער איבערזעצונג אָף רוסיש פונעם לענינגראַדער דיכטער דאָוויד יאָפּע.

דעם 10 אַפּרעל האָבן זיך באַם „רונדן טיש” פאַרזאַמלט פאָרשטייער פון קימאַט אַלע עמונעס פון לענינגראַד. עס איז געגאַנגען אַ רייד וועגן די רעפּרעסיעס קעגן די גלויביקע. אין נאָמען פון דער לענינגראַדער רעליגיעזער קעהילע איז אַרויסגעטראָטן מ. וו. קאָפּשטיין. אופן אָוונט האָט, צווישן אַנדערס, געקלונגען יידישע מוזיק אין דער אויספירונג פונעם אַנסאַמבל „כאַווײרים”.

אַלע געלט־מיטלען, באַקומענע בײַס דער וואָך פון געוויסן, זײַנען איבערגעגעבן געוואָרן אין פאָנד פון דער געזעלשאַפט „מעמאָריִאַל” אַלס הילף פאַר די מענטשן, וועלכע האָבן געליטן פון די רעפּרעסיעס, און פאַר דער אויפשטעלונג פון אַ דענקמאָל די קאָרבאָנעס פונעם סטאַליניסטישן טעראָר.

אלעקסאנדער פרענקעל

## אַן אָנדענק־מיטינג אין קאָװנע

מיט 45 יאָר צוריק זײַנען די געסטאַפּאָװצעס אָנגעפאַלן אַף אַ לאַסטמאַשין, אין װעלכער אַ גרופּע אונטערערדלער פֿון דער קאָװנער געטאָ איז געפֿאָרן, קעדיי זיך פֿאַרייניקן מיט אַ פּאַרטיזאַנישן אָטריאַד. די שלאַכט איז פֿאָרגעקומען אַפֿן ראָג פֿון דער אײַאָנאַװאַס־(איצט זיבערטאָ־)גאַס און דער דאוקשאָס־גאַס. עס זײַנען געפֿאַלן אַכט געטאָ־קעמפֿער. פֿיר, אַרײַנגערעכנט דעם אָנפֿירער פֿון דער גרופּע אַבעליס דיסקאַנטאַס, האָבן זיך דערקליבן צו די פּאַרטיזאַנער. אַפֿן אָרט פֿון דער שלאַכט איז געבליבן ליגן אַ הויכגעשטעלטער דײַטשישער טשינאָװניק, װעלכער האָט זיך פֿאַרנומען מיט די געטאָ־איניאָנים.

אין אָנדענק פֿון די מוטיקע אונטערערדלער, װאָס זײַנען אומגעקומען בעשאַס דער שלאַכט, האָט די קאָװנער אָפּטײלונג פֿון דער רעפּובליקאַנישער ייִדישער קולטור־געזעלשאַפֿט דורכגעפֿירט אַ מיטינג. װעגן דעם קאַמף מיט די פֿאַשיסטן דערציילט דער היסטאָריקער עליִעזעריס זילבעריס — אײנער פֿון די, װעלכע האָבן אָרגאַניזירט דעם װידערשטאַנד אין קאָװנער געטאָ.

## טעג פֿון ייִדישער קולטור אין דדר

דרײַ טעג האָט אין „ערנסט טעלמאַן"־פּאַרק געדױערט אַ פֿעסטיװאַל פֿון ייִדישער קולטור. די בערלינער צושױער האָבן באַקומען אַ מעגלעכקײַט צו באַקאַנען זיך מיט די װערק פֿון די קלאַסיקער און הײַנטצײַטיקע ייִדישע שרײַבער, װעלכע עס האָבן טאַלאַנטפֿול אױסגעפּילט דײַטשישע פֿאָרלעזער. װאַרעם זײַנען אױפֿגענומען געװאָרן די ספּעקטאַקלען פֿון צװײ ייִדישע טעאַטערס — פֿון װאַרשע און בוקאַרעשט. אינעם פֿעסטיװאַל האָט זיך אױך באַטייליקט אַ גאַסט פֿון ראַטנפֿאַרבאַנד — דער ייִדישער פּראָזאַיִקער יוסף בורג, װעמענס זאַמלבוך דערציילונגען איז דערשינען האַיאָר אין אײנעם פֿון די לייפּציגער פֿאַרלאַגן.

## װערנער גיונצעראָדט

פֿון לײַפּציג (דײַטשישע דעמאָקראַטישע רעפּובליק) איז אָנגעקומען די טרױעריקע ידיִעה, אַז דעם 3 אַפּרעל 1989 איז דאָרט אין עלטער פֿון 62 יאָר געשטאָרבן דער דײַטשישער פֿילאָלאָג און דיכטער־איבערזעצער, דער לאַנגיאָריקער פֿרײַנט פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור און קונסט װערנער גיונצעראָדט.

װ. גיונצעראָדט איז לױטן פֿאַך געװען אַ לעקטאָר פֿון רוסישער שפּראַך און ליטעראַטור אין די לײַפּציגער הױכשולן. אַ מענטש מיט אַ ברײטן שעפֿערישן דיאַפּאַזאָן, האָט ער פֿיל אױפֿגעטאָן אין געביט פֿון פּאָפּוליאַריזירן צװישן דער יוגנט פֿון דער דײַטשישער דעמאָקראַטישער רעפּובליק אױך די ייִדישע קולטור. ער האָט גרינטלעך דערלערנט ייִדיש און אָנגעהױבן איבערזעצן ייִדישן פֿאָלקלאָר און דיכטונג. די ערשטע אַרבעט זײַנע איז געװען אַ רײַך־אילוסטרירטע אױסגאַבע פֿון זײַנע איבערזעצונגען — „די פֿאַרברענטע טויב", אין װעלכער ער האָט אײַנגעשלאָסן װערק פֿון מאָרדכע געבירטיג, יאַנקעװ שודריך און פֿון אַנדערע אומגעקומענע אין די פֿאַשיסטישע טויט־לאַגערן ייִדישע דיכטער.

צוזאַמען מיט די סטודענטן און אַספּיראַנטן פֿונעם לײַפּציגער אינסטיטוט פֿון גראַפֿיק און ביכערקונסט האָט ער צוגעגרײט און אַרױסגעגעבן אילוסטרירטע זאַמלונגען פֿון דער רוסישער סאָװעטישער דיכטונג, אַ באַנד לידער פֿון אַרן װערגעליס „קום אַרײַן אין מײַן װעלט".

אין די לעצטע יאָרן האָט גיונצעראָדט געאַרבעט איבער אַ סעריע איבערזעצונגען פֿונעם ייִדישן פֿאָלקלאָר אין פֿינף בענדער מיט אילוסטראַציעס פֿון דעם באַװוּסטן סאָװעטישן קינסטלער טאַנכום קאַפּלאַן.

װערנער גיונצעראָדט איז געװען אַ לײַדנשאַפֿטלעכער פּאָפּוליאַריזאַטאָר פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור. ער האָט עטלעכע מאָל באַזוכט די רעדאַקציע פֿון „סאָװעטיש הײמלאַנד", אָפּגעדרוקט אינעם זשורנאַל אַ רײ אַרטיקלען װעגן דער ייִדישער קולטור אין דער דײַטשישער דעמאָקראַטישער רעפּובליק.

אַ הערלעכע פּערזענלעכקײַט, אַן עכטער אינטערנאַציאָנאַליסט, האָט גיונצעראָדט אַרײַנגעטראָגן אַ װאָגיקן צושטײַער אין די קולטור־פֿאַרבינדונגען צװישן פֿאַרשײדענע פֿעלקער פֿון דער װעלט.

ערע זײַן אָנדענק!

Jewish population in the regions of the Ukrainian Soviet Socialist Republic according to the 1959, 1970 and 1979 Censuses
(to M. Kupovetsky's article)

| Region | Total Number (Thousand People) | | |
|---|---|---|---|
| | 1959 | 1970 | 1979 |
| Kiev | 168.3 | 164,3 | 141.8 |
| Odessa | 121.4 | 117.2 | 92.2 |
| Kharkov | 84.2 | 76.5 | 64.1 |
| Dnepropetrovsk | 73.3 | 69.3 | 61.0 |
| Vinnitsa | 50.2 | 42.3 | 33.9 |
| Donetsk | 42.5 | 40.0 | 35.5 |
| Chernovitsy | 42.1 | 37.5 | 22.3 |
| Zhitomir | 42.0 | 35.7 | 29.0 |
| Lvov | 30.0 | 27.7 | 20.0 |
| Crimea | 26.4 | 25.6 | 22.6 |
| Zaporozhye | 20.8 | 20.2 | 17.7 |
| Nikolayev | 20.3 | 18.0 | 15.3 |
| Khmelnitsky | 19.1 | 16.1 | 13,2 |
| Voroshilovrgad | 13.9 | 12.5 | 10.6 |
| Cherkassy | 13.1 | 10.6 | 8.7 |
| Chernigov | 12.6 | 10.3 | 8.4 |
| Poltava | 12.3 | 10.8 | 9.0 |
| Trans-Carpathia | 12.2 | 10.9 | 3.9 |
| Kherson | 10.4 | 10.1 | 9.0 |
| Kirovograd | 9.5 | 7.7 | 6.0 |
| Sumy | 6.3 | 4.7 | 3.5 |
| Ivano-Frankovsk | 3.9 | 3.6 | 2.6 |
| Rovno | 2.6 | 2.5 | 2.0 |
| Ternopol | 1.6 | 1.5 | 1.0 |
| Volyn | 1.5 | 1.5 | 1.0 |

annually hosted the largest Russian fair which drew merchants from all over the country and abroad. The population of the Nizhny Novgorod guberniya had, since old times, been multi-national which facilitated the settlement of Jews there. The author of the article produces documents which regulated he settlement and activity of Jews in Nizhny Novgorod, describing the renowned fair and its role in the life of the Jewish community. The Jewish community considerably expanded in Nizhny Novgorod with the flow of refugees from the western guberniyas during the First World War. The author also reviews the development of the revolutionary movement in Nizhny Novgorod.

The Readers' Letters contain interesting information on different Jewish cultural societies and circles that have emerged of late in the different cities of the USSR, and the problems facing them, particularly in the instruction of Yiddish.

The magazine continues the publication of Sholom Aleichem's novel "Bloody Joke" (carried in Nos 7-12, 1988 and Nos 1-6, 1989), as well as professor N. M. Nikolsky's book „The Ancient Israel People", whose current chapter deals with the literature of the ancient Jews.



**Supplement: "Yungvald" ("Young Growth"), No 1, young people's magazine within a magazine" primarily designed for young readers who wish to master Yiddish and broaden their knowledge of Jewish culture.**

pe. particularly by women ignorant of Hebrew. People of the older generations remember with affection the stories from this book their mothers would tell them in their childhood.

The Jewish theme in music and Jewish musical folklore is dealt with by Victor Lenzon (Moscow) in his article "Composer Revol Bunin", Polina Belilovskaya (Moscow) in her article "Peculiarities of the Jewish Musical Folklore" and Vladimir Bitkin (Kishinev) in his "Notes of the Warsaw Festival". Short reviews discuss the first collections of poems by the young poetess Einat Yakir (Israel), while the notices by Chaim Frank (FRG) consider some books on the Jewish subject recently published in the FRG and Austria.

In his article "The Jewish Past and its Historians" Alexander Lokshin (Moscow) portrays the development of the scientific study of Jewish history and culture in Russia. Historian S. A. Bershadsky, author of the classical work "Lithuanian Jews", played an important part in the emergence of the Russian science about the Jews. S. M. Dubnov, author of the multi-volume history of the Jewish people, became the central figure of Jewish historiography in Russia. A Jewish historical-ethnographic commission, subsequently society, establiehed in Petersburg in 1891, published a journal in Russian, entitled "Jewish Antiquity". The self-sacrificing activity of dozens of researchers (with I. Tsinberg, Yu. Gessen, M. Balaban, M. Yishnitser and others among them) turned Russia, in the early 20th century, into one of the ltading study centres of Jewish culture and history. Russian Jewry became the ssubject of comprehensive study for several generations of scientists in the different countries of the world.

The article by Mark Kupovetsky (Moscow) "The Jewish Population in Post-War Ukraine" examines in detail the demographic situation in the Ukraine, citing intertsting figures and facts. During World War 2, the Ukraine lost, by the author's estimate, about 1.5 million people, almost 60 p.c. of the pre-war population. The number of Jews in the Ukraine like their share in the Jewish population of the USSR, has, in the recent decades, been steadily diminishing, this process tending to accelerate. The Ukraine had in 1939,2 million 531 thousand Jews which constituted 6.2 p.c. of the Republic's total population, in 1959 it had 840 thousand or 2 p.c., in 1970—777 thousand, 1.6 p.c.. in 1979—634 thousand or 1.3 p.c. By the author's estimate, tht 1989 census (whose results had not been published by the time the article was written) is to cite the figure of 496 housand or 1 p.c. of the Ukraine's total population. The Jewish population continues to concentrate in the big cities. No less than 60 p.c. of the total Jewish population of the Republic lived, in 1979, in nine cities with a 500 thousand population (Kiev, Kharkov, Dnepropetrovsk, Odessa, Zaporozhye, Lvov, Krivoy Rog and Mariupol).

The cultural level of the Ukrainian Jews is rather high. Among those employed in the economy, in 1970, 32.1 p.c. had higher and 21.4 p. c. — specialized secondary education.

The author of the article outlines three fundamental reasons for the reduction of the Jewish population, by 365 thousand, in the Ukraine, in 1950-1988: direct de population (i.e. mortality rate exceededing birth rate) 40-42 p.c., assimilation (inter-ethnic marriages with the children losing their Jewish identity) 15-17 p.c., and migration including emigration to other countries — 42-44 p.c.

Evaluating the ethnic demographical development of the Jewish population in the Ukrainian Republic until the end of the century, M. Kupovetsky forecasts a further growth of direct depopulation with a stabilized effect of assimilation processes. The Ukrainian Jewish population may, in his opinion, dwindle (disregarding emigration) approximately by 80-90 thousand or 16-18 p.c.

Historian Boris Pudalov (Gorky) contributes materials, preserved in the State Archives of the Gorky Region, on the pre-revolutionary history of the Jewish community in Nizhny Novgorod. Established in the early 19th century, the community had until 1914, with the Nizhny Novgorod Guberniya outside the Pale, a comparatively small population of about 2-3 thousand, consisting for the mosst part of merchants, petty tradesmen, artisans, veteran soldiers-cantonists, attracted by the trade and industry traditionally developing in the guberniya. Nizhny Novgorod

# RESUMÉ

"Sovietish Heimland" ("Soviet Homeland")
No 7, July 1989

"Sovietish Heimland" July issue is, by established tradition, devoted to the works of young authors.

The poetry section introduces new names: Isroel Gorelik and Leib Gunin (Bobruysk), as well as the new poems by Felix Khaimovich (Minsk), Mikhail Felzenbaum (Beltsy), Misha Lemster (Kishinev) and Rimma Markova (Leningrad).

The prose section carries stories about our contemporaries by Gennady Estraikh (Moscow) entitled "Side Effect", and Boris Sandler (Kishinev) under the title of "Leib-Donkey and his Three Sons" and "A Day with Father", as well as his essay "Pain" in which the author focuses on complex problems pertaining to the life of Soviet Jews. In conclusion he states: "Each people whether great or small, creates its history side by side with other peoples, laying its stones quarried with labour and blood, tears and sweat, into mankind's huge house. And if there exists a feeling of national pride and national dignity, there must needs be a feeling of national pain which is as natural as one's breath, as life itself". The section also features three stories by Dmitri Yushkovsky (Moscow): "Dog's Life and Dog's Death", "Elegy about the Forgotten Land" and "Create Yourself no Idol", written in the form of philosophical parables.

"Sovietish Heimland" introduces its readers to the young people's magazine "Yugntruf", published in New York, organ of the "Living Yiddish" youth movement uniting students and young people, which emerged over 25 years ago in the USA and Canada, whose motto is "Speak, Read and Write Yiddish". "Yugntruf members are creating an environmet for Yiddish to survive as a living language of communication, conducting summer camps, holding readers' meetings and teaching children. The movement is greatly assissted by people of the older generation for whom Yiddish used to be their native tongue.

The magazine includes the story "The Antiquarian" by Itzek Gottesman (Philadelphia), the article by Leybl Botwinik (Montreal) about the famous poet Mordkhe Gebirtig, the essay by Melech Viswanath (N. Y., USA) on the Jews of India the poems by Esther Meer and Rokhl Newman (New York).

The "Literature, Art, Bibliography" section of the current issue opens with the article by Valeri Slutsky (Leningrad) on the translation of David Hofshtein's poems into Russian. The author submits to detailed analysis the published translations of the poems by the classic of Soviet Jewish poetry, proving by numerous examples that as a result of inexact and careless translation the poems have become simplified to relinquish their depth. V. Slutsky expresses his views on the role of poetical translation in general, stating that the translation must answer to the inner logic of the original. This conception does not prevent one and the same poem being rendered by different translators.

The article "Door into the Past" by Mikhail Krutikov (Moscow) introduces the readers to the book "Zenerene", a popular translation of the Torah into Yiddish, containing in addition an elaborate commentary on the biblical text, which was, in the course of three centuries, greatly admired by the Jews of Eastern Euro-

численность до 1914 года составляло примерно две—три тысячи человек. В основном это были купцы, мелкие торговцы, ремесленники, отставные солдаты-кантонисты. До революции нижегородская губерния не входила в черту оседлости, поэтому её еврейское население было сравнительно небольшим. Евреев привлекала торгово-промышленная деятельность, традиционно развитая в губернии. В самом Нижнем Новгороде ежегодно проходила крупнейшая в России ярмарка, на которую съезжались купцы со всей страны и из-за рубежа. Население Нижегородской губернии с давних времён было многонациональным, и это облегчало проживание в ней евреев. Автор статьи приводит документы, регламентирующие проживание и деятельность евреев в Нижнем Новгороде, рассказывает о знаменитой ярмарке и о её роли в жизни еврейской общины. Значительный рост численности нижегородской еврейской общины произошел во время первой мировой войны в связи с притоком беженцев из западных губерний. Автор останавливается также на зарождении и развитии революционного движения в Нижнем Новгороде.

В обзоре писем читатели найдут интересную информацию о различных еврейских культурных обществах и кружках, возникающих в последнее время в различных городах СССР, а также узнают о проблемах, с которыми сталкиваются эти общества, в частности, в связи с изучением языка идиш.

Журнал продолжает публикацию романа Шолом-Алейхема «Кровавая шутка» (начало см. в №№ 7—12 за 1988 и в №№ 1—6 за 1989 год). Публикуется также продолжение книги профессора Н. М. Никольского «Древний народ израиль». Очередная глава знакомит с литературой древних евреев.

**В Приложении читатель познакомится с первым выпуском молодежного «журнала в журнале» под названием «Юнгвалд» («Поросль»). Он адресован в первую очередь молодым читателям, желающим лучше знать еврейский язык, еврейскую культуру.**



## К СВЕДЕНИЮ ЧИТАТЕЛЕЙ «СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД»!

**В III квартале 1989 года в издательстве «Русский язык» выходит второе стереотипное издание «Русско-еврейского (идиш) словаря». Словарь содержит около 40 тыс. слов современного русского языка. В качестве приложения к словарю дан очерк Э. Фальковича «О языке идиш», а также таблицы глаголов сильного и неправильного спряжения и прилагательных, образующих степени сравнения с изменением корня.**

**Словарь можно предварительно заказать в книжных магазинах. В Москве заказы принимают магазины № 64 (Зубовский бульвар, 17) и № 6 (Кузнецкий мост, 18). Ориентировочная цена словаря —9 руб.**

Численность еврейского населения по областям Украинской ССР по данным переписей 1959, 1970 и 1979 гг.

| Область | Общая численность (тыс. человек) | | |
|---|---|---|---|
| | 1959 | 1970 | 1979 |
| 1 | 2 | 3 | 4 |
| Киевская | 168,3 | 164,3 | 141,8 |
| Одесская | 121,4 | 117,2 | 92,2 |
| Харьковская | 84,2 | 76,5 | 64,1 |
| Днепропетровская | 73,3 | 69,3 | 61,0 |
| Винницкая | 50,2 | 42,3 | 33,9 |
| Донецкая | 42,5 | 40,0 | 35,5 |
| Черновицкая | 42,1 | 37,5 | 22,3 |
| Житомирская | 42,0 | 35,7 | 29,0 |
| Львовская | 30,0 | 27,7 | 20,0 |
| Крымская | 26,4 | 25,6 | 22,6 |
| Запорожская | 20,8 | 20,2 | 17,7 |
| Николаевская | 20,3 | 18,0 | 15,3 |
| Хмельницкая | 19,1 | 16,1 | 13,2 |
| Ворошиловградская | 13,9 | 12,5 | 10,6 |
| Черкасская | 13,1 | 10,6 | 8,7 |
| Черниговская | 12,6 | 10,3 | 8,4 |
| Полтавская | 12,3 | 10,8 | 9,0 |
| Закарпатская | 12,2 | 10,9 | 3,9 |
| Херсонская | 10,4 | 10,1 | 9,0 |
| Кировоградская | 9,5 | 7,7 | 6,0 |
| Сумская | 6,3 | 4,7 | 3,5 |
| Ивано-Франковская | 3,9 | 3,6 | 2,6 |
| Ровенская | 2,6 | 2,5 | 2,0 |
| Тернопольская | 1,6 | 1,5 | 1,0 |
| Волынская | 1,5 | 1,5 | 1,0 |

Образовательный уровень евреев на Украине довольно высок. Среди занятых в народном хозяйстве в 1970 году высшее образование имели 32,1%, а среднее специальное — 21,4%.

Автор статьи называет три основные причины сокращения численности еврейского населения на Украине — это прямая депопуляция (т. е. превышение уровня смертности над уровнем рождаемости), ассимиляция, выражающаяся во вступлении в межнациональные браки и утрате детьми еврейского самосознания, и миграция, в том числе и эмиграция в другие страны. Распределение влияния этих факторов на сокращение численности евреев за 1950—1988 годы М. Куповецкий оценивает следующим образом: 40—42% — прямая депопуляция, 15—17% — ассимиляция, 42—44% — миграция. Общие потери численности за этот период составили 365 тыс. человек.

Оценивая перспективу этнодемографического развития еврейского населения Украинской ССР до конца этого столетия, автор предполагает дальнейший рост прямой депопуляции при стабилизации влияния ассимиляционных процессов. Он считает, что еврейское население Украины в 90-е годы может сократиться (без учета эмиграции) примерно на 80—90 тыс. человек, или на 16—18%.

Историк Борис Пудалов (Горький) знакомит читателя с материалами по дореволюционной истории еврейской общины в Нижнем Новгороде, хранящимися в Государственном архиве Горьковской области. Эта община возникла в городе в первой трети XIX века, и её

этического перевода вообще. Он считает, что перевод должен быть обоснован внутренней логикой оригинала. Такая трактовка не мешает сосуществованию различных переводных версий одного и того же оригинала, принадлежащих различным переводчикам.

Статья Михаила Крутикова (Москва) «Дверь в прошлое» знакомит читателей с книгой «Цена урена», представляющей собой популярный перевод Торы на идиш. Помимо собственно перевода, книга содержит обширные комментарии, объясняющие смысл библейского текста. На протяжении трех веков книга «Цена урена» была одной из самых популярных у евреев Восточной Европы. Особенно любили ее женщины, не владевшие древнееврейским языком. Сюжеты из книги «Цена урена» были первыми сказками, которые мамы рассказывали своим детям, и до сих пор люди старшего поколения с теплом вспоминают слышанные в детстве рассказы.

О еврейской теме в музыке и еврейском музыкальном фольклоре рассказывают статьи Виктора Лензона (Москва) «Композитор Риволь Бунин», Полины Белиловской (Москва) «Особенности еврейского музыкального фольклора» и Владимира Биткина (Кишинев) «Заметки с Варшавского фестиваля». Короткие рецензии знакомят читателей с первыми сборниками стихов юной поэтессы Эйнат Якир (Израиль). Здесь же помещены заметки Хаима Франка (ФРГ) о некоторых книгах на еврейскую тематику, вышедших в последнее время в ФРГ и Австрии.

Историк Александр Локшин (Москва) в статье «Еврейское былое и его историки» рассказывает о становлении и развитии научного изучения истории и культуры евреев в России. Важную роль в зарождении русской науки о еврействе сыграл историк С. А. Бершадский, автор классической работы «Литовские евреи». Центральной фигурой еврейской историографии в России стал С. М. Дубнов, автор многотомной истории еврейского народа. В 1891 году в Петербурге была основана Еврейская историко-этнографическая комиссия, впоследствии — общество, выпускавшее на русском языке журнал «Еврейская старина». Благодаря подвижнической деятельности десятков исследователей (среди них И. Цинберг, Ю. Гессен, М. Балабан, М. Вишницер и др.), Россия стала в начале XX века одним из ведущих центров по изучению еврейской культуры и истории. Российское еврейство стало объектом внимательного изучения для нескольких поколений ученых в различных странах мира.

В статье Марка Куповецкого (Москва) «Еврейское население на Украине в послевоенный период» подробно рассматривается демографическая ситуация, сложившаяся на Украине, приводятся интересные данные и факты. Потери евреев Украины во время Великой Отечественной войны составили, по оценке автора, около 1,5 млн. человек, почти 60% довоенной численности. В последние десятилетия неуклонно снижается как абсолютная численность евреев на Украине, так и их доля во всем еврейском населении СССР, причем темпы этого процесса имеют тенденцию к увеличению. Если в 1939 году на Украине проживало 2 млн. 531 тыс. евреев, что составляло 6,2% от всего населения республики, то в 1959 году евреев было 840 тыс. или 2,0%, далее в 1970—777 тыс., 1,6%, в 1979 году—634 тыс. или 1,3%. По оценке автора статьи, результат переписи 1989 года (еще не опубликованный ко времени написания статьи) должен составить 496 тыс. человек или 1% от всего населения Украины. Продолжается концентрация еврейского населения в крупных городах. В 1979 году в девяти городах с населением свыше 500 тыс. чел. (Киев, Харьков, Днепропетровск, Одесса, Запорожье, Львов, Кривой Рог и Мариуполь) проживало не менее 60% всего еврейского населения республики. Автор приводит следующую таблицу распределения еврейского населения по областям:

# РЕЗЮМЕ

«Советиш геймланд» («Советская родина»)
№ 7, июль, 1989

Июльский номер «Советиш геймланд», по уже сложившейся традиции, отдан произведениям молодых авторов.

Еврейская поэзия представлена в номере новыми именами — Исроэла Горелика и Лейба Гунина (Бобруйск). Свои новые стихи публикуют Феликс Хаимович (Минск), Михаил Фельзенбаум (Бельцы), Миша Лемстер (Кишинёв) и Римма Маркова (Ленинград).

В раздел прозы вошли рассказы Геннадия Эйстрайха (Москва) «Побочный эффект» и Бориса Сандлера (Кишинёв) — «Лейб-ишак и три его сына» и «День с папой». Герои рассказов — наши современники. Кроме двух рассказов Б. Сандлера, в номер вошло его эссе «Боль». Писатель поднимает сложные проблемы, касающиеся жизни евреев в СССР. Свои размышления он завершает словами: «Каждый народ, большой или малый, творит свою историю в соседстве с другими народами, кладет в огромный дом человечества свои камни, добытые трудом и кровью, слезами и по́том. И если существует чувство национальной гордости, чувство национального достоинства, то не может не быть наряду с ними и чувства национальной боли. Оно естественно, как дыхание, как сама жизнь». Дмитрий Юшковский (Москва) знакомит читателей с тремя рассказами, написанными в форме философской притчи, «Собачья жизнь и собачья смерть», «Элегия о забытой земле», «Не сотвори себе кумира».

Журнал продолжает знакомить читателей с произведениями зарубежных еврейских литераторов. На этот раз представляем молодежный журнал «Югнтруф», выходящий в Нью-Йорке и являющийся органом молодежного движения «За живой идиш», возникшего в США и Канаде более 25 лет назад. Девиз движения, объединяющего студентов и молодежь,— «Говорите, читайте и пишите на идиш!». Члены «Югнтруфа» стремятся поддерживать среду, в которой идиш мог бы продолжать существовать как живой язык общения, устраивают летние лагеря, организуют вечера и встречи с читателями, ведут занятия с детьми. Активное содействие движению оказывают и люди старшего поколения, для которых идиш был в полной мере родным языком.

В нашем журнале публикуются рассказ Ицика Готесмана (Филадельфия) «Антиквар», заметка Лейбла Ботвиника (Монреаль) об известном поэте Мордхе Гебиртиге, очерк Мейлаха Вишваната (Теник, США) об индийских евреях, стихи Эстер Мир и Рохл Ньюман (Нью-Йорк).

Раздел «Литература, искусство, библиография» молодежного номера журнала начинается статьей Валерия Слуцкого (Ленинград) о переводах на русский язык стихотворений Давида Гофштейна. Автор подробно анализирует опубликованные переводы классика советской еврейской поэзии. На многочисленных примерах он показывает, что неточности, а иногда и небрежности в переводе ведут к упрощению, к потере глубины. В. Слуцкий высказывает свой взгляд на роль по-

**СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД**

**(Советская родина)**

**Ежемесячный**
**литературно-художественный журнал**

*На еврейском языке*

**Орган Союза писателей СССР**

**Издается с 1961 г.**

**Издательство «Советский писатель»**



Адрес редакции журнала:
101000, Москва, Центр, ул. Кирова, 17.

Телефоны:
главный редактор — 928-27-91
ответственный секретарь — 923-96-07

Художественная и техническая редакция
В. Соколова, Н. Завадская
Корректор Б. Гершман

Сдано в набор 28.04.89. Подписано к печати 16.06.89. Формат 70Х108 1/16. Бумага типографская № 1. Печ. л. 11+0,25 вкл. (Усл. печ. л. 15,75). Бум. л. 5,5+0,125. Цена 70 коп. Зак. 1608.

Ордена Трудового Красного Знамени
Московская типография № 7 «Искра революции»
В/О «Совэкспорткнига» Государственного
Комитета СССР по делам издательств,
полиграфии и книжной торговли.
121019, Москва, пер. Аксакова, 13.

Цена 70 коп.

70821

issn 0134—4315

# СОВЕТИШ ГЕЙМЛАНД

# СОВЕТСКАЯ РОДИНА

В НОМЕРЕ:



1989

№ 7